# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

ארגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון ססר

ז׳ערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״

מאָסקווע

יאַנואַר



1976

# אינהאַלט

# א האַרציקן
# נײַ־יאָר־
# װוּנטש
# די לייענער
# פֿון
# „סאָװעטיש
# היימלאַנד“






לעאָניד שקאָלניק

# דער וועג פון יאָרהונדערט

## גוטמאָרגן, אורגאַל!

זײַ געזונט, מײַן יונגע, מײַן טײַערע שטאָט. אַף ווידערזען, ביראָבידזשאַן!

איך ווייס, דו וועסט ניט באַרויִגעז זײַן אַף מיר, וועסט מיר מוחל זײַן, וואָס איך פאָר אוועק אַף א צײַט אַהין, ווו דערווײַל זײַנען נאָך ניט פאַראַן קיין שטעט, ווו אין די טײַגע־טיפענישן מיִען זיך יונגע און קרעפטיקע מענטשן — קינדער און אייניקלעך פון יענע, וועלכע האָבן אַמאָל געבויט דעם טורקסיב און די מאַגניטקע, דעם דניעפּראָהעס און קאָמסאָמאָלסק־אַפן־אַמור, און אויך דיך געבויט, מײַן בּיראָבידזשאַן! איך פאָר אוועק אַהין, ווו אין א צײַט אַרום וועלן שטאָלענע רעלסן דורכשנײַדן די אייביק פאַרפרוירענע ערד. אין דער טײַגע וועלן אויסוואַקסן צענדליקער נײַע שטעט און יִשוּווים, און בריקן וועלן צעשפּרייטן זייערע אײַזנבעטאָנענע פליגל איבער ווילדע, ברויזנדיקע טײַכן.

האָב אַף מיר ניט קיין פאַריבל, שטאָט מײַנע, דערמאָן זיך, ווי דו אַליין ביסט געבוירן געוואָרן. דערמאָן זיך יענע זומפּן, דורך וועלכע עס האָבן א שפּאַן געטאָן אין הײַנטיקן טאָג דײַנע ערשטע בויער. טו א קוק אַף די ברייטע גאַסן דײַנע, אַף די קוימענס פון „דאַלסעלמאַש“, אַפן אַספאַלט פון דײַנע פלעצער. פון די דרײַסיקער יאָרן ביז די זיבעציקער האָט דיך געפירט דער יוגנט־ברויז פון ענטוזיִאַסטן, דער וווּנדערלעכער טרוים און די הערלעכע פּלענער פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

איך ווייס: ס'איז שווער געווען צו פּרירן אין די זומפּן, לײַדן פון קעלט און פון היץ, ניט דערעסן און ניט דערשלאָפן. שטענדיק איז שווערער יענע, וועלכע זײַנען די ערשטע.

און אָט איצט זיץ איך אין וואַגאָן פונעם צוג „כאַבאַראָווסק — טשעגדאָמין“, און דורכן פענצטער טראָגן זיך דורך די לעצטע אײַזנבאַן־סטאַנציעס פון דער יִדישער אויטאָנאָמער געגנט: בּיראַקאַן, איזוועסטקאָוואַיאַ, קולדור... דאָס איז דער וועג אַף אורגאַל.

וואָס איז אזוינס אורגאל, ווייס איך שוין פון לאנג. דאָס ערשטע מאָל בין איך דאָ געווען מיט א יאָר צוריק.

הינטער די בארג־רוקנס טוקורינגא און טוראנא, הינטער די ראכוועסדיקע וואסער־באסיינען פונעם טײַך זעיא, אן ערעך טויזנט קילאָמעטער פונעם ייִשעוו טינדא, דעם קינפטיקן צענטער פון דער בײַקאל־אמורער מאגיסטראל, האָט זיך פארטײַעט צווישן סאָפּקעס אינעם טאָל פון דער ברויזנדיקער בורייא א קליינינקע סטאנציע. אָט דאָס איז אורגאל. איצט איז דאָ דער צענטער פון אלע אויסשפּיר־ארבעטן, וואָס מע פירט אָף דער טראסע פונעם ב א ם.

אורגאל ליגט אָף דער טראנססיבירער מאגיסטראל און האָט א קיִעם באקומען נאָך דעם, ווי מע האָט אהער דורכגעלייגט רעלסן פון איזוועסטקאָוואיא. אָט דאָ טאקע געפינט זיך די עקספּעדיציע פונעם גענעראלן פּאָדריאטשיק פון דער בײַקאל־אמורער מאגיסטראל — „מאָסגיפּראָטראנס”. דאָ ארבעטן אויך די לענינגראדער בריקן־בויער.

פון דער סטאנציע ביזן ייִשעוו אוסט־אורגאל איז אינגאנצן 25 קילאָמעטער, אבער וואָס פאר א קילאָמעטער! ניט אומזיסט מעסטן די סיביריאקעס דעם וועג ניט לויט דער לענג, נאָר לויט דער צײַט, וואָס מע דארף פאטערן אָף אים צו דורכפאָרן. אָט די צוויי מיט א האלבן צענדליק קילאָמעטער פון דער סטאנציע ביז דעם ייִשעוו מאכן דורך מעכטיקע לאסט־אווטאָמאָבילן ניט ווייניקער, ווי פאר פיר שאָ צײַט: גריבער און זומפּן אָף שריט און טריט!

דער שעף פון די לענינגראדער בריקן־בויער אנאטאָלי ליאכאָוויצקי וואָרנט:

— ניט בלויז אפן וועג, נאָר אויך צווישן די סאָפּקעס הינטער אורגאל, אין די בערג, וועלכע ציִען זיך אָף צאָפן און אָף מיזרעך, אין די טײַגע־פלאכקײַטן, וואָס זײַנען צוגעדעקט לעפּאָנעם מיט גרינעם גראָז, קאָן מען יעדע מינוט אײַנגעזונקען ווערן אין א זומפּ.

דאָס זײַנען די בארימטע סיבירער „מארעס”, וווּ אונטער א שיכט ערד, וואָס איז דורכגעזאָפּט מיט וואסער, ליגט א שיכט פון אייביקער געפרוירנקײַט. ווען עס גייט דאָ דורך א מאשין אָדער אן אנדער מין טראנספּאָרט, קאָן מען שוין דורך דעם זעלבן וועג ניט פאָרן — דער זומפּ וועט אײַך פּאשעט אײַנשלינגען.

און טשעגדאָמין, די לעצטע סטאנציע פון דער אײַזנבאן־ליניע, מיט וועלכער איך פאָר איצט אפן ב א ם, איז ניט ווײַט פון אורגאל. איך האָב זיך דערוווּסט, וואָס עס באטײַט אָט דער נאָמען — טשעגדאָמין. אויב איבערזעצן אים אָף ייִדיש, הייסט עס: „דער שווארצער שטיין”. די עווענקן, וועלכע האָבן אזוי אָנגערופן דאָס אָרט, האָבן שוין פון לאנג געוווּסט, אז דאָ ליגן ריזיקע אוצרעס — שטיינקוילן: צענדליקער מיליארדן טאָן! האָט מען אויסגעבויט א שאכטע און אָנגעהויבן ארויסבאקומען די אוצרעס. נאָר וואָס זײַנען די אנדערהאלבן מיליאָן טאָן, וואָס מע פירט ארויס פונדאנען אין מעשעך פון א יאָר, — א טראָפּן אין יאם איז עס לעגאבע דעם, וואָס מע וועט דאָ קאָנען באקומען, ווען עס וועט זיך אויסבויען דער ב א ם!

— ניט לאנג צוריק האָב איך זיך אומגעקערט פון סעלעמדזשא, — דערציילט ווײַטער אנאטאָלי ליאכאָוויצקי. — פונדאנען איז עס א דרײַ הונדערט קילאָמעטער אָף מײַרעוו. און אָט ווי עס וועלן אויסזען אין דער ניט ווײַטער צוקונפט אָט די ערטער...

ער ווארפט אָן אָף א בויגן פּאפּיר די סכעמע: וועג־ליניעס, ייִשוווים, זיגזאגן פון טײַכן, איבער וועלכע ס'וועלן אריבערגעוואָרפן ווערן בריקן. ניט קיין קליינע בריקן — א סאך פון זיי וועלן זיך ציִען אָף הונדערטער מעטער.

די בריקן־בויער דארפן נעמען אין אכט די אייגנארטיקײַט פון די היגע וואסערן. זומער שווימען אָן איבער די טוראנער און יאם־אלינער בארג־רוקנס שווארצע וואָלקנס פונעם שטילן אָקעאן, און זיי ברענגען שרעקלעכע מורסאָנער גוסרעגנס, וועלכע הייבן אוף דעם ניוואָ פון די טײַכן אָף עטלעכע מעטער. איצט וועט קומען א סאך צו אָט דער סטיכיע, מע האָט שוין צוגעטראכט, וויאזוי זי אײַנצוימען.

און דערווײַל גייט א הייסע ארבעט.

דאכט זיך, ערשט ניט לאנג, אין אָקטיאבער פונעם פאריקן יאָר, זײַנען קיין אורגאל געקומען די ערשטע שעליכים פון אוקראִינע — א גאנצער קאָלעקטיוו פונעם ספּעציאליזירטן בוימאָנטאזש־צוג „דאָנבאס”. דאָס זײַנען געווען די ערשטע „אויסשפּירער” פונעם אוקראִינישן „דעסאנט”, און זייער אופגאבע איז געווען צוגרייטן וווינונגען פאר די נײַע אָטריאדן פון קיִעוו, לוואָוו, כארקאָוו. איך בין דאָ געווען אקוראט דעמלט, ווען מע האָט פײַערלעך באגעגנט די דאָזיקע אָטריאדן. איך געדענק, ווי עס האָבן געשײַנט די פּענעמער בא די ערשטע בויער פון דער סטאנציע אורגאל־1, איינער פון די גרעסטע אפן מיזרעך־באצירק פון דער מאגיסטראל. דערהערט, אז איך בין פון בירָאבידזשאן, האָבן די ערשטע אָנגעקומענע מיך אָנגעהויבן צו פארווארפן מיט קאָלערליי פראגעס:

— ווי זעט אויס די שטאָט, וואָס מע האָט אויסגעבויט אין דער טײַגע?

— בירָאבידזשאן איז טאקע ניט ווײַט פונדאנען?

און א ביסל איראָניש, נאָר פּארט מיט א כשאד:



געאָלאָגן אַף דער טראַסע

— און די קאָמארן וועלן אויך אונדז נעמען אין דער ארבעט?

איך האָב דעמלט דאָרט פאַרבראַכט עטלעכע וווּנדערלעכע טעג, און ס'איז געווען וועגן וואָס צו דורכריידן זיך. די הויפּט־טעמע איז געווען די קינפטיקע מאַגיסטראַל, און געוויינלעך האָבן זיך איבערגעכאַזערט צוויי ווערטער — בײַקאַל און אַמור. מײַנע נײַע פרײַנט האָבן שוין גע־ווּוסט צענדליקער לעגענדעס וועגן אָט די ער־טער, ווער — פון ביכער, ווער — פון מינדלעכע דערציילונגען.

— און די לעגענדע וועגן דעם, ווי עס האָבן זיך צעקריגט דער בײַקאַל מיט דער אַנגאַראַ, האָט איר געהערט? — האָב איך געפרעגט.

ניין, קיינער האָט אָט די מײַסע ניט געוווּסט.



אורגאַל־2, די ערשטע גאַס

מיר האָט מען זי דערציילט נאָך דעמלט, ווען איך בין געווען א קינד. און ווען איך בין מיטן צוג דאָס ערשטע מאָל געפאָרן איבערן בײַקאַל, האָב איך זיך די גאַנצע צײַט ניט אָפּגעריסן פונ־נעם פענצטער: דער בײַקאַל איז פאַר מיר פונקט ווי געוואָרן א לעבעדיקער נעפעש. שפּעטער האָב איך די דאָזיקע לעגענדע איבערגעלייענט אין מייער אלבערטאַנס „ביראָבידזשאַן" — וויזט אויס, די ערשטע ביראָבידזשאַנער טוישווים האָבן די מײַסע טאַקע גענומען פון אָט דעם פּאָ־פּולערן אין יענע יאָרן בוך, און זי איז אוועק פון מויל צו מויל.

איז אָט...

פרי:ער איז ער געווען גאָר א רויִקער, דער בײַקאַל, — זעלטן ווען פלעגט ער זיך בלויז א קנייטש טאָן. און פאַרוואָס זאָל ער טאַקע ניט זײַן אזוי רויִק, אז ער ליגט אין א גרויסער, טיפער בעט, און ער וועט זיך קיינמאָל ניט צע־כליופּען? אויסגעטריקנט וועט ער קיינמאָל ניט ווערן. ער האָט ארום זיך אַזויפיל בערג, די בערג פאַרמאָגן אַזויפיל שניי, און דער שניי גיט אַזויפיל וואַסער, אז ער מעג זײַן רויִק, דער בײַקאַל. זעקס הונדערט טײַכן, ריטשקעס און קוואַלכלעך יאָגן מיט דער גרעסטער פרייד צו אים. מיט א מין פאַרגעניגן כאַפּן זיי יעדעס וואַסער־טראָפּנדל פונעם צעגאַנגענעם שניי און טראָגן עס אונטער דעם בײַקאַל.

אזוי האָט ער אָפּגעלעבט אַלע יאָרן, דער בײַקאַל, — דערציילט ווײַטער די לעגענדע, — אַזויפיל יאָרן, אָן א שיר יאָרן, און ניט געהאַט קיין יעסורים. נאָר אָט האָט זיך אָן אומגליק געטראָפן, אַף דעם האָט זיך קיינער אַפילע ניט געריכט: די אַנגאַראַ, איינע פון די טײַכן, ניט פון די גרעסטע, האָט געפעלשט און אופגע־הערט צו ברענגען וואַסער. מע זאָגט, דער אַל־טער יעניסיי איז דאָ שולדיק — דאָס האָט ער צוגערעדט דערצו די אַנגאַראַ. עס גייט אוועק א טאָג, א יאָר, פיל יאָרן — די אַנגאַראַ פלעגט זיך צוכאַפּן צום בײַקאַל, א טרונק טאָן און אַנטלויפן. זי איז ברייטער געוואָרן, די ברעגן זײַנען אָפּגעטראָטן פון די פרי:ערדיקע ערטער,

און איצט מוז זי שוין טאקע פיל מער וואסער האָבן, זי טרינקט זיך אָן באם בײַקאל און טראָגט אָפּ דאָס וואסער צום יעניסיי...

קאָן שוין דער בײַקאל דאָס ניט איבערטראָגן, ער קאָן שוין מער רויִק ניט בלײַבן. הערט נאָר, ס'איז דאָך אַן אוולע. א טײַך, אז ער וויל זײַן א טײַך, דארף ער אליין זײַן וואסער זאמלען. אָף יענעמס קעסט צו זײַן איז גאָרניט קיין כאַריפעס. אָט וועט ער נעמען און פארשיטן די כצופע — די אנגארא! פון אונטער דער ערד האָט ער ארויסבאקומען שטיינער, פון די גרעסטע בערג האָט ער געריסן פעלדזן — ער מוז די אנגארא פארשיטן, קיינער זאָל פון איר מער ניט וויסן! א טאָג, און צוויי, און אָן א שיר יאָרן שלײַדערט ער ביזן הימל די גרעסטע שטיינער, און די אנגארא — זי קאָרטשעט זיך, קנייטשט זיך, שרומפּט זיך אײַן...

מע האָט געמיינט, אז די אנגארא איז שוין באזיגט, האָט אָבער געטראָפן, אז א גרויסער שטיין, דער גרעסטער, האָט זיך ארויסגעגליטשט און איז פונקט באם אויספלוס אראָפּגעפאלן. און אָט דער לעצטער שטיין האָט דערווײַל דעם געראנגל געשטילט. מער קיין שטיינער ווארפט ניט דער בײַקאל. און די אנגארא — זי דראפּעט זיך, זי דרייט זיך, און זי פליסט — טרינקט באם בײַקאל און טראָגט צום יעניסיי דאָס וואסער. דער בײַקאל שווײַגט לעסאטע. נאָר געשווירן האָט ער בא די בערג און בא זײַן לויטערקײַט, אז זי, די אנגארא, אָט די נידערטרעכטיקע כצופע, וועט ער סײַ־ווי־סײַ מיט שטיינער פארווארפן, דעם גאנצן ארום אירן פארפלייצן...

נו, געוויינלעך, צײַטן בײַטן זיך, יאָרן גייען, איצט איז דער בײַקאל גאָר אַן אנדערער געוואָרן, און אויך די אנגארא איז ניט צו דערקענען. מענטשן האָבן זיך ארײַנגעמישט אינעם קריג צווישן דער אָזערע און דעם טײַך און מע האָט צווישן זיי שאָלעם געמאכט. ס'הייסט — שאָלעם לעפּאָנעם, ווײַל ביידע, סײַ דער בײַקאל, סײַ די אנגארא, האָבן דאָך אין זיך אַזויפיל אָפּענע און פארבאָרגענע קויכעס... נאָר מע האָט אײַנגעשפּאנט אָט די קויכעס, זיי זאָלן דעם מענטשן דינען. א סימען: די בראטסקער הע ס אָף דער אנגארא.

מיט א יאָר צוריק, ווען איך בין צום ערשטן מאָל געווען אין אורגאל, אָף דעם דריטן ראַזיעזד פון דער סטאנציע, ווו עס געפינט זיך הײַנט דער בוימאָנטאַזש־צוג „דאָנבאס", האָבן נאָך ניט געקלונגען די העק פון די דאָנעצקער טעסליערס, ניט געריטשעט די בולדאָזערס פון די טראנסקאַרפּאַטער מעכאַניזאַטאָרן. ס'האָט נאָך דעמלט דאָ גערוישט די טײַגע, אין זײַן בײַדל האָט זיך געלאַנגווײַליקט דער סטאנציע־אופזעער איוואַן פּאַליאַקאָוו, און פּוילבלעך, ווי ניט ווילנדיק, האָט געבילט אָף דער לעוואָנע דער אלטער קודלאַטער הונט, וועלכן מע האָט, לויט דער סטאנציע, אויך גערופן — אורגאל.

דאָס לעבן איז אהער געקומען צוזאמען מיט דעם ערשטן אָטריאַד פון אוקראַינע. אין די אָפּגיך אופגעשטעלטע וואַגאָנדלעך, ווו עס האָבן זיך באזעצט די נײַ־אָנגעקומענע, האָט זיך ביז טיפער נאכט ניט אויסגעלאָשן די שײַן. דאָ האָט מען געלייזט הונדערטער פּראָבלעמען, קליינע און גרויסע, נאָר דעריקער איז געווען איינע: ווי'אַזוי בעסער זיך צוגרייטן צו אופנעמען די אנדערע אוקראַינישע אָטריאַדן. ס'איז שוין נאָענט געווען צו ווינטער — צום ערשטן ווינטער פאר די בויער, און מע האָט באדארפט טראַכטן וועגן אָנוואַרעמען די צײַטווײַליקע וווינונגען, וועגן דעם, אז עס זאָלן זײַן ווארעמע ספּעצאָוּוקעס און הייס געקעכטס. ביז גאָר וויכטיק איז געווען — אָנהייבן בויען קינדער־גערטנער (א סאך וועלן דאָך קומען מיט זייערע מישפּאָכעס), שולן, גאַרקיכן, קלובן.

— ס'איז טאקע שווער געווען אין אָט דעם סאמע אָנהייב, — האָט מיר דערציילט דער קאָמסאָרג פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון אוקראַינע אין אורגאל וואַלערי טשיזשאָוו, — נאָר מיר זײַנען דערצו גרייט געווען. מיר האָבן דאָך געוווּסט, וווהין מיר פאָרן און צוליב וואָס. דערפאַר אָבער האָבן מיר שוין איצט מיט וואָס זיך צו באַרימען און וואָס צו ווײַזן פאר דער וועלט.

איך גיי ארום מיט וואַלערין איבער די שמאָלע הילצערנע טראָטואַרן פון דער קינפטיקער שטאָט, און וואַלערי ווײַזט מיר זײַן „ווירטשאַפט". דער יישעוו, וועלכער איז דאָ אויסגעוואַקסן פאר א האַלב יאָר, איז אײַנדרוקספול קוידעמקאָל מיט זײַן אומגעוויינלעכקײַט. איך האָב לאַנג געטראַכט, אין וואָס עס באַשטייט אָט די אומגעוויינלעכקײַט, און דערנאָך פאַרשטאַנען. שטעלט זיך פאַר א ריי הײַזער מיט גראַמע ווערא נדעס צווישן מעכטיקע סאָסנעס. א שאַרפער רייעך פון פרישע ברעטער פאַרשיקערט מאַמעש. די אייגנאַרטיקײַט פון אורגאל איז אינעם יוגנטלעכן ברויז פון זײַנע בויער, וועלכע זײַנען געוואָרן עמעסע באַלעבאַטים אינעם יישעוו. זיי זײַנען ניט נאָר די באַלעבאַטים — זיי זײַנען עכטע שעפער. פּאָעטיש קלינגען די צוגעטראַכטע נעמען: „גוצולאָטשקע" — פאר א קינדער־קאָמבינאַט, „אורגאַל־מײַסעלע" — פאר א קאַפע, „דאָנטשאַנקע" — פאר א גאַרקיך, „טײַגישער" — פאַרן אוניווערמאַג, „קליין־באַמאָווסקע" — פאר א גאַס. אין אָט די נעמען האָבן זיך איבערגעפלאָכטן אוקראַינע און דער ווײַטער מיזרעך, אין זיי איז די געשיכטע און דער הײַנטיקער טאָג פון דעם ב א ם, דער גליקלעכער גורל פון די, וועלכע בויען די „מאַגיסטראַל פונעם יאָרהונדערט".

# פון דער „קאַלעסוכע" ביזן באַם

אַלץ הייבט זיך אָן פון אַ וועג.
אַזוי איז עס פון קאַדמונים אָן.

אַ וועג איבער דער יאַבאַשע, דורך יאַמען און אָקעאַנען, אין די הימל־רוימען, דורך ווילדע וועלדער, דורך זאַמדן פון מידבאַריעס, דורך שטורמישע וואַסערן, באַרג־רוקנס און אײַז־קרײַעס.

אַ מענטש דאַרף אַ וועג.

אָן אויסגעטראָטן שטעגעלע, אַ מאַגיסטראַל פון אַספאַלט און בעטאָן. שטאָלענע רעלסן, וואָס ציִען זיך אויף טויזנטער קילאָמעטערס. און יעדער וועג האָט זיך זײַן געשיכטע און זײַן גורל.

באַם וועט אויף אַ מעהאַלעך פון העכער 3000 קילאָמעטער דורכשנײַדן אַ קאַסקאַד פון געבורטס־ערטער פון ערד־אוצרעס אין אירקוטסקער, טשיטינער, אַמורער געגנטן און אין כאַבאַראָווסקער קאַנט — פון אוסט־קוט אויף דער לענאַ ביז קאָמסאָמאָלסק־אויפן אַמור. באַם — דאָס איז אַ צווייטע טראַנססיבירער מאַגיסטראַל, און אפילע מער, ווי דער טראַנססיב. באַם — דאָס איז אַ שליסל צו די אומגעהייערע, נאָך ניט באַרירטע אוצרעס פון סיביר און פונעם ווײַטן מיזרעך. דער צווייטער וועג, וואָס פירט צום שטילן אָקעאַן. באַם וועט אויפוועקן צום לעבן קאָלאָסאַלע ראַכוועסן, אויף וועלכע ס'וועלן זיך באַווײַזן נײַע שטעט, זאַוואָדן, שאַכטעס. האַקלאַל, באַם וועט זײַן איינער פון די מערקווירדיקסטע וווּנדער פון אונדזער יאָרהונדערט.

דורכלייגן דעם דאַזיקן אײַזנבאַן־וועג איז אָן אָן ערעך שווערער, איידער וועלכן־ניט־איז אַנדער וועג, וואָס איז ביז אַצינד געבויט געוואָרן.

איך טראַג זיך אַריבער אויף צענדליקער יאָרן צוריק, און פאַר די אויגן שטייט אויף אַ שווידערלעך בילד, אַ בילד, וואָס עס האָט אָנגעמאָלט אַן אַלטער רוסישער שרײַבער אַנדריי סאַבאָל אין זײַנע „נאָטיצן פון אַ קאַטאָרזשאַן". — אַ באַשרײַבונג וועגן דעם, וויאַזוי אין אָנהייב פון אונדזער יאָרהונדערט איז געבויט געוואָרן אין דער בײַאַמורער טײַגע, פון כאַבאַראָווסק ביז בלאַגאָוועשטשענסק, אַ וועג — די אַזוי־גערופענע „קאַלעסוכע". דער דאָזיקער וועג האָט, אַגעוו, דורכגעשניטן אַ טייל פון דער קומענדיקער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט.

אַנדריי סאַבאָל האָט געשריבן:

אַן אַלטער קאַטאָרזשאַן, ווען מען ס'איז אויסגעקומען צו פאַרזוכן אי קאַלטס, אי וואַרעמס, דערציילנדיק וועגן דעם איבערגעלעבטן אויף דער קאַטאָרגע, גיט געווײַנלעך צו:

— אָך, דאָס איז וואָס — גאָרנישט מיט נישט! אָט אויף דער „קאַלעסוכע"! דאַרטן וואָלסטו האָבן צו זינגען און צו זאָגן!

קומסט צו עפּעס אַ נאַטשאַלניק פון דער טפּיסע מיט אַ זשאַלאָבע — האַקט ער דיך גלײַך אויף:

— הייסט עס, טײַנעס האָסטו? און אויף דער „קאַלעסוכע" ביסטו נאָך ניט געווען? אָט דאַרטן פּרווו נאָר אַ פּיפּס טאָן!

זונטיק גיט מען אַ שטיקל פליישׁ — לעקט אַ קרימינעלער די פינגער און איז מאָלע־סימכע:

— אַ ווילטיק! ס'איז דיר ניט די „קאַלעסוכע"!

איינער פון די אַמאָליקע „באַלעבאַטים" קריגט זיך מיט עמעצן פונעם „דרויב" און שרײַט:

— נעוויילע! אָט וועל איך פון דיר מאַכן אַש און פּאָרעך! אָט פאַל איך אויף דיר אַרויף און צעקוועטש דיך, ווי אַ פּאַראַוואָז! ביסט געווען אויף דער „קאַלעסוכע"? מאַך זשע אַ שווײַג! און דו וואַגסט נאָך קריכן אויף מיר?

נאָכן 1905 האָט מען אויף דער „קאַלעסוכע" אָנגעהויבן שיקן פּאָליט־קאַטאָרזשאַנען.

...ס'יאָגן, רוישן און פּינען מיט ווײַסן שוים, שלאָגנדיק אין די ברעגן, די טונקל־בלויע וואַסערן פונעם בײַקאַל. מיר שווימען, מיר שווימען צו דער „קאַלעסוכע". צוגעזאָטן צו די איליומינאַטאָרס, רײַסן מיר ניט אָפּ דעם בליק פון דעם, ווי עס שווימט און פאַרשווינדט דער ברעג.

מיר שווימען צו דער „נײַער דירע". ס'האָט געבלויט דער אַמור, איבער אונדז זײַנען געהאַנגען די הראָמאַדעס פונעם קליינעם כינגאַן. אויפן נײַנטן טאָג האָט אַ דאַמפּערל צוגעצויגן אונדזער באַרזשע צו דער סטאַנציע פּאַשקאָוואָ. אַרויסגעזעצט אונדז, איז דאָס דאַמפּערל אוועק ווײַטער.

...דער קרײַז, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן (באַ מיר) אינעם קליינעם פּוילישן שטעטל, שליסט אײַן אין זיך אַ נײַעם רינג — די „קאַלעסוכע", און ווער ווייסט: מעגלעך, אַז אָט דער רינג וועט זײַן דער לעצטער, יענער טויט־רינג, מיט וועלכן עס פאַרשליסט זיך דאָס לעבן, דאָס לעבעדיקע לעבן.

ווײַל אויף דער „קאַלעסוכע" איז קיין לעבעדיק לעבן ניטאָ: אָנשטאָט דעם — אויסוועגלאָזיקײַט, ייִעש.

אויף דער „קאַלעסוכע" רעדט מען ביט — מע שעפּטשעט. אויף דער „קאַלעסוכע" שלאָפט מען ניט — מע דרעמלט שווער, גרייט אין אַ באַליביקער מינוט אויפשפּרינגען, זיך אויסציִען, ווי אַ סטרונע.

אף דער „קאָלעסוכע" וואַשט מען זיך ניט, מע קראַצט זיך.

אף דער „קאָלעסוכע" עסט מען ניט — אײַלנדיק, וואָרגנדיק זיך, שלינגט מען.

אף דער „קאָלעסוכע" זײַנען ניטאָ קיין נאָרמעס, קיין געזעצן. דער געזעץ איז אין די הענט פון א באַליביקן צעיושעטן אופזעער, אן אונטער־אָפיצער.

הײַנט איז אזא געזעץ, מאָרגן — אַן אנדערער; אָפּהענגיק פון דעם, ווי:אזוי ס'האָט ערשט אָפּגעגעסן דער אופזעער אָדער דער וואַכמאַן, ווי:אזוי ער איז זיך אויסגעשלאָפן.

אף דער „קאָלעסוכע" זאָלט איר אפילע זיך ניט פאַרהיקען מיקויעך א געזעץ — אַן אומזיסטע טירכע; איבער דער „קאָלעסוכע" הערשט בלויז איינס: „אזוי וויל איך" — ווי עס וויל דער אופזעער, דער קאָנוואָיר.

אף דעם אמורער וועג הערשן די זיטן פון די אמעריקאַנער פּלאַנטאַציעס אין די צײַטן פון שקלאַפנטום. דאָרטן — די בײַטש, דאָ — דער פּריקלאַד, דאָ און דאָרט — שמײַס־רוטן.

— — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

גערעכט איז געווען דער אלטער שריפטשטעלער, ווען ער האָט געשריבן, אז אָט די „קאָלעסוכע" וועט זיך פאַרלירן אין די טײַגע־געדיכטענישן און קיינער וועט מיט איר זיך ניט נוצן. אָבער ווו זשע פאָרט איז זי, די דאָזיקע „קאָלעסוכע", וועלכע האָט געקאָסט אזויפיל בלוט און שווייס?

אף קיין שום מאַפּע איז זי ניט באַצייכנט, קיין שום שרײַבער האָט זי מער ניט באַשריבן. אָבער עס קאָן דאָך ניט זײַן, זי זאָל ניט איבערלאָזן קיין שפּור!

און אָט בלעטערן מיר ווידער די געשיכטע — דאָס מאָל די געשיכטע פון דער יידישער אויטאָנאָמער געגנט, און אונטער דער האַנט קומט א מערקווירדיקער דאָקומענט, וועלכער הייסט: „באַריכט פון די עקספּעדיציע. פּאָרטראַג פון דער אמעריקאַנער קאָמיסיע „איקאָר" וועגן דער אויספאָרשונג פון ביראָבידזשאַן". לאָזט זיך אויס, אז די ערשטע עקספּעדיציעס, וועלכע זײַנען געקומען אין בײַאַמורער קאַנט אויסצופאָרשן די מעגלעכקײַט צו באַזעצן דאָרט נײַע איבערוואַנדערער און שאַפן א יידישן נאַציאָנאַלן ראַיאָן, האָבן זיך אָנגעשטויסן אף א פאַרוואָרפענעם וועג, מיט וועלכן קיינער האָט קי:מאַט זיך ניט גענוצט.

„...דער פּאָטשט־טראַקט, וואָס מע האָט דורכגעלייגט מיט העכער 25 יאָר צוריק פון מיזרעך אף מײַרעוו, — לייענען מיר, — איז געווען פאַרנאַכלעסיקט איבער דער קנאַפּער באַוועגונג אף אים און איז אינגאַנצן קאַליע געוואָרן, דערבײַ זײַנען רוי:נירט די מערהײַט בריקן".

אף וויפל דער קאָמונענדיקער ראַיאָן האָט זיך זייער גענייטיקט אין קאָמוניקאַציעס, איז די קאָמיסיע געקומען צום אויספיר, אז „מע וואָלט אים געקאָנט פאַריכטן".

זוכנדיק ווײַטער, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אף נויעך לאַנדאַנס ביכל „מיט דער אמעריקאַנער עקספּעדיציע קיין ביראָבידזשאַן", וואָס איז דערשינען אין כאַרקאָוו אין 1930. אליין א בוי־אינזשעניר, האָט נ. לאַנדאַן זיך פאַרינטערעסירט מיט אָט דעם וועג און האָט פעסטגעשטעלט:

„ביז דער עפענונג פון דער אײַזנבאַן־ליניע איז דער איינציקער וועג אף דער יאַבאַשע פון כאַבאַראָווסק ביז בלאַגאָוועשטשענסק — א 700 קילאָמעטער — געווען א גרונט־וועג, וואָס האָט דורכגעשניטן אין דער לענג דעם ביראָבידזשאַנער ראַיאָן. דעם דאָזיקן וועג האָבן געבויט קאַטאָרזשניקעס. אין די בלאָטעס און נעצן, אין סאַמע געדיכטן גנוס און אמאָל אונטער ברענענדיקע זון־שטראַלן האָבן מענטשן אין קייטן געבויט די אזויגערופענע „קאָלעסוכע". דאָס איז געווען דער פּאָטשטאָווער טראַקט. דאָ און דאָרט זײַנען אופגעשטעלט געוואָרן פּאָטשט־סטאַנציעס. בא הײַנטיקן טאָג איז דער טראַקט ערטערווײַז אינגאַנצן צעשטערט, די בריקן זײַנען פאַרשווּנדן".

און, ענדלעך, אן אויסצוג פון ל. טאַלמיס בוך „אף רויער ערד" (ל. טאַלמי איז אויך געווען אן אָנטיילנעמער פון דער אויבנדערמאָנטער „איקאָר"־עקספּעדיציע): „ס'איז טאַקע א טייל פון דער „קאָלעסוכע" — אָט דער פאַרלאָזטער און מיט גראָז פאַרוואַקסענער וועג, וואָס איז געבויט געוואָרן אונטער קייטן־געקלאַנג און בײַטשן־סווישטש פון צאַרישע אופזעער. יאָרנלאַנג האָט מען אים געבויט — מ'האָט זיך ניט געאײַלט, ס'איז ניט געווען צוליב וואָס. אַרעסטאַנטן, פאַרשיקטע און קאַטאָרזשניקעס האָבן פּאַמעלעך, טראָט נאָך טראָט, דורכגעלייגט אָט דעם שליאַך דורך די ווילדענישן פון בערג און טײַגע און אַרײַנגעקנאָטן אין אים דעם שווייס פון זייערע לײַבער, דאָס בלוט פון זייערע ווונדן, צוזאַמען מיטן ביטערן צאַר, מיט ברענענדיקן צאָרן, מיט קלאָלעס דער אלטער וועלט. און עפּשער האָבן אנדערע צווישן זיי אין זייער פּײַן געטרוימט, אז ווען־עס־איז וועלן איבער דעם וועג פאָרן מענטשן באַפרײַטע, פרײַע בויער פונעם לעבן? עפּשער האָבן אויך זיי געטרוימט דעם טרוים, וואָס קאָן דאָ שוין אזוי גיך ווערן א ווירקלעכקײַט? טרעטן דאָך איצטער איבער אָט די שליאַכן אָנזאָגער פון דעם נײַעם לעבן, וואָס רײַסט זיך מיט אימפּעט אַרײַן אויך אהער, אין דעם דאָזיקן פאַרוואָרפענעם ווינקל. דער וועג האָט באַקומען א טיקן..."

# טרוימען און וואָר

עס איז אַלעמען באַוווּסט, ווי אַזוי מע האָט אָנגעהויבן בויען די בײַקאַל־אַמורער מאַגיסטראַל. געווען איז דאָס אין פֿרילינג 1974. גרויסע בויונגען הייבן זיך אָבער ניט אָן אָט אַזוי פּלוצעם, פֿון גאָרניט. דער ב א ם האָט זיך אָנגעהויבן, קאָן מען זאָגן, נאָך פֿונעם באַרימטן טראַנססיב. קימאַט אײַנצײַטיק מיט אים איז אַנטשטאַנען די אידיי פֿון אַ צאַפּנדיקן וואַריאַנט פֿון דער טראַסע צום שטילן אָקעאַן. מע האָט אַפֿילע שוין דורכגעפֿירט די רעקאָגנאָסצירע, אָבער פֿונעם צאָפּנדיקן וואַריאַנט האָט מען זיך אָפּגעזאָגט: די שטורמישע טײַכן, בערג און זומפּן האָבן דעמלט אויסגעזען ווי אומבאַזיגבאַרע. ווען דער טראַנססיב האָט דערגרייכט דעם בײַקאַל און מע האָט געדאַרפֿט נעמען אַ ביסל דאָרעמדיקער, פּאַרלענגערנדיק אַזוי אַרום דעם וועג, האָט מען ווידעראַמאָל זיך פֿאַרטראַכט: צי איז עס ניט קיין טאָעס, צי איז ניט בעסער פֿאַרקערעווען אויף צאָפֿן? מע האָט נאָכאַמאָל אויסגעפֿאָרשט דעם טראַנסבײַקאַלער מאַרשרוט, און ווידעראַמאָל האָט מען זיך אָפּגעזאָגט פֿון אים: צו ווייניק קויכעס האָט דעמלט געהאַט רוסלאַנד.

אין זיבעצן יאָר אַרום נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, אין 1933, האָבן דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿון אַלקפּ(ב) און דער אַלפֿאַרבאַנדישער ראַטפֿאָלקאָם אָנגענומען אַ באַשלוס: אָנהייבן אויספֿאָרשן דעם צאָפּנדיקן וואַריאַנט. מע האָט אים אָנגערופֿן ב א ם — בײַקאַל־אַמורער מאַגיסטראַל. אין דער טײַגע זײַנען אַוועק די ערשטע אויסשפּיר־פּאַרטיעס. אין איינער פֿון זיי האָט געאַרבעט אַלס עלטערער טעכניקער מיכאיל לעאָנידאָוויטש רעקס, דער איצטיקער הויפּט־אינזשעניער פֿונעם פּראָיעקט פֿון דעם וועג. מיט מיכאיל לעאָנידאָוויטשן האָב איך זיך געטראָפֿן נאָך פֿאַראַיאָרן, בײַס מײַן ערשטן באַזוך אין אורגאַל. ער האָט באַוויזן אויף דער מאַפּע: אָט דאָ, ניט ווײַט פֿון טינדאַ, געפֿינט זיך דער ראַיאָן אַרום דעם טײַך סעלעמדזשאַ, דעם צופֿלוס פֿון דער זעיאַ:

— אָט דאָ זײַנען מיר געגאַנגען אין 1933. מע האָט געדאַרפֿט דורכלייגן זיבעציק קילאָמעטער פֿון דער טראַסע. אָבער ווי אַזוי זיך אַהער דערקלײַבן? קיין וועגן, קיין וועגטאַליאָטן, קיין מעכטיקע אויטאָמאָבילן זײַנען נאָך ניט געווען. פֿערד און הירשן. און דער וועטער! לאַנג האָבן מיר געוואַרט, ביז מע האָט געקאָנט זיך רירן פֿון אָרט. פֿונעם ישעוו סוואָבאָדני זײַנען מיר מיטן אַמור אַרויסגעפֿאָרן בלויז אין אָנהייב יוני. דערנאָך קוים בײַגעקומען דעם באַרג־רוקן, און אין יולי זיך גענומען פֿאַר די אינסטרומענטן. אין אָקטיאַבער האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די שנייען.

זיבעציק קילאָמעטער — דאָס איז ניט קיין שפּאַציר, ס'איז אַן אַרבעט, און בײַס דו אַרבעטסט, מאַכסטו דורך זיבעציק מאָל זיבעציק, און אַלץ צופֿוס. יעדער איבערגאַנג איז אַן אויספּרוּוו... יאָ, אינגיכן וועט דער וועג צוגיין צו יענע ערטער, וווּ איך האָב געוואַנדערט מיט פֿערציק יאָר צוריק...

אַגעוו, ס'איז מיר דאָ אויסגעקומען צו טרעפֿן ניט ווייניק מענטשן, וועמען דער גורל האָט פֿאַרבונדן מיט אָט די ערטער אויף אַ סך יאָרן. די בויונג פֿון דער מאַגיסטראַל האָט אין זיי אויפֿגעוועקט דעם יוגנטלעכן שוווּנג. דער רוסישער דיכטער וויקטאָר סטרעלקאָוו, וועלכער לעבט איצט אין אולאַן־אודע, האָט אין אָט די ערטער געבויט די ערשטע ייִשוּוים. דער ערטערטער נומער פֿונעם ליטעראַריש־קינסטלערישן און געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישן זשורנאַל „בײַקאַל" פֿאַרן פֿאַריקן יאָר עפֿנט זיך מיט זײַן לירישן רעפּאָרטאַזש „גוטמאָרגן, באַם!", וועלכער הייבט זיך אָן מיט אַזעלכע שורעס:

געבויט דעם באַם
איך האָב, ווען ס'האָט נאָך קיינער
פֿון אײַך נאָך ניט געהערט
פֿון אָט דעם וועג, —
געהאַקט די טײַגע
און געריסן שטיינער,
און דורכגעלייגט
צו אײַך דעם ערשטן שטעג.

געווען איז שווער,
ס'איז שווער געווען מעסוקן!
נאָר ניט געקרעכצט,
כאָטש מיט פֿאַרקילטן בלוט, —
געטראָגן רעלסן
מאַמעש אויפֿן רוקן
פֿון לענאַ
ביז דער טײַגע־שטאָט אוסט־קוט.

עס האָבן פֿרעסט
באַוויזן ווילדן קויעך,
צעהאַקנדיק אויף שפּענדלעך
בוים נאָך בוים,
דעם קאָפּ געדרייט,
געזעגבערט אינעם מויעך,
דער שניי האָט שיר פֿאַרשאָטן
אונדזער טרוים.

ווי בלייַך איז דער ברעזענט —
מיט אײַז פֿאַרצויגן,
דאָס ברויט האָט אויף די ציין,
פּונקט ווי באַזאַלט, געקריצט.
געוואַרעמט אונדז עס האָבן סײַ די שײַטערס
און סײַ דער גלויבן,

וואָס איז גרויס
ביז איצט.

אויך אײַך וועט שווער זײַן —
כ'קאָן מיט דעם זיך טײלן,
נאָר דאָך ניט שווערער,
ווי געווען איז ביז אַהער.
אָט הערט זיך צו —
די לענא קאָן דערציילן,
ווי מיר צו איר
געגאַנגען זײַנען שווער.

איך זע: עס ווערט
אַ נײַער וועג געבוירן
מיט גלויבן, וואָס
צו אונדזערן איז גלײַך, —
דערפאַר איך גלויב,
אַז ס'וועט דער רום פון דוירעס
פאַרבינדן אין איין גורל —
אונדז און אײַך...[1]

מיכאַיִל לעאָנידאָוויטש רעקס האָט אונדז דערציילט:

— אין אָנהייב פון די פערציקער יאָרן זײַנען די אויסשפּיר־אַרבעטן און דער טעכנישער פּראָיעקט פונעם ב א ם פאַרענדיקט געוואָרן. ס'איז געקומען די צײַט צו בויען. ביזן 1946 האָט מען אויסגעבויט דעם באַצירק קאָמסאָמאָלסק־אַפן־אַמור — סאָוועטסקאַיאַ גאַוואַן, צו די פופציקער יאָרן — דעם באַצירק טײַשעט — לענא. נאָך פריִער האָט מען זיך גענומען פאַר דער ליניע מײַרעוו־צו פון קאָמסאָמאָלסק־אַפן־אַמור. אָבער ס'האָבן זיך באַוויזן אַנדערע ביז גאָר וויכטיקע בויונגען, און מע האָט דאָ אַף אַ צײַט די אַרבעטן אָפּגעשטעלט — ביזן 1967. אויסער אונדז, דעם „מאָסגיפּראָטראַנס", האָבן די ווײַטערדיקע אויספאָרשונגען געפירט פינף פּראָיעקט־אינסטיטוטן. מע האָט באַהאַנדלט דרײַ וואַריִאַנטן פונעם וועג: איינער — אָט דאָ, עטוואָס צאָפנדיקער, דורך טשולמאַן, דער צווייטער דורך „אודסקער ליפּ", באַם אָכאָטסקער יאַם, דער דריטער — אַזוי ווי מע האָט אַמאָל אָנגעמערקט. אָפּגעשטעלט האָט מען זיך אַפן אַלטן פּראָיעקט. פאַרוואָס האָט מען אים געדאַרפט נאָכאַמאָל אויספאָרשן? גאַנץ פּאָשעט: נײַע צײַטן — נײַע אויפגאַבן. מע דאַרף פאַרגרעסערן די דורכלאָזפײַיִקײַט פון דער מאַגיסטראַל. די פּראָיעקטירער פלעגן פריִער זיך באַמיִען אויסמײַדן טונעלן — עס קאָסט טײַער, און ס'איז קאָמפּליצירט צו בויען. איצט אָבער האָט מען זיך אויסגעלערנט דורכלייגן טונעלן אַ סאַך ביליקער, און מיטלען זײַנען פאַראַן גענוג, און קעדוימע אַזעלכע זאַכן. און אויב שוין זאָגן דעם גאַנצן עמעס, איז פונעם אַלטן פּראָיעקט געבליבן בלויז די ריכטונג — פון אוסט־קוט, פון דער סטאַנציע לענא ביז קאָמסאָמאָלסק־אַפן־אַמור. דאָס איבעריקע איז אַלץ פונדאָסנײַ.

דערפאַר אָבער וועט עס זײַן אַ וועג פון דער ערשטער קאַטעגאָריע לויט דער טעכנישער אויסשטאַטונג, פון טינדאַ אַף מיזרעך — אַן איינרעלסיקער און פון טינדאַ אַף מײַרעוו — מיט צוויי קאָליעס. ב א ם וועט אויסהאַלטן די העכסטע שנעלקײַטן. ספּעציִעל פאַר אָט דער מאַגיסטראַל קאָנסטרויִרט מען די מעכטיקסטע לאָקאָמאָטיוון און ציסטערנעס, ס'וועט זײַן אַן אויטאָמאַטישע אָנפירונג מיט די צוגן, די סאַמע מאָדערנע פאַרבינדונג. צוויי הונדערט סטאַנציעס וועלן אויסגעשטאַט ווערן מיט דער סאַמע מאָדערנער טעכניק. עס ווערט פאָרויסגעזען, אַז אַלע קאָנסטרוקציעס פון אײַזנבעטאָן און מעטאַל זאָלן אויסהאַלטן די גרעסטע אין אָט די ערטער פרעסט.

ווען מע רעדט וועגן שוועריקײַטן פון בויען די מאַגיסטראַל, האָט מען געוויינלעך אין זינען, אין דער ערשטער ריי, די „ניט באַקוועמע" נאַטור. ווי אומיסטן, שטעלט זי פאַנאַנדער אַף שריט און טריט קאָלערליי שטערונגען — זי באַגעגנט די בויער מיט קונציק פאַרדרייטע טײַכן, מע זאָל דאַרפן שטעלן איין בריק נאָך דער אַנדערער. בערג און סאָפּקעס, וואַלדיקע וועגנט, געפערלעכע זומפן... פרילינג־צײַט פאַרגיסט זי דאָ אַלץ, זומער סאַרפען שרעקלעכע היצן, ווינטער איז אַלץ פאַרשאָטן מיט אַ טיפן שניי.

נאָר ב א ם וועט בײַקומען אַלע שוועריקײַטן. ב א ם — דאָס איז אַ מעכטיקע האַנט, וואָס דאָס לאַנד שטרעקט אויס צו סיביר און צו דעם ווײַטן מיזרעך. דאָס איז אַ נײַ קאַפּיטל אין דער עקאָנאָמישער און סאָציִאַלער אַנטוויקלונג פון די קאַנטן, וועלכע ליגן צווישן דעם בײַקאַל און דעם שטילן אָקעאַן. דאָס איז אַ וועג אַ נאָוואַטאָר. ער וועט מיט זײַנע רעלסן־שטראַלן אַרײַנדרינגען אין די סאַמע טיפענישן פון דער טײַגע און טראָגן אַהין שײַן, הײַנטצײַטיקן שטייגער, קולטור. דער ריזיקער קאַנט וועט זיך מיט דאַנקבאַרקײַט אָפּרופן אַף אָט דער הילף און צעעפענען פאַר די מענטשן גרויסע אוצרעס.

אויך די ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט וועט ניט בלײַבן אין אַ זײַט. מיר האָבן אָנגעקלונגען אין „מאָסגיפּראָטראַנס" און געבעטן אונדז אינפאָרמירן, ווי אַזוי די בײַקאַל־אַמורער מאַגיסטראַל וועט ווירקן אַף דער אַנטוויקלונג פון בירָאָבידזשאַן.

— דער ב א ם, — האָט מען אונדז געזאָגט, — וועט דורכגיין עטוואָס צאָפנדיקער פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט. אָבער ער וועט אָן ספק האָבן אַ דירעקטע השפּעה אַף דער

[1] דאָ און ווײַטער ווערן די לידער געגעבן אין כ. ביידערס איבערזעצונג.



דער טעסלער עדוואַרד שיין

ווײַטערדיקער בויונג פון אַלע ראַיאָנען, וועלכע געפינען זיך אַרום דער מאַגיסטראַל.

באַם — דאָס איז ניט נאָר אַ וועג. דאָס איז אויך אַ שול. אין אָט דער ריזיקער שול וועלן דורכגיין אַ גוטע לער פון אײַנגעשפּאַרטער מי טויזנטער יוגנטלעכע. און זי איז שוין טעטיק, אָט די שול. איך האָב זיך געקאָנט אין דעם איבערצײַגן, באַגעגענענדיק זיך מיט אירע בויער אין אורגאַל און אין אַנדערע ערטער.

וואַלערי טשיזשאָוו האָט מיך באַקענט מיט עדוואַרד שיין, וועלכער האָט ניט לאַנג צוריק פאַרענדיקט דעם זשורנאַליסטישן פאַקולטעט פונעם לוואָווער מעלוכע־אוניווערסיטעט. עדוואַרד האָט געקאָנט זיך אײַנאָרדענען אַף אַרבעט אין זײַן היימשטאָט, אָבער ער האָט געוואָלט זיך אַליין אויספּרוּוון אין אַ נײַער קוואַליטעט און האָט זיך פאַרשריבן אַלס אַ פרײַוויליקער אינעם ערשטן אָטריאַד פון די אוקראַיִנישע בויער. אין זײַן בלאָקנאָט (פאָרנדיק נאָך אין צוג קיין אורגאַל) האָט ער פאַרצייכנט: „ווי גוט איז צו פילן, אַז פון הײַנט אָן וועט דײַן לעבן זײַן פאַרבונדן מיט אַ בעטעמס גרויסער בויונג!״.

אַ זשורנאַליסט לויט דער בילדונג, איז עדוואַרד שיין געוואָרן אויפן באַם אַ טעסלער. אַהיים שרײַבט ער מונטערע בריוו, אין יעדערן פון זיי זאָגט ער צו דער מאַמען זיך אָנטאָן וואַרעם, באַצײַטנס עסן און קיין סאַך ניט רייכערן. פאַרן ווינטער האָט ער זיך ווירקלעך אָנגעטאָן וואַרעם, וואָס וואַרעמער דאַרף מען ניט. די פרעסט אין אורגאַל זײַנען דערגאַנגען צו 40—45 גראַד. מע האָט אין אַזעלכע קעלטן געדאַרפט בויען הײַזער, מאַגאַזינען, צופירן צו די געבײַדעס די רערן פונעם הייץ־קעסל, וועלכער געפינט זיך אינעם יִשעוו. און מע איז ניט אָפּגעטראָטן. אין מעשעך פון אָט דעם ווינטער זײַנען פון אורגאַל צוריקגעפאָרן קיין אוקראַיִנע אינגאַנצן 26 מענטשן — זעקס און צוואַנציק פון אַכט הונדערט, דערבײַ אַ העלפט פון די צוריקגעפאָרענע — איבער מישפּאָכע־טײַמים אָדער לויט דער פאָדערונג פון דאָקטוירים.

דערנאָך איז געקומען דער פרילינג. די סאָפּקעס האָבן זיך באַדעקט מיט גרינס און מיט קווייטן. וועגן אורגאַל האָט מען אין די צענטראַלע צײַטונגען און זשורנאַלן געשריבן אַרטיקלען און פאַרצייכענונגען, רעפּאָרטאַזשן און לידער, און יעדע שורע איז געווען אַ לויבגעזאַנג דעם העלדנמוט פון זײַנע בויער, זייערע גוטע אויפטוען און דרייסטע פּלענער.

אַף אַ מעהאַלעך פון צוואַנציק קילאָמעטער פונעם דריטן ראַזיעזד געפינט זיך די באַזע פון דער סעלעמדזשינער עקספּעדיציע פונעם אינסטיטוט „מאָסגיפּראָטראַנס״. צוזאַמען מיט איר שעף — וואַלערי אַראָנאָוויטש פּאָזינען זײַנען מיר ניט איין מאָל געפלויגן אין די ווײַטע אויסשפּיר־פּאַרטיעס, און נאָכן אַרבעטסטאָג, אויסגעמאַטערטע פון אַרומגיין איבער די זומפּן און מאַרעס, צוזעצנדיק זיך צום שײַטער, — געפירט לאַנגע געשפּרעכן. געשמועסט וועגן פּאָזינען האָב איך ניט בלויז מיט אים גופע, נאָר אויך מיט אַנדערע מענטשן פון דער עקספּעדיציע. איך האָב זיך צוגעקוקט צו אים, געוואָלט פאַרשטיין, וואָס עס איז אַלעמען אַזוי געפעלן אין אָט דעם קרעפטיקן מענטשן, וועלכער האָט אויסגעזען קימאַט אין איין עלטער מיט מיר.

מיט אַ יאָר צוריק האָב איך זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן מיט פּאָזינען אַף צאָפן פון דער אַמורער געגנט, אין דאָרף פּעוורעלסקאָיע, אַף דער טראַסע פון דער קומענדיקער מאַגיסטראַל, דאַן איז וואַלערי אַראָנאָוויטש געווען הויפּט־



דער שעף פון דער סעלעמדזשינער עקספּעדיציע וו. א. פּאַזין (לינקס) שמועסט מיט די בויער

אינזשעניער פון דער סעלעמדזשינער עקספּע־דיציע.

באַ דער ערשטער באַקאַנטשאַפט האָט ער געמאַכט אַן אײַנדרוק פון אַ מענטשן אַ ניט באַ־ריידעוודיקן, אפילו עטוואָס אַ טרוקענעם. דאָס איז אָבער געווען אַ ריין אויסערלעכער אײַנ־דרוק. ניט־געדולדיקייט צו פּוסטע רייד, גרויסע פאָדערונגען צו מענטשן און אין דער ערשטער ריי צו זיך — אָט דאָס זײַנען די גרונט־שטריכן פון פּאַזינס כאַראַקטער.

די באַזע פון דער עקספּעדיציע געפינט זיך אין אַן אַלט צווייִשטאָקיק הויז אַ קילאָמעטער פון אורגאַל. אפן ערשטן שטאָק — פּאַזינס קאַ־בינעט, אפן צווייטן — אַ צימער, וווּ ער וווינט. אינעם צימער — בלויז דאָס סאַמע נייטיקסטע: אַ בעטל, ביכער, אַ טעלעפאָן. איבערן שרײַב־טיש הענגט אַ מאַפּע, אַף וועלכער עס איז מיט פּענדעלעך אָפּגעמערקט די באַוועגונג פון די אויסשפּיר־פּאַרטיעס.

איך קוק אַף דער דאָזיקער מאַפּע, ווי אַף עפּעס זייער באַקאַנטס. פּלוצעם האָב איך זיך דערמאָנט: טאַקע אַזוי, מיט פּענדעלעך, פּלעגט מען אָפּמערקן אַף די מיליטערישע מאַפּעס די באַוועגונג פון אונדזער מיליטער. וועגן דעם האָב איך געזאָגט וואַלערי אַראַנאָוויטשן. ער האָט זיך פאַרטראַכט, פאַרייכערט, עטלעכע מאָל זיך טיף פאַרצויגן און געזאָגט:

— פאַרשטייסט, די מילכאָמע האָט אַזוי אָדער אַנדערש באַרירט מיט אירע שוואַרצע פליגלען יעדן מענטשן. איך בין געבוירן געוואָרן אינעם איין־און־פערציקסטן, ווען איבער ברעסט האָבן זיך באַוויזן דעם סוינעס אעראָפּלאַנען מיט באָמבעס, ווען די אײַנציקסטע און וויכטיקע ווערטער זײַנען געווען: „דאָס פאָטערלאַנד רופט!”. אפן פראָנט איז פרײַוויליק אוועק אויך מײַן טאַטע, וועלכער איז געווען הויפּט־בוכ־האַלטער פון אַ מאָסקווער זאַוואָד. אַ קליינוווּק־סיקער, אין ברילן, האָט ער, ווי טויזנטער אַנ־דערע סאָוועטישע מענטשן, ניט שאַנעווענדיק דאָס לעבן, געקעמפט קעגן דעם פאַרביסענעם סוינע.

פּאַזין איז אַנשוויגן געוואָרן. דערנאָך פאַר־געזעצט:

— מײַן זון וועט האַיאָר גיין אין ערשטן קלאַס — אין דרײַסיק יאָר אַרום נאָכן זיג. דאָס ערשטע שול־גלעקל, די ערשטע לערערן — אַלץ פאַר אים וועט זײַן צום ערשטן מאָל. צוליב דעם טאַקע איז געגאַנגען אין אַטאַקע מײַן פאָ־טער. איך געדענק וועגן דעם שטענדיק.

...אונטער דער זומערדיקער זון איז די טײַ־גע געווען העל־גרין. דער שאָטן פון אונדזער וערטאָליאָט האָט זיך געגליטשט איבער די ביימער. פּאַזין האָט אַ קוק געטאָן אין אילומי־נאַטאָר און געזאָגט צו מיר:

— קוק, באַלד וועט זײַן דער לאַגער.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן מיר דורך די ביימער דערזען פינף פּאַלאַטקעס, אַ וועזדעכאָד לעבן איינער פון זיי און אַ קליינעם פּלאַץ — דעם „אַעראָדראָם".

דער וערטאָליאָט האָט שנעל זיך אַ גליטש געטאָן אַראָפּ און שווערלעך זיך אַראָפּגעלאָזט אַפן פּלאַץ.

— געקומען! — האָט פֿריילעך אַ זאָג געטאָן פּאַזין און זיך אַוועקגעלאָזט דורכן זומפּ צו די פּאַלאַטקעס. אַף אים האָט מען דאָ געוואַרט. ער איז גלײַך אַרויסגעפאָרן אַף דער טראַסע. זעקס יונגע כעוורע אין קאַסקעס האָבן דאָרט זיך גע־גרייט בויערן דעם אָרדנטלעכן שפּאַלט אין באָדן. פּאַזין האָט באַפוילן אָפּשטעלן די אַרבעט.

— באַווײַזט מיר די מוסטערן פון דער פּאַ־ראָדע, — האָט ער געפּאָדערט.

שפּעטער האָט וואַלערי אַראַנאָוויטש צונויפ־גענומען די בויערער:

— דעם שפּאַלט וועלן מיר איצט מאַכן טיי־פער. דער פּראָפיל פון אײַער באַצירק איז אַ קאָמפּליצירטער, דער באָדן — אַ ליימיקער, ער ווערט צעשווומען, ווי זייף, דערפאַר טאָקע דאַרף מען בויערן טיפער. די נײַע מוסטערן מוזן אין אַ וואָך אַרום זײַן אַף דער באַזע. פאַר־שטענדלעך?

און נאָכאַמאָל האָט זיך דער וערטאָליאָט אופגעהויבן אין הימל. עס זײַנען געבליבן פון אונטן פינף פּאַלאַטקעס, די בויערונג־אײַנריכ־טונג. אונדזער קורס — אַף דער באַזע, קיין אורגאַל. פּאַזין האָט אַרויסגענומען פון זײַן פּלאַנשעט עפּעס אַ סכעמע, זיך פאַרטיפט אין איר.

איך האָב געקוקט אַף אים און זיך דערמאָנט זײַנע רייד וועגן דער מילכאָמע, וועגן דעם פּאָ־טער, וועגן דעם זיבניאָריקן אַנדרייקע. פאַר פּאַ־זינען איז אַף שטענדיק פאַרבליבן דאָס וויכטיק־סטע: שטענדיק געדענקען, מיט וועלכער פּרײַז איז אויסגעקעמפט געוואָרן דאָס לעבן, דאָס גליק צו אַרבעטן, צו כאָוון קינדער.

אַן אַרויסלאָזניק פונעם מאָסקווער אינסטיטוט פון טראַנספּאָרט־אינזשעניערן, האָט ער געבויט טראַסעס אין מיטלאַזיע און קאַזאַכסטאַן, אַפּן קאַספּי, איצט בויט ער דעם ב א ם — די מאַגי־סטראַל פונעם יאָרהונדערט, דעם הויפּט־וועג פון זײַן לעבן.

טאָקע אין מאַנגישלאַק האָט אים דער גורל צונויפגעפירט מיט זײַן נאַדיען. זי האָט געאַר־בעט אין איין אינסטיטוט מיט אים — אין „מאָס־גיפּראָטראַנס". די כאַסענע זייערע איז געווען אין דער טײַגע, אין אַ פּאַלאַטקע, און דאָרט האָבן זיך צונויפגעזאַמלט פּאַזינס כאַווײרים — באַבערדלטע יונגעלײַט אין ברעזענטענע רעק־לעך, אויסשפּירער, ראַדיסטן, מאָנטאַזשלער, געאָלאָגן. די קרוינען פון סאָסנעס און בערע־זעס זײַנען געווען באַגילדעט מיט זונען־שײַן. און איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, ווי אין אַ סך יאָרן אַרום וועט וואַלערי אַראַנאָוויטש פּאַזין, שוין אַ זאַקן, דערציילן זײַנע אייניקלעך וועגן אָט דער ווונדערלעכער כאַסענע... און איך האָב אָנגעשריבן אַ ליד:

די כאַסענע יענע — ווי קאָן איך פאַרגעסן,
די סימכע אַף אייביק געדענקען דו וועסט:
אַף צווײַגן, ווי געסט, זײַנען פויגלען געזעסן,
און אונטן — ווי פויגלען — געקומענע געסט.
געטרונקען לעכאַיִם, געטראָגן געשאַנקען,
און שטערן — אַלס דראַשע־געשאַנק — זייער
פלאַם,
דאָס טיכל פאַרוואָרפן אַף אַקסל אַף שלאַנקען,
געזעסן די קאַלע איז שיין, מאַלע־טאַם.
אַ דאַנק דיר, מײַן טײַגע, וואָס לערנסט מיך לעבן,
אַ דאַנק, סעלעמדזשאַ, פאַר דײַן ליכטיקן קוואַל,
און דיר, וואָס אַזויפיל האָסט פרײַנט מיר געגעבן
אין יעדער פּאַלאַטקע אין דײַנער, אורגאַל!
אַ דאַנק דיר, מײַן גורל, וואָס ווילסט ניט
פאַרזאַמען
מײַן גאַנג צו דעם ווונדער פון רומפּולע טעג,
פאַר דעם, וואָס דו האָסט אונדז פאַרבונדן
צוזאַמען —
דעם וועג פון יאָרהונדערט, דעם אייגענעם וועג!..

איך האָב דורכגעלייענט פּאַזינען די ליד אין אַ רעגנדיקן, קאַלטן טאָג, אַפּן ברעג פונעם טײַ־גע־טײַכל אָלאָנקע. אײַנגענורעט אין דער פּלאַשטש־פּאַלאַטקע, האָט וואַלערי אַראַנאָוויטש געטראַכט וועגן עפּעס זײַנס, דערנאָך זיך אַ כאַפּ געטאָן, צעריבן מיט די פינגער דעם ציגײַער און געזאָגט:

— נו, ליריקער, אַף הײַנט וועט זײַן גענוג. צו דער אַרבעט! — און איז אַוועק צום וואַ־גאָנדל פון די בויערער. אין אַ מינוט אַרום האָב איך דערהערט זײַן קאָל:

— שליסט אײַן דעם מאָטאָר, מירן צופאָרן אַף דער טראַסע.

# מענטשן פֿון דער טראַסע

אָלאָנקע איז אַ קליין טײַגע־טײַכל, אויפֿן ברעג פֿון וועלכן עס געפֿינט זיך דער לאַגער פֿון די אויסשפּירער. און נאָך איז אָלאָנקע אַ קליין געל הינטל, וואָס האָט לאַנג, ביז עס האָט זיך ניט צוגעוווינט, געבילט אויף אונדז, ווי דער עמעסער באַלעבאָס פֿון דער טײַגע. בײַ יעדן אויסשפּירער איז שטענדיק פֿאַראַן פֿאַר אים אַ שטיקעלע צוקער אָדער אַן אַנדער נאַשערײַ. בײַ אונדז אָבער איז, כאָטש די פֿאָטאָ־אַפּאַראַטן און בלאָקנאָטן, גאָרנישט ניט געווען, און דאָס איז, נאַטירלעך, אָלאָנקען ניט געפֿעלן געוואָרן.

אָבער אײַנגיכן האָבן מיר זיך באַפֿרײַנדעט, און אָלאָנקע האָט, פֿאָכענדיק פֿריילעך מיטן עק, אַרויסבאַגלייט אונדז אויף דער טראַסע און אונדז באַגעגנט נאָך דער אַרבעט. דער שעף פֿון דער אויסשפּיר־פּאַרטיע סטרוקאָוו האָט אַפֿילו ניט געוווּסט, פֿונוואַנען אָט דאָס קליינע נעפֿעשל האָט זיך אַהער גענומען. ווײַזט אויס, אַז אָלאָנקען האָט געבראַכט אין טײַגע עמעצער פֿון די אַרבעטער, און איצט, ווען די אויסשפּירער גייען אַוועק אויף דער טראַסע, דרייען זיי אויס דעם קאָפּ אַ קוק צו טאָן, וויאַזוי אָלאָנקע לויפֿט אַרום אינעם גראָז.

...סטרוקאָווס לאַגער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן סוף מאַרט 1975. די אויפֿגאַבע פֿון די אויסשפּי־רער איז געווען — אויסזוכן און „דורכקלאַפּן" אין דער טײַגע אַ מאַגיסטראַל־טראַסע 17 קילאָמעטער די לענג.

וואָס איז אַזוינס 17 קילאָמעטער פֿאַר די, וועלכע זײַנען געוווינט צו גלאַטע אַספֿאַלטירטע וועגן, צו שנעלקײַטן פֿונעם הײַנטצײַטיקן טראַנספּאָרט? דאָ אָבער, אין דער טײַגע, ציִען זיך אָט די קילאָמעטערס אויסערסט לאַנג און שווער — דורך זומפּן און שטאַמענברוך, זיי שנײַדן איבער באַרג־טײַכן, הייבן זיך אויף צו סאָפּקעס — און דאָך גייען זיי פֿאָרויס, אויף מיזרעך, צום אָקעאַן.

אַלעקסיי ניקיטאָוויטש סטרוקאָוו אַרבעט אויפֿן באַם דאָס צווייטע יאָר. אָבער דעם איצטיקן פֿעלד־סעזאָן האַלט ער פֿאַרן שווערסטן אין זײַן אויסשפּיר־פּראַקטיק. זײַן פּאַרטיע שטויסט זיך די גאַנצע צײַט אָן אויף קאָמפּליצירטע רעליעפֿן.

— אַ באַצירק איז אונדז אויסגעפֿאַלן אַ פֿריילעכער, — שמייכלט סטרוקאָוו, — אין גרונט גייט ער דורך אין דער זאָנע פֿון אייביקער געפֿרווירנקײַט, און פֿאַר אונדז איז עס קימאַט אַן אומבאַקאַנטע זאַך. אָבער אונדז קומט שטענדיק צו הילף די סקאָוואָראָדינאָער געפֿרווירנקײַט־סטאַנציע און איר שעף — דער קאַנדידאַט פֿון

דאָ וועט זײַן די סטאַנציע אָלאָנקע. דער שעף פֿון דער געאָלאָגישער גרופּע אַ. נ. סטרוקאָוו (אין צענטער) מיט די יונגע אינזשענירן וואַלענטינע און סערגיי קראַסנאָבײַעוו



געאָגראפישע וויסנשאפטן פיאָטער ניקאָלײַע־
וויטש לוגאָוואָי.

דערנאָך האָב איך געזען אף דער טראסע, מיט וועלכע שוועריקײַטן די מענטשן באהערשן ניט נאָר קילאָמעטערס, נאָר בוכשטעבלעך יעדן מעטער פון דער מאגיסטראל. די אויסשפירער האָבן אונטערגערעכנט, אז די הייך פונעם אָנ־שיט אונטער דער אײַזנבאן־ליניע דארף זײַן ניט ווינציקער פון צוויי מיט א האלבן מעטער, קעדיי פאר די לאנגע יאָרן פון דער עקספלוא־טאציע זאָל דער גרונט אונטערן אָנשיט זיך ניט צעגיין. דאָס באטײַט, אז מע דארף זייער פינקטלעך פעסטשטעלן די טיף פון דער גע־פרוירנקײַט. דער עקסקאוואטאָר־קויש טויג דאָ ניט, קומט דעריבער אויס אָנווענדן אופ־רײַסן.

כוץ דעם, פאָדערט דער כאראקטער פון די אויסשפירונגען אף דעם דאָזיקן באצירק, עס זאָל אײַנגעשטעלט ווערן יעדע הונדערט מעטער אן אזויגערופענער פיקעטירטער צייכן. צווישן זיך רופן אים די אויסשפירער פּאָשעט: „פי־קעט". ער שטעלט מיט זיך פאָר א שטאָלענעם שטאנג עטלעכע מעטער די לענג. 17 קילאָמע־טער פון דער טראסע — דאָס איז 170 פיקעטן, וועלכע „ווילן ניט" קריכן אין דער ערד, וואָס איז דורכגעפרוירן אף א סאך מעטער אין דער טיף און איז הארט ווי אײַזנבעטאָן.

אָבער די אויסשפירער גייען פאָרויס, און יעדערער פון זיי האָט פונקט ווי פארגעסן דאָס וואָרט „אומעגלעך".

איז ווער זשע זײַנען זיי, אָט די ערשטע בוי־ער פונעם ב א ם, די אויסשפירער פון סטרו־קאָווס פארטיע? אין דער ערשטער ריי איז עס אליין אלעקסיי ניקיטאָוויטש סטרוקאָוו — אן ארויסלאָזניק פונעם מאָסקווער בוי־טעכניקום, וועלכער האָט איצט שוין א צוואנציקיאָריקן סטאזש פון אויסשפירן טראסעס אין באשקיריע, קאזאכסטאן, קאלמיקיע, אין דער מאָנגאָלישער פאָלקס־רעפובליק, סיריע און אין אנדערע ער־טער. באנאנד מיט סטרוקאָוון ארבעטן דער על־טערער אינזשעניער־אויסשפירער סערגיי ניקאָ־לײַעוויטש ראזין, דער שעף פון דער קאמערא־לער גרופע אנא איוואנאָוונא פראָנינא און אויך די יוגנט — די טעכניקער סערגיי און וואלענטי־נע קראסנאָבאיעווס, דער עלטערער אינזשעניער גולאד אביסאדזע, דער אינזשעניער לעוואן ציס־קארישווילי, די טעכניקער וויקטאָר דולקיס און סערגיי קיסליצקי.

אף דער בײַקאל־אמורער מאגיסטראל האָבן זיך פארזאמלט מענטשן פון פארשיידענע נא־ציִאָנאליטעטן און פון פארשיידענעם עלטער, און פיל פון זיי זײַנען אינטערעסאנטע פערזענ־לעכקײַטן. אנומלטן האָב איך געפרעגט בא פאָ־זינען:

— וואלערי אראָנאָוויטש, און אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע זײַנען אין אײַער עקספעדיציע פאראן?

— וואָדען, — האָט.. ער.. געענטפערט, — איך וועל זיי באלד אויסרעכענען... נאָר אָט וועגן וועמען עס לוינט בעפיירעש אָנשרײַבן: וועגן וואלענטינא פעטראָוונא מאָראָזאָווא, דער רא־דיסטקע אין סטרוקאָווס פארטיע. וואלענטינא מאָראָזאָווא, קאָן מען זאָגן, איז פאר אונדזער מאגיסטראל אן אויצער...

דער ווערטאָליאָט טראָגט מיך אוועק אין דער טײַגע, ווּ אין איינער פון די פינף פאלאטקעס, וועלכע זײַנען דאָ אופגעשטעלט, ארבעט בא איר ראציע א פרוי מיט א גוט און ליב פּאָנעם. א גאנצן טאָג טרעט איך ניט אָפּ פון איר. איך דערוויס זיך אייניקע פּראָטים פון איר לעבן.

דאָס יאָר 1942. שווערע שלאכטן אף אלע פראָנטן. דאָס זיבעצניאָריקע מאָסקווער מיידל וואליע מאָראָזאָווא רעדט אײַן דעם מיליטערישן קאָמיסאר, ער זאָל זי שיקן אפן פראָנט אין בא־שטאנד פון א בריגאדע פרײַוויליקע. זי קומט אָן אין א שול פון אויסשפירער, ווערט א רא־דיסטקע, גייט דורך א ספעציִעלע צוגרייטונג און מע „פארווארפט" זי אין הינטערלאנד, צו די דײַטשן, אין איינעם אן אוקראִינישן דאָרף, ווּ זי דארף שפילן די ראָל פון אן אייניקל פונעם זיידן אנדריי, „א פאשיסטישן אונטער־לעקער". אנדריי איז ביז דער מילכאָמע געווען אן אגראָנאָם הינטער מאָסקווע, איצט איז ער לויטן באפעל פון דער סאָוועטישער קאָמאנד־שאפט געוואָרן א פאָליצײַ. און דאָס איז ניט קיין מאסקע, וועלכע מע קאָן אינדערפרי ארופ־ציִען אף זיך און אין אָוונט אראָפווארפן. דער זיידע פרייט זיך, וואָס עס פארהאסן אים מענטשן, צוליב וועלכע ער ריזיקירט יעדער מינוט מיט זײַן לעבן...

א סאך מענטשן האָבן געראטעוועט דער „זיי־דע" און דאָס „אייניקל". צענדליקער פארשיפ־רירטע ראדיִאָגראמעס האָט איבערגעגעבן וואַ־ליע אף דער „גרויסער ערד", און אין יעדערער פון זיי — אָנגאבן וועגן דעם סוינע, וועגן דער דיסלאָקאציע פון זײַן מיליטער.

אין עטלעכע כאדאָשים ארום האָבן דער זיי־דע אנדריי און וואליע געמוזט אנטלויפן פונעם דאָרף. דער זיידע איז געווען איר שעף, און ווען אין א צופעליקער איבערשיסונג מיט די פאשיסטן איז ער שווער פארוווּנדעט געוואָרן, האָט ער באפוילן:

— גיי, וואליע. צו אונדזערע, ווארט ניט אף מיר. איך וועל זיך שוין ניט אופהייבן.

וואליע האָט געפרווּוט דערווידערן, אָבער אנ־דריי האָט ארויסגעטעמט:

— אַנדערש טאָר מען ניט, וואַליע, עס גייט א מילכאָמע...

און זי איז אוועק. און וואָס האָט זי נאָך געקאָנט טאָן? „עס גייט א מילכאָמע, וואַליע". זי איז דערגאַנגען צו אונדזערע, און, ווידער אינעם הינטערלאַנד, האָט זי זיך פאַרליבט אין א מענטשן, אויך אַן אויסשפּירער, וואָס אפילע זײַן עמעסן נאָמען האָט זי זיך ניט דערוווּסט. ער איז אָף שטענדיק פאַרבליבן פאַר איר לויטן פּאַראָל — „קעלט", און זי — „די זעקסטע". „קעלט, איך בין די זעקסטע", — פלעגט זי שיקן אין עפיר איר פּאַראָל. ווען ער האָט זיך אומגעקערט אָף דער באַזע פון א פאַרגעבונג, האָבן זיי זיך באַגעגנט. און אינדערפרי איז זי אַליין אַרויסגעפלויגן אָף א פאַרגעבונג. אַזוי פלעגט טרעפן אָפט: ער קערט זיך אום — זי גייט אוועק. איינמאָל האָט ער זיך ניט אומגעקערט. „קעלט! קעלט, ענטפערט, איך בין די זעקסטע! קעלט, איך בין די זעקסטע!". צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד פלעגט זי רעגולער אַרויסגיין אין עפיר, געפאָדערט, געבעטן. אָבער דער עפיר האָט געשוויגן. דערנאָך האָט מען זי „אַריבערגעוואָרפן" אָף אַן אַנדער פראָנט, אָף אַן אַנדער באַזע.

אין פינף־און־פערציקסטן איז בא וואַליען געבוירן געוואָרן א זון. אינעם זיבעציקסטן איז זי געוואָרן א באָבע. וועגן דעם האָט זי זיך דערוווּסט פון א ראַדיאָגראַמע, וועלכע זי אַליין האָט אופגענומען. זי איז אַרויס פון דער פּאַלאַטקע מיטן בייגעלע פּאַפּיר אין די הענט און זיך אַראָפּגעלאָזט אָפן גראָז: „אָט איז געקומען די צײַט זיך ניאַנטשען מיטן אייניקל"...

דעם דרײַסיקסטן יאָרטאָג פונעם זיג האָט זי אויך אָפּגעמערקט אין דער טײַגע, אָפן ברעג פונעם טײַכל אַלאַנקע, אין דער אויסשפּיר־פּאַרטיע פונעם אינסטיטוט „מאָסגיפּראָטראַנס". דרײַסיק יאָר. עס זײַנען שוין פאַרענדיקט די אויסשפּירונגס־אַרבעטן אָפן באַצירק באַם — טינדאַ. פון טינדאַ איז מאַראַזאָווא אַריבערגעפירט געוואָרן אין דער זעיער עקספּעדיציע און דערנאָך — אין דער סעלעמדזשינער. אַזוי לעבט זי די גאַנצע צײַט אין דער טײַגע, אין פּאַלאַטקעס. און אַלע טאָג, אין באַשטימטע שאָען, גייט זי אַרויס אין עפיר אָף א פאַרבינדונג מיט דער באַזע, און דער הויפּט־ראַדיסט פונעם מיזרעכדיקן באַצירק פון באַם ליסיצין דערקענט גלײַך איר „האַנטשריפט" — א רויִקן, בוילעטן, זיכערן האַנטשריפט פון אַן עכטן מײַסטער.

איך זיץ מיט וואַלענטינע פּעטראָוונען אין איר פּאַלאַטקע. אָפן טיש, לעבן דער ראַציע — צוויי פאָטאָגראַפיעס. אָף איינער, א פאַרגעלטער פון דער צײַט — זי אַליין, א שמייכלענדיקע, יונגע, מיט אַן אָרדען פון דער רויטער שלאַכטפאָן אָף דער ברוסט. פון דער צווייטער פאָטאָגראַפיע קוקט אַראָפּ א סימפּאַטישער העלהאָריקער באָכער אין א פּילאָטקע...

וואַלענטינאַ פּעטראָוונאַ האָט ווייך א שמייכל געטאָן:

— ניין, דאָס איז ניט „קעלט". דאָס איז וואָלאָדיע, אונדזער זון. ער האָט געדינט אָפן ווײַטן מיזרעך, דערנאָך געאַרבעט צוזאַמען מיט מיר אין עקספּעדיציע, געהאַקט פּראָסעקעס, געווען א בויערער. איצט לערנט ער זיך אין א לאַנדווירטשאַפטלעכן אינסטיטוט, שרײַבט מיר אַלע וואָך בריוו, רופט אַהיים, קיין מאָסקווע. אָבער איך קאָן זיך שוין ניט באַגיין אָן דער טײַגע. געוווינט געוואָרן זיך וואַשן מיטן וואַסער פון ווילדע טײַכלעך, ווינטער טרינקען טיי פון שניי און אין די אינדערפריִען וואַרטן אָף א ווערטאָליאָט מיט דער פּאָטשט און מיט פּראָדוקטן...

זי איז אַנשוויגן געוואָרן און זיך פאַרטראַכט. איך האָב אויך געשוויגן און געטראַכט וועגן דעם, וויפל עס איז אויסגעקומען איבערצולעבן אָט דער אויסערגעוויינלעכער פרוי. און ווען אונדזער ווערטאָליאָט האָט זיך אופגעהויבן איבערן לאַגער פון די אויסשפּירער, האָב איך דערזען אין אילומינאַטאָר איר פּאַלאַטקע מיט דער הויכער באַזילבערטער אַנטענע. ס'איז געווען „פּופּצן אַזייגער" — די צײַט פון אַרויסגיין אין עפיר...

יאָ, וואַלערי אַראָנאָוויטש פאָזין איז געווען גערעכט: די מענטשן, וועלכע אַרבעטן אָפן באַם, — דאָס איז בעעמעס א גרויסער אויצער. און איך בין גליקלעך, וואָס כ'האָב געהאַט דעם זכוס צו באַגעגענען זיך מיט זיי, זיצן מיט זיי בא איין שײַטער, גיין איבער דער טײַגע און טרוימען וועגן דעם מאָרגנדיקן טאָג פון אָט דעם וווּנדערלעכן קאַנט.

טרוים גייט דאָ באַנאַנד מיט דער וואָר. דער אוואַנגאַרד־אָטריאַד „דאָנבאַס" האָט זיך אַרויסגעזעצט אין אורגאַל דעם 4 נאָיאַבער 1974 און אויסגעבויט די ערשטע צוזאַמענוווינונג אין דער טיפעניש פון דער טײַגע. דאַכט זיך, א צײַטווײַליקע זאַך: א דאַך איבערן קאָפּ. נאָר די בויער פון אוקראַיִנע האָבן גענומען מיט זיך אַן אַרכיטעקטאָר און נאָך אונטערוועגנס זיך צונויפגערעדט: בויען אפילע צײַטווײַליקע וווינונגען, אַזוי, אַז זיי זאָלן פרייען דאָס אויג, פּונקט ווי אָט די ערשטע הײַזער וואָלטן געשטעלט ווערן אָף אייביק. און טוט איצט א קוק: ס'האָבן זיך שוין באַוויזן עטלעכע גאַסן, הײַזער באַלעבאַטישע, אַקוראַטע. איך האָב געהערט, ווי דעם 1 סענטיאַבער האָט זיך דאָ צעקלונגען א שול־גלעקל, און ס'איז נאָך פרייִלעכער געוואָרן...

איך בין צוזאַמען מיטן שעף פונעם שטאַב



בויער פון מאָלדאַוויע, באָריס גאָלדמאַן (לינקס) און וולאדימיר כאצרעווין



די ראַדיסטקע וו. פּ. מאַראַזאָוואַ

אַפן מיזרעך־באַצירק פון דעם באַם יעווגעני לאַגונאָוון געגאַנגען צו דער סטאַנציע איזוועסט־קאָוואיאַ, קעדיי באַגעגענען אַ נײַעם אַטריאַד בויער — דאָס מאָל פון מאָלדאַוויע. פונדאַנען, פון איזוועסטקאָוואיאַ, וועלכע געפינט זיך אַף דער טעריטאָריע פון דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט, איז אַ גלײַכער וועג אַף צאָפן — קיין אורגאַל.

די נײַ־געקומענע האָבן אַלץ געוואָלט וויסן: וואָס פאַר אַ וועטער ווערט דערוואַרט אין די נאָענטסטע טעג, און ווען וועט מען זיי אײַנשליסן אין דער אַרבעט, צי וועט זײַן ווו צו וווינען, און צי איז שוין פאַראַן אַ קאָנקרעטער פּלאַן וועגן דעם אויסזען פון אָט די ערטער אין דער נאָענטסטער צײַט... לאַגונאָוו האָט אויספירלעך געענטפערט אַף אַלע פראַגעס, און די אימפּראָוויזירטע „פּרעסע־קאָנפערענץ” איז פאָרגעזעצט געוואָרן דערנאָך אין צוג, וועלכער האָט געפירט די מאָלדאַווער בויער צו דער סטאַנציע אַלאָנקע, וועלכע איר פאַרשפּאָרט דערווײַל זוכן אַף דער מאַפּע, ווײַל זי איז בלויז אָנגעמערקט אין די פּלענער פון דער מאַגיסטראַל.

איינער פון די נײַ־אָנגעקומענע האָט באַזונדערס געגנוי און מיט אַלע פּראָטים געהאַלטן אין אויספרעגן לאַגונאָוון. „ווײַזט אויס, אַ דערפאַרענער בויער”, — האָב איך אַ טראַכט געטאָן. אויסגעקליבן אַ מינוט, ווען דער באָכער איז אוועק אין טאַמבור פאַררייכערן, האָב איך זיך מיט אים באַקענט.

— באָריס גאָלדמאַן, — האָט ער מיר אויסגעשטרעקט אַ האַנט.

לאָזט זיך אויס, אַז גאָלדמאַן איז קיין בויער קיינמאָל נאָך ניט געווען — ער האָט געאַרבעט אין דער קעשענעווער פּראָדוציר־פאַראייניקונג „אוניווערסאַל” אַלס טעלעמעכאַניקער און לויט אַ קאָמיוגישער פּוטיאָווקע באַשלאָסן פאָרן אַפן באַם.

— אַלאָנקע, וועלכע מיר וועלן בויען, — האָט פּלוצעם אַ זאָג געטאָן באָריס, — וועט זײַן די שענסטע סטאַנציע אַפן ווײַטן מיזרעך.

— ביסט אין דעם איבערצײַגט? — האָב איך געפרעגט.

גאָלדמאַן האָט אַ שמייכל געטאָן:

— נו, געוויס! צוליב וואָס זשע דען זײַנען מיר אַהער געקומען? אָן אָט דער איבערצײַגונג האָט מען דאָ ניט וואָס צו טאָן!..

אין אַ מעסלעס אַרום האָב איך אין דער טײַגע, אַפן אָרט פון דער קינפטיקער סטאַנציע, זיך באַגעגנט מיט דעם שעף פונעם ספּעציאַליזירטן בוימאָנטאַזש־צוג „מאָלדאַווסטראָיבאַם” איגאָר אַלעקסאַנדראָוויטש פּאַנאָוון.

— אָט דאָ, אַף דעם אָרט, ווו מיר שטייען איצט מיט אײַך, — האָט געזאָגט פּאַנאָוו, — וועט זײַן אַ גאָרקיך אַף 150 ערטער... מאָרגן וועלן מיר פאַרלייגן דעם פונדאַמענט פון פיר צוזאַמענוווינונגען, פון אַן אויבס־קעלער און פון אַ מאַגאַזין... קורץ, דעם ווינטער וועלן מיר באַגעגענען ניט מיט הוילע הענט. און אין אָנהייב פונעם קומענדיקן יאָר וועלן מיר שוין צוטרעטן צו אויספּילן די הויפּט־אויפגאַבע אונדזערע — בויען די סטאַנציע און דעם ייִשעוו אַלאָנקאַ.

אין מײַן בלאָקנאָט איז דער געשפּרעך מיט איגאָר אַלעקסאַנדראָוויטשן פאַרנאָטירט בײַשכיינעס מיט אַנדערע פאַרנאָטירונגען, וועלכע איך האָב געמאַכט דאָ ניט לאַנג, אין סענטיאַבער 1975, ווען איך האָב נאָכאַמאָל באַזוכט אורגאַל און בין געווען בײַ די בויער פון אוקראַיִנע. דאָס איז געווען מײַן דריטער אַרויספאָר אַפן באַם, און איך בין פּאַשעט איבעראַשט פון דעם, וואָס איך האָב דאָ געטראָפן.

1—2957

# די ערשטע בריק

מײַן דריטער באזוך איז צונויפגעפאלן מיט די טעג פון דער סאָוועטישער ליטעראטור אפן ווײַטן מיזרעך, און אין אורגאל האָבן זיך די בויער באגעגנט מיט א גרויסער גרופע סאָוועטישע שרײַבער.

— איר טוט א פרעכטיקע זאך, — האָט געזאָגט בייס אָט דער באגעגניש, ווענדנדיק זיך צו די בויער, דער פאָלקס־דיכטער פון קאלמיקיע דאוויד קוגולטינאָוו. — איר שענקט דעם לאנד א וועג, וואָס וועט געבן זייער א סאך פארן גורל פון מענטשן, פאר פלענער מעלוכישע.

מע האָט ארומגערינגלט דעם רוסישן פאָעט יורי ראזומאָווסקי און אים געבעטן אָנשרײַבן א ליד, וועלכע זאָל רופן די יוגנט פאָרן אף דער בויונג פון דער בײַקאל־אמורער מאגיסטראל. דער דיכטער האָט צוגעזאָגט, און, שוין אומקערנדיק זיך קיין בירָאבידזשאן, האָב איך איבערגעלייענט זײַן ליד אין דער „ליטעראטור־באיא גאזעטא”:

דערווײַל זײַנען דאָ סאָפקעס<br>
און זומפן רונד־ארום,<br>
און בערן ערגעץ טאָפטשען<br>
די טײַגע מיט געברום.<br>
נאָר בריקן גיך דאָ וועלן<br>
דורך טײַכן טאָן א שפרונג,<br>
און סטאנציעס צעשטעלן<br>
זיך וועלן פריש און יונג.<br>
אוןווילסטו שאפן וווּנדער,<br>
איז דאָס אין דיר געווענדט:<br>
די בויונג פון יאָרהונדערט<br>
דארף יונגע, הייסע הענט.<br>
און אויב געוואגטקײַט האָסטו,<br>
איז קום אהער צו גיין,<br>
דאָ שפּאנט אין שטיוול פראָסטע<br>
די העלדישקײַט אליין.<br>
און פרייד א פולן לאָגל<br>
מיר וועלן האָבן דאן,<br>
ווען פון בײַקאל וועט יאָגן<br>
דער צוג צום אָקעאן.<br>
מיט שטראלן־רעלסן שווערע<br>
מיר וועלן, ווי עס פאסט,<br>
אין צוואנציק ערשטער ערע<br>
ארײַנפאָרן צוגאסט!

יאָ, פינקטלעך האָט געזאָגט דער פאָעט: „בריקן גיך דאָ וועלן דורך טײַכן טאָן א שפרונג”. א בריק — דאָס איז אָן אומבאדינגטער טייל פון א באליביקן וועג. נאָך מער, אָן בריקן איז דער וועג קיין וועג ניט. אָט נעמט, אשטייגער, דעם וועג צו קאָמסאָמאָלסק־אפן־אמור. ווען נאָך אין די דרײַסיקער יאָרן איז געבוירן געוואָרן דער פראָיעקט פון דער בײַקאל־אמורער מאגיסטראל, האָט מען באשלאָסן דעם מיזרעכדיקן באצירק אירן — דעם „סאמע מיזרעכדיקסטן” — דורכלייגן פון קאָמסאָמאָלסק־אפן־אמור ביז סאָוועטסקאיא גאוואן. און אָט דעם באצירק, פיר הונדערט שווערע קילאָמעטער, האָט מען אויסגעבויט. דער באם האָט זיך, אזויארום, דורכגעריסן צום אָקעאן. איז, דוכט זיך, גוט: מע וועט דורכלייגן רעלסן אף די איבעריקע באצירקן פון דער מאגיסטראל, מע וועט זיי פארייניקן מיט דער גרייטער ליניע — און פאָרט אײַך, יאָגט אײַך, צוגן, אף מיזרעך, צום סאמע שטילן אָקעאן! דאָס איז אזוי, און ניט אזוי. צווישן דעם וועג און דעם אָקעאן, צווישן דער שטאָט און דעם אָקעאן־ברעג איז געבליבן א באצירק אָן רעלסן. און אָן א בריק האָט מען זיי ניט געקאָנט דורכלייגן.

דער דאָזיקער באצירק — איז דער אמור. אײַנגאנצן עטוואָס מער פון אָנדערהאלבן קילאָמעטער, נאָר ספעציפישע — פאר א בריק.

דער לינקער ברעג און דער רעכטער ברעג... איינער פון זיי, דער שטאָטישער, איז אָנגעשפּיקעוועט מיט שיפלעך, פארבויט מיט הײַזער. צו אָט דעם לינקן ברעג דערגייען אפילע ניט די קלאנגען פון דער גרויסער אינדוסטריעלער שטאָט. און אפן רעכטן ברעג איז, ווי פריער, טײַגא און סאָפקעס.

זומער פלעגן גיין איבערן אמור פאראָמען מיט אײַזנבאן־וואגאָנען. ווינטער, ווען דער אמור האָט זיך אָפגעשטעלט, א פארקאָוועטער אין אײַז, פלעגט מען דורכלייגן איבער אים רעלסן. אין פרילינג און אין הארבסט האָט די אײַזנבאן־באוועגונג זיך אָפגעשטעלט.

און אָט איז פאראן שוין א בריק. דעם 27 סענטיאבער 1975 האָבן אלע צײַטונגען מיטגעטיילט: די בריק אין קאָמסאָמאָלסק־אפן־אמור איז פארטיק!

אָנגעפירט מיט דער בויונג האָט איינער פון די דערפארנסטע בריקן־בויער אין אונדזער לאנד — ניקאָלײַ דמיטריעוויטש סענטיורין. ער האָט צונויפגעזאמלט א גוטן קאָלעקטיוו. די בעטאָנירונג אונטערן וואסער האָט געפירט די בריגאדע בעראָש מיט קורבאטאָוון, די פונדאמענטן — דער שעף פונעם באצירק אָלייניקאָוו, דער הויפט־אינזשעניר פון דער בויונג איז געווען בלינקאָוו. עטלעכע וויסנשאפטלעך־פאָרשערישע אינסטיטוטן האָבן זיך פארנומען מיט

אַט דער בריק, דערונטער דער אינסטיטוט פון בויערונג־טעכניק — זײַן דירעקטאָר אסאַן־נורי, די מיטארבעטער ליבערמאן און פּאָלטשענקאָ, דער באַוווסטער געלערנטער בולאַך...

אַט וואָס עס האָט געשריבן די צײַטונג „איז־וועסטיאַ“:

„בלאָזנדיק פון די ברוינע סאָפּקעס, קלאַפּט איבער די אַזשורנע פערמעס דער מעכטיקער ווינט פונעם אמור. ער פארבלאָנדזשעט אין די שטאָלענע געשפּינעכצן, הודעט מיט קאַס און צאָרן. עס ציטערן, ווי סטרונעס, די קאָנסטרוק־ציעס, און די גאַנצע בריק — 1.400 מעטער — קלינגט, ווי אַ ריזיקע האַרפע.

אויף אַט דעם טאָג האָבן געוואַרט מיט אומגע־דולד די בריקן־בויער, וועלכע האָבן זיך פאַר־פליכטעט אָפּגעבן אין עקספּלואַטאַציע דעם אָב־יעקט אויף דרײַ כאָדאָשים פריִער פאַרן טערמין. די לאָקאָמאָטיוון־בריגאַדעס פון דער ווײַטמיזר־רעכדיקער אײַזנבאַן האָבן אויך אַרויסגעקוקט אויף אַט דעם טאָג, פאַרמעסטנדיק זיך פאַר דעם רעכט צו פירן דעם ערשטן צוג איבערן אמור. און טויזנטער טוישווים פון קאָמסאָמאָלסק־אויפן־אמור, וועלכע האָבן זיך פאַרמאָסטן פאַר דעם קאָוועד צו זײַן די ערשטע פּאַסאַזשירן פונעם ערשטן צוג, האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד אויף אַט דעם טאָג.

און אָט איז געשען... דער שעף פון דער ווײַטמיזרעכדיקער אײַזנבאַן גיט איבער די ער־שטע פּוטיאָווקע די זיגער פון דער פאַרמעסטונג צווישן די מאַשיניסטן — באָריס וואָלפן און אַלעקסיי באַסיק. עס פאַרנעמען די ערטער אין די וואַגאָנען די פאָרשטייער פון דער ארבעטער־גוואַרדיע, בעקאַוועדיקע געסט פון קאָמסאָ־מאָלסק־אויפן־אמור און פונעם גאַנצן כאַבאַראָוו־סקער קאַנט... דורך אַ קאָרידאָר פון לעבעדיקע בלומען רירט זיך פון אָרט אין דער ריכטונג פון דער אמורער בריק דער ערשטער צוג. מיט אַ לאַנגן הודאָק באַגלייט אים אין וועג דער האַרעפּאַשניק — דער פּאָראָם: ער גיט איבער דעם צוג די וואַכטע, וואָס ער האָט געטראָגן 30 יאָר. איצט האָט ער שוין דאָ ניט וואָס צו טאָן...

אָפן אמור איז הײַנט אַ גרויסער יאָמטעוו. איינע פון די ערשטע בריקן פון דער בײַקאַל־אמורער מאַגיסטראַל איז געלאָזט געוואָרן אין גאַנג. אַ גוט־יאָמטעוו אײַך, בויער פונעם באַמ!“

ביראָבידזשאַן — באַמ,
סאָף סענטיאַבער 1975



די נײַע בריק איבערן אמור (קאָמסאָמאָלסק־אויפן־אמור)



נאָטע לוריע

# די געשיכטע פֿון א ליבע

אִיך ווייס ניט, ווי אנדערע, נאָר ווען איך קלײַב זיך אין א רײַזע, ווילט זיך מיר שוין באַם קויפן דעם בילעט וויסן, וואָס פארא שכײנים וועל איך האָבן אין קופע. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אז עס וואָלט זיך וועלן, ס'זאָלן זײַן אינטערעסאנטע, לעבנסלוסטיקע פּאסאזשירן, ניט קיין נודניקעס און ניט קיין אָנגעכמורעטע שווײַגערס, ס'זאָל זײַן מיט וועמען אויסריידן א וואָרט און פאַרײַנס זיך דערוויסן ניט קיין אויסגעטראכטע, עמעסדיקע געשיכטעס, וואָס מיטפאָרער דערציילן זיי געוויינלעך זייער גערן.

ווי און ווען באקאנט מען זיך נאָך אזוי לײַכט, באפרײַנדעט מען זיך אזוי גיך, ווי דעמלט, ווען מע פאָרט אין איין קופע, ביפראט נאָך א לענגערע צײַט.

פּרווט א פרעג טאָן אין גאַנץ גלאט אזוי בא אן אומבאקאנטן מענטשן: „פֿונוואנען גייט איר?", אָדער „וווּהין גייט איר?", צי „וואָס איז אײַער טועכץ?", „ווּ ארבעט איר?", וועט מען אף אײַך א קוק טאָן ווי אף א צעמישטן, מע וועט גלײַך פארשנעלערן די טריט, קעדיי וואָס גיכער זיך אָפּטשעפּען. אָבער אין וואגאָן?.. באלד ווי דער צוג האָט זיך גערירט, און צומאָל נאָך פריִער, ווייסט איר שוין, פֿונוואנען און וווּהין אײַערע שכײנים פאָרן, וואָס פארא פראָפעסיע איז בא יעדן איינעם, ווּ זיי ארבעטן. און וואָס לענגער איר פאָרט, אלץ מער דערוויסט איר זיך. צווישן די מיטפאָרער טרעפן זיך באזונדערס ברײדעוודיקע פארשוינען, וועלכע לייגן פאר אײַך ארויס אלץ מיטאנאנדער, דערציילן מיט אלע פּיטשטשעווקעס אזוינס, וואָס אין אנדערע אומשטענדן וואָלטן זיי עפּשער עס קיינמאָל ניט דערציילט. און גאנץ אָפט זײַ־

נען עס טאקע אינטערעסאנטע, ביז גאָר רירנדיקע לעבנס־געשיכטעס. אין קיין שום ראָמאַן וועט איר זיי ניט אויסלייענען.

יעדעס מאָל, ווען איך קלײַב זיך אין וועג, פיל איך זיך אזוי, ווי עס זאָל מיך דערווארטן א וויכטיקע אנטדעקונג, און איך קוק שוין ארויס אַף דער מינוט, ווען איך וועל זיך באגעגענען אין וואגאָן מיט די נײַע פאר מיר, ביז איצט נאָך אומבאקאנטע מענטשן.

באזונדערס בין איך געווען נײַגעריק צו וויסן, ווער עס וועט פאָרן מיט מיר אין איין קופע, ווען איך האָב דאָ ניט לאנג אין א כמורנעם אָקטיאבער־טאָג גענומען א בילעט מאָסקווע — ביראָבידזשאן.

א בילעט איז אויסגעקומען צו נעמען אין א מעזשדונאראָדנעם וואגאָן. קיין אנדערע בילעטן זײַנען ניט געווען. און אינעם מעזשדונאראָדנעם וואגאָן, ווי באוווּסט, איז יעדע קופע אויסגעשטאט בלויז פאר צוויי פאסאזשירן. וועט אויסקומען, הייסט עס, פאָרן זיבן טעג און זיבן נעכט זאלבעצווייט אין איין קופע. וואָס זשע פאר א מיטפאָרער אָדער מיטפאָרערן וועט דער גורל מיר צושיקן אַף אָט די זיבן מעסלעס?

צום צוג בין איך געקומען באצײַטנס, האלטנדיק זיך באם קלאל: גלײַכער קומען מיט א האלבער שאָ פריִער, איידער מיט א האלבער מינוט שפעטער. אין דער געמיטלעכער קופע איז נאָך קיינער ניט געווען. איך האָב פארנומען מײַן אָרט — פון רעכטס, אפן ווייכן דיוואן, און פון אָט דער מינוט האָב איך שוין ארויסגעקוקט דורך דער עטוואָס אָפענער טיר, געווארט מיט נײַגער אַף דער פערזאָן, וואָס דארף אָט־אָט זיך ווײַזן און פארנעמען דאָס אָרט אפן דיוואן פון לינקס.

אין א צען־פופצן מינוט ארום האָבן אינעם לאנגן וואגאָן־קאָרידאָר זיך באוויזן אופגעלעבטע טרעגער מיט גרויסע אויסטערלישע טשעמאָדאנעס און שווערע סאקוואָיאזשן, און באלד נאָך זיי גאנץ אימפּאָזאנטע פאסאזשירן. פארבײַ דער טיר פון מײַן קופע איז מיט ווייכע, געלאסענע טריט אדורך א יונגע, זייער שיינע פרוי און באנאנד מיט איר א הויכער מיטלער יאָריקער גענעראל מיט ברייטע לאמפאסן אַף די טונקל־בלאָווע הויזן. זיי האָבן פארנומען די שכיינעסדיקע קופע. אין א ווײַלע ארום האָב איך באמערקט, ווי עס זײַנען פארבײַגעגאנגען א יאפאָנער מיט א יאפאָנערן,ביידע געקליידט פון קאָפּ ביז די פיס אין שווארצן. ריידנדיק הויך אַף אן אומפארשטענדלעכער פאר מיר שפראך, האָבן דורכגעשפאנט צוויי זייער עלעגאנט געקליידטע יונגעלײַט אין אלציינע גרויסע שפאקולן. נאָכדעם א פאָרפאָלק. ער, קאָנטיק א מאָנגאָל, א יאם־קאפיטאן. זי — א בלאָנדע מאדאָנע מיט א פיצל קינד אַף די הענט. שווײַגנדיק, מיט גרויסע בײַכיקע פאָרטפעלן, זײַנען פארבײַגעגאנגען א פאָדפאָלקאָווניק און א מאיאָר־גרענעצלער. און ווי אלס קאָנטראסט צו זיי האָבן, פלאפלענדיק הויך און קײַכנדיק פון גלעכטער, זיך דורכגעטראָגן צוויי האָפערדיקע ברונעטקעס.

לויט מײַן כעזשבן, זײַנען אלע ערטער אין די שכיינעסדיקע קופעען פון אונדזער וואגאָן שוין געווען פארנומען. ביזן אָפגיין פונעם שנעלצוג איז פארבליבן עטלעכע מינוט, און דאָס צווייטע אָרט בא מיר אין קופע איז נאָך אלץ געווען פרײַ. צי דען וועט שוין קיינער ניט קומען און איך וועל בלײַבן איינער אליין, אָן א מיטפאָרער? מיט פארצווייפלונג האָב איך געקוקט אפן זייגער. אָן צוויי מינוט פינף. אָן איין מינוט. פינקטלעך פינף. אויס! דער צוג האָט זיך שטיל גערירט. אפן הארצן האָב איך דערפילט א שווערקײַט, ווי איך וואָלט פארלאָרן עפעס זייער וויכטיקס. און אין דער זעלבער רעגע, שוין לאכלוטן אומדערווארט, האָט אין דער גאנצער ברייט האסטיק זיך אָן עפן געטאָן די טיר און מיט א פארכאפּטן אָטעם האָט זיך ארײַנגעשטעלט אין קופע א מיטלוווּקסיקער בלייכער מאנצבל מיט א קליינעם אָפגעריבענעם טשעמאָדאן אין האנט. גאָרנישט ניט געזאָגט, געגעבן בלויז אן עטוואָס מערקבארן שאָקל מיט דער צעפּאטלטער טשופרינע, האָט ער פארלוירן זיך ארומגעקוקט, ווי ער וואָלט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. אוועקגעשטעלט דעם טשעמאָדאן אפן טעפּיך, וואָס האָט פארדעקט דעם דיל, באלד אים צוריק גענומען, אוועקגעלייגט אַף דער פאָליצע. ניט אויסטוענדיק דעם פײַכטן קורצן געקעסטלטן מאנטל, האָט ער א צעבראָכן־מידער זיך צוגעזעצט אפן דיוואן אנטקעגן באם סאמע טישל, צונויפגעקרייצט די דארע לאנגע פינגער פון ביידע הענט, ארויפגעלאָזט אַף זיי דעם צעפּאטלטן גראָוון קאָפּ און געבליבן אזוי זיצן, ניט א ריר געבנדיק מיט קיין אייווער.

ס'איז צו זען געווען, אז דער מענטש איז שטארק צערודערט. מיר האָט זיך זייער געוואָלט מיט עפעס אים צעשטרייען. נאָר איך האָב באשטימט ניט באומרויִקן אים, לאָזן אים קומען צו־זיך. דערווײַל ביז וואָס־ווען האָב איך שטיל, אָן טומל ארויסגענומען פון מײַן אָנגעפאקטן טשעמאָדאן די עטלעכע פרישע צײַטונגען, וועלכע איך האָב נאָך ניט באוויזן דורכקוקן, די פיזשאמע, די שטעקשיך. א צופרידענער, וואָס כ'האָב געפונען מיט וואָס זיך צו פארנעמען,

האָב איך ניט געװײַלט זיך איבערגעטאָן און נאָכדעם, צורוקנדיק זיך נעענטער צום פענצטער, אַרײַנגעקוקט אין אַ צײַטונג.

לײענענדיק, האָב איך פון מאָל צו מאָל געכאַפּט אַ קוק אף מײַן מיטפּאָרער. ער איז אַלץ אַזוי געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אף די צונויפגעקרײצטע פינגער, אָנגעשפּאַרט מיט די עלנבויגנס אין טיש.

דער צוג האָט זיך האַסטיק געטראָגן, איבערלאָזנדיק הינטער זיך די מיט װעלדלעך באַזוימטע שטילע הינטערמאָסקװער דאַטשע־ערטער. אינעם פאַרנאַכטיקן דרויסן האָט אַלץ העפּטיקער זיך פאַרנומען אַ שפּעט־האַרבסטיקער רעגן, מיט דריבנע אומעטיקע טראָפּנס געשמיסן אין פענצטער. פון מינוט צו מינוט איז אין קופּע געװאָרן טונקעלער. לײענען איז שוין געװען אוממעגלעך. כ׳האָב אָװעקגעלײגט אין אַ זײַט די צײַטונג און ניט אָנגעהױבן װיסן, װאָס מע טוט װײַטער. איך װאָלט אָנגעצונדן פּײַער. נאָר עפּשער װעט עס אים שטערן? װאָס זשע, זיצן אָט אַזוי אין דער פינצטער? װיפל קען מען? שטיל געעפנט די טיר, בין איך אַרױס אין קאָרידאָר. דאָ, אין העל־באַלױכטענעם קאָרידאָר, האָט געהערשט אַ פּײַערלעכע ציכטיקײַט. אף די ברײטלעכע װאַגאָן־פענצטער — קלאָר־װײַסע פאָרהענגלעך, צװישן די פענצטער — פּײזאַזש־בילדער, אין דער גאַנצער לענג פונעם דיל — אַ װײכער גרינער טעפּיך. און — קײן אײן מענטש. די גלאַנציק־פּאָלירטע טירן פון אַלע אַכט קופּעען — פאַרמאַכט. פון מאָל צו מאָל האָט זיך דערטראָגן אָט פון רעכטס, אָט פון לינקס אַן עטװאָס צוגעטױבטער געלעכטער, פּרױען־ און מענער־שטימען, פרײלעכע אױסרופן. יעדע קופּע האָט זיך געלעבט מיט איר באַזונדער לעבן. װי װױל, װי גוט איז זײ. מע זיצט זיך אף די דיװאַנען און מע פאַרברענגט געמיטלעך, מע װיצלט זיך, מע לאַכט. און איך? װוּהין זאָל איך זיך אַהינטאָן? װיפל קאָן איך שטײן אין קאָרידאָר אָט דאָ אײנער אַלײן באַם פאַרעגנטן פענצטער און קוקן אין דער אָװנטיקער כאַשכעס? און דאָך בין איך געשטאַנען. לאַנג. אומקערן זיך אין קופּע, װוּ ס׳איז פאַרבליבן זיצן אין דער פינצטער דער מאָרעשכױרעדיקער פאַרשױן, האָט זיך מיר ניט געװאָלט. נאָר קײן אַנדער ברײרע האָב איך ניט געהאַט. געעפנט פאָרזיכטיק די טיר, האָב איך באַ דער שײַן, װאָס איז אַרײַנגעדרונגען פונעם העל־באַלױכטענעם קאָרידאָר, באַמערקט, אַז דער פאַרשױן איז באַם טיש שױן ניטאָ. ער ליגט אפן אױסגעבעטן דיװאַן מיטן פּאָנעם צו דער װאַנט. שלאָפט שױן, קאָנטיק. און עפּשער ניט. דאַכט זיך, אַז ניט.

הינטערן פענצטער האָט אַלץ געמאַראַקעט דער רעגן. פון צײַט צו צײַט איז ער אָװעק האַסטיקער. בײזלעך געשמיסן אין דער טונקעלער שױב. איך האָב זיך צוגעלײגט, צוגעמאַכט די אױגן, געװאָלט אַנשלאָפן װערן, נאָר ניט געקענט. געפילט, אַז מײַן שאָכן שלאָפט אױך ניט. װער איז ער? װאָס האָט פּאַסירט מיט אים? פאַרװאָס איז ער אַזױ צערודערט? עפּשער עפּעס זאָגן, פּרוּװן אַ רעד טאָן מיט אים? נאָר איך האָב ניט געװאָגט.

אַנשלאָפן געװאָרן בין איך שפּעט. אױפגעכאַפּט זיך, װי שטענדיק, זיבן אײנדערפרי. און געטראָפן דעם שאָכן מײַנעם שױן זיצן אָנגעבױגן איבערן טיש. מיט אימפּעט האָט ער געשריבן עפּעס אף בלעטלעך פּאָסט־פּאַפּיר, װעלכע זײַנען געלעגן אָן אַ סײדער אַנטקעגן אים. פון צײַט צו צײַט האָט ער פאָרהױבן דעם קודלאַטן גראָװלעכן קאָפּ, אַ רײַב געטאָן מיט די דינע לאַנגע פינגער דעם הױכן שטערן און זיך װידער גענומען האַסטיק שרײַבן.

— אַ גוטמאָרגן, — האָב איך זיך אָנגערופן צו אים, צוזעצנדיק זיך אפן דיװאַן.

ער האָט האַסטיק אַ קער געטאָן צו מיר דעם קאָפּ, צעשטרײט מיך אָנגעקוקט.

— אַנטשולדיקט... איר... איר האָט עפּעס געזאָגט? — זײַנע ברײט־צעעפנטע שװאַרצע סמאַראַדינע־אױגן האָבן אױסגעזען זײער פאַרזאָרגט.

— אַ גוטמאָרגן, — האָב איך העכער, עפּשער אַפילע אַ ביסל צו הױך, איבערגעכאַזערט.

— אַ גוטמאָרגן... אַ דאַנק, — האָט ער פאַרטױבט געענטפערט, אַ שאָקל געבנדיק מיט דעם געדיכט צעפּאַטלטן קאָפּ, זיך אױסגעדרײט צוריק צום טיש און װידער זיך גענומען שרײַבן. ער האָט געשריבן גיך, גיך, געמעקט, צעריסן אײן בלעטל נאָכן אַנדערן, זיך פאַרטראַכט, געביסן די ליפּן און װידער געשריבן. פאַרפירן איצט מיט אים אַ געשפּרעך איז ניט שײַעך געװען. מיט זײַן גאַנצן װעזן איז ער אַרײַנגעטאָן געװען אינעם שרײַבן. שטיל, רױק, קעדײ אים ניט שטערן, האָב איך זיך איבערגעטאָן, און כאָטש איך בין געװױנט צו פרישטיקן אַ סאַך שפּעטער, בין איך אַװעק אין װאַגאָן־רעסטאָראַן. דאָרט איז נאָך קימאַט קײנער ניט געװען. איך האָב פאַרנומען אַ פרײַ טיש און בעקיװן זיך פאַרהאַלטן װאָס לענגער. אױסער מיר איז פונעם מעזשדונאַראָדני װאַגאָן דאָ קײן אײן פּאַסאַזשיר ניט געװען. זײ האָט מען, װי איך האָב שפּעטער באַמערקט, געטראָגן דאָס עסן אין קופּע אַרײַן.

אומקערנדיק זיך אין דער ניט הײמלעך געװאָרענער קופּע, האָב איך מײַן שאָכן געטראָפן ליגן אפן פאַרבעטן דיװאַן. איך האָב זיך צוגעזעצט אַנטקעגן אים, געװאַרט, עפּשער

וועט ער עפּעס זאָגן, פרעגן. נאָר אומזיסט. ער איז געלעגן מיט אָפענע אויגן, געקוקט פאַרטראַכט אין איין פּינטל און געשוויגן. איך האָב זיך דערפילט אַזוי, ווי איך זאָל זײַן דאָ אַן איבעריקער, זיך אופגעהויבן, אַרויס אין קאָרידאָר, צוגעשפּאַרט זיך דאָרט באַם אַנטקעגנדיקן וואַגאָן־פענצטער. געקוקט אויפן הימל, וועלכער איז באַדעקט געווען מיט כמאַרעס. שטיין לאַנג איינער אַליין אין קאָרידאָר איז געווען ניט איבעריקס באַקוועם.

ניט וויסנדיק שוין וווּהין זיך אַהינצוטאָן, בין איך צוריק אַרײַן צו זיך אין קופּע. דער שאָכן איז אַלץ געלעגן אין דער זעלבער פאַרגליווערטער פּאָזע אויף זײַן דיוואַן. איך האָב זיך אויך צוגעלייגט, גענומען אַ צײַטונג, לאַנג זי געהאַלטן פאַר זיך, נאָר לייענען ניט געקאָנט. דעם שאָכנס שווײַגן האָט אויף מיר אַלץ מער און מער געדריקט. ווען ער טוט עפּעס, זיצט באַם טישל און שרײַבט, אָדער ווען ער לייענט, צי ווען ער איז פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש, וואָס, וואָלט זײַן שווײַגן מיך אַזוי ניט געקימערט. אָבער דאָס, וואָס ער ליגט דאָ דערבײַ, ווי אַ בישכיינעס, מיט אָפענע אויגן און רעדט ניט אויס קיין וואָרט, — איז פאַר מיר געווען אומדערטרעגלעך. דאָס זײַן מיט אים אין איין קופּע איז פאַר מיר געוואָרן אַן עמעסע אָפּקומעניש. אים האָב איך זיך געסטאַרעט, פאַרשטייט זיך, ניט אַרויסווײַזן דאָס. יעדן אינדערפרי האָב איך אים געזאָגט „אַ גוטמאָרגן". ער פלעגט אַמאָל ענטפערן, אַמאָל ניט. מעגלעך, אַז ער האָט ניט געהערט, געווען דורכויס פאַרטראָגן מיט זײַנע געדאַנקען. עפּעס האָט אים געמאַטערט. מע האָט עס געזען לויט זײַן טיף־פאַרזאָרגטן פּאָנעם.

אַזוי זײַנען אַדורך זייער לאַנגע און שווערע פינף מעסלעס. איך האָב זיך ניט געקענט מויכל זײַן, וואָס כ'האָב גענומען אַ בילעט אינעם מעזשדונאַראָדני וואַגאָן, ווו די פּאַסאַזשירן זיצן באַ זיך אין די קאָמפאָרטאַבעלע קופּעען, ווי אין פעסטונגען, און ס'איז ניט שײַעך מיט עמעצן פון זיי זיך צו באַקענען, אויסריידן אַ וואָרט.

פאָרן איז מיר פאַרבליבן נאָך צוויי מעסלעס, דאָך האָב איך אַרויסגענומען פונעם טשעמאָדאַן אַלץ, וואָס דאָרט האָט זיך געפונען, און מיט אַ טאָלק איבערגעלייגט צוריק אַזוי, אַז די זאַכן, וועלכע איך וועל דאַרפן האָבן באַלד, ווי איך וועל קומען אויפן אָרט, זאָלן ליגן אויבנאויף. די ביכער, וועלכע מײַן מאָסקווער גוטער־ברודער האָט געבעטן איבערגעבן זײַן זון, — ער וועט מיך באַגעגענען אין ביראָבידזשאַן באַם וואַגאָן, — האָב איך אין טשעמאָדאַן שוין ניט אַרײַנגעלייגט, איבערגעלאָזט אויפן טישל. דאָס זײַנען געווען ביכער וועגן פאַרשיידענע פראַגן פון יוריספּרודענץ. אייניקע פון זיי, ווי „די יעסוידעס פון דער סאָוועטישער געזעצגעבונג" און „דאָס יורידישע האַנטבוך", האָבן מיך פאַראינטערעסירט, און איך האָב אין זיי אַרײַנגעקוקט.

פון אינדערפרי אָן האָט הינטערן פענצטער געשאָטן אַ שניי. אַ שטילער, אַ געדיכטער, אַן אַנגעקוואָלענער שניי. דער שאָכן האָט קימאַט אַ גאַנצן טאָג געשריבן, געמעקט און געשריבן. און איך האָב פון לאַנגווײַל ווידעראַמאָל און נאָכאַמאָל געבלעטערט „דאָס יורידישע האַנטבוך".

ווען ס'האָט אָנגעהויבן ווערן טונקל, איז אַרײַן די וואַגאָן־באַגלייטערן, אַ פּולבלעכע פרוי מיט אַ הויכן ווײַסן קאָלפּאַק אויפן קאָפּ און אין אַ ראָזלעכן פאַרטעך. זי האָט אַרײַנגעטראָגן אַ פּאָר צעלײַענעם טשײַניק מיט פריש־פאַרקאָכטער טיי, אַ טעצל מיט געבעקס, אוועקגעשטעלט עס אויפן טישל און, אוועקגייענדיק, שוין באַ דער אָפענער בלאַנקענדיק־פּאָלירטער קופּע־טיר, זיך פאַרהאַלטן.

— וואָס זאָגט איר, האַ, אויפן אומגליק, וואָס איז געשען? — האָט זי פאַרזאָרגט זיך אָנגערופן.

— וואָס פאַר אַן אומגליק? — האָב איך זי אָנגעקוקט, ניט אָנהייבנדיק צו וויסן, וועגן וואָס זי רעדט.

— איר ווייסט ניט? איר האָט דען גאָרנישט ניט געהערט? — האָט זי פאַרווונדערט אויסגערופן. — אַ שרעקלעכער אומגליק האָט דאָך געטראָפן. אין שכיינעסדיקן וואַגאָן. מיט צוויי שאָ צוריק. האַלב פיר באַטאָג. אַ יונגערער לייטענאַנט, אַ גאָלדענער באָכער, האָט ניט ווילנדיק שווער פאַרווונדעט זײַן קאַלע. אַ ווונדערלעך שיין מיידל. מאָרגן האָבן זיי געזאָלט פראַווען זייער כאַסענע. אין טשיטאַ. באַ אירע עלטערן. זיי וואַרטן שוין דאָרט, און דאָ האָט געדאַרפט טרעפן אַזאַ אומגליק. שפּאַסנדיק מיט איר, האָט ער אין גוטן מוט אַ דראַפּע געטאָן מיטן פּיסטאָלעט, זיכער געווען, אַז בעשאַס ער האָט אים גערייניקט, האָט ער אַרויסגענומען אַלע פּאַטראָנעס... דער פּיסטאָלעט האָט אומגעריכט אויסגעשאָסן, און די קויל האָט איר געטראָפן גלײַך אין ברוסט. אויף דער סטאַנציע האָבן מיר דעריבער זיך פאַרהאַלטן אויף איבעריקע פופצן מינוט. דאָס מיידל, — זי איז שוין געווען אָן באַוווּסטזײַן, — האָט צוגענומען די גיכע הילף, און אים, אײַנגעאַנצן אַ דערשיטערטן, אַ ראַכמאָנעס געווען צו קוקן אויף אים, האָט צוגענומען די מיליציע. ווער ווייסט, צי די קאַלע וועט בלײַבן לעבן. און ער... אים וועט מען מישפּעטן, ווי אַ פאַרברעכער. ער האָט דאָך ניט געוואָלט. ניט געוווּסט, אַז איין פּאַטראָן איז דאָרט פאַרבליבן. ער איז

דאָך, אייגנטלעך, אינגאַנצן אומשולדיק. אָן אומשולדיקער פאַרברעכער, — האָט זי באַדויערנדיק אַ זיפץ געטאָן.

ווען די וואַגאָן־באַגלייטערן איז אַרויס, האָט דער שאָכן מײַנער אוועקגעלייגט אין אַ זײַט דעם גראַבן קאָנווערט, אין וועלכן ער האָט אַרײַנגעפּאַקט די היפּשע צאָל אָנגעשריבענע בלעט־לעך פּאָסט־פּאַפּיר, זיך אויפגעהויבן, צעטראָגן געמאַכט עטלעכע שפּאַן הין און צוריק איבער דער קופּע און באַלד זיך צוריק אוועקגעזעצט.

— אָן אומשולדיקער פאַרברעכער, האָט זי געזאָגט, — האָט ער מיטאַמאָל זיך אָנגערופן צו מיר, — אַנטשולדיקט... עפּשער... איך שטער אײַך ניט?

— ניין, ניין, ביטע, אַדרבא, — איך האָב גערן זיך איבערגעזעצט עטוואָס נענטער צו אים, זײַענדיק בעעמעס צופרידן, וואָס איך האָב סאָפּקאָלסאָף דערהערט פון אים אַ לעבעדיק וואָרט.

— אַנטשולדיקט מיך, איך בעט אײַך. פינף מעסלעס אין איין קופּע און ניט באַקאַנט. האָט קיין פאַריבל ניט. שווערע, זייער שווערע טעג באַ מיר. אויב איך האָב קיין טאָעס ניט, זײַנט איר אַ יוריסט, — האָט ער מיט אָפּשײַ געזאָגט, וואַרפנדיק אַ בליק אַף די ביכער, וואָס זײַנען געלעגן אַפן טיש, — אײַך איז געוויס אויסגעקומען זיך צו באַקאַנען מיט פאַרשיידענע לעבנס־דראַמעס, פאַמיליען־טראַגעדיעס, קאָלערליי פאַרברעכנס, באַזיניקטע און ניט באַזיניקטע, בייז־וויליקע און אַזויגערופענע אומשולדיקע, ווי די וואַגאָן־באַגלייטערן האָט זיך אויסגעדריקט. איך פערזענלעך בין באַ דער מיינונג, אַז קיין אומשולדיקע פאַרברעכער זײַנען ניטאָ. דאָס האָט, אַגעוו, אַ דירעקטע שײַכעס אויך צו מיר. זינט איך לעב, איר מעגט מיר גלייבן, האָב איך בייז־וויליק קיין שום שלעכטס קיינעם קיינמאָל ניט געטאָן. פיל, זייער פיל מענטשן קענען מיך. מע האַלט מיך פאַר אָן אָרנטלעכן, אָנשטענדיקן מענטשן. און איך בין, שטעלט אײַך פאָר, אַ פאַר־ברעכער. יאָ, יאָ. איך האָב עס, צום באַדויערן, אַליין לאַנג ניט געוווּסט. ניט פאַרשטאַנען, ניט אָפּגעגעבן זיך קיין דין־וועכעזשבן אין דעם... ערשט איצט, אינעם טאָג פון מײַן אָפּפאָר, איז עס פאַר מיר קלאָר געוואָרן. פולקום. ערשט איצט איז עס צו מיר דערגאַנגען. איצט ערשט האָב איך עס באַנומען... מײַן פאַרברעכן איז, עמעס, אין קאָדעקס ניט פאָרויסגעזען. מע וועט מיך צום געריכט ניט איבערגעבן, ניט מישפּעטן. נאָר איך זעלבסט... איך וועל זיך קיינמאָל ניט מויכל זײַן...

ס'איז צו זען געווען, אַז עס איז אָנגעקומען דער מאָמענט, ווען אים האָט זיך פאַרוואָלט ריידן, זיך טיילן מיט דעם, וואָס דריקט אים, וואָס מאַטערט אים. איך האָב דעריבער געפונען פאַר מעגלעך ניט אָפּלייקענען איצט זײַן האַשאָרע, אַז איך בין אַ יוריסט, און שמייכלענדיק זיך געווענדט צו אים:

— וויבאַלד אין קאָדעקס, זאָגט איר, איז ניט פאָרויסגעזען, איז אין וואָס באַשטייט, אייגנטלעך, דאָס פאַרברעכן אײַערס?..

— אין וואָס? — האָט ער איבערגעפרעגט, אָנקוקנדיק מיך מיט זײַנע גרויסע אומעטיקע אויגן. — ס'איז לאַנג, זייער לאַנג צו דערציילן. קימאַט אַ גאַנצע לעבנס־געשיכטע. אין צוויי ווערטער איז אוממעגלעך...

— לעמײַ אין צוויי ווערטער? דערציילט, ווי איר געפינט פאַר נייטיק, דערציילט געניי. וואָס גענייער, איז בעסער, — האָב איך באַמערקט, אונטערגעבנדיק אים כיישעק.

ער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט, ווי ער וואָלט געהאַט אַ ייִשעווּ־האַדאַס מיט זיך, אַ נעם געטאָן אין האַנט דעם גראַבן אָנגעפּאַקטן קאָנווערט, צוריק אים אוועקגעלייגט עטוואָס אין אַ זײַט אַפן טיש, און מיטאַמאָל, אונטערגעבנדיק זיך, קאָנטיק, דעם פאַרלאַנג, דער באַ־דערפעניש זיך אַראָפּריידן פון האַרצן, האָט ער זיך אָנגערופן:

— אויב אײַך אינטערעסירט, אויב איר האָט כיישעק, איר ווילט הערן... ס'איז, ווי איך האָב שוין געזאָגט, קימאַט אַ גאַנצע לעבנס־געשיכטע. אויב דערציילן, דאַרף איך אָנהייבן פון אָדאָם־האַרישן... אַנדערש איז אוממעגלעך... אײַך איז נאָך לאַנג צו פאָרן? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

איך האָב אים געזאָגט.

— איך שטײַג אַראָפּ אַ סאַך פריִער. אין טשיטאַ. דער צוג קומט אָן אַהין הײַנט, האַלב צוויי באַנאַכט. ס'איז פאַרבליבן צו פאָרן מיט אײַך צוזאַמען אַ שאָ פינף... וויבאַלד אַזוי, וועל איך אײַך דערציילן דעם סאַמע איקער.

ער האָט אָנגעגאָסן פונעם טשײַניק איין גלאָז טיי מיר, די צווייטע זיך, אַ זופּ געטאָן אַ פאָר מאָל און אָנגעהויבן:

— איך בין דאַן אַלט געווען זיבעצן. יאָ, זיבעצן יאָר, איך בין שוין געווען אַ סטודענט. אַפן ערשטן קורס. אין אַ מוזיקאַלן טעכניקום. אין מינסק. געוווינט אין אַ צוזאַמענוווינונג.

טלעכע און צוואַנציק יאָטן אין איין צימער. וויאָלאָנטשעליסטן, פּידלער, פֿלייטיסטן. אָרעם, אָבער פֿריילעך. לעבעדיק. מע האָט דיסקוטירט. פֿאַנטאַזירט. א טײַערע, א ראָמאַנטישע צײַט געווען. אין די יאָמטויווים — דעמאָנסטראַציעס. אין אויסגעריבענע הויזן, אין צעפּאָרענע שיך, נאָר איבער דער גאַנצער שטאָט האָט געהילכט אונדזער געזאַנג „מיר זײַנען די יונגע גוואַר־דיע". נעפּמאַנעס, קליינבירגער האָבן געקוקט אָף אונדז קרום. נאָר מיר זײַנען געגאַנגען מיט פֿאַרהויבענע קעפּ, געוווּסט, געגלייבט: אונדז געהערט די צוקונפֿט. געלעבט האָבן מיר, ווי עס פּאַסט פֿאַר קאָמונאַרן, — אַלע אין אַלצײַנע באַדינגונגען. קיין געלט האָט קיינער בא זיך ניט געהאַט. קיין פּריווילעגירטע זײַנען ניט געווען. דערנערט זיך האָבן מיר אַלע פֿון איין קעסל. אין אונדזער סטודענטישער סטאָלאָווקע. אויב עמעץ האָט באַקומען א פּעקל שפּײַז פֿון דער היים, האָט ער עס גלײַך אָפּגעגעבן אין סטאָלאָווקע. פֿאַר אַלעמען. פֿאַרן גאַנצן קאָלעקטיוו. האָט עמעץ עפּעס פֿאַרדינט, האָט ער עס אַרײַנגעטראָגן אין דער אַלגעמיינער סטודענטישער קאַסע. מיר האָבן זיך געטיילט איינער מיטן אַנדערן. פֿאַראַכטעט די נידעריקע געפֿילן פֿון קליינבירגער. געטרוימט וועגן א וועלט־רעוואָלוציע. איז אָט, אין טויזנט נײַן הונדערט פֿיר־און־צוואַנציקסטן, ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די זומער־קאַניקולן, האָט מיך אַרויסגערופֿן דער סעקרעטאַר פֿונעם קאָמיוגישן קעמערל און געפֿרעגט, וווּ און וויאַזוי קלײַב זיך זיך פֿאַר־ברענגען די אָפּרו־כאַדאָשים. איך האָב נאָך אַליין ניט געוווּסט. דער גרעסטער טייל סטודענטן און סטודענטקעס איז געפֿאָרן צו די עלטערן, צו קרויווים. איך האָב אין ערגעץ זיך ניט געקליבן. ניט געהאַט וווהין. די עלטערן מײַנע, די גאַנצע מישפּאָכע איז אומגעקומען בעשאַס א גרויסער סרייפֿע. מיר איז דעמלט געווען דרײַ יאָר. מיך דעם איינציקן האָט מען געראַ־טעוועט. אָפּגעגעבן אין א יעסוימים־הויז. נאָכדעם שוין, בא דער סאָוועטנמאַכט — אין א קינ־דערהיים. אויך דאָרט, אין מינסק.

דעם סעקרעטאַר האָב איך געזאָגט, אַז איך וואָלט וועלן די פּאָר כאַדאָשים ערגעץ אַרבעטן.

— גוט, — האָט ער געענטפֿערט, — וועסט פֿאָרן אין שטעטל, איבער וועלכן מיר האָבן גענומען שעפֿטום. העלפֿן דאָרט דעם קאָמיוגישן קעמערל דורכפֿירן א קולטור־אַרבעט. די בוכהאַלטעריע וועט דיר אַרויסגעבן די סטיפּענדיע פֿאַר צוויי כאַדאָשים. אַלע אַכט און צוואַנ־ציק רובל. דאָרט, אין שטעטל, וועט עס דיר קלעקן. א ליטער, אַן אומזיסטיקן, האָט מען דיר שוין אויסגעשריבן. פֿאַרסט מיטן קוידענאָווער צוג ביז דער לעצטער סטאַנציע. ביז נעגאָרע־לאָיע. פֿון דאָרט איז א צען ווערסט ביזן שטעטל קאַרעליץ. דאָס שטעטל געפֿינט זיך בא דער סאַמע פּוילישער גרענעץ. וואָס דאָס באַטײַט, דאַרף איך דיר איבעריקס ניט דערקלערן. אַרבעט וועט דיר דאָרט קלעקן...

אָף מאָרגן, פֿאַרנדיק פֿון דער גרענעץ־סטאַנציע צום שטעטל, האָב איך באַם באַלעגאָלע זיך דערוווּסט, אַז אין קאַרעליץ זײַנען פֿאַראַן בא אָנדערהאַלבן צענדליק קאָמיוגיסטן. סעק־רעטאַר פֿונעם קעמערל איז דער פֿאָרזיצער פֿונעם שטעטלדיקן ראָט פּיניע שוואַלב. א לײַ־טישער יאַט. איינער פֿון די ערשטע קאָמיוגיסטן אין ראַיאָן.

דער סעקרעטאַר פֿונעם קאָמיוגישן קעמערל פּיניע שוואַלב האָט זיך שטאַרק דערפֿרייט מיט מיר. וויבאַלד איך בין פֿונעם מוזיקאַלן טעכניקום און קען דערצו נאָך א ביסל מאָלן, וועל איך גוט צוניץ קומען. ער האָט מיך אײַנגעאָרדנט אָף דירע מיט קעסט בא אַן עלטע־רער פּרוי. אין צענטער פֿון שטעטל. ניט ווײַט פֿונעם קלוב, וואָס האָט זיך געפֿונען אָפּן צווייטן שטאָק פֿון דעם איין־און־איינציקן געמויערטן הויז, וואָס האָט פֿריִער געהערט דעם גרעסטן שטעטלדיקן גוויר.

מיט פּיניע שוואַלב האָב איך זיך גלײַך באַפֿרײַנדעט. ער איז געווען עלטער פֿון מיר מיט צוויי יאָר. א שטאַלטנער. א העל בלאָנדער. א גוטמוטיקער. אַן אָפּנהאַרציקער. מיר האָבן צו־זאַמען צונויפֿגעשטעלט א פּלאַן פֿון קולטור־אַרבעט. באַהאַנדלט אים אָף דער קאָמיוגישער פֿאַרזאַמלונג. און אין א פּאָר טעג אַרום האָב איך אָנגעהויבן רעפּעטירן מיטן קאָמיוגישן אָר־קעסטער. אין איינעם אַן אָוונט, נאָך דער רעפּעטיציע, איז פּיניע שוואַלב אַרויס פֿון קלוב צוזאַמען מיט מיר. פֿאַרגעלייגט זיך דורכגיין א ביסל, און פֿאַר מיר, ווי פֿאַר א נאָענטן באַ־גלייבטן כאַווער, צעעפֿנט דאָס האַרץ, דערציילט וועגן זײַנע איבערלעבונגען. ער איז פֿאַר־ליבט. שוין עטלעכע יאָר. נאָך פֿון דעמלט, ווען זיי האָבן זיך געלערנט אין איין שול. ס'איז א וווּנדערלעך מיידל, א שיינע, א פֿײַנע. זייער א פֿייַקע. צו זעכצן יאָר האָט זי פֿאַרענדיקט די שול אָף אויסגעצייכנט. איצט איז איר זיבעצן. און זי איז שוין א סטודענטקע פֿונעם לעניג־גראַדער אוניווערסיטעט. מיט עטלעכע טעג צוריק איז זי געקומען. ער גייט אויס נאָך איר. און הייבט ניט אָן צו וויסן, וויאַזוי זיך פֿירן. ער איז סעקרעטאַר פֿונעם קאָמיוגישן קעמערל, פֿאָרזיצער פֿון שטעטלדיקן סאָוועט, מיטגליד פֿון ראַיאָנעם קאָמיטעט פֿון קאָמיוג, און זי... זי שטאַמט ניט פֿון פּראָלעטאַרישן יִיכעס, איר טאַטע איז א גאַבע אין בעסמעדרעש, א לישע־

נעץ. קוקט קרום אַף קאָמיוגיסטן. זי איז, עמעס, ניט שולדיק אין דעם. אָבער דאָך... ער האָט געפּרוּווט דערשטיקן זײַן געפיל צו איר, ניט טראַכטן, פאַרגעסן. נאָר ער קען זיך ניט בײַקומען. געבעטן האָט ער מיך, אַז שאַבעס פאַרנאַכט, ווען די גאַנצע שטעטלדיקע יוגנט גייט אַרויס אַפן שפּאַציר, זאָל איך זיך דורכגיין מיט איר. זי וועט דאָרט אויך געוויס זײַן. מיט אירע כאַווערטעס. ער האָט זייער געוואָלט, איך זאָל זי זען, אָנקוקן כאָטש פונדעווײַטן און זאָגן מײַן מיינונג, אייצען אים, וואָס ער זאָל טאָן.

שאַבעס נאָך האַלבן טאָג איז פיניע שוואַלב, אַ פרישׁ אַרומגעראַזירטער, אין אַ לופטיק ווײַס העמדל איבער די גאַליפע־הויזן, אין גלאַנציק אויסגעפוצטע שטיוול, געקומען אין קלוב, וווּ איך האָב געבראַכט אין אָרדענונג דאָס ביבליאָטעקל, און מיר זײַנען אַרויס אַפן שפּאַציר. אַף דער הויפּט־גאַס איז שוין געווען אַ היפּשער אוילעם. דעריקער יוגנטלעכע. מע האָט שפּאַצירט פאָרלעכווײַז. גרופּעסווײַז. זי איז ניט געווען. פיניע האָט זיך געערגערט. איבערגעלעבט. געוואָלט שוין אַוועקגיין. מיטאַמאָל האָבן צווישן די שפּאַצירנדיקע זיך באַוויזן דרײַ פײַנע מיידלעך. זיי זײַנען געגאַנגען עטוואָס אין אַ זײַט, געאָרעמט און זייער אופגעלעבט גערעדט וועגן עפּעס צווישן זיך.

— קוק, אָט איז זי, יויכעוועד, די מיטלסטע, מיט די גינגאָלדענע האָר. אין בלוילעכן סאַראַפאַן מיט די ווײַסינקע פאַסיקלעך, — האָט פיניע מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אַ זאָג געטאָן, פאַרלאַנגזאַמענדיק די טריט. ווען ער זאָגט ניט, וואָלט איך אַליין זי אויך גלײַך באַמערקט. זי איז ווירקלעך געווען זייער שיין, זיך אויסגעטיילט מיט איר שלאַנקן וווּקס, מיט איר גאַנג, מיט איר האַלטן זיך, מיט איר ליכטיקן פּאָנעם.

ווען זיי זײַנען שוין פאַרבײַגעגאַנגען, האָט פיניע מיט נײַגער געפרעגט, וואָס פאַר אַן אײַנדרוק האָט זי געמאַכט אַף מיר. איך האָב אים געזאָגט, ווי דער עמעס איז, אַז זי איז מיר זייער געפעלן געוואָרן. זי איז טאַקע אַ וווּנדערלעך שיינע, אַ מילדע. פון דעם, וואָס איך האָב זי געליובט, איז ער פּאָשעט גליקלעך געווען און האָט ווידער אָנגעהויבן איבערעכענען אירע מײַלעס. זי איז אַ קלוגע און אַ באַשיידענע, ניט קיין מעשטשאַנקע. פאַרבט זיך ניט. טשעפּעט ניט אָן קיין אויריינגלעך. קיין קאָרעלן. זי איז אַן ערנסטע. אַ גוט דערצויגענע. שוין פון דעם אַליין, וואָס ער האָט גערעדט וועגן איר, פונעם אָנרופן איר נאָמען, האָב איך געפילט, האָט ער געהאַט פאַרגעניגן.

יויכעוועד מיט אירע כאַווערטעס זײַנען אַוועק אַרויף־גאַס. מיר האָבן זיך פאַרנומען אַראָפּ, פאַרבײַ דעם מאַרק־פּלאַץ מיט די צוגעשלאָסענע קלייטן און קלייטלעך, פאַרבײַ די עטלעכע קליינינקע אַרטעלן, און אַרויס אויסערן שטעטל, צום טײַך, וואָס איז שטיל געפלאָסן צווישן די געדיכט־באַגרינטע ברעגן, אָפּטיילנדיק מיט זיך צוויי באַזונדערע וועלטן. דער מיזרעכדיקער ברעג איז געווען אונדזערער, אַ סאָוועטישער. דער אַנטקעגנדיקער, דער מײַרעווודיקער ברעג האָט געהערט צו פּילסודסקיס פּוילן. בלויז אַ שמאָלע בלוילעכע ליניע האָט אָפּגעטיילט יענעם ברעג פון אונדזערן, און דאָרט איז שוין געווען גאָר אַן אַנדער לעבן. אינגאַנצן אַ פרעמדס פאַר אונדז, ניט יוישערדיק לעבן. פון יענער זײַט האָט דעמלט געדראָעט אַ געפאַר. ס'איז געווען פונקט, ווען אין ענגלאַנד האָט מען פאַרשפּרייט אַ קלוימערשטן בריוו פון קאָמינטערן. קערזאָן און באָלדווין האָבן געקערט וועלטן, געהעצט פּוילן קעגן דער יונגער סאָוועטן־מעלוכע. יעדער קאָמיוגיסט אינעם שטעטל האָט אין יענע טעג זיך גערעכנט פאַר אַ גרענעצלער. איך בין שוין אויך געשטאַנען אין איינער אַ נאַכט, צוזאַמען מיט פיניען, אַף דער וואַך באַ דער גרענעץ. שפּאַנענדיק מיט אים לענגויס דעם טײַך, וואָס איז אײַנגעהילט געווען אין געהיימניספולער טונקלקײַט, האָבן מיר געטרוימט וועגן יענער צײַט, ווען דאָס פאָלק וועט אויך דאָרט, אַף יענער זײַט, נעמען די מאַכט. איצט זײַנען פיניעס געדאַנקען געווען פאַרנומען דעריקער מיט איר, מיט יויכעוועדן. ער האָט געהאַלטן אין איין ריידן וועגן איר, וועגן איר מישפּאָכע. דערציילט וועגן איר מאַמען, וועלכע מע רופט אין שטעטל — די כאַמע. וועגן איר טאַטן, וועמען מע האָט אומזיסט אַרײַנגעשטעלט אין צעטל פון די לישענצעס נאָר דערפאַר, ווײַל ער איז אַ גאַבע אין בעסמעדרעש. דאָס האָט אים צוגעדינט דער פאַרברענטער אַפּיקוירעס זוזיע סורקיס, כאָטש דער טאַטע אירער איז ביכלאַל אַן אָרנטלעכער מענטש, געווען אַן אָנגעשטעלטער באַ אַ וואַלד־הענדלער. איצט לעבט ער שוין לאַנג אַפן אויסהאַלט פון די אויסגעגעבענע קינדער. די עלטערע דרײַ טעכטער, אַלע מיט הויכער בילדונג, לעבן זייער שיין אין פאַרשיידענע שטעט. דער מאַן פון דער צווייטער טאָכטער, אַ פּראָפעסאָר, פאַרנעמט אַ גרויסע שטעלע אין לענינגראַד, און זינט פאָריקן יאָר, ווען יויכעוועד איז אָנגענומען געוואָרן דאָרט אין אוניווערסיטעט, וווינט זי באַ זיי. קיין סטיפּענדיע באַקומט זי ניט. קיין צוזאַמענוווינונג האָט מען איר אויך ניט געגעבן. צוליבן טאַטן. כאָטש זי לערנט זיך אַף אויסגעצייכנט.

ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט, האָט דער אוילעם נאָך שפאצירט. נאָר יויכעוועד מיט אירע כאווערטעס זײַנען שוין ניט געווען. ס'האָט מיר זייער באנק געטאָן. מיר האָט זיך גע־וואָלט כאטש נאָכאמאָל א קוק טאָן אף איר.

אין אָט דעם אָוונט האָב איך זיך נאָך מער באפרײַנדעט מיט פיניען. נאָך מער זיך צו־געבונדן צו אים. ער איז מיר געווען זייער צום הארצן מיט זײַן אופריכטיקײַט, ערלעכקײַט, גוטסקײַט. מיט אלץ. ווען מיר האָבן שוין שפעט אין אָוונט זיך געזעגנט, האָט פיניע מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל מאָרגן, אינעם אָפרו־טאָג, צו צוויי אזייגער אומבאדינגט קומען צו אים אהיים. די שוועסטערלעך זײַנע גרייטן א יאָמטעוודיקן מיטיק.

אף מאָרגן בין איך גאנצפרי שוין געווען אין קלוב, פארענדיקט אָנמאָלן דאָס קעפל צו דער קאָמיוגישער וואנטצײַטונג, עטלעכע שארזשן אף די אָרטיקע נעפלײַט, זיך אָפגעראזירט, געבראכט זיך אין אָרדענונג און זיך געלאָזט גיין צו פיניען. ער האָט געוווינט ווײַטלעך, אין א שמאָל קרום געסל, אין א נידעריק שטיבל. ער האָט געלעבט מיט זײַן קראנקער מאמען און מיט די צוויי יינגערע שוועסטער. דער טאטע זײַנער, א קאָוואל בען שמיד, איז אין די ערש־טע טעג פון דער סאָוועטנמאכט פרײַוויליק אוועק אין דער רויטער ארמיי און איז אומגעקו־מען אין שלאכט מיט די ווײַספאָליאקן. איין שוועסטער האָט געארבעט אין זאָקן־ארטעל, די אנדערע אין שנײַדער־ארטעל. ביידע ניט איבעריקס שיינע, נאָר ווילע מיידלעך. קאָמיוגיסט־קעס.

ארויסגייענדיק פון קלוב, האָב איך ניט געפילט, אז עס קלײַבט זיך אף א רעגן. נאָר אינ־גיכן האָט זיך אופגעהויבן א ווינט, אָנגעיאָגט שווערע כמארעס, און עס האָט גענומען קאפען. איך בין אוועק גיכער. פון מינוט צו מינוט איז דער רעגן געוואָרן שטארקער. באמערקט, אז עמעץ איז ארופגעלאָפן אפן גאנעקל פונעם הילצערנעם פײַערלעשער־טורעם, וואָס אפן סאמע ראָג, האָב איך זיך אויך געלאָזט אהין. אין אָט דער באהעלטעניש האָב איך מיטאמאָל דער־זען יויכעוועדן. זי איז געשטאנען אונטערן נידעריקן דעכל אינעם זעלבן בלוילעכן סאראפאן מיט די ווײַסע פאסיקלעך, אין וועלכן זי איז נעכטן געווען אפן שפאציר, און מיט די פאר־ברוינט־ראָזלעכע הענט פארשארט אף הינטן די ווייכע גינגאָלדענע האָר. איך האָב זיך פאר־לוירן, געמאכט א טראָט אף צוריק, זיך אויסגעגליטשט, שיר ניט אומגעפאלן. זי האָט מיך א כאפ געטאָן פאר דער האנט, א צי געטאָן צו זיך און זיך צעשמייכלט. זי האָט איצט אויס־געזען נאָך שענער, ווי אפן שפאציר. כ'האָב ערשט איצט דערזען, סארא קלוגע הימל־בלויע אויגן זי פארמאָגט, סארא מעכײַעדיקע עטוואָס אונטערשמייכלענדיקע ליפן, סארא אויסער־געוויינלעך שטאלטנע פיגור. אלץ איז בא איר געווען אין דער מאָס, ווונדערלעך שיין — א פולשטענדיקע הארמאָניע.

אין א ווײַלע ארום זײַנען מיר שוין געווען באקאנט. זי האָט מיך באמערקט, לאָזט זיך אויס, נעכטן אפן שפאציר און פון די כאווערטעס זיך דערוווסט, אז איך בין א סטודענט פון א מוזיקאלן טעכניקום. און זי האָט זייער ליב מוזיק. לאָזט ניט דורך אין לענינגראד קיין איין וויכטיקן קאָנצערט. שפילט אליין א ביסל אף א פאָרטעפיאנע.

דער רעגן האָט געפליוכעט אלץ שטארקער. פון מאָל צו מאָל האָט דער ווינט א שארפן שמײַס געטאָן מיט די קילבלעכע שווערע טראָפנס איבערן גאנעקל, דערנענטערנדיק אונדז אזויארום אלץ מער איינס צום אנדערן.

זי איז געווען פול מיט פרייד און באגײַסטערונג פונעם שלאקסרעגן, וואָס האָט הילכיק געקלאפט, געפויקט איבערן דעכל, און פון די שוימיקע שטראָמען רעגן־וואסער, וואָס האָבן מיט א ראש און געפילדער זיך געטראָגן אראָפ־גאס.

אין דרויסן האָט מען קיין לעבעדיקן נפעש ניט געזען. נאָר מיר זאלבעצווייט זײַנען געשטאנען אין אונדזער באהעלטעניש און זיך געפרייט מיט דער צעבושעוועטער נאטור.

אין א פאָר שאָ ארום, ווען דער רעגן האָט אופגעהערט, זײַנען מיר שוין געווען באפרײַנ־דעט. זי האָט מיר געזאָגט, אז מאָרגן פארנאכט וועט זי זײַן מיט איר כאווערטע בא דער פאָטשט. אויב איך וויל, וועט זי דאָרט וואַרטן אף מיר.

— עפשער קומען מיט מײַן כאווער, — האָב איך א פרעג געטאָן, — מיט פיניע שוואלב?

— ניין, ניין, — האָט זי מיך איבערגעשלאָגן. ווענגן פיניען האָט זי אפילע ניט געוואָלט הערן. — אויב דו ווילסט, קום אליין. גוט? איך וועל וואַרטן, — געזאָגט און אנטלאָפן.

פון יענער מינוט האָבן זיך אָנגעהויבן מײַן גליק און מײַנע לײַדן.

צו פיניען בין איך שוין ניט געגאנגען. איך האָב איצט שוין ניט געקענט גיין צו אים, כאָטש איך האָב געוווסט, אז ער, די מאמע זײַנע מיט די שוועסטערלעך וואַרטן אף מיר מיטן יאָמטעוודיקן מיטיק. זײַן בא אים און ניט דערציילן וועגן מײַן באגעגעניש מיט דער, וועלכע ער האָט אזוי ליב, וואָלט געווען ניט גוט פון מײַן זײַט. און איצט גלײַך אפן אָרט דערציילן

האָב איך אויך ניט געקענט. איך האָב באַשלאָסן אָפּלייגן ביז מאָרגן. מאָרגן, ווען מיר וועלן זיך באַגעגענען, וועל איך אים אַלץ דערציילן.

אויף מאָרגן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז פּיניע האָט באַקומען אַ דרינגענדיקן אַרויסרוף און איז אַוועקגעפאָרן נאָך גאַנצפרי אין ראַיאָן אויף אַ סעמינאַר פון סעקרעטאַרן פון שטעטלשע און דאָרפישע קאָמיוגישע קעמערלעך.

אַ גאַנצן טאָג האָב איך זיך קיין אָרט ניט געפונען. גענומען זיך פאַר איין אַרבעט, פאַר אַ צווייטער. געפּרוּווט אָנוואַרפן אַן עסקיז פאַר אַ פּלאַקאַט, וועלכער האָט געדאַרפט שילדערן, ווי אַ קאָמיוגיסט אַ גרענעצלער שטייט אויף דער וואַך בײַ דער גרענעץ מיט פּוילן, ניט פאַרענדיקט און זיך אָנגעהויבן גרייטן צו אַ שמועס מיט די מיטגלידער פונעם ניט לאַנג אָרגאַניזירטן בײַשטעטלדיקן לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָלעקטיוו וועגן פּואַנקאַרעס נאָטע צום סאָוועטנפאַרבאַנד, אָפּגעלייגט עס און זיך גענומען צונויפשטעלן אַ קאַטאַלאָג פון די נײַ־אָנגעקומענע בראָשורן. און וואָס איך האָב ניט געטאָן, מיט וואָס איך בין ניט געווען פאַרנומען, איז זי, יויכעווועד, געשטאַנען די גאַנצע צײַט מיר פאַר די אויגן. איך האָב געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן איר, וועגן דעם, צי זי האָט טאַקע אויף אַן עמעס געזאָגט, אַז זי וועט פאַרנאַכט זײַן בײַ דער פּאָטשט און וועט דאָרט וואַרטן אויף מיר. עפּשער האָט זיך עס מיר גאָר אויסגעדוכט אָדער געכאָלעמט? מיר האָט זיך געוואָלט, אַז עס זאָל שוין וואָס גיכער דורכלויפן דער טאָג און ס'זאָל שוין אָנקומען דער געגאַרטער פאַרנאַכט. און אין דער זעלבער צײַט האָט מיך אָנגעהויבן שטיל טאָטשען אַ ניט אָנגענעמער געדאַנק — צי וועל איך ניט באַגיין קיין אַוולע בענעגייע מײַן כאַווער, בענעגייע פּיניען, מיט דעם, וואָס איך וועל גיין זיך באַגעגענען מיט איר, מיט יויכעווועדן, אין וועמען ער איז פאַרליבט און ער האָפט, אַז זי וועט אים ענטפערן מיטן זעלבן ליבע־געפיל. עמעס, איך האָב שוין געוווּסט פון איר אַליין, אַז פּיניען וויל זי ניט זען. ווען איך האָב, שטייענדיק אויפן גאַנעקל, אָנגעהויבן מיט איר ריידן וועגן אים, לויבן אים, האָט זי אַפילע הערן ניט געוואָלט. ער איז איר אינגאַנצן ניט אָנגעגאַנגען. ניט מײַן שולד איז געווען אין דעם. און דאָך האָט אָט דער ניט־אָנגענעמער געדאַנק מיך שוין ניט אָפּגעלאָזט, געמאַטערט, און איך האָב אָנגעהויבן אַלץ מער זיך שלאָגן אין דער דייע, צי זאָל איך יאָ גיין פאַרנאַכט זיך באַגעגענען מיט איר בײַ דער פּאָטשט, צי עפּשער טאַקע ניט גיין. איך האָב געכאָלעשט זיך זען מיט איר, שטיין כאָטש אַ ווײַלע לעבן איר, הערן זי, קוקן אויף איר, שפּיגלען זיך אין איר. „גיי, — האָט זיך געבעטן דאָס האַרץ, — האָסט דאָך צוגעזאָגט, זי וועט דאָך שטיין דאָרט, וואַרטן. ווי זשע קאָנסטו ניט גיין? גיי, אומבאַדינגט גיי". און אַ צווייטע שטים האָט אײַנגעשפּאַרט געטײַנעט: „גיי ניט. ווײַבאַלד פּיניע, דײַן נאָענטער כאַווער, איז פאַרליבט אין איר, טאָרסטו ניט גיין. טאָרסט אַפילע ניט טראַכטן וועגן איר...". איך האָב ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. און סאָפּקאָלסאָף, כאָטש ס'איז מיר זייער ניט גרינג געווען, האָב איך געפּויעלט בײַ זיך: ניט גיין. דערווײַל ניט באַגעגענען זיך מיט איר, ביז איך וועל זיך ניט זען מיט פּיניען. קעדיי איך זאָל ניט כאַראָטע האָבן, ניט איבערטראַכטן, האָב איך צונויפגערופן אויף פאַרנאַכט דעם קאָמיוגישן אָרקעסטער אויף אַ ניט פאַרפּלאַנירטער רעפּעטיציע.

כעוורע קאָמיוגיסטן, די שטעטלשע האָרעפּאַשנע יוגנט — שוסטערס, נייטערנס, קירזשנער, בלעכער, זאָקנמאַכערנס, פון די אַרטעלן און גלאַט קוסטאַרן, און אויך עטלעכע יאַטן און מיידלעך פונעם בײַשטעטלדיקן לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָלעקטיוו האָבן פאַרנאַכט פאַרפולט מיט אַ פריילעכן טומל די ענגע קלוב־בינע. זיי האָבן זיך געוויצלט, זאָרגלאָז געלאַכט. איך בין זיי בעעמעס מעקאַנע געווען. בײַ מיר איז דאָס האַרץ ניט געווען אויפן אָרט. איך האָב רעפּעטירט מיטן אָרקעסטער דעם בודיאָני־מאַרש און געטראַכט וועגן איר, זיך פאָרגעשטעלט, ווי זי שטייט דאָרט בײַ דער פּאָטשט, קוקט אַרויס, וואַרט אויף מיר.

בעשאַס אַ קורצינקער פּויזע האָב איך געכאַפּט אַ קוק אין דערבײַיִקן פענצטער און מיטאַמאָל דערזען זי מיט אירע כאַווערטעס. זיי האָבן זייער געלאַכן, ניט געײַלט שפּאַצירט פּונקט אַנטקעגן קלוב. זיך אומגעקערט, קאָנטיק, פון דער פּאָטשט. איך האָב ברייט פאַנאַנדערגעעפנט ביידע פענצטער און פאָרגעזעצט רעפּעטירן מיט אַזאַ אימפּעט, ווי נאָך קיינמאָל ניט. דער בודיאָני־מאַרש האָט מיט זײַן רופנדיקער קראַפט פאַרפולט דעם קלוב און הילכיק זיך צעטראָגן דורך די צעעפנטע פענצטער איבער דער פאַרנאַכטיקער גאַס.

די רעפּעטיציע האָט זיך פאַרצויגן מער, ווי געוויינלעך. איך בין פון קלוב אַרויס דער לעצטער און איינער אַליין לאַנג שפּאַצירט הין און צוריק איבער דער פּוסטער און זייער שטילער טונקעלער גאַס.

אינדערפרי האָבן לעבן קלוב שוין געוואַרט אויף מיר די יאָמטעוודיק־פאַרפּוצטע פּיאָנערן — אַלע אין רויטע האַלדזטיכער. אויף צען אַזייגער איז בײַ אונדז פאַרפּלאַנירט געווען אַ שפּאַציר הינטערן שטעטל, צו דער גרינער לאָנקע, וואָס לעבן טײַך.

מיט דער רויטער פאָן פאָרויס, האָט דער פּיאָנערן־אָטריאַד אין טאַקט מיט די פּײַקלענדיקע פּײַקלעך אַוועקגעמאַרשירט אין שטרענגע געמאָסטענע רייען איבער דער שוין באַלעבאַטער אַזויגערופענער הויפּט־גאַס, פאַרבײַ דעם שטעטלדיקן ראַט, פאַרבײַ דעם בעסמעדרעש, דעם מאַרק, די אַרטעלן און שוין אַראָפּ־בערגל, אויסערן שטעטל זיך פאַרנומען מיט דער ברייט אויסגעטראָטענער סטעזשקע, וועלכע האָט זיך געשלענגלט צווישן די יונגע שלאַנקע בערעזעס און געפירט צו דער גרינער לאָנקע. באַלד ווי מיר האָבן איבערגעלאָזט הינטער זיך דעם קילבלעכן שאָטן פון דעם קלײנינקן בערעזע־וועלדל, האָב איך דערזען גײן אַנטקעגן עטלעכע לײַכט אָנגעטאָנענע מיידלעך, וועלכע האָבן, קאָנטיק, זיך שוין אומגעקערט נאָכן אינדערפריִיִקן באָדן זיך אינעם גרענעץ־טײַך. צווישן די שפּאַנענדיקע מיידלעך האָב איך גלײַך דערקענט יויכעוועדן. זי איז געווען אין אַ ראָז כאַלאַטל, אויפן האַלדז אַ ווײַסינקע קאָסינקע, די גינגאָלדענע האָר פאַנאַנדערגעלאָזט. ס'איז מיר געווען אַ ביזאָיען זיך איצט באַגעגענען מיט איר, איך האָב זיך געפילט שולדיק, וואָס איך האָב ניט געהאַלטן וואָרט, זי אונטערגעפירט. צוזאַמען מיטן אָטריאַד האָב איך פאַרגיכערט די טריט, אָפּגעקערט דעם קאָפּ אין אַ זײַט, געמאַכט זיך, אַז איך זע זי ניט. נאָר זי האָט מיך דערזען, איבערגעלאָזט די כאַווערטעס און אַן אופגעלעבטע, אַ לופטיקע, צוגעלאָפן צו מיר. פון אירע האָר, פון אירע אַנטבלויזטע הענט, פון איר אינגאַנצן האָט געטראָגן מיט פרישקייט, מיט זוניקייט. אַ שמייכלענדיקע האָט זי זיך באַגריסט, געזאָגט, אַז זי האָט נעכטן פאַרנאַכט, שפּאַצירנדיק פאַרבײַ דעם קלוב, געהערט שפּילן דעם אָרקעסטער און פאַרשטאַנען, אַז איך האָב ניט געקענט אַרויס צו איר. מאָרגן וועט זי זײַן אָן די כאַווערטעס, אַליין, אַכט אַזייגער אין אָוונט לעבן פּײַערלעשער־טורעם, באַ דעם גאַנעקל, ווו מיר האָבן בעשאַס דעם שלאַקסרעגן זיך באַגעגנט. געזאָגט און אַוועקגעלאָפן דעריאָגן די מיידלעך. שפּאַנענדיק מיטן פּיאָנערן־אָטריאַד, האָב איך זיך אומגעקוקט און דערזען זי שוין גײן אין דער מיט צווישן אירע כאַווערטעס. דאָס פרישע ווינטל, וואָס האָט געצויגן פונעם באַגרינטן טײַך־ברעג, האָט זיך געשפּילט מיט איר דינינקן ראָזעווען כאַלאַטל, לײַכט געפּאַלדעוועט אים, אויסטיילנדיק בוילעט איר שלאַנקן יונג־מיידלשן קערפּער. ווען איך האָב אין עטלעכע מינוט אַרום זיך ווידער אומגעקוקט, האָט זי און די איבעריקע מיידלעך מיט אַ געלעכטער זיך געלאָזט לויפן אַרויף־בערגל. זי איז געלאָפן די ערשטע, די כאַווערטעס נאָך איר, און זיי אַלע זײַנען באַלד פאַרשוווּנדן אינעם בערעזע־וועלדל.

דער טאָג איז געווען אַ זעלטן שיינער, אַ זוניקער. און אויפן האַרצן איז געווען זייער ליכטיק און גוט. די פּיאָנערן האָבן זיך אויסגעזעצט אויף דער גרינער לאָנקע אין אַ האַלב־קרײַז מיטן פּאָנעם צום טײַך, צו דער גרענעץ. אויף יענער זײַט האָט מען געזען שפּאַנען הין און צוריק אַ פּוילישן זעלנער אין אַ קאָנפעדעראַטקע. אויף אונדזער זײַט — אַ רויטאַרמייער. די פּיאָנערן, העכער פּופּציק כעווירע, האָבן פאַרצויגן די באַליבטע ליד „דעם העלן טאָג אַנטקעגן, כאַווײרים, קומט אין שטרײַט". פונעם ייִשעוו, וואָס האָט זיך געפונען אויף יענעם ברעג, אויפן פּוילישן, האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן קינדער און דערוואַקסענע. זיי האָבן זיך דערנעענטערט צום טײַך. ווען אַ היפּשער אוילעם האָט זיך צונויפגעקליבן דאָרט, אויף יענער זײַט, האָבן די פּיאָנערן מיט אַלץ מער איטפּעט געזונגען איין ליד נאָך דער אַנדערער. נאָכדעם האָבן די ייִנגלעך און מיידלעך מיט רויטע פענדעלעך אין די הענט אויסגעפילט קאָלערלײ פיזקולטור־איבונגען און פאַרענדיקט מיט אַ שיינער פּיראַמידע, אויף וועלכער ס'האָט זיך אופגעהויבן אַ פּיאָנערקע מיט אַ רויטינק פענדעלע אין האַנט.

דער פּוילישער גרענעצלער, וואָס איז געבליבן שטיין אין אַ זײַט, האָט אויך געקוקט. געקוקט און געשוויגן.

צופרידענע, שפּאַנענדיק אין טאַקט מיט די פּײַקלענדיקע פּײַקלעך, האָבן מיר צו דער באַשטימטער צײַט, צו מיטיק, זיך אומגעקערט אין שטעטל. לעבן קלוב האָב איך פאַנאַנדערגעלאָזט די כעווירע און בין אַוועק זיך דערוויסן, צי פּיניע איז שוין געקומען. איך האָב איצט געמוזט זיך זען מיט אים. נאָר ער איז נאָך ניט געווען. שפּעטער, אין אָוונט שוין, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער סעמינאַר וועט דויערן פּופצן טעג און פּיניע וועט זיך אומקערן ערשט אין צוויי וואָכן אַרום.

די נאַכט בין איך שוין ניט געשלאָפן. געלעגן אין דעם פינצטערן צימערל אויף דער שמאָלער הילצערנער קאַנאַפּע און געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן איר, וועגן יויכעוועדן, וועגן פּיניען, און ווידער וועגן יויכעוועדן. זיך דערמאָנט, אופגעשטעלט אין זיקאָרן יעדעס וואָרט, וואָס זי האָט מיר געזאָגט, איר בליק, איר שמייכל. און איך האָב ניט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, מיט וואָס איך בין איר געפעלן געוואָרן. עמעס, איך האָב דעמלט אויסגעזען אַ ביסל אַנדערש. פאַרמאָגט אַ געדיכטע קוטשמע פעכיק־שוואַרצע האָר, געווען ענערגיש. געשפּילט אויף אַ פידל, אויף אַ טרומייט, אויף פּאָרטעפּיאַנע, פאַרפּאַסט מעלאָדיעס, געזונגען, געמאָלט, געווען אַן אַקטי־

ווער קאָמיוגיסט, א טשאַנאָוועץ, און גלײַכצײַטיק א שטילער טרוימער, א ראָמאַנטיקער. זי האָט עס שוין געוווּסט. עפּשער דערפאַר בין איך איר געפעלן געוואָרן. און מעגלעך, צוליב עפּעס אַנדערס...

איך האָב באַשטימט אָנשרײַבן פיניען, דערציילן אים אַלץ אַזוי, ווי ס'איז. אָפן. ערלעך. אַלץ. נאָך האַלבן טאָג האָב איך זיך פאַרשפּאַרט אין קלוב. עטלעכע שאָ געזעסן איבערן בריוו, ביז איך האָב אים אָנגעשריבן, נאָכדעם האָב איך אים איבערגעשריבן, און ערשט דעמאָלט, איבערלייענענדיק די געדיכט־פאַרשריבענע זײַטלעך, האָב איך זיך באַטראַכט, אַז דער בריוו וועט פיניען נאָר פאַטערן די שטימונג, און באַשלאָסן ניט אָפּשיקן. פיניע וועט קומען, דעמאָלט וועל איך אים ווײַזן דעם בריוו.

ווען אין דרויסן האָט שוין אָנגעהויבן צופאַלן דער אָוונט, האָב איך מיט אַן אומרויִק האַרץ זיך געלאָזט גיין צום פײַערלעשער־טורעם. זי איז שוין געווען דאָרט. א צופרידענע, האָט זי מיר פאָרגעלייגט זיך דורכגיין א ביסל. מיר זײַנען אַוועק ניט מיט דער גאַס, ווו אַלע האָבן שפּאַצירט, נאָר מיט א זײַטיק שטיל געסל. לאַנגזאַם האָבן מיר געשפּאַנט איבער דעם שוואַך באַלויכטענעם, זיך אונטערוויגנדיקן הילצערנעם טראָטואַר. מיר האָט זיך זייער געוואָלט אָנעמען זי בײַ דער האַנט, נאָר איך האָב ניט געוואַגט. ס'איז מיר שוין געווען גענוג גוט פון דעם, וואָס זי גייט לעבן מיר, וואָס איך פיל זי נאָענט לעבן זיך, וואָס איך הער זי. אַן אופגעלעבטע, קימאַט ווי מיט קינדערשער היספּײַלעס, האָט זי דערציילט וועגן דער שיינקײַט פון לענינגראַד, וואָס שטייט אַף הונדערט אינדזלען פון דער נעווער דעלטע, וועגן די פּרעכטיקע דענקמעלער, וועגן סמאָלני, פונוואַנען לענין האָט אָנגעפירט מיטן לאַנד אין די ערשטע כאַדאָשים פון דער סאָוועטנמאַכט. מיט פאַרכאַפּונג האָט זי גערעדט וועגן דעם אוניווערסיטעט, ווו זי לערנט, וועגן דעם איסאַקיִעווער סאָבאָר, דעם אָפּערע־טעאַטער, ערמיטאַזש... פון צײַט צו צײַט האָב איך אויך ארײַנגעשטעלט א וואָרט, דערציילט עפּעס וועגן מינסק. מיר האָבן זיך אַזוי פאַררעדט, אַז אומבאַמערקט האָבן מיר איבערגעלאָזט הינטער זיך די שמאָלע געדרייטע געסלעך און זײַנען ארויס צו די פעלדער פונעם בײַשטעטלדיקן לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָלעקטיוו. דאָ איז דער הימל געווען פיל גרעסער, העכער, בלויער. מיר האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם גוט אויסגעפאָרענעם וועג, וואָס איז באַלויכטן געווען פון דער לעוואָנע. פון איין זײַט האָבן שטיל זיך אונטערגעוויגט מיט די צעבליטע קעפּ הויכע זונרויזן, פון דער צווייטער זײַט האָט זיך געזילבערט א פעלד מיט געדיכטער קוקורוזע. נאָכדעם האָבן זיך אַוועקגעצויגן פעלדער מיט לײַן, מיט בליִענדיקן קלעווער און א באַשטאַן מיט רײַפנדיקע דיניעס און קאַווענעס. מיר האָבן לאַנג שפּאַצירט צווישן די פעלדער, פאַרשיקערטע פון דער שטילער זומערדיקער נאַכט, פון די דינסטע גערוכן, וועלכע די ערד און די געוויקסן, אָנגעוואַרעמטע פון דער באַטאָגיקער הייסער זון, האָבן פון זיך ארויסגעאָטעמט.

ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט, איז קיין שײַן אין די פענצטער פון די שטעטלדיקע שטיבער שוין ניט געווען. איך האָב זי באַגלייט אַהיים, צו דער שטוב פון אירע עלטערן. מע איז שוין דאָרט געשלאָפן. זי איז מיט שטילע טריט ארויף אַפן גאַנעקל, זיך צוגעזעצט אין סאַמע ווינקל און צו מיר א ווונק געטאָן. איך בין פאַרזיכטיק ארויף און זיך צוגעזעצט לעבן איר. בײַ ביידע זײַטן גאַנעקל האָבן געשורשעט מיט די בלעטער עטלעכע קליאָנען, צודעקנדיק אונדז מיט זייער וואַרעמען שאָטן. מיר זײַנען געזעסן נאָענט איינס לעבן אַנדערן און שטיל, זייער שטיל גערעדט. און וויפל מיר האָבן ניט גערעדט, האָבן מיר זיך ניט געקענט אָנריידן. ס'האָט שוין אָנגעהויבן שאַריִען אַף טאָג. ס'האָט זיך ניט געוואָלט צעשיידן זיך, נאָר מע האָט געמוזט.

— סאָליא, איך וויל דיר עפּעס זאָגן, — האָט זי, געזעגענענדיק זיך מיט מיר, א שעפּטשע געטאָן, ווי פאַרטרויענדיק א סאָד, — דו ביסט זייער געפעלן מײַנע כאַווערטעס. זיי זײַנען אַלע, אַלע פאַרליבט אין דיר... — בײַ די ווערטער האָט זי זיך צוגערירט מיט אירע הייסע ליפּן צו מײַנע, א קוש געטאָן און באַלד פאַרשוווּנדן הינטער דער שטיל צוגעמאַכטער טיר.

א גליקלעך־איבערראַשטער בין איך אַוועק, און איבער דער קילבלעכער פאַרטאָגיקער גאַס האָט זיך פאַנאַנדערגעטראָגן דער פריילעכער אָפּקלאַנג פון מײַנע הילכיקע טריט. מיר האָט זיך געוואָלט גיין און גיין. דאָס שטעטל האָט איצט אויסגעזען זייער שיין. עס זײַנען מיר נאָענט געוואָרן צום האַרצן די געסלעך מיט די איינשטאָקיקע הײַזער, די גאַנעקלעך, די הילצערנע טראָטואַרן, אַלץ, אַלץ, און באַזונדערס די שטוב, ווו ס'האָט זיך איצט געפונען די, וועלכע איך האָב ליב געקראָגן. הייס. מיטן גאַנצן האַרצן, אַזוי ווי עס קאָן נאָר ליב האָבן א זיבעצניאָריקער ראָמאַנטיקער צום ערשטן מאָל אין לעבן.

מיר האָבן זיך אָנגעהויבן אָפטער באַגעגענען. ס'איז געווען ניט לײַכט. איך בין קימאַט יעדן אָוונט געווען פאַרנומען. רעפּעטירט מיט די קאָמיוגיסטן אָדער מיט די פּיאָנערן. גע־



גרייט א קאָנצערט־פּראָגראַם. און כאָטש די רעפּעטיציעס האָבן פאַרשאַפט פאַרגעניגן, בין איך דאָך שטיל אין האַרצן מעקאַנע געווען יענע יוגנטלעכע, וועלכע פלעגן אָנהייב אָוונט שוין אַרויסגיין אַפן שפּאַציר אַף דער שטעטלדיקער הויפּט־גאַס, ווו זי, יויכעוועד, מיט אירע כאַווערטעס זײַנען שוין אויך געווען. זיי און נאָך עטלעכע סטודענטקעס און סטודענטן, וועלכע האָבן זיך געלערנט אין פאַרשיידענע שטעט און געקומען אין די קאַניקול־כאַדאָשים אין שטעטל צו די עלטערן, האָבן זיך געהאַלטן באַזונדער. באַזונדער האָבן זיך אויך געקליבן די קאָמיוגיסטן, די שטעטלדיקע האַרעפּאַשנע יוגנט, די שוסטערס, בלעכער, קירזשנער, גאַרבערס, נייטערנס, זאָקנשטריקערנס, כעוורע פון די הינטערגעסלעך. זיי האָבן געקוקט פון אויבן־אַראָפּ אַף דער „אינטעליגענציע"— אַף די גרויסשטאָטיש אויסגעפּוצטע טעכטערלעך און זינדלעך פון געוועזענע באַלעבאַטים, איצטיקע יאָרדים, לישענצעס. די האַרעפּאַשנע כעוורע פלעגן זיך צעגיין פריִער, די אָנגעפּאָרענע פלעגן געוויינלעך שפּאַצירן ביז שפּעט אין אָוונט.

רעפּעטירנדיק, פלעג איך זען דורך די פענצטער, ווי די סטודענטקעס, און זי, יויכעוועד, צווישן זיי, שפּאַצירן הין און צוריק פאַרבײַ דעם קלוב, פאַרהאַלטן זיך פון מאָל צו מאָל אַף א ווײַלע און גייען ווײַטער. ס'האָט מיך געצויגן אַהין, צו איר, און גלײַכצײַטיק האָט מיר האַנאָע געטאָן, וואָס איך טו עפּעס נייטיקס, בין פאַרנומען, און זי פאַרשטייט עס, קוקט אַרויס, וואַרט אַף מיר. דאָך האָב איך זיך געסטאַרעט ניט פאַרציִען די רעפּעטיציעס צו שפּעט און ווי־נאָר די רעפּעטיציע האָט זיך פאַרענדיקט, פלעג איך אַרויס צו דער „האָפּ־קאָמפּאַניע", ווי זיי אַליין האָבן זיך אָנגערופן. א פּאָר מאָל,— איך בין דאָך אויך געווען א סטודענט,— פלעגן מיר זיך דורכגיין אַלע צוזאַמען אַרוף־ און אַראָפּ־גאַס, נאָכדעם פלעג איך און יויכעוועד צוביסלעך אָפּשטיין, פאַרקערעווען אומבאַמערקט פון זיי אין א זײַט און צופרידענע, וואָס מיר זײַנען געבליבן אַליין, אַוועקגיין מיט די טונקעלע געסלעך צו איר אַפן גאַנעקל. דאָרט האָט אונדז קיינער ניט געשטערט. מיר פלעגן זיצן צוגעטוליעט איינס צום אַנדערן און ריידן, ריידן, ריידן.

זי איז געווען אנטוויקלטער, מער ערודירט פון מיר. הערן זי איז געווען א פאַרגעניגן, וועגן וואָס זי האָט ניט גערעדט — צי וועגן אירע באַליבטע קעגנשטאַנדן פיזיק און מאַטעמאַטיק, צי וועגן יעסענינען, צי וועגן די נייַע ריכטונגען אין מאָלעריי, צי וועגן דעם מייערכאָלד־טעאַטער, צי וועגן דער זון־סיסטעם. פון איר האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט וועגן א ראַקעטע, וועלכע ציאָלקאָווסקי האָט פאָרגעלייגט אַרויסצושיקן אין קאָסמאָס. מיר האָט עס דעמלט אויסגעזען בלויז, ווי א שיינע פאַנטאַזיע. און זי איז געווען זיכער, אַז ציאָלקאָווסקיס טרוים וועט נאָך פאַר אונדזער לעבן פאַרווירקלעכט ווערן, מענטשן וועלן פליִען צו דער לעוואָנע, זייַן אויפן מאַרס, אויף אַנדערע פּלאַנעטעס.

געוויינלעך פלעגט נאָך האַלבער נאַכט ווערן קילבלעך. פלעגט זי אַראָפּנעמען פון זיך דאָס געשטריקטע קאָפטעלע און אַרופלייגן צו מיר אויף די אַקסל, אויף דעם דינינקן ציצענעם העמדל. פלעג איך דאָס קאָפטל אַראָפּנעמען פון זיך און צודעקן זי, פלעגט זי ווידער אַראָפּנעמען פון זיך. אָט אַזוי איז געגאַנגען די שפּיל, ביז מיר פלעגן זיך צוטוליען נאָך מער איינס צום אַנדערן, און דאָס קאָפטעלע, וואָס האָט געשמעקט מיט בליִענדיקער אַקאַציע, האָט צוגעדעקט אונדז ביידן. דעמלט פלעגן מיר שוין ניט ריידן. מיר פלעגן אַזוי זיצן און קוקן זיך איינס דעם אַנדערן אין די אויגן. אַרום איז שטיל, אַזוי שטיל, אַז איך האָב געהערט דאָס קלאַפּן פון אונדזערע הערצער. מיט אירע צאַרטע פינגער האָט זי געקעמט מיר די טשופּרינע, געגלעט דעם האַלדז, דעם שטערן. אין אירע אויגן האָבן אויפגעבליצט פינקלענדיקע שטערנדלעך, און די פרישע זאַפטיקע ליפּן האָבן זיך געצויגן צו מיר. מיר האָבן זיך געקושט. לאַנג. הייס. אין אָט די מינוטן, ווען מיר זייַנען פאַרשיקערט געווען איינס פונעם אַנדערן, פלעגט זיך מיר זייער וועלן פרעגן בא איר, וויאַזוי זי פאַרברענגט די פרייַע צייַט אין לענינגראַד, מיט וועמען כאַווערט זי זיך, צי זי באַגעגנט זיך דאָרט מיט עמעצן. איך בין זיכער געווען, אַז אַלע סטודענטן פונעם פיזמאַט־פאַקולטעט, אויף וועלכן זי לערנט זיך, זייַנען פאַרליבט אין איר, און ניט נאָר פון דעם פאַקולטעט, — פונעם גאַנצן אוניווערסיטעט. נאָר איך האָב גאָרנישט ניט געפרעגט.

נאָך איינער א קישעפדיקער נאַכט בא איר אויפן גאַנעקל האָבן מיר זיך צעשיידט, ווען דער ראַנד הימל איז שוין באַגאָסן געווען מיט א ראָזקייַט פון דער אויפגייענדיקער זון. א גליקלעכער, ווי קיינער אויף דער גאָרער וועלט, בין איך אַוועק איבער דער פאַרטאָגיקער גאַס, געגאַנגען מיט פאַמעלעכע שטילע טריט, קעדיי ניט צעווייען דאָס מעכייַעדיקע גערוך, וואָס האָט זיך נאָך פאַרהיט פון אירע הענט, פון אירע האָר, פון אירע ליפּן. און געטראַכט האָב איך וועגן דעם, אַז ווען איך בין מיט פיניען געווען מיט צוויי וואָכן צוריק אויפן שאַבעס־פאַרנאַכטיקן שפּאַציר און צום ערשטן מאָל געזען זי, יויכעוועדן, איז מיר אויפן זינען ניט געקומען, אַז זי, אַזאַ וווּנדערלעך מיידל, קאָן זיך פאַרליבן אין מיר. ווען עמעצער זאָגט מיר, אַז אַזוינס איז מעגלעך, וואָלט איך דעמלט ניט געגלייבט.

שוין לעבן מייַן באַלעבאָסטעס שטיבל האָט מיט א הילכיקן געקלאַנג זיך אָנגעטראָגן און אויסגעגלייַכט זיך מיט מיר א לייַכטע בעדאַרקע. אויפן אונטערגעשפּרייטן היי איז דאָרט געזעסן דער סעקרעטאַר פון ראַיקאָמיוג יאַנקאָ מאַקאַיאַנעק און לעבן אים, מיט די לייצעס אין די הענט, פיניע שוואַלב. דערזען מיך, האָט פיניע זיך שטאַרק דערפרייט.

— סאָליאַ! פונוואַנען אַזוי פרי? — האָט ער אויפגעלעבט אויסגערופן, אָנציִענדיק די לייצעס. — פונוואַנען גייסטו עס?

איך האָב זיך פאַרלוירן, ניט אָנגעהויבן וויסן וואָס צו זאָגן.

— מיסטאַמע פון א שיין מיידל, — האָט דער סעקרעטאַר פון דער זייַט א ווונק געטאָן צו מיר.

— מיט א שיין מיידל פאַרברענגען איז קיין אוולע ניט, — האָט פיניע גוטמוטיק באַמערקט, ווי ער וואָלט מיר וועלן אַרויסהעלפן.

— זע אַקאָרשט, אַז ער זאָל זי בא דיר ניט אָפּשלאָגן, — האָט דער סעקרעטאַר זיך א ווייצל געטאָן.

— אויף אַן אַנדערן עפּשער ניט, נאָר אויף אים פאַרלאָז איך זיך. צוליב וואָס דאַרף ער אונדזערע, גענוג שיינע מיידלעך זייַנען פאַראַן בא אים אין טעכניקום. ער וועט ניט אָפּשלאָגן. האַ, סאָליאַ? — האָט פיניע פריילעך געזאָגט און א צי געטאָן די לייצעס.

דער בולאַנער איז אַוועק גיכער.

— צוויי אַזייגער באַטאָג איז בא אונדז א פאַרמאַכטע קאָמיוגישע פאַרזאַמלונג, — האָט פיניע, אויסדרייענדיק צו מיר דעם קאָפּ, אויסגעשריִען, — אַן ערנסטע פראַגע. קום פריִער, וועלן מיר כאַפּן א שמועס. איך האָב זיך שטאַרק פאַרבענקט נאָך דיר...

איך האָב געמאכט נאָך עטלעכע טריט, געוואָלט אים כאָטש עפּעס זאָגן, נאָר ניט אימשטאנד געווען ארויסברענגען א וואָרט. מיט א צעקאלעמוטעטע הארץ האָב איך נאָכגעקוקט נאָך דער בעדארקע, ביז זי האָט פארקערעוועט אפן זײַטיקן שמאָלן געסל, וווּ פּיניע האָט געוווינט, און איז פארלוירן געגאנגען פון מײַנע אויגן. איך האָב לאנג נאָכדעם זיך ארומגעדרייט איבער דער נאָך פוסטער גאס, ניט וויסנדיק ווו זיך אהינצוטאָן. ניט געקענט זיך מויכל זײַן, וואָס איך האָב פּיניען, ווען ער האָט געפרעגט, פונוואנען איך גיי, ניט געזאָגט גלײַך אפן אָרט, אזוי ווי ס'איז, אז איך גיי פון יויכעוועדן, אז ס'איז שוין צוויי וואָכן, ווי מיר באגעגענען זיך, אז מיר האָבן זיך ליב. וואָלט ער דעמלט כאָטש ניט געזאָגט, אז ער פארלאָזט זיך אף מיר. פון אָט די ווערטער זײַנע האָט בא מיר געפלאַמט דאָס פּאָנעם. בעסער שוין וואָלט ער מיך געזידלט. געשטערט האָט מיר אים זאָגן עס אין דער אָנוועזנהײַט פון א דריטן, פונעם סעקרעטאר פון ראיקאָמיוג. האָב איך געדארפט אים אָפּרופן אף א ווײַלע אין א זײַט, דערקלערן, וויִאזוי ס'איז געשען, וואָלט ער פארשטאנען און זיך איבערצײַגט, אז איך בין אין גאָרנישט ניט שולדיק, מײַן געוויסן איז ריין, אז איך בין קיין מינדסטע אוולע ניט באגאנגען קעגן אים. ניט דערטראכט זיך עס טאָן. דאָס האָט מיך זייער געקימערט. ניט גוט וועט זײַן, אויב פּיניע וועט זיך דערוויסן וועגן מײַנע באגעגענישן מיט יויכעוועדן, ביז איך וועל זיך זען מיט אים אף דער קאָמיוגישער פארזאמלונג. אין א קליין שטעטל זײַנען קיין סודעס ניטאָ. גענוג, אז עמעץ זאָל עפּעס באמערקן, רעדט שוין דאָס גאנצע שטעטל וועגן דעם. אויב ער וועט זיך דערוויסן פון עמעצן און ניט פון מיר, איז ווי וועל איך דעמלט אויסזען אין זײַנע אויגן? וואָס וועט ער דעמלט טראכטן וועגן מיר? ער וועט שוין מיר גאָרנישט ניט גלייבן. און קעדיי ער זאָל זיך איבערצײַגן, אז איך האָב זיך ניט געקליבן עפּעס וואָס אויסבאהאלטן פון אים, האָב איך גענומען מיט זיך דעם בריוו, וועלכן איך האָב געהאט אָנגעשריבן אף גאנצע אכט זײַטלעך באלד נאָכדעם, ווי איך האָב צום ערשטן מאָל באם פײַערלעשער־טורעם זיך צופעליק באגעגנט מיט איר, מיט יויכעוועדן.

מיט א ניט גרינג געמיט בין איך אוועק אין קלוב, וווּ אין א האלב שאָ ארום האָט זיך געדארפט אָנהייבן די פארזאמלונג. איך האָב ניט געצווייפלט, אז פּיניע איז שוין דאָרט. אופהייבנדיק זיך אף די אָפּגעריבענע הילצערנע טרעפּ, האָב איך באשלאָסן גלײַך אים געבן דעם בריוו, זאָל ער איבערלייענען און זען, אז ס'איז געשריבן געווען נאָך מיט צען טעג צוריק. דעמלט וועט מיר זײַן לײַכטער צו ריידן מיט אים.

אין קלוב זײַנען שוין געווען קימאט אלע קאָמיוגיסטן. אייניקע האָבן באם פּרעזידיום־טיש, וואָס איז געשטאנען איבערגעדעקט מיט א רויטן לײַוונט אף דער בינע, געשפּילט אין דאמקעס, אייניקע אין דאָמינאָ. עטלעכע קאָמיוגיסטן זײַנען געזעסן אין זײַטיקן קליינעם צימערל, וווּ ס'איז געשטאנען א ניט־אָנגעגלאָזטע שאפע מיט אלטע ביכער און פרישע בראָשורן, און ארײַנגעקוקט אין די צײַטונגען, וואָס זײַנען געלעגן אפן פּאניער־טישל. אנדערע זײַנען געשטאנען באם אָפענעם פענצטער און געשמועסט. פּיניע איז נאָך ניט געווען. דאָס האָט מיך אי געוווּנדערט, אי באאומרויִקט. ער האָט דאָך געזאָגט, אז ער וועט זײַן פריִער. און ס'איז איצט שוין געווען צוויי אזייגער. מע האָט שוין געדארפט אָנהייבן די פארזאמלונג. אין עטלעכע מינוט ארום איז מיט א טומל ארײַנגעקומען זוזיע סורקיס, דער באפולמעכטיקטער פון ראיפינאָפּטייל. ער האָט פאנאנדערגעשפּיליעט די לעדערנע קורטקע, וועלכע ער האָט אפילע אין די היצן ניט אויסגעטאָן, זיך אומגעקוקט מיט די באָלעכעוואטע אייגעלעך, צי עס זײַנען ניטאָ קיין זײַטיקע, און מיט זײַן הייזעריקלעכער שטים געמאָלדן, אז פּיניע מיטן סעקרעטאר פון ראיקאָמיוג זײַנען אוועקגעפאָרן צוליב זייער א דרינגענדן איניען און געהייסן וואַרטן. ניט פאנאנדערגיין זיך. וווּהין זיי זײַנען דרינגענד אוועקגעפאָרן און צוליב וואָס פאר אן איניען, האָט ער ניט געזאָגט. דאָס איז געווען א סאָד. מעגלעך, אז ער האָט אויך ניט געוווּסט. נאָר ביכלאל איז ער שטענדיק געווען פול מיט סודעס. פון דער ערשטער מינוט, וואָס איך האָב זיך באקענט מיט אים, איז ער מיר דערווידער געוואָרן אי מיט זײַנע אומרויִק־לויפנדיקע אייגעלעך, אי מיט די רויטע בעקעלעך אפן קײַלעכיקן פּענעמל. און דעריקער מיט זײַן אויסערגעוויינלעכער „רעוואָליוציאָנערישקײַט”. אף יעדער קאָמיוגישער פארזאמלונג איז ער ארויסגעטראָטן דער ערשטער, וועגן געוויינלעכע זאכן גערעדט מיט היץ, באנוצנדיק זיך מיט הויכע ווערטער, וועלכע קיינער האָט ניט פארשטאנען. צו יעדער פראגע האָט ער געהאט א גרייטע אומקאָמפּראָמיסלעכע רעזאָליוציע. געפאָדערט געבן א שטרענגען אויסרייד די קאָמיוגיסטן פונעם בײַשטעטלדיקן לאנדווירטשאפטלעכן קאָלעקטיוו דערפאר, וואָס זיי האָבן בעשאס דעם רעגן פארשפּעטיקט אף עטלעכע מינוט צום פּאָליט־שמועס. געפאָדערט אויסשליסן פון קאָמיוג לייקע דעם באלעגאָלעס, די אופראמערן אין באָד, דערפאר, וואָס זי איז בעשאס דער לעווײַע פון איר עלטערבאָבען געשטאנען באם קייווער, ווען דער ראָוו האָט געזונגען

איל־מאָלע, און ניט פּראָטעסטירט. דאָס באַווײַזט, אַז זי האָט פאַרלוירן דעם קלאַסן־באַוווסטזײַן, אַרונטערגעפאַלן אונטער דער ווירקונג פון די קלעריקאַלן און פאַראַטן די אידייען פון דער רעוואָליוציע. בעשאַס זוזיע סורקיס האָט זיך געהיצט, האָבן די נאָזלעכער בײַ אים זיך ברייט פאַנאַנדערגעבלאָזן און פון די דינע בלוילעכע ליפּן האָט געשפּריצט מיט סלינע. די באַלעבאָסטע האָט מיר געהאַט דערציילט, אַז פאַראיאָרן יאָמקיפּער, בעשאַס פּיניע איז געווען אין מיליטער, האָט ער, זוזיע, אָרגאַניזירט אַ דעמאָנסטראַציע פון קינדער, וועלכע האָט, בעראָש מיט אים, עטלעכע מאָל דורכגעמאַרשירט פאַרבײַ דעם בעסמעדרעש מיט דער ליד „דאַלוי ראַווינאָוו אי פּאָפּאָוו". און ווען די מיספּאַלעלים זײַנען אין די טאַלייסים אַרויס אויפן טומל, האָט ער און נאָך אייניקע זיך אויסגעדרייט צו זיי מיטן פּאָנעם און געשמירט די ליפּן מיט שטיקער כאַזער־שמאַלץ. מע האָט אויך גערעדט וועגן דעם, אַז ער שיקט בישטיקע מעסירעבריוו אין די אינסטיטוטן, וווּ עס לערנען זיך די טעכטער און זין פון געוועזענע באַלעבאַטים, מע זאָל בײַ דער ריי‏ניקונג, וואָס דאַרף פאָרקומען, זיי אויסשליסן, ווי פרעמדע עלעמענטן. אַליין האָט ער געשטאַמט, ווי מע האָט צווישן זיך גערעדט, פון העגדלער, נאָר אין דער אַנקעטע בײַ אים איז געווען אָנגעוויזן, אַז זײַן טאַטע איז געווען אַ קוסטאַר. אויף וויפל ער איז געווען ניט קיין היגער, נאָר אַ צוגעשיקטער פון אַן אַנדער ראַיאָן, האָט מען גענוי זײַן ייִכעס ניט געוווּסט. מע האָט זיך געהאַלטן פון אים פונדערווײַטן. איך אויך. ער האָט מיך עטלעכע מאָל געפּאַקט אין גאַס, ווען איך בין געווען אַליין, געפּרוּווט פאַרפירן מיט מיר אַ ריי‏ד, זיך אינטערעסירט מיט מײַן ביאָגראַפיע, געוואָלט וויסן די פאַמיליע פונעם סעקרעטאַר פונעם קאָמיוגישן קעמערל בײַ מיר אין טעכניקום. ניט וועלנדיק טרעפן זיך מיט אים איצט אין קלוב, בין איך אַרויס אין גאַס און באַשטימט אָפּוואַרטן דאָרט פּיניען.

אין אַ שאָ אַרום איז צום קלוב צוגעפאָרן אַ מיליטערישע טאַטשאַנקע. פון איר זײַנען אַראָפּ דער שעף פון דער גרענעץ־זאַסטאַווע, דער סעקרעטאַר פון ראַיקאָמיוג און פּיניע. פאַרבײַגייענדיק, האָט פּיניע מיר געגעבן די האַנט, נאָר קיין איין וואָרט ניט געזאָגט. איך האָב אים פאַרהאַלטן אויף אַ רעגע, דערלאַנגט דעם בריוו, געבעטן איבערלייענען.

— צוליב וואָס? — האָט ער זיך אַ קנייטש געטאָן און אומגעקערט מיר דעם בריוו צוריק. — דאַרפסט זיך פאַר מיר ניט פאַרענטפערן. איך פאַרשטיי אַליין. זע נאָר, באַליידיק זי ניט...

מיר זײַנען אַרײַן אין קלוב. פּיניע איז מיט גיכע טריט אַוועק אויף דער בינע, וווּ בײַם פּרעזידיום־טיש זײַנען שוין געזעסןביידע כאַווײרים, מיט וועלכע ער איז געקומען צו פאָרן אויף דער טאַטשאַנקע.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך גלײַך אָנגעהויבן.

דער סעקרעטאַר פון ראַיקאָמיוג האָט געמאַכט אַ קורצן פאָרטראָג וועגן דער צווישנפעלקערלעכער לאַגע, גערעדט וועגן קערזאָנס נאָטע, וועגן דער קאָנפערענץ פון דער אַנטאַנטע, וועגן די אימפּעריאַליסטישע פּראָוואָקאַציעס קעגן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד און וועגן דער ראָליע, וואָס עס שפּילט אין דעם דאָס שליאַכטישע פּוילן. דערציילט, אַז עס זײַנען ווידער געווען דיווערסיע־אַקטן. אין מינסק האָט מען אונטערגעצונדן דעם לעדער־זאַוואָד, אין אָרשע דעם עלעוואַטאָר, אין מאָזיר די ניי־פאַבריק. עטלעכע דיווערסאַנטן, וואָס זײַנען אַריבערגעוואָרפן געוואָרן פון פּוילן אויף אונדזער טעריטאָריע, האָט מען פאַרהאַלטן. אויפן פאַרהער האָבן די דיווערסאַנטן דערציילט, אַז מע קלײַבט זיך הײַנט צוויי אַזייגער באַנאַכט אַריבערוואַרפן איבער אונדזער גרענעץ נאָך אַ גרופּע. פאַראַן אַ פאָרשלאָג: אַלע קאָמיוגיסטן, וועלכע זײַנען דורכגעגאַנגען אַ מיליטערישע צוגרייטונג אין „טשאָן", מאָביליזירן זיך אויף מיטהעלפן די גרענעצלער אויספּילן די פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע צו פאַרהאַלטן די באַנדע דיווערסאַנטן. דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן איינשטימיק. דעבאַטירן איז ניט געווען וואָס. דאָך האָט זוזיע סורקיס געבעטן אַ וואָרט. מיט האַסטיקע טריט איז ער אַרויף אויף דער בינע און, ווענדנדיק זיך צום פּרעזידיום, אויסגעדריקט פון אַלעמענס נאָמען, — כאָטש גראָד אים האָט דאָס קיינער ניט באַפולמעכטיקט, — אַ הייסן, פלאַמיקן קאָמיוגישן דאַנק פאַרן צוטרוי און פאַרזיכערט, אַז יעדער איינער און אַלע צוזאַמען וועלן, ניט שאַנעווענדיק זיך, אויספילן דעם הייליקן כיוו, אַרויסווײַזן דרייסטקײַט, שרעקלאָזיקײַט, מעסירעסנעפעש, ווי עס האָבן עס אַרויסגעוויזן די העלדישע קעמפער בײַס דער רעוואָליוציע.

צום סאָף פון דער פאַרזאַמלונג האָט פּיניע געמאָלדן, אַז אין צוויי שאָ אַרום, פּינקטלעך זעקס אַזייגער, דאַרפן אַלע קאָמיוגיסטן טשאָנאָווצעס זײַן לעבן בערעזע־וועלדל. סורקיס האָט פאָרגעלייגט, ער זאָל אָנרופן די פאַמיליעס פון יענע, וועמען עס ווערט פאַרטרויט אויסצופילן אָט די ביז גאָר פאַראַנטוואָרטלעכע אָפּעראַציע. פּיניע האָט איבערגעלייענט דאָס צעטל. מײַן פאַמיליע איז דאָרט ניט געווען. איך האָב זיך דערפילט אַזוי, ווי מע וואָלט מיך בעקיוון

באַלײדיקט. װענדנדיק זיך צו פּיניען, האָב איך געפֿרעגט, פֿאַרװאָס בין איך ניטאָ אין צעטל. איך בין דאָך אויך אַ טשאַנאָװעץ, אויך דורכגעגאַנגען אַ מיליטערישע צוגרייטונג. צי עפּשער בין איך ניט קיין באַגלייבטע פּערזאָן? פּיניע האָט געענטפֿערט זייער רויִק, אַז ניט אײַנגעשלאָסן האָט מען מיך דערפֿאַר, װײַל די אָפּעראַציע איז ניט קיין לײַכטע, מעגלעך אַפֿילע אַ געפֿערלעכע, און איך בין ניט אָפּן באַשטענדיקן דיסקאָנט באַ זיי אין קעמערל. אַנדערשמאָל װאָלט איך עפּשער זיך אַזוי ניט אײַנגעשפּאַרט. נאָר דעמלט האָב איך געפֿילט אַ באַדערפֿעניש גיין צוזאַמען מיט אַלעמען, און דעריקער מיט אים, מיט פּיניען, זאָל זײַן אַף דער סאַמע געפֿערלעכער אָפּעראַציע. איך האָב זיך עס דערשלאָגן. מע האָט מיך אײַנגעשלאָסן אין צעטל. איך בין געװען דער דרײַצנטער.

אַף דער פֿאַרזאַמלונג זײַנען די געדאַנקען מײַנע געװען דורכויס פֿאַרנומען מיט דעם, װעגן װאָס עס האָט זיך דאָרט גערעדט. נאָר באַלד, װי די פֿאַרזאַמלונג האָט זיך פֿאַרענדיקט, מע איז זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען און איך בין פֿאַרבליבן אַליין מיט זיך, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז צען אין אָװנט, װי מיר האָבן זיך געהאַט צונויפֿגערעדט, װעט יויכעװעד װאַרטן אַף מיר בא זיך אָפּן גאַנעקל. איך האָב זי פֿאַרזיכערט, אַז צו צען אַזייגער װעל איך קומען. נאָר טאָמער פֿאַרהאַלט איך זיך עטװאָס, זאָל זי װאַרטן, ניט אַװעקגיין. איצט האָב איך געהאַט די זאָרג: װי⸗אַזוי גיט מען איר צו װיסן, אַז איך װעל ניט קאָנען קומען, זי זאָל ניט זיצן דאָרט איינע אַליין אין דער פֿינצטער און װאַרטן אומזיסט. צוגיין צו איר אַהיים האָב איך ניט געװאָגט צוליב אירע עלטערן. איבערגעבן מיט עמעצן? מיט װעמען? װי⸗אַזוי? איין האָפֿענונג איז פֿאַרבליבן: עפּשער װעל איך זי דערזען ערגעץ. איך האָב זיך אַרומגעדרייט הין⸗און⸗הער איבער דער גאַס, דורכגעגאַנגען אַ פּאָר מאָל פֿאַרבײַ איר געסל, נאָר ניט געזען זי. דער זייגער איז שוין געװען באַלד זעקס. מער פֿאַרהאַלטן זיך האָב איך ניט געקאָנט, און מיט אַ פֿאַרדראָס אַף זיך אַליין, װאָס איך האָב איר ניט צו װיסן געגעבן, בין איך אַװעק צום זאַמל⸗פּונקט.

לעבן בערעזע⸗װעלדל זײַנען שוין געװען אַלע קאָמיוגיסטן⸗טשאַנאָװצעס, אויסער װױזיע סורקיסן. ער איז מיט אַ שאָ פֿריִער, לאָזט זיך אויס, אַװעקגעפֿאָרן אַף אַן עקסטרע באַראַטונג אין ראַיפֿינאָפּטייל. „ער האָט דאָך זײַן הייליקן כּיװו שוין אויסגעפֿילט מיט דעם פּלאַמיקן װאָרט אַף דער פֿאַרזאַמלונג”, — האָט זיך אַ װיצל געטאָן דער שטענדיק שװײַגנדיקער, אַ ביסל האַמעטנער בערל באַרבאַראַש, דער ייִנגסטער קאָניוך פֿונעם בײַשטעטלדיקן לאַנדװירטשאַפֿטלעכן קאָלעקטיװ. עמעצער האָט נאָך עפּעס צוגעגעבן, און עס האָט זיך פֿאַנאַנדערגעטראָגן אַ געלעכטער. בעשאַס כּעװרע האָט זיך געװיצלט, איז פּיניע צוגעגאַנגען צו מיר און װידער געפּרוּװט מיך אָפּריידן, פֿאַרגעלייגט זיך אומקערן, דורכפֿירן די פֿאַרפּלאַנירטע רעפּעטיציעס מיט די פּיִאָנערישע רינגען. „אַף דער זאַסטאַװע װעלן מיר זיך באַגיין אָן דיר, — האָט ער מיך פֿאַרזיכערט, — און די רעפּעטיציעס װעט אָן דיר קיינער ניט דורכפֿירן”. איך האָב געפֿילט, אַז אים װילט זיך זייער ניט, איך זאָל זיך באַטייליקן אין דער באַנאַכטיקער אָפּעראַציע. איך האָב זיך אָבער ניט אונטערגעגעבן.

מיר זײַנען אַװעק. ביז דער גרענעץ⸗זאַסטאַװע איז געװען אַ פֿיר קילאָמעטער. געגאַנגען זײַנען מיר מיט אַ זײַטיקער סטעזשקע, װעלכע האָט זיך געשלענגלט צװישן הויכן בודזיאַק, קראָפּעװע און פּאָלין. אַ שטיקל װעג איז מיר אויסגעקומען גיין זײַט⸗באַ⸗זײַט מיט פּיניען. ער האָט געשװיגן. איך האָב אויך געשװיגן.

געקומען זײַנען מיר אַף דער זאַסטאַװע, װעלכע האָט זיך געפֿונען באַם אַרײַנגאַנג אין סאָסנע⸗װאַלד, װען די זון האָט זיך שוין געהאַלטן אין זעצן און זי האָט באַגאָסן די קרוינען פֿון די ביימער און די בלעכענע דעכער פֿון די עטלעכע זאַסטאַװע⸗געבײַדעס מיט גינגאָלד. נאָך אַ קורצן אָפּרו האָט דער שעף אונדז פֿאָרגעשטעלט דעם קאָמאַנדיר פֿונעם אָפּטייל, װעלכער איז באַופֿטראָגט געװען אָנצופֿירן מיט די אָפּעראַציעס פֿון אונדזער גרופּע. דער קאָמאַנדיר, אַ גוטמוטיקער יאַקוט מיט שמאָלע זייער לעבעדיקע אויגן, האָט אונדז גענוי דערקלערט די שלאַכט⸗אויפֿגאַבע, אָנגעהאַדװעט אונדז אין זייער ציכטיקער סטאָלאָװקע, אַרויסגעגעבן געװער און געמאָלדן, אַז אַ פּאָר שאָ, ביז עלף אין אָװנט קאָנען מיר רוען.

מיר האָבן זיך אויסגעצויגן אָפּן גרינעם שמעקנדיקן גראָז באַם ראַנד פֿונעם װאַלד. אַ טייל כּעװרע האָט גלײַך געכאַפּט אַ דרעמל. אַנדערע — שפּעטער. אַרום⸗און⸗אַרום איז שוין געװען טונקל. איך בין געלעגן, זיך צוגעהערט צום שטילן גערויש פֿונעם װאַלד און זיך פֿאָרגעשטעלט, װי יויכעװעד זיצט שוין דאָרט איינע אַליין אין דער פֿינצטער אָפּן גאַנעקל און װאַרט. דאָס האַרץ האָט מיר גענאָגט. איך האָב זיך געפֿילט שולדיק. עמעץ האָט דערנעבן אָנגעצונדן אַ שװעבעלע, פֿאַררייכערט. ס'איז געװען פּיניע. איך האָב זיך צוגעזעצט לעבן אים. אַ װײַלע זײַנען מיר געזעסן שװײַגנדיק. נאָכדעם האָט ער זיך שטאַרק פֿאַרצויגן און געזאָגט, אַז ער קלײַבט זיך אין אַ פּאָר װאָכן אַרום אַװעקצופֿאָרן. אַף לאַנג. עפּשער אַף שטענדיק. ער

האָט הײַנט נאָך דער פּאַרזאַמלונג זיך צונויפגערעדט וועגן דעם מיטן סעקרעטאַר פון ראַי־קאָמיוג, און דער סעקרעטאַר האָט צוגעזאָגט שיקן אים אין א מיליטער־שול. מעגלעך, קיין סמאָלענסק. און עפּשער קיין מאָסקווע.

ס'האָט זיך באַוויזן דער קאָמאַנדיר. ער האָט אונדז אויסגעשטעלט אין איין ריי און שטיל, אָן א מינדסטן טומל, אַוועקגעפירט טיפער אין וואַלד. דאָרט האָט יעדער פון אונדז, לויט זײַנע אָנווײַזונגען, פאַרנומען אן אָרט אין דער קייט צווישן די סאָסנעס. רעכטס פון מיר איז געלעגן מיט אן אָנגעלאָדענער ביקס בערל באַרבאַראַש, לינקס — פיניע. עס האָט זיך געהערט, ווי אף ביידע פלאַנגען האָבן פאַרנומען זייערע ערטער אַנדערע באַוואָפנטע גרופּעס. נאָכדעם איז געוואָרן זייער שטיל. די ביימער האָבן אפילע אופגעהערט שורשען מיט די צווײַגן, ווי זיי וואָלטן ניט וועלן שטערן אונדז אופצוכאַפּן דעם פאַרטײַטן אָפּהילך פון פרעמדע טריט. די צײַט האָט זיך זייער געצויגן. לאַנג. זייער לאַנג. און אָט האָט מיטאַמאָל א הילך געטאָן אין וואַלד איין שאָס נאָכן אַנדערן. עס האָט זיך דערהערט א טופּען פון פיס. מע איז געלאָפן. ווי מיר האָבן דערוואַרט, אין אונדזער ריכטונג. דער קאָמאַנדיר האָט באַפוילן צולאָזן די באַנדע נעענטער. דער וועג אף צוריק איז זיי שוין געווען אָפּגעשניטן. דאָס זעלבע אף ביידע פלאַנגען. די דיווערסאַנטן זײַנען געווען שוין גאָר נאָענט. דעמלט האָבן מיר געגעבן א געמיינזאַמען זאַלפּ אינדערלופטן. אין א ווײַלע אַרום זײַנען זיי אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַלע זײַטן. פינף פון זיי האָבן אופגעהויבן די הענט, איינער האָט זיך דורכגעריסן. דער קאָמאַנדיר, עטלעכע גרענעצלער און פיניע האָבן זיך אַוועקגעיאָגט נאָך אים. גלײַך ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר געזאָגט, אז מיט פיניען קאָן עפּעס טרעפן, האָב איך זיך געלאָזט באַנאַנד מיט אים, ווי איך וואָלט שוין מיט דעם פאַרהיט אים פון א געפאַר. מיר האָבן ניט געשאָסן. געוואָלט נעמען דעם באַנדיט א לעבעדיקן. פּלוצלינג האָט ער זיך אויסגעדרייט און אויסגעשאָסן. עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד. אין דער זעלבער רעגע האָט דער קאָמאַנדיר מיט איין קויל אים אַוועקגע־לייגט. לויט דער אינערציע איז פיניע אָפּגעלאָפן נאָך עטלעכע טריט און מיטאַמאָל, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס אָנגעשטויסן, אומגעפאַלן מיטן פּאָנעם אף צוריק, זיך אויסגעצויגן צווישן די ביימער. מיר האָבן זיך גלײַך געלאָזט צו אים. ער איז געלעגן אָן אָנמכטיקער, שווער געאָטעמט. דאָס כאַקי־העמדל מיט די ווײַסע קנעפּלעך איז דורכגעווייקט געווען אין בלוט. דער קאָמאַנדיר האָט פלינק איבערגעבונדן אים די ברוסט. מיר האָבן אים געבראַכט אף די הענט אין דער זאַסטאַווע. מע האָט אים באַלד אַוועקגעפירט אף דער טאַטשאַנקע אין ראַיצענטער, אין שפּיטאָל.

קיין איינעם פון די דיווערסאַנטן האָט זיך ניט אײַנגעגעבן דורכשמוגלען זיך. די אָפּעראַציע איז דורך געלונגען. אָבער דער שווערער איבערפאַל מיט פיניען האָט געפּאַטערט די שטימונג.

אינדערפרי, אומקערנדיק זיך פון דער זאַסטאַווע, האָבן די כעוורע דערזען פאַרטריקנט בלוט בא מיר אפן העמדל. איך האָב געטראַכט, אז באַפלעקט האָט זיך דאָס העמדל, בעשאַס איך האָב געהאָלפן אַרויסטראָגן פיניען פון וואַלד. נאָר ווען איך האָב דאָס העמדל אויסגעטאָן, קעדיי אויסשווענקען עס אין טײַך, האָב איך באַמערקט, אז דער לינקער אַרבל איז דורכגע־שאָסן און אף דער האַנט בא מיר, העכער דעם עלנבויגן, איז א היפּשער בלוטיקער שראַם. מיר האָט זיך זייער געוואָלט, אז יויכעוועד זאָל עס וויסן. נאָר איצט איז ניט געווען די פּאַ־סיקע צײַט צו טראַכטן וועגן איר. ס'האָט מיך זייער באַאומרויִקט פיניעס צושטאַנד. ניט אַרײַנ־גייענדיק אין ערגעץ, בין איך, צוזאַמען מיט כעמען, דעם פּאַרזיצער פונעם בלעכער־אַרטעל, וועלכער האָט געהאַט פאַרביטן פיניען, בעשאַס יענער איז געווען אפן סעמינאַר, און מיט בערל באַרבאַראַשן, אַוועק גלײַך אין בײַשטעטלדיקן לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָלעקטיוו, און אף זייער פערד־און־וואָגן זאַלבעדריט, זײַנען מיר אַוועקגעפאָרן אין ראַיצענטער, דערוויסן זיך אין שפּיטאָל, וויִאַזוי עס פילט זיך פיניע.

צו פיניען האָט מען אונדז ניט צוגעלאָזט. דער דאָקטער האָט געזאָגט, אז ער איז פאַר־ווונדעט אין לונג. די קויל האָט מען אַרויסגענומען. נאָר די טעמפּעראַטור איז בא אים דער־ווײַל א הויכע. דער דאָקטער רעכנט, אז די נאָענטסטע טעג וועט אים ווערן לײַכטער.

מיר זײַנען שווײַגנדיקע אַרויס פונעם דאָקטערס קאַבינעטל. בערל באַרבאַראַש און כעמע שאַליט האָבן זיך געזעצט אפן וואָגן. איך האָב זיך אומגעקערט, א פרעג צו טאָן, ווען מע קאָן קומען נאָכאַמאָל, קעדיי זיך זען מיט אונדזער כאַווער. דער דאָקטער האָט געצײַצעט קומען ניט פריִער, ווי אין א וואָך אַרום. און, דערמאָנענדיק זיך אין עפּעס, האָט ער א פרעג געטאָן בא מיר, צי איך ווייס ניט, ווער עס איז יויכעוועד, און ווער זי קער זיך אָן מיט פיניען. בא א הויכער טעמפּעראַטור האָט דער פאַרוווּנדעטער עטלעכע מאָל אַרויסגעשעפּטשעט אָט דעם מיידלשן נאָמען.

די כעוורע האָב איך וועגן דעם גאָרנישט ניט געזאָגט. נאָר יויכעוועדן האָב איך זיך גע־קליבן עס דערציילן. עפשער וועט זי צופאָרן מיט מיר צו אים. איין גוט וואָרט אירס קאָן פאַרלײַכטערן זײַנע ווייטעקן. און עפשער פאַרקערט. עפשער וועט אים פון דעם ווערן ערגער. און כ'האָב שוין ניט געוווסט — זאָגן איר, צי ניט.

פון שפּיטאָל האָבן מיר זיך אומגעקערט נאָך האַלבן טאָג. בערל באַרבאַראַש איז פאַר־בליבן מיט פערד־און־וואָגן אין בײַשטעטלדיקן לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָלעקטיוו, כעמע שאַ־ליט האָט אוועקגעײַלט אין בלעכער־אַרטעל, איך — צו זיך אַף דער קוואַרטיר, זיך וויַזן דער באַלעבאָסטע. אין שטעטל האָט שוין עמעצער געהאַט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז איך בין אויך פאַרוווּנדעט, געפערלעכער פון פּיניען.

ווען איך בין אַרײַן אינעם ענגן הייפל, האָט אַנטקעגן זיך געעפנט מיט אַ סקריפּ די ני־דעריקע דרויסן־טיר. פון מײַן באַלעבאָסטעס שטיבל איז אומדערוואַרט פאַר מיר אַרויס יויכע־וועד. זי איז געווען זייער פאַרזאָרגט. דערזען מיך, איז זי אַ רעגע געבליבן שטיין, ווי איבע־ראַשט, און באַלד אָן אופגעלעבטע, אַ שײַנענדיקע, זיך געלאָזט לויפן מיר אַנטקעגן.

עס זײַנען אַדורך עטלעכע וואָכן. אַ פּאָר מאָל בין איך געווען אין שפּיטאָל, זיך געזען מיט פּיניען. ער האָט זיך געפילט בעסער. זיך פאַנאַנדערגעפרעגט, ווי עס גייען די רעפּעטי־ציעס, אינטערעסירט זיך, צי וועל איך באַווײַזן צום זיבעצנטן אויגוסט, צום יאָרטאָג, זינט עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דאָס קאָמיוגישע קעמערל, צוגרייטן די קאָנצערט־פּראָגראַם. די פּראָגראַם איז געווען אַ רײַכע. דער קאָמיוגישער אָרקעסטער, דער פּיאָנערישער כאָר, דעקלאַ־מאַציעס, טענץ און אַ בופאָנאַדע, אָנגעשפּיקעוועט מיט סצענקעס און לידער אַף אָרטיקע טעמעס. רעפּעטירט האָב איך אי באַטאָג, אי אין די אָוונטן. באַטאָג מיט די פּיאָנערן. אין די אָוונטן מיט די קאָמיוגיסטן, מיט דער האָרעפּאַשנער יוגנט. אַרבעט איז געווען איבערן קאָפּ. דאָך פלעג איך קימאַט יעדן אָוונט, שוין נאָך די רעפּעטיציעס, זיך באַגעגענען מיט יויכע־וועדן. אַפן שפּאַציר פלעגט זי שוין זעלטן אַרויסגיין. זי פלעגט וואַרטן אַף מיר אין דער באַ־שטימטער צײַט בײַ זיך אַפן גאַנעקל. אין שטעטל האָט מען געוווּסט, גערעדט וועגן דעם. די סטודענטלעך האָבן אָנגעהויבן קוקן אַף מיר מיט אָנגעכמורעטע אויגן. ס'איז מיר ניט אָנגעגאַנגען. פּונקט, ווי ס'איז מיר ניט אָנגעגאַנגען די ליבע־בריוו, וועלכע איך האָב באַקומען פון די אָנגעפאַרענע יונגע סטודענטקעס. פאַראַן אַ שורע אין אַ ליד: „צווישן טויזנט דאַרף איך איינע". די איין־אײנציקע אַף גאָר דער וועלט איז פאַר מיר געווען יויכעווּעד. נאָר זי. מער קיינער.

די צײַט איז גיך געלאָפן. ס'איז שוין געווען אינמיטן אויגוסט. צוויי טעג זײַנען פאַר־בליבן ביזן קאָנצערט. האַלב צען אין אָוונט האָב איך פאַרענדיקט די פאַרלעצטע רעפּעטי־ציע. ווען איך בין אַרויס פון קלוב, איז אין דרויסן געווען שטאָקפינצטער. דעם הימל האָבן באַלאָדן שווערע דראָענדיקע וואָלקנס. מיט גיכע טריט בין איך אַוועק אַראָפּ־גאַס, צו איר. אַ שטאַרקער ווינט האָט געשמיסן אין פּלייצע. פאַר די אויגן האָט דורכגעשווינדלט אַ פײַער־דיקער בליץ. איבער די וואָלקנס האָט מיט אַ טראַכקעראַיַ זיך דורכגעקײַקלט אַ דונער. ס'האָט אָנגעהויבן קאַפּען אַ שיטערער קאַלטער רעגן. איך בין געווען אין איין העמדל. כ'האָב זיך געלאָזט לויפן. דער ווינט האָט זיך נאָך שטאַרקער צעבושעוועט. ס'האָט אָן אופהער געבליצט, געדונערט. אַט־אַט, האָט זיך געפילט, וועט אַ שמיץ טאָן אַ שלאַקסרעגן. געטראַכט האָב איך שוין, אַז איך אײַל זיך אומזיסט. אין אַזאַ וועטער וועט זי ניט אַריבערטרעטן די שוועל, זי וועט אין אַזאַ שטורעם ניט אַרויס אַפן גאַנעקל, זי וועט איצט ניט וואַרטן אַף מיר. און דאָך בין איך מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם געלאָפן. איך בין שוין געווען גאָר נאָענט. אַ שאַרפער בליץ האָט אָנגעצונדן אַ שטיק הימל, באַלויכטן איר גאַנעקל. און איך האָב זי דערזען. אַ באַשײַנטע פּונעם בליץ, איז זי געשטאַנען אַ פאַרקוטעטע אין אַ געקעסטלטער שאַל. איינע אַליין. איך בין אַרופגעלאָפן צו איר. איבערן סאַמע קאָפּ האָט געפּלאַצט אַ דונער. ס'האָט אַ פליוכע געטאָן אַ שטאַרקער גוסרעגן. זי האָט מיך אַרומגעכאַפּט, זיך צוגעדריקט מיט איר שטײַפן וואַ־רעמען קערפּער. מיר האָבן זיך צוגעטוליעט צום סאַמע ווינקל, וווהין די רעגן־טראָפּנס האָבן ניט דערגרייכט. און ס'האָט ניט אַזוי געבלאָזן. זיך אײַנגעקוטעט ביידע אין דער ווייכער שאַל.

— איך האָב מוירע געהאַט, אַז דו וועסט אין אַזאַ וועטער שוין ניט קומען, — האָט זי אַ שעפּטשע געטאָן מיר אַפן אויער.

— און איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט שוין ניט אַרויס, וועסט ניט וואַרטן, — האָב איך שטיל געזאָגט.

— ווען דו קומסט ניט באַלד, וואָלט איך סײַווי געוואַרט. איך וואָלט ניט אַוועק, ביז באַגינען וואָלט איך דאָ געזעסן און געוואַרט, — האָט זי מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם געזאָגט,

ארומגענומען מיך באם האלדז, צוגעדריקט איר פארפלאמט פּנים צו מײַנעם. אונדזערע דאָרשטיקע ליפּן האָבן זיך באהעפט.

דער ווינט האָט געהוליעט אלץ שטארקער און שטארקער. פאנאנדערגעוויגט די הויך־צעוואקסענע קליאָנען, געררישט מיט די צווײַגן, געברומט, געפּײַפט. דער רעגן האָט געקלאפּט מיט שווערע טראָפּנס איבער דעם בלעכענעם דעכל פונעם גאנעקל, איבער די שורשענדיקע בלעטער פון די בעז־קוסטעס, איבער דעם הילצערנעם טראָטואר, איבער די האסטיק פּלייצדיקע ריוטשאקעס. פלאמיקע בליצן האָבן געצונדן דעם נידעריק פארוואָלקנטן הימל, די אנטקעגנדיקע שינדל־דעכער, די שויבן פון די דערבײַיקע פענצטער. די שויבן האָבן געקלונגען, געציטערט פון די דונערן. און אונדז איז געווען גוט. זייער גוט.

נאָך האלבער נאכט האָט דער רעגן אופגעהערט. דער הימל האָט זיך אויסגעלײַטערט, אויסגעשטערנט. ס'איז געוואָרן שטיל. זייער שטיל. די קליאָנען, אויסגעצוואָגענע פונעם רעגן, זײַנען געשטאנען פון ביידע זײַטן גאנעקל, ווי פארקישעפטע, ניט א ריר טוענדיק מיט א בלעטל.

ווען עס האָט אָנגעהויבן שאריִען אף טאָג, האָב איך זיך אופגעהויבן אף אוועקצוגיין.

— זײַ נאָך א ווײַלע, — האָט יוכעווּעד געבעטן, ניט ארויסלאָזנדיק מײַן האנט פון אירער, — זע, סארא זון־אופגאנג, סארא שיינקײַט...

מיר האָט זיך אויך ניט געוואָלט צעשיידן זיך מיט איר, נאָר עס האָט זיך שוין געלאָזט הערן א טראכקען פון וועגענער, וועלכע האָבן, קאָנטיק, געײַלט צום זונטיקדיקן מארק.

באגלייטנדיק מיך, האָט יוכעווּעד אף די גאנעק־טרעפּלעך זיך דערמאָנט, אז הײַנט, זונטיק, וועט זײַן דער ראיאָנער פאָטאָגראף. איר האָט זיך זייער געוואָלט פאָטאָגראפירן זיך מיט מיר אפן פּאָן פון דעם פײַערלעשער־טורעם, ווו מיר האָבן דאָס ערשטע מאָל זיך באגעגנט.

— צוויי אזייגער באטאָג וועל איך דאָרטן זײַן. איך וועל וואַרטן אף דיר. זאָלסט אומבאדינגט קומען. פּונקט צוויי אזייגער. גוט? — האָט זי, אָנבייגנדיק זיך צו מיר, א זאָג געטאָן, און אירע הימל־בלויע אויגן האָבן געלויכטן מיט ליבשאפט.

אוועק בין איך פון איר אָן איבערגעפולטער מיט גליק.

ביז צוויי אזייגער האָב איך באוויזן אי כאפּן א שלאָף, אי העלפן דער אלטיטשקער באלעבאָסטע צוראמען בא מיר אין צימערל, אי אָנמאָלן א פלאקאט וועגן דעם קאָנצערט־אָוונט, וואָס דארף פאָרקומען מאָרגן דעם 17 אווגוסט, אי ברענגען זיך אין אָרדענונג. אין דער באשטימטער צײַט בין איך מיט א ליכטיק געפיל אוועק צום פײַערלעשער־טורעם, א זיכערער, אז איך וועל זי שוין טרעפן דאָרט. נאָר יוכעווּעד איז דאָרט נאָך ניט געווען. איך האָב א היפּשע צײַט זיך ארומגעדרייט איבערן שמאָלן הילצערנעם טראָטואר, אומגעקוקט זיך אין אלע זײַטן. אלע ווײַלע האָט זיך מיר געדוכט, אז זי גייט. איך האָב געוואַרט און געוואַרט, און זי איז ניט געקומען. זאָל זײַן, אז איך האָב זי ניט ריכטיק פארשטאַנען? זי האָט עפּשער געמיינט זאָגן, איך זאָל קומען אפן ראָג גאס, לעבן דער פאבריקמאכערײַ, ווו אין די זונטיק־טעג געפינט זיך געווייגלעך מיט זײַן אפּאראט דער ראיאָנער פאָטאָגראף? איך בין אוועק אהין. זי איז דאָרט אויך ניט געווען. ניט אנדערש, מיר האָבן זיך אויסגעמיטן. איך בין זיך דורכגעגאנגען איבער דער גאס, געווען בא דער פּאָטשט, לעבן די קלייטן, אפן מארק. עפּשער וועל איך זי דאָרט טרעפן. אפן מארק איז נאָך געווען א היפּשער אוילעם. עס איז געשטאַנען א טומל, א געפילדער. עס האָבן געקרייעט הענער, געהאָלדערט אינדיקעס, געקראַקעט קאטשקעס. פון די וועגענער, וועלכע זײַנען אָנגעפּאָרן אהער פון די נאָענטע דערפלעך און כוטאָרן, האָט געדיכט געשמעקט מיט רײַפע עפּל, מיט פרישע אוגערקעס, מיט אוקראָפּ, פּשאָנקעס, דיניעס, צוגעטריקנטן היי און דזעגעכץ. אף די טישלעך איז אויסגעשטעלט געווען די פּראָדוקציע פון די אָרטיקע ארטעלן און פון קוסטאַרן־יעכידים: היטלען מיט הארטע גלאנציקע דאשעקעס, לאפּטיעס, יוכטאָווע שטיוול, עמערס, טעפּ, קאסטריוליעס, בערשטלעך. צווישן אוילעם האָב איך דאָרט געזען אירע כאווערטעס. זי איז צווישן זיי ניט געווען.

אין אָוונט, באלד ווי מיר האָבן פארענדיקט די גענעראַלע רעפּעטיציע, בין איך אוועק צו איר. אין אָט דער צײַט פלעגט זי געווינלעך שוין וואַרטן אף מיר בא זיך אפן גאנעקל. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, ווי מיר וועלן זיך באלד דערפרייען, אויסקלאָרנדיק די מיספארשטייעניש, וואָס איז פאָרגעקומען. זי האָט געוויס געוואַרט אף מיר אין איין אָרט, און איך האָב געוואַרט אף איר אין א צווייטן.

פארקערעווענדיק צו איר געסל, האָב איך באמערקט, ווי פּאסן שײַן ציִען זיך פון איר שטוב, און איך בין געבליבן שטיין אין פארלעגנהײַט. די דרײַ פענצטער, וואָס האָבן ארויסגעקוקט צו דער גאס, זײַנען געווען ברייט צעעפנט, און פונעם העל־באלויכטענעם צימער

האָט דורך די גאַרדינען זיך געטראָגן אַ פֿריילעכער טומל. עמעצער האָט געשפּילט אויף אַ פּיאַנע. עמעצער האָט געזונגען. מע האָט הויך געלאַכט. דאָרט זײַנען, קאָנטיק, געווען געסט. מיר האָט זיך געוואָלט כאָטש מיט איין אויג אַ קוק טאָן, זען, ווער עס זינגט, ווער עס שפּילט אויף דער פּיאַנע, זי? יויכעוועד? נאָר איך בין אַוועק אין אַ זײַט, זיך צוגעשפּאַרט צו אַ בוים און געבליבן וואַרטן, ביז זי וועט זיך באַווײַזן אויפֿן גאַנעקל. לאַנג געוואַרט. זי איז ניט אַרויס.

אויף מאָרגן האָב איך זיך דערוווּסט, אַז זי איז מיטן פֿאַרטאָגיקן צוג אַוועקגעפֿאָרן. איך בין געווען דערשטוינט, ניט געקאָנט באַנעמען, וואָס עס איז געשען. פֿאַרוואָס איז זי פּלוצלינג, ניט זאָגנדיק מיר גאָרניט, ניט געזעגענענדיק זיך אַפֿילו, אַוועקגעפֿאָרן. און גראָד אין דעם טאָג, ווען עס דאַרף פֿאָרקומען דער קאָנצערט, אויף וועלכן איך האָב אַוועקגעלייגט אַזויפֿיל קויכעס. איך האָב זיך געפֿילט באַאוולט, מיר האָט זיך אין ערגעץ ניט געוואָלט גיין, קיינעם האָב איך ניט געוואָלט זען, איך בין געלעגן בײַ זיך אויפֿן בעטל און געהאַלטן אין איין טראַכטן: וואָס איז די סיבה? וואָס האָט געקאָנט געשען? מע איז געקומען נאָך מיר. צײַט געווען אָנהייבן דעם קאָנצערט. ער איז געווען אַ געצאָלטער. לעטויוועס מאָפּר. אַלע בילעטן זײַנען געווען אויספֿאַרקויפֿט. דער קלוב — געפּאַקט. אירע כאַווערטעס זײַנען אויך געווען. יעדע אַרויסטרעטונג איז אויפֿגענומען געוואָרן מיט אַפּלאָדיסמענטן. בײַ די אָנטיילנעמער איז געווען אַ יאָמטעוודיקע שטימונג. בײַ מיר איז דער יאָמטעוו, וועלכן איך האָב געגרייט און בין געווען זיכער, אַז זי וועט אויך זײַן אויף אים, געווען פֿאַרשטערט.

נאָך איר אַוועקפֿאָרן האָט דאָס שטעטל מיר אָנגעהויבן אויסזען אַנדערש. דאַכט זיך, די זעלבע געסלעך, די זעלבע הײַזער, דער זעלבער הימל, דאַכט זיך, אַלץ, ווי געווען, און דאָך עפּעס אַנדערש. אין אָוונט האָבן נאָך אייניקע סטודענטקעס און סטודענטן שפּאַצירט. אירע כאַווערטעס אויך. נאָר דער שפּאַציר האָט שוין קיין טאַם ניט געהאַט. עס האָט געפֿעלט זי, וועלכע האָט צו אַלץ צוגעגעבן כיין, אין אַלץ אַרײַנגעטראָגן לעבן.

דאָס האַרץ האָט בײַ מיר געגנאָגט, געוויייטעקט, אויסגעגאַנגען פֿון בענקשאַפֿט. איך האָב זיך קיין אָרט ניט געפֿונען. דערוווּסט זיך, אַז פֿון בײַשטעטלדיקן לאַנדווירטשאַפֿטלעכן קאָלעקטיוו גייט אַ פֿור אין ראַיצענטער, בין איך אַוועק אַהין און צוגעפֿאָרן אין שפּיטאָל, צו פּיניען. איך האָב געפֿילט איצט אַ באַזונדער באַדערפֿעניש זיך זען מיט אים. שוין פֿונעם געדאַנק אַליין, אַז איך וועל זײַן מיט אים, איז מיר לינדער געוואָרן אויף דער נעשאָמע. נאָר פּונקט אין דעם טאָג איז אין שפּיטאָל געמאָלדן געוואָרן קאַראַנטין און מע האָט מיך צו פּיניען ניט אַרײַנגעלאָזט.

מיט אַ נאָך שווערערן געמיט האָב איך זיך אומגעקערט, אָנגענומען זיך מיט מוט און אָנגעשריבן אַ גרויסן בריוו. איך האָב אין אים אַרײַנגעלייגט דאָס גאַנצע האַרץ, מײַן ליבע און פֿאַרדראָס, מײַן בענקשאַפֿט און ווייטעק. איך האָב געשריבן, אַז איך וואָלט זייער און זייער וועלן וויסן, אויב ס׳איז ניט קיין סאָד, וואָס עס איז געשען, פֿאַרוואָס איז זי פּלוצלינג אַוועקגעפֿאָרן, און ווי דאַרף איך פֿאַרשטיין דאָס, וואָס זי האָט זיך אַפֿילו ניט געזעגנט מיט מיר. געבעטן, אויב זי וועט געפֿינען פֿאַר נייטיק מיר ענטפֿערן, שרײַבן אויפֿן אַדרעס פֿונעם מוזיקאַלן טעכניקום, קיין מינסק. ווײַל דאָ, אין שטעטל, ווו ס׳איז מיר באַשערט געווען זיך באַגעגענען מיט איר, בין איך דעם לעצטן טאָג, מאָרגן פֿאָר איך אַוועק.

אין אָוונט האָב איך זיך געזעגנט מיט די ווילע כעוורע, די פּראָסטע און פּאָשעטע האָרעפּאַשנע יאַטן און מיידלעך פֿונעם קאָמיוגישן קעמערל. אַלע צוזאַמען האָבן מיר זיך דורכגעשפּאַצירט עטלעכע מאָל איבער דער הויפּט־גאַס און הויך, אויפֿן גאַנצן קאָל, ווי אַפּצולאָכעס עמעצן, געזונגען די ליד, וועלכע מיר האָבן אַליין פֿאַרפֿאַסט צום קאָנצערט:

ס׳איז הײַנט אַ נײַע צײַט:
קאָמיוגיסטן, ראַטנמאַכט.
אַוועק די פֿינצטערע יאָרן,
מיר זײַנען פֿרײַ געוואָרן.
שער און אײַזן, סערפּ און האַמער
זײַנען לײַט געוואָרן...

יויכעוועדס כאַווערטעס זײַנען אין דעם אָוונט אויפֿן שפּאַציר ניט געווען.

פֿאַרטאָג האָב איך מיט האַרצקלעמעניש פֿאַרלאָזט דאָס שטעטל.

קומענדיק קיין מינסק, האָב איך גלײַך, דעם זעלבן טאָג, אַוועקגעשיקט דעם בריוו קיין לענינגראַד אויפֿן אַדרעס פֿון יויכעוועדס עלטערער שוועסטער, — דעם שוין אָנגעזעענעם פֿיזיקער, בײַ וועמען זי, יויכעוועד, האָט געוווינט. און פֿון דער מינוט אָן האָב איך אָנגעהויבן וואַרטן אויף אַן ענטפֿער. עס האָבן זיך שוין גענומען אומקערן די סטודענטן פֿון די קאַניקולן,

אין צוזאַמענוווינונג איז געוואָרן לעבעדיק, און אין אַ וואָך אַרום האָבן אין טעכניקום זיך אָנגעהויבן די לימודים. מיט אַן אומרויִק געמיט האָב איך אַרויסגעקוקט אָף דער פּאָטשט. ס'איז אַדורך אַ וואָך, צוויי וואָכן, דרײַ. קיין ענטפער איז ניט געווען. ערשט אין אַ כּוידעש אַרום האָב איך באַקומען אַ קורץ בריוול פון איר. זי האָט זיך אַנטשולדיקט, וואָס זי ענטפערט מיט אַ פאַרשפּעטיקונג אָף מײַן בריוו. זי איז זייער איבערגעלאָדן מיט די לימודים און וועט אָף ווײַטער וואַרשײַנלעך אויך ניט האָבן די מעגלעכקײַט צו זײַן אַן אַקוראַטנע. אַ טרוקן, זייער אַ טרוקן בריוול. איך האָב געזוכט צווישן די שורעס איין וואָרעם וואָרט, כאָטש אַ מינדסטע אָנדײַטונג אָף דעם, און ניט געפונען. ניט זי בענקט, ניט זי בעט מיך שרײַבן, פרעגט זיך אַפילע ניט נאָך, ווי עס גייען בײַ מיר די לימודים. איך האָב בעשום־אויפן ניט געקאָנט באַנעמען, וויאַזוי איז עס מעגלעך, וויאַזוי עס האָט געקענט אַזוי גיך בײַ איר זיך ענדערן די באַציִונג צו מיר. דאָס האָט מיך דערצאָרנט. און דאָך איז איר בריוועלע מיר געווען טײַער שוין דערפאַר, ווײַל יעדער אָס איז דאָרט אָנגעשריבן געווען מיט איר האַנט. איך האָב עס געלייענט און איבערגעלייענט און געקומען צום אויספיר, אַז שולדיק אין דעם, וואָס זי האָט מיר אַזוי טרוקן געענטפערט, בין איך אַליין, מײַן בריוו, וועלכער איז אָנגעשריבן געווען מיט פאַרדראָס. איך האָב באַשטימט אַנטשולדיקן זיך פאַר איר, אָנגעשריבן אַ האַרציקן, אַ לירישן בריוו, אָן קיין סימען פון באַליידיקונג, אָן קיינע שום פאַריבלען און פאַרדראָסן, געבעטן נאָר, ווען זי וועט האָבן צײַט, אָנשרײַבן מיר כאָטש עטלעכע ווערטער וועגן זיך — ווי גייען די לימודים, וואָס לייענט זי, וויאַזוי פאַרברענגט זי די צײַט, מיט וועמען באַגעגנט זי זיך, און צי בלײַבט איר כאָטש ווען־עס־איז אַ פרײַע מינוט אָף דערמאָנען זיך אָן יענע טעג און אָוונטן, ווען זי איז געווען אין שטעטל.

מיט האַרצפלאַטער האָב איך געוואַרט אָף אַן ענטפער. טאָג־אויס, טאָג־אײַן. קיין בריוו פון איר איז ניט געווען. איך האָב אָבער ניט געוואָלט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז זי האָט ניט געענטפערט. לײַכטער איז מיר געווען צו טראַכטן, אַז איר בריוו איז, מעגלעך, פאַרלוירן געגאַנגען, און עפשער האָט זי גאָר מײַן בריוו ניט באַקומען. מע האָט איר ניט אָפּגעגעבן. מאַלע וואָס עס קאָן טרעפן. איך האָב געבענקט, פאַרגעזעצט איר שרײַבן לאַנגע הייסע בריוו. נאָר ניט אָפּגעשיקט זיי. באַשלאָסן אין די ווינטער־קאַניקולן, וועלכע וועלן זיך אָנהייבן אין אַ פּאָר כאָדאָשים אַרום, צופאָרן כאָטש אָף עטלעכע טעג אין שטעטל. זי וועט דאָך געוויס קומען, דאָרט וועל איך זיך זען מיט איר. און איך האָב זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דעם. געקראָגן די ווערק, וועגן וועלכע זי האָט גערעדט מיט מיר: „די וואָך" לעבעדינסקיס, „טאַשקענט די ברויט־שטאָט" נעווערעאָווס, „ווירינייע" סייפולינעס, „קאָמסאָמאָליע" בעזימענסקיס, יעסענינס לידער. קיינמאָל האָב איך אַזויפיל ניט געלייענט, ווי איצט. אין די פרײַע שאָען פון די לימודים האָב איך זיך פאַרנומען מיט פיזקולטור, באַזוכט לעקציעס וועגן ציאָלקאָווסקין, אַסטראָנאָמיע, קאָסמאָס. שטודירט אַפילע מאַטעמאַטיק, פיזיק. איך האָב זיך געגרייט צו דער באַגעגעניש מיט איר, ווי צו אַן ערנסטן עקזאַמען.

און אָט, אין אַ שטילן ווינטערדיקן פאַרנאַכט בין איך מיט אַ טיאָכקענדיק האַרץ ווידער געקומען אין שטעטל. אַפן וועג האָב איך בײַ אָשערל באַלעגאָלע זיך דערוווּסט, אַז פיניע איז איצט אין שטעטל ניטאָ. מע האָט אים נאָכן שפּיטאָל געשיקט אין אַ סאַנאַטאָריע קיין קרים; בערל באַרבאַראַש איז אויך ניטאָ, ער איז אָף לאַנדווירטשאַפטלעכע קורסן ערגעץ הינטער אָרשע; זוזיע סורקיס האָט צעטרענצלט אַ גרויסע סומע מעלוכיש געלט און געפינט זיך איצט אין דער ראַיאָנער קוטוזקע. און קיינער פון די היגע סטודענטקעס און סטודענטן זײַנען דאָס מאָל ניט געקומען, אויסער ייִצכאָק פעוזנערס טאָכטער, יויכעוועד. זי איז דאָ. שוין באַלד אַ וואָך.

אָפּגעשטעלט האָב איך זיך בײַ דער אַלטיטשקער באַלעבאָסטע, וועלכע האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר, און בין באַלד אַרויס אָף דער אָוונטיקער הויפּט־גאַס מיט דער האָפענונג עפשער נאָך הײַנט זי באַגעגענען. די גאַס איז געווען ניט צו דערקענען. די הײַזער, די גאַנעקעס, די טראָטואַרן, די ביימער, די פאַרקנדלעך זײַנען אַרום־און־אַרום פאַרווייעט געווען מיט שניי. ס'האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט. מע האָט קיין לעבעדיקן מענטשן ניט געזען. איך בין זיך דורכגעגאַנגען עטלעכע מאָל אַרויף־ און אַראָפּ־גאַס, געווען בײַ דער פּאָטשט, בײַ דעם צוגעשלאָסענעם קלוב, בײַ דעם פײַערלעשער־טורעם, און נאָכדעם, ניט זײַענדיק אימשטאַנד זיך באַהערשן, האָב איך פאַרקערעוועט צו איר געסל. מיט פּאַמעלעכע, ניט זיכערע טריט זיך דערנעענטערט צו דער באַקאַנטער שטוב.

דורך די מיט שניי פאַרפּאַראָשעטע פענצטער האָט פון שטוב קוים אַרויסגעלויכטן אַ בלאַסע שײַן און ס'האָבן זיך דערטראָגן פון דאָרט צאַרטע קלאַנגען פון דער פּיאַנע. זי האָט געשפּילט. דאָס האַרץ איז בײַ מיר פאַרשטאַרבן געוואָרן. איך האָב ניט געקענט

זיך רירן פון אָרט. דער ווינט האָט געדרייט, געפּײַפט, אונטערגעברומט, געשמיסן מיטן שניי איבער דער דרויסן־טיר, איבער „אונדזער גאַנעקל״, ווי מיר — איך און יויכעוועד — האָבן עס דעמלט גערופן, איבער די פאַרפרוירענע פענצטער, געשמיסן מיר אין פּנים, אין די אויגן, און איך בין געשטאַנען. זיך צוגעהערט צו די רירנדיקע קלאַנגען, וועלכע זײַנען דורך דעם שניי־געווירבל דערגאַנגען צו מיר, געשטאַנען לאַנג, אַ פאַרקאַלייעטער, פון קאָפּ ביז די פּיס אַ פאַרפּאַראַשעטער מיט שניי, ביז זי האָט ניט אופגעהערט שפּילן און ס׳האָט זיך אויסגעלאָשן דאָס ביסל שײַן אין די פענצטער.

די וויוגע האָט לאַנג ניט געבושעוועט, דער ווינט האָט זיך צוביסלעך אײַנגעשטילט. עס האָבן זיך געשטעלט שיינע ווינטערדיקע טעג, ווונדערלעך־שטילע ליכטיקע אָוונטן. אַלע פאַרנאַכט האָט די יוגנט פאַרפולט די הויפּט־גאַס. מע האָט זיך געגליטשט אויף ליזשעס, אויף שליטלעך, שפּאַצירט, זיך געוואָרפן מיט שניי־גאָמלקעס. יויכעוועדן האָב איך ניט דאָ, ניט ערגעץ אַנדערש־ווו ניט באַגעגנט. ערשט אין אַ וואָך אַרום, ווען איך האָב שוין קימאַט פאַרלוירן די האָפענונג זיך צו טרעפן מיט איר, האָב איך, שפּאַנענדיק אין אָוונט איינער אַליין פאַרבײַ איר געסל, מיטאַמאָל זי דערזען.

— יויכעוועד! — האָב איך פאַר פרייד קימאַט ווי אויסגעשריִען.

זי איז געבליבן שטיין פאַרלוירן.

— סאָליאַ? ווי קומסטו אַהער? — האָט זי מיך פאַרוווּנדערט אָנגעקוקט.

— איך בין דאָ שוין העכער אַ וואָך... געוואָלט דיך זען... און דו... דו ווײַזט זיך גאָר ניט, — האָב איך צעטומלט אַרויסגעשטאַמלט.

— איך בין טאַקע זעלטן ווען אַרויס. געלייענט, — האָט זי זיך פאַרענטפערט.

— לאָמיר זיך איצט דורכגיין אַ ביסל, — האָב איך פאָרגעלייגט.

— איך קען איצט ניט. מע וואַרט אויף מיר אין דער היים, — האָט זי שטיל, ווי אַנטשולדיקנדיק זיך, געענטפערט.

— און מאָרגן?

— מאָרגן? — האָט זי איבערגעפרעגט, פאַריכטנדיק מיט די פינגער די פּאַסמעס גינגאָלדענע האָר, וואָס האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פון אונטער דעם ווײַסן וואָלענעם טיכל. — מאָרגן פאָר איך אַוועק.

— שוין? מאָרגן?! — איך בין געבליבן דערשטוינט. — מיט וועלכן צוג?

— מיטן פאַרנאַכטיקן. שוין צונויפגערעדט זיך מיט אָשערל באַלעגאָלע. דאָס גיי איך פון אים.

— אויב אַזוי, פאָר איך אויך מאָרגן. האָסט ניט קעגן? — האָב איך אַ זאָג געטאָן האַלב אין שפּאַס, האַלב ערנסט.

— זייער גוט. וועלן מיר פאָרן צוזאַמען, — האָט זי אַ שמייכל געטאָן, דערלאַנגענדיק מיר די פאַרפרוירענע פינגער.

— וואַרט נאָך צו אַ ווײַל, יויכעוועד, איך האָב דיך דאָך אַזויפיל צײַט ניט געזען. שטיי נאָך אַ ביסל, — האָב איך זי געבעטן.

— איך קען ניט, — האָט זי מיט האַרץ געזאָגט, אַ קוק געבנדיק מיר גלײַך אין די אויגן, — מאָרגן... מאָרגן וועלן מיר זיך זען...

זי איז אַוועק. איך בין געבליבן שטיין מיט אַ צעבויטעט האַרץ, נאָכגעקוקט איר, ביז זי איז פאַרשוווּנדן בײַ זיך אין געסל. דעמלט האָב איך זיך גלײַך געלאָזט גיין צו אָשערל באַלעגאָלע, צו וויסן געגעבן אים, אַז מאָרגן פאָר איך אויך צום פאַרנאַכטיקן באַן. צונויפגערעדט האָבן מיר זיך, אַז ער וועט פריִער פאַרפאָרן מיטן שליטן צו יויכעוועדן, נעמען זי, און נאָכדעם צו מיר.

די נאַכט האָב איך שוין מיט קיין אויג ניט צוגעמאַכט, זיך פאָרגעשטעלט, ווי איך זיץ שוין מיט איר, מיט יויכעוועדן, נאָענט, זייער נאָענט, איינס לעבן אַנדערן אין שליטן, נאָכדעם אין וואַגאָן, האַלט זי בײַ דער האַנט, זע איר ליכטיקן שמייכל, איר צאַרטן בליק, רייד מיט איר, איך האָב דאָך מיט איר אַזויפיל צו ריידן, אַזויפיל צו דערציילן, און נאָך פיל מער דאַרף איך זיך דאָך דערוויסן בײַ איר, זייער, זייער פיל זיך דערוויסן...

מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט אויף אָט דער מינוט. צו דער באַשטימטער צײַט איז אָשערל באַלעגאָלע צוגעפאָרן צו מײַן באַלעבאָסטעס שטיבל. יויכעוועד איז, צו מײַן גרויס באַוווּנדערן, אין שליטן ניט געווען. שמורכענדיק מיט דער נאָז, האָט אָשערל געזאָגט, אַז זי פאָרט ניט מיט אים. דער טאַטע איר ער, רעב ייִצכאָק פּעווזנער, האָט איבערגעטראַכט, זיך צונויפגערעדט מיט אַן אַנדער באַלעגאָלע, מיט סימכע דעם רויטן. רעב ייִצכאָק פּעווזנער פאָרט אויך צום וואָקזאַל, באַגלייטן זײַן מיזינקע. און אים, דעם גאַבע, שטייט, קאָנטיק, ניט אָן זיך זעצן אין איין שליטן מיט אַ קאָמסאָמאָליעץ.

פון דער נײַס איז מיר געוואָרן קאַלעמוטנע אפן הארצן. איך האָב אָבער שוין גאָרנישט ניט געקאָנט ענדערן. ס׳איז מיר געבליבן זיך טרייסטן מיט דעם, אז דערפאר וועלן מיר אין צוג שוין פאָרן צוזאמען.

אומגעפער אף העלפט וועג, שוין נאָענט פון דעם מיט שניי באדעקטן סאָסנע־וועלדל, האָט פון הינטער אונדז זיך דערטראָגן דאָס האסטיקע קלאפן פון פערדישע טלאָען.

— דאָס פאָרן זיי, — האָט אָשערל געזאָגט, באלייגנדיק מיט א קלאָלע סימכע דעם רויטן, וועלכער רײַסט בא אים ארויס דעם ביסן ברויט פון מויל.

איך האָב געכאפּט א קוק, דערזען אינעם אָניאָגנדיקן שליטן יויכעוועדן און לעבן איר אן עלטערן מענטשן מיט א שײנער גראָווער באָרד. ס׳איז געווען איר טאטע. אופהייבנדיק א שניי־געווירבל, האָט דער שליטן האסטיק זיך דורכגעטראָגן, אריבערגעיאָגט אונדז, און א ווײַלע ארום זיך ארײַנגעשניטן אין וועלדל און פארשוווּנדן.

מיר זײַנען געקומען היפּש שפּעטער פון זיי. ווען איך בין ארײַן אין דעם קלײנינקן גוט אָנגעהייצטן וואָקזאלכל, האָב איך דאָרט ניט געטראָפן ניט זי, ניט איר טאטן. יויכעוועד האָט שוין, קאָנטיק, געהאט גענומען א בילעט און זיי זײַנען ערגעץ אוועק. געמיינט האָב איך נעמען א בילעט צוזאמען מיט איר, נאָר וויבאלד עס האָט זיך ניט באקומען, האָב איך געבעטן א בילעט אין א באליביקן וואגאָן, — אלע זעקס וואגאָנעס אין דעם צוג, וואָס איז געגאנגען בלויז ביז מינסק, זײַנען דעמלט געווען ניט קיין פּלאצקארטנע.

אין דושנעם וואָקזאלכל איז אויסער מיר קיינער ניט געווען. ס׳האָט מיך געצויגן אין פארנאכטיקן פרישן דרויסן. נאָר איך בין ניט ארויס. ס׳זאָל ניט מאכן קיין אײַנדרוק, אז איך זוך זי. איך האָב זיך צוגעזעצט לעבן דעם וואָקזאל־פענצטער, וואָס האָט ארויסגעקוקט אף דער פּלאטפאָרמע. באשטימט צוווארטן דאָ, ביז מע וועט דערלאנגען דעם צוג. פונדאנען וועל איך זען, אין וועלכן וואגאָן זי וועט זיך זעצן.

אין דרויסן האָט אָנגעהויבן שיטן א שטילער, זייער א לײַכטער שניי, א ציכטיק קלאָרער, ווי דאָס ערשטע געפיל. כ׳האָב דורכן פענצטער געזוכט מיט די אויגן יויכעוועדן און אין א ווײַלע ארום דערזען זי שפּאצירן מיטן טאטן אף דער פּלאטפאָרמע. זיי זײַנען ניט געײַלט געגאנגען הין און צוריק אונטער דעם שטיל־שיטנדיקן שניי, ניט דערנעענטערנדיק זיך צום וואָקזאלכל. ער האָט, קאָנטיק, ניט געוואָלט, אז זי זאָל מיך זען, אז זי זאָל זיך באגעגענען מיט מיר. „שפּאצירט זיך, שפּאצירט געזונטערהייט, — האָב איך זיך געטראכט, — אָט באלד וועט איר זיך געזעגענען, יויכעוועד וועט ארײַן אין וואגאָן, און ווי נאָר דער צוג וועט זיך רירן, וועל איך גלײַך אריבערגיין צו איר".

מיט א שטילן סאָפּען איז אָנגעקומען דער צוג צו דער פארשנייטער פּלאטפאָרמע. די פּאסאזשירן האָבן זיך אָנגעהויבן ארײַנזעצן אין די וואגאָנעס. איך האָב געזען, ווי יויכעוועד, אינעם ווײַסן פוטערל און אין א פוכיק ווײַס היטעלע, איז לײַכט ארויף אף די טרעפּלעך און ארײַן אין דריטן וואגאָן. דער טאטע אירער, וועלכער האָט זי באגלייט מיטן טשעמאָדאן אין האנט, איז ארײַן נאָך איר. איך האָב גלײַך אוועקגעײַלט צו מײַן פינפטן וואגאָן. אינווייניק בין איך ניט ארײַן, געבליבן שטיין אין טאמבור, ארויסגעקוקט פון דאָרט, געווארט, אז דער טאטע אירער זאָל שוין ארויסגיין.

דער דעזשורנער האָט געגעבן דעם ערשטן קלונג אין גלאָק, וואָס איז געהאנגען בא דער וואָקזאל־טיר, אין א ווײַלע ארום — דעם צווייטן, נאָכדעם דעם לעצטן, דעם דריטן. עס האָט זיך דערטראָגן א הייזעריקער פײַף פונעם לאָקאָמאָטיוו, א גרילצנדיקער ליאזג פון די בופערס, און דער צוג איז אוועק. איר טאטע איז ניט ארויס. אף אזוינס האָב איך זיך שוין לאכלוטן ניט געריכט. איך בין געווען אויסער־זיך און ניט אָנגעהויבן וויסן וואָס צו טאָן. מיך האָט אָפּגעטיילט פון איר בלויז איין וואגאָן, נאָר ארײַנגיין צו איר איצט, ווען דער טאטע איז דאָרטן, איז ניט שײַעך געווען. פארבליבן איז איין האָפענונג: עפשער וועט ער אראָפּשטײַגן אף אײַנער פון די קומענדיקע סטאנציעס. איך האָב געהערט, אז זיי האָבן דאָ ערגעץ געהאט נאָענטע קרויווים. איך בין געשטאנען אינעם קאלטן טונקעלן טאמבור. יעדעס מאָל, ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָב איך ארויסגעקוקט, געווארט, אז אָט־אָט וועט יויכעוועדס טאטע זיך ווײַזן אף די טרעפּלעך. ער האָט זיך ניט געוויזן.

קיין מינסק איז דער צוג אָנגעקומען שוין שפּעט אין אָוונט. ארום־און־ארום דעם וואָקזאל איז געווען ליכטיק פונעם שניי, פון דער פולער לעוואָנע און פון די לאמטערנס. איך האָב געזען, ווי יויכעוועד איז ארויס פון וואגאָן, געבליבן שטיין, זיך אומגעקוקט אף רעכטס, אף לינקס, ווי זי וואָלט געזוכט עמעצן, און באלד אוועקגעײַלט נאָכן טאטן צו דעם לעבנגראדער צוג, וועלכער איז געשטאנען אף דער צווייטער פּלאטפאָרמע. איך האָב געוואָלט כאָטש נאָך א ווײַלע, זאָל זײַן אפילו פונדערווײַטן זען זי, און בין אויך אריבער אף דער דערבײַיקער

פלאַטפאָרמע. דער צוג האָט שוין געהאַלטן באַם אָפּגיין. עס האָט אָפּגעהילכט דער דריטער קלונג. זי האָט זיך געזעגנט מיטן טאַטן, אַרויף מיטן טשעמאָדאַן אויף די טרעפּלעך, און דער צוג האָט זיך גערירט. שטייענדיק בײַ דער אָפֿענער טיר, האָט זי, דוכט זיך, מיך דערזען, אַ פאָכע געטאָן מיט דער האַנט און פאַרשוווּנדן אין וואַגאָן.

איך בין אַ ווײַלע נאָכגעגאַנגען דעם זיך דערווײַטערנדיקן צוג, און נאָכדעם, שוין אומקערנדיק זיך, האָב איך דערזען איר טאַטן. אַ מידער, אַ שטאַרק פאַרזאָרגטער, איז ער מיט פאַמעלעכע טריט אַרײַן אין וואָקזאַל, קאָנטיק, קעדיי אָפּוואַרטן דאָרט אויפֿן פאַרטאָגיקן צוג, מיט וועלכן ער וועט זיך קאָנען אומקערן אַהיים אין דער ווינטערדיק פאַרשנייטער שטוב. און איך בין מיט שווערע טריט אַוועק מיט דער שטילער קאַרל־מאַרקס־גאַס צו זיך אין צוזאַמענוווינונג, אַ באַהערשטער פון אַ הייסן פאַרלאַנג צו אַריבערפירן זיך קיין לענינגראַד, זײַן מיט איר כאָטש אין איין שטאָט.

צום נײַעם לערניאָר איז מײַן פאַרלאַנג פאַרווירקלעכט געוואָרן. אָנגעקומען איז עס ניט גרינג. איך האָב זיך געגרייט טאָג און נאַכט, אָפּגעגעבן אַלע עקזאַמענעס און בין אָנגענומען געוואָרן אַלס סטודענט פון דער לענינגראַדער קאָנסערוואַטאָריע, אויפֿן אָרקעסטער־פאַקולטעט, קלאַס וויִאָלאָנטשעל. איצט האָב איך געלעבט אין איין שטאָט מיט איר.

די צוזאַמענוווינונג אונדזערע האָט זיך געפונען אויף באָלשאָי פּראָספּעקט, ניט ווײַט פונעם אוניווערסיטעט, וווּ זי, יוכעוועד, האָט זיך געלערנט. פונעם געדאַנק, אַז זי איז נאָענט, אין־גאַנצן דרײַ קוואַרטאַלן פון מיר, איז מיר שוין געווען גוט אויפֿן האַרצן. ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ שטיקל פרײַע צײַט, בין איך געגאַנגען אין ערמיטאַזש, אין פּושקין־מוזיי, אין פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג, אין ווינטער־פּאַלאַץ, אין סמאָלני. און וווּ איך בין ניט געווען, וווּהין איך בין ניט געגאַנגען, האָב איך געהאַלטן אין איין אַרומקוקן זיך, עפּשער וועל איך באַגעגענען יוכעוועדן. איך בין בעקיוון אָפּט געגאַנגען פאַרבײַ דעם אוניווערסיטעט, אַרײַן אַפילו אינעווייניק. דאָרט איז געווען פול מיט סטודענטן און סטודענטקעס, נאָר יוכעוועדן האָב איך צווישן זיי ניט געזען. אַזוי זײַנען אַדורך דרײַ כאַדאָשים. וואַרטן אויף אַ צופעליקער באַגעגעניש מיט איר בין איך שוין מער ניט אימשטאַנד געווען. דורך דער ספּראַוואָטשנע האָב איך זיך דערוווּסט דעם נומער פון איר שוועסטערס טעלעפאָן און אָנגעקלונגען. דאָס טרײַבל האָט גענומען, קאָנטיק, די שטוב־אַרבעטערן. זי האָט געזאָגט, אַז יוכעוועד וווינט שוין ניט בײַ זיי, זי האָט זיך געדונגען אַ צימערל בײַ אַ באַלעבאָסטע אויף דער אַכצעטער ליניע, און האָט מיר גערן געגעבן יוכעוועדס נײַעם אַדרעס. פון טאָג צו טאָג האָב איך זיך געקליבן צוגיין צו איר און אָפּגעלייגט. ענדלעך, אין אַ שטילן שנייִקן פאַרנאַכט האָב איך אָנגעטאָן מײַן נײַעם, אַ ביסל צו ברייטלעכן אָנצוג, דעם איבערגעניצעוועטן מאַנטל און אַוועק אויף דער אַכצעטער ליניע. מיט אַן אומרויִק האַרץ האָב איך אָפּגעזוכט דאָס הויז, וואָס האָט זיך געפונען טיף אין אַ גרויסן הויף, זיך אויפגעהויבן אויפֿן דריטן שטאָק, איבערגעכאַפּט דעם אָטעם און אָנגעקלונגען. געוואָלט האָט זיך מיר אין דער מינוט איין זאַך: איך זאָל זי טרעפן איינע אַליין. געעפנט האָט ניט זי, — די באַלעבאָסטע, זי האָט מיך דורכגעפירט דורך אַ גע־דרייטן שוואַך־באַלויכטענעם קאָרידאָר און אָנגעוויזן אויף אַ זײַטיקער שמאָלער טיר.

איך האָב שטיל אָנגעקלאַפּט.

— ביטע, — האָט פון יענער זײַט טיר זיך דערטראָגן איר, יוכעוועדס, שטים.

מיט אַ פלאַטערדיק האַרץ האָב איך געעפנט די טיר, דערזען זי, געמאַכט אַ ניט זיכערן טראָט און געבליבן שטיין. יוכעוועד, וועלכע איז געזעסן בײַ אַן אַלטמאָדיש טישל, אַרומגע־לייגט מיט ביכער, האָט עטוואָס אַ קער געטאָן דעם ליכטיקן קאָפּ מיט די גינגאָלדענע לאָקנס, מיך אָנגעקוקט אַזוי, ווי זי וואָלט ניט פאַרשטאַנען, ווער דאָס איז, און מיטאַמאָל, אויפהייבנ־דיק זיך, פאַרוווּנדערט, אָן איבעריקער פרייד, אַ פרעג געטאָן:

— סאָליאַ?.. דו?..

איך בין געשטאַנען און פאַרלוירן געקוקט אויף איר.

מיט לײַכטע טריט איז זי צוגעגאַנגען נעענטער צו מיר, דערלאַנגט די קילבלעכע האַנט און עטוואָס פאַרטראַכט צי פאַרזאָרגט געפרעגט, ווי קום איך צו זײַן אין לענינגראַד און פונוואַנען ווייס איך איר איצטיקן אַדרעס. איך האָב איר געזאָגט, אַז דעם אַדרעס האָט מיר געגעבן דורכן טעלעפאָן איר שוועסטערס שטוב־אַרבעטערן, און אַז איך בין שוין העכער דרײַ כאַדאָשים דאָ, אין לענינגראַד, כ'האָב אויסגעהאַלטן די עקזאַמענעס, לערן זיך אין קאָנסערוואַטאָריע און ווױן אין אַ צוזאַמענוווינונג אויף באָלשאָי פּראָספּעקט זייער נאָענט פונדאַנען.

— גאָר אַזוי? — האָט זי אַ זאָג געטאָן, און ס'איז צו זען געווען, אַז דאָס, וואָס איך האָב איר דערציילט, איז איר ווייניק וואָס אָנגעגאַנגען. ענדלעך האָט זי זיך דערמאָנט צו פאָרלייגן

מיר זיך זעצן, וויַזנדיק אפן געפּלאָכטענעם בענקל, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל באַם קיַילעכיקן קליינעם טישל. זי האָט ארויסגענומען פון אַלמערל און אוועקגעשטעלט אפן קלאָר־וויַסן טישטעכל א טעלער מיט קיכעלעך, צוגעשיקטע, קאַנטיק, פון דער היים, און עטלעכע אַנטאָנאָווער עפּל, א מעסער. בעשאַסמיַיסע א פרעג געגעבן, אף וועלכן פאַקולטעט איך בין אַנגענומען געוואָרן, אף וואָס פאַר אַן אינסטרומענט שפּיל איך, ווער עס איז מיַין פּעדאַגאָג. באַלד נאָך דעם האָט זי, אומקוקנדיק זיך צו איר טישל, געזאָגט, אז זי גרייט זיך צו א וויסנ־שאַפטלעכער סעסיע, אף וועלכער זי איז באַופטראָגט צו לייענען א פּאַרטראָג. דעריבער זאָל איך זי אַנטשולדיקן, זי קאָן מיר פּאָרלייגן א פרישן נומער פונעם זשורנאַל „סמענא״, דאָרט איז אָפּגעדרוקט אַן אינטערעסאַנט אַרטיקל וועגן יאָסיף אוטקינס פּאָעמע „ריזשי מאָטעלע״, אויב איך וויל, ביטע, קען איך עס דאָ איבערלייענען.

און זי האָט מיר דערלאַנגט דעם זשורנאַל.

מיר איז שוין קלאָר געווען, אז איך גיי איר איצט ניט אָן און איך מעג זיך בימכילע אופהייבן און אוועקגיין. נאָר אוועקגיין אָט אזוי, שוין, גליַיך, האָט ניט געפּאַסט. ס׳וואָלט געהייסן, אז איך האָב זיך באַליידיקט. און אויסזען אין אירע אויגן, ווי א באַליידיקטער, — דאָס האָב איך ניט געוואָלט. האָב איך זיך געמאַכט האַרץ און אפילע מיט צופרידנקיַיט גע־זאָגט, אז דאָס אַרטיקל וועגן „ריזשי מאָטעלע״ אינטערעסירט מיך בעפּיירעש און איך וועל מיט פאַרגעניגן זיך באַנוצן מיט דער מעגלעכקיַיט איבערצולייענען עס טאַקע באַלד.

זי האָט זיך געזעצט צוריק צום טישל מיט די ביכער, זיך גליַיך פאַרטיפט אין זיי, און איך האָב א בלעטער געטאָן דעם פרישן נומער „סמענא״, געפונען דאָס אַרטיקל, נאָר אפילע קיין איינציקע שורע ניט אימשטאַנד געווען איבערצולייענען. איך האָב לעפּאָנעם וועגן גע־האַלטן דעם זשורנאַל אין די הענט און געקוקט אף איר, אף מיַין גליקלעך־אומגליקלעכער ליבע. זי איז געווען וווּנדערלעך שיין, מעכטיַידיק, פונקט ווי דעמלט, ווען איך האָב זי צום ערשטן מאָל שאַבעס פאַרנאַכט דערזען אפן שפּאַציר אין דעם גרענעץ־שטעטל, פונקט אזוי, ווי איך האָב זי געזען אויך דאָס לעצטע מאָל. מאָלע־כיין. אָנגעטאָן באַשיידן. מיט געשמאַק. אין א דין בלוזקעלע און בלאָוו־געקעסטלטן קליידל. לויט דער פיגור, ווי אויסגעגאָסן אף איר. דאָס קליינע ציכטיקע צימערל איז מעבלירט געווען אויך באַשיידן. אין ווינקל — א שמאָל הילצערן בעטל, באַדעקט מיט א בלאָנקענדיקער קאָפּע. דאָס איינציקע פענצטער, וואָס האָט ארויסגעקוקט אין הויף, — פאַרהאַנגען ביז העלפט מיט א קלאָר־וויַסן פּאַרהענגל. די עטאַזשערקע לעבן איר טישל — אָנגעשטאָפּט מיט ביכער און זשורנאַלן, און איבער דעם — א קליין קיַילעכדיק שפּיגעלע און צוויי פּאָרטרעטן: ציַאָלקאָוור־סקי און יעסענין. און גאָר. דאָס צימערל און אַלץ, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם, איז מיר געווען ליב. און דעריקער — זי, יויכעוועד. נאָך פּיל ליבער, ווי פריִער. נאָר זי האָט אף מיר זיך ניט אומגעקוקט. געווען איַנגאַנצן אריַינגעטאָן אין די ביכער. מיט קיין האַלב וואָרט צו מיר זיך ניט געווענדט, גאָרנישט ניט געפרעגט, גאָרנישט ניט געזאָגט, ווי איך וואָלט דאָ ניט געווען, ווי איך וואָלט ניט געזעסן דערביַי, אַנדערהאַלבן טריט פון איר. איך בין געווען פון דעם דערשטוינט, פאַרלויִרן, בעשום־אויפן ניט געקאָנט פאַרשטיין, באַנעמען, באַגריַיפן, ווי איז עס מעגלעך אזוי זיך ענדערן, אזוי פאַרפרעמדט ווערן. צי דען האָט זי לאַכלוטן אַלץ פאַרגעסן, פאַרגעסן יענע וווּנדערלעכע זוניקע טעג און קישעפדיקע בלויע אָוונטן, ווען מיר, פאַרליבטע, האָבן צוזאַמען פאַרבראַכט אזוי שיין די זומער־קאַניקולן אין דעם אויסטערלישן שטעטל? צי דען איז בא איר גאָרנישט ניט פאַרבליבן אין האַרצן פון אונדזער ערשטער אומגעריכטער און פריידיקער באַגעגעניש בעשאַס דעם שלאַקסרעגן אפן גאַנעקל פונעם היל־צערנעם פיַיערלעשער־טורעם, פון אונדזער שפּאַציר איבער די באַזילבערטע פון דער לעוואָ־נע־שיַין ריַיפוּוערנדיקע פעלדער, איבער דער גריַינענדיקער לאָנקע בא דעם גרענעץ־טיַיך, איבער דער אופגעלעבטער שטעטלדיקער הויפּט־גאַס? צי דען האָט זיך איר אפילע ניט פאַר־געדענקט יענע שטורמישע נאַכט, ווען פיַיערדיקע בליצן האָבן געצונדן דעם שוואַרץ־פאַר־כמאַרעטן הימל, דעם גאַנצן אַרום, ווען איבערן קאָפּ האָט אָן אופהער געדונערט, און מיר ביידע, צוגעטוליעטע איינס צום אַנדערן, אַרומגערינגלטע פון די רוישנדיקע קליאַנען, זיַינען געזעסן בא איר אפן גאַנעקל און זיך געקושט, געקושט, ביז עס האָט אָנגעהויבן גרויען אף טאָג? צי דען האָט זיך אָט דאָס אַלעס, אָט די־א וווּנדערלעכע שיינקיַיט, די דינסטע, איידלסטע געפילן, וואָס האָבן פאַרפולט אונדזערע ווענס, — צי דען האָט אויך דאָס זיך לאַכלוטן אויס־געוועפּט פון איר האַרצן? ווי קאָן עס זיַין? ס׳איז דאָך אומעגלעך אזוינס פאַרגעסן, ניט נאָר אין א יאָר צי אין אַנדערהאַלבן יאָר אַרום, — דאָס גאַנצע לעבן! פאַר מיר זיַינען יענע טעג פאַרבליבן, ווי די שענסטע, גליקלעכסטע, זיי האָבן זיך פאַרהיט מיט אַלע פאַרבן, מיט אַלע קלאַנגען, מיט אַלע גערוכן. איך האָב געדענקט יעדעס וואָרט אירס, איר בליק, איר שמייכל.

איר שטעל, איר גאנג, איר רויִקע באדאכטקייַט און אופגעפלאמטע אומרויִקייַט. יעדע מינדסטע קלייניקייַט אפילע, וואָס איז געווען פארבונדן מיט איר, וואָס האָט געהאט א שייַכעס צו איר, האָב איך פארהיט אין מייַן זיקאָרן, איז פארבליבן אין מיר אָף שטענדיק, אָף אייביק, ווי אן אומגעהייער רייַכער, אומטיילבארער פארמעגן, וואָס געהערט נאָר מיר, מיר איינעם אָף דער גאָרער וועלט. לאנג האָב איך געטרוימט, געווארט אָף אָט דעם טאָג, ווען איך וועל זיך סאָפקאָלסאָף באגעגענען מיט איר. איך האָב געהאט איר אזויפיל צו זאָגן, צו דערציילן און געוואָלט זיך אזויפיל דערוויסן וועגן איר — אי וועגן איצט, אי וועגן דעמלט. וואָס איז געשען? פארוואָס איז זי אזוי פלוצלינג, אפילע ניט געזעגענענדיק זיך מיט מיר, אוועקגעפאָרן? פארוואָס האָט זי מיר ניט געענטפערט אָף מייַן בריוו? איך האָב איצט שוין גאָרנישט ניט פארלאנגט פון איר, איך האָב געוואָלט זי נאָר פארשטיין. נאָר וויסן די סיבע פון דעם אלעם. נאָר מיט יעדער מינוט האָב איך זיך אלץ מער איבערצייַגט, אז איך האָב אפילע ניט וואָס צו האָפן, אז איך זאָל איצט כאָטש עטוואָס זיך דורכריידן מיט איר. זי איז געווען אינגאנצן פארטאָן אין די ביכער און האָט, מעגלעך, אפילע פארגעסן, אז איך זיץ דאָ בא איר אין צימער. דאָס האָט מיך אָנגעהויבן א ביסל באליידיקן. איך האָב אוועקגעלייגט דעם זשורנאל און, א רוק געבנדיק דאָס בענקל אזוי, אז זי זאָל דערהערן, זיך אופגעהויבן.

— גייסט אוועק? — האָט זי, אומקוקנדיק זיך, מיט א מאָדנער גלייַכגילטיקייַט א פרעג געטאָן.

— איך מוז, צום באדויערן, שוין גיין. איך דארף זיך דאָך אויך גרייטן צו די לימודים, — האָב איך, אָן א סימען פון פאריבל, זייער רויִק געענטפערט.

— און דאָס ארטיקל איז אינטערעסאנט, איאָ? — האָט זי מיט נייַגער, ווי דאָס וואָלט איר זייער אָנגעגאנגען, א פרעג געטאָן, אופהייבנדיק זיך פון טישל.

— דאָס ארטיקל האָב איך אפילע ניט אָנגעהויבן לייענען, — האָב איך זיך מודיע געווען.

זי האָט פארווונדערט א קוק געטאָן אָף מיר און געזאָגט:

— אויב דו ווילסט, קענסטו נעמען דעם זשורנאל מיט זיך. לייען פונדעסטוועגן איבער. ס'איז קעדייַ.

איך האָב זי באדאנקט.

— קענסט האלטן דעם זשורנאל וויפל דו וועסט וועלן. איך האָב אים שוין דורכגעלייענט, — האָט זי געזאָגט, ארויסבאגלייטנדיק מיך דורך דעם האלב־טונקעלן קאָרידאָר.

אין דעם אָוונט האָב איך שוין צו די לימודים זיך ניט געגרייט. איך האָב זיך ארומגעדרייט איינער אליין, איבער די פארשנייטע שטאָטישע גאסן. א פארקאָלייעטער מיט א ביטער געפיל, אז איך האָב אין מעשעך פון די אָנדערהאלבן יאָר, זינט איך האָב זי באגעגנט, זיך אליין גענארט, און ווילנדיק — ניט־ווילנדיק, בין איך געקומען צום אויספיר, אז איך דארף זיך אָנעמען מיט קויכעס און פארגעסן אָן איר, ניט גיין מער צו איר, ניט דערנידעריקן זיך.

„נו, גוט, איך וועל ניט גיין, — האָב איך אין א רעגע ארום אייַנגעטייַנעט מיט זיך, — אָבער דעם זשורנאל דארף איך דאָך איר אומקערן. איך וועל ארייַן נאָך איין מאָל, איין־איינציק מאָל. אָף עטלעכע מינוט. ניט מער. און גאָר”. — און ס'איז מיר א ביסל לייַכטער געוואָרן.

אין צוזאמענוווינונג האָב איך זיך אומגעקערט שפעט באנאכט, באלד איבערגעלייענט דאָס ארטיקל. דעם זשורנאל האָב איך באשטימט דערווייַל, קאָלזמאן זי גרייט זיך צו דער סעסיע, ניט אָפטראָגן.

ערשט אין עטלעכע וואָכן ארום, נאָך דעם, ווי איך האָב געראָטן אויסגעפילט אָפן וויִאָלאָנטשעל מענדעלסאָנס „סאָנאטע רע מאזשאָר” און באקומען אומגעריכט פאר איר גאָר א הויכע אָפשאצונג פונעם פראָפעסאָר, האָב איך, א דערמוטיקטער, זיך געלאָזט גיין אָף דער אכצנטער ליניע. געפינענדיק זיך שוין לעבן הויז, ווו זי האָט געוווינט, האָב איך אָנגעהויבן סאָפעקן, צי זאָל איך ארייַנגיין, צי עפשער טאקע ניט ארייַנגיין. עפשער גאָר אָפשיקן דעם זשורנאל מיט דער פאָטשט. וויבאלד איך גיי איר ניט אָן, זאָל זי זען, אז זי גייט מיר אויך ניט אָן. זי איז מיר אָבער יאָ אָנגעגאנגען. זייער אָנגעגאנגען. און איך האָב, סטארענדיק זיך צוימען די אומרויִקייַט, וואָס האָט מיך באהערשט, זיך אופגעהויבן צו איר אָפן דריטן שטאָק.

— האָסט געבראכט דעם זשורנאל? — האָט זי פארווונדערט געפרעגט, ווען איך בין ארייַן. — געקענט אים איבערלאָזן בא זיך. איך האָב אים דאָך שוין איבערגעלייענט. — און, צונויפלייגנדיק די ביכער אָפן טישל, פאָרגעלייגט, אויב איך אייַל זיך ניט, זיך צוזעצן אָף א ווייַלע. זי האָט איצט פרייַ א פופצן מינוט און איז גערן אויך א ביסל אָפרוען. מיר האָט זי דערלאנגט דאָס געפלאָכטענע בענקל, אליין זיך צוגעזעצט אָפן טאבורעט אנטקעגן באם קייַלעכדיקן טישל.

— ס'איז מיר עפעס קילבלעך, — האָט זי א זאָג געטאָן און אָנגעטאָן אָף דער דינער

בלוזקע א בלאָווע קאָפּטע. איך האָב די קאָפּטע גלײַך דערקענט. סאיז געווען די זעלבע, מיט וועלכער זי פלעגט מיר צודעקן די אקסלען, בעשאס מיר זײַנען געזעסן אין די קילע פאַרטאָגן בא איר אפן גאנעקל. פאַרשפּיליענדיק די קנעפּלעך אף דער קאָפּטע, האָט זי מיט א זעלטענער רויִקײַט, ווי פאַשעט בא א געוויינלעכן באקאנטן, זיך גענומען פאַנאַנדערפרעגן, ווי געפעלט מיר לענינגראַד, אין וועלכע מוזייען בין איך שוין געווען, אף וועלכע אויסשטעלונגען, וואָס פאַרא אינטערעסאנטע ווערק האָב איך געלייענט די לעצטע צײַט, געייצעט מיר איבערלייענען מיכאַיל סוועטלאָווס נײַע לידער און דאָוויד בערגעלסאָנס „נאָך אלעמען". זי האָט די ביכער. זי קען זיי מיר געבן. געזאָגט, אז איר טרוים איז איצט זען בולגאַקאָווס „דני טורביניך" און ביל־בעלאָצערקאָווסקיס „שטאָרם". נאָר זי איז שוין לאנג ניט געווען ניט בלויז אין טעאטער, נאָר אפילע אין דער פילהארמאָניע אף די סימפאָנישע קאָנצערטן, אָן וועלכע זי קאָן פאַשעט ניט לעבן. ניטאָ קיין פרײַע מינוט. ניט לאנג צוריק געגרייט זיך צו איין וויסנשאפטלעכער סעסיע, איצט גרייט זי זיך צו א צווייטער, נאָך א מער פאַראנטוואָרטלעכער, — וועגן די גרונט־פרינציפּן פון אלבערט איינשטיינס רעלאַטיוויטעט־טעאָריע. עס נעמען בא איר צו צײַט אויך די שטונדן פון העכערער מאטעמאטיק, וועלכע זי גיט דער באלעבאָסטעס טעכטערל און נאָך עטלעכע יונגע סטודענטקעס. קיין סטיפּענדיע באקומט זי דאָך ניט, און זיצן אף דער שוועסטערס קעסט וויל זי ניט. זי דאַרף ניט קיין סאך. דער קנאַפּער פאַרדינסט קלעקט איר אף דורכלעבן זיך, און זי שפּאָרט נאָך עפּעס אָפּ אף שיקן די עלטערן. איך האָב מיט באווּנדערונג געקוקט אף איר, זיך געשפּיגלט אין איר, מיט פאַרגעניגן געהערט זי. מיר איז געווען גוט שוין דערפון, וואָס זי דערציילט מיר כאָטש עפּעס־וואָס וועגן זיך, וואָס זי זיצט אזוי נאָענט אנטקעגן מיר, רעדט מיט מיר. און זי, אָן אופגעלעבטע, האָט גערעדט וועגן פאַרשיידנס און קיין איין מאָל אפילע נישט דערמאָנט ניט דאָס שטעטל, ניט יענע זומערדיקע כאַדאָשים, ווען זי און איך זײַנען געווען דאָרט, ניט יענעם ווינטערדיקן פאַרנאכט, ווען מיר זײַנען אף באזונדערע שליטנס געפאָרן צו דער גרענעץ־סטאנציע און נאָכדעם אין פאַרשיידענע וואגאָנעס ביז מינסק... מיט קיין איין וואָרט ניט. גאָרניט, ווי דאָס אלץ איז גאָר קיינמאָל ניט געווען. איך האָב עס ניט געקאָנט באנעמען, פאַרשטיין. נאָר איך האָב איר גאָרנישט ניט געזאָגט. ניט געפרעגט.

אינגיכן האָט זיך צעקלונגען דאָס טיר־גלעקל. עס זײַנען געקומען אירע שוין דערוואקסענע שילערנס. איך האָב אײַליק זיך געזעגנט און בין גלײַך אוועק, פאַרגעסנדיק נעמען סוועטלאָווס לידער און בערגעלסאָנס „נאָך אלעמען", וועלכע זי האָט צוגעזאָגט מיר געבן. ס'איז מיר געווען א שאָד, מיך האָט אָבער געפרייט שוין דאָס אליין, וואָס זי האָט מיר פאַרגעלייגט נעמען בא איר אָט די ביכער. ווען זי וואָלט ניט וועלן, איך זאָל קומען צו איר, וואָלט זי דאָך ניט פאַרגעלייגט. און איך פלעג פון צײַט צו צײַט, בעקיוון ניט איבעריקס אָפּט, קעדיי איר ניט דערעסן, — איין מאָל אין צוויי אָדער אין דרײַ וואָכן, — ווידער ארײַנגיין צו איר. פאַרנאכט, געוויינלעך, נאָך די לימודים אין קאָנסערוואטאָריע. טרעפן פלעג איך זי שטענדיק איינע אליין באם טישל ארומגערינגלט מיט קאָלערליי לערנביכער פון העכערער מאטעמאטיק, פיזיק, אסטראָנאָמיע, לערנביכער פון אזעלכע קעגנשטאנדן, אין וועלכע איך האָב קימאט קיין אנונג ניט געהאט. שטענדיק איז זי געווען אָנגעטאָן אין דעם ציכטיקן ווײַסינקן דינינקן בלוזקעלע און אין בלאָוו־געקעסטלטן קליידל, אָן אקוראט פאַרקעמטע, עטוואָס א פאַרטראכטע, א פאַרזאָרגטע. זי פלעגט אף איין און דעם זעלבן אויפן פאָרלייגן, אויב איך אײַל זיך ניט, זיך צוזעצן אף א ווײַלע, געגעבן עטלעכע לעצטע זשורנאלן, צוגעזאָגט מיר ניט שטערן, געבעטן אנטשולדיקן און זיך ווידער פאַרטיפט אין די לערנביכער. עס פלעגט דורכגיין אמאָל א שאָ און אמאָל מער, און זי האָט זיך אף מיר קיין איין מאָל ניט אומגעקוקט, קיין איין וואָרט מיט מיר ניט אויסגערעדט. זי איז געווען אינגאנצן ארײַנגעטאָן אינעם לערנען. איך האָב זיך געסטאַרעט מיט גאָרנישט ניט שטערן. געזעסן שטיל, געקוקט אף איר און געהאלטן אין איין טראכטן: צי דען איז דאָס יענע יויכעוועד, וועלכע פלעגט יעדן אָוונט וואַרטן אף מיר, האָט מיט אזויפיל צאַרטקײַט זיך געטוליעט צו מיר, ביז די זון־אופגאנגען זיך געקושט מיט מיר, געהאט אזויפיל צו ריידן מיט מיר, אז עס האָבן אף דעם נישט געקלעקט ניט די אָוונטן, ניט די נעכט? איך האָב אלץ ניט געקענט באגרײַפן, ווי קאָן מען זיך גאָר אזוי ענדערן, אזוי פאַרפרעמדט ווערן, אזוי זיך דערווײַטערן. דאָס האָט מיך ניט אופגעהערט צו מאטערן, ס'האָט מיך גענאָגט, געווייטעקט. און גלײַכצײַטיק בין איך געווען גליקלעך, וואָס איך זיץ בא איר אין צימערל, וואָס איך זע זי, קוק אף איר, וואָס איך עטעם איין לופט מיט איר. יעדע מינוט, וואָס איך בין געווען בא איר, איז מיר געווען ליב און טײַער, איך וואָלט געזעסן און געזעסן, ווען איך ווייס, אז איך שטער איר ניט, אז זי האָט ניט קעגן. מיר פלעגט זיך זייער ניט וועלן אוועקגיין, דאָך האָב איך זיך געסטאַרעט ניט דערעסן, איבעריקס ניט פאַרהאלטן זיך.

פון מאָל צו מאָל האָט זי מיך אופגענומען גליַיכגילטיקער, קעלטער. גאָרנישט ניט גע־פרעגט. גאָרנישט ניט געזאָגט. מיט גאָרנישט זיך ניט אינטערעסירט. איך האָב באַשלאָסן מער ניט דערקוטשען, מער ניט גייען צו איר. אויס. א סאָף. גענוג. ס'איז דאָס לעצטע מאָל. מער קום איך ניט. באַלד אָבער, ווי נאָר איך בין ארויס פון איר, האָב איך מיט אומרו־קן אומגעדולדט שוין אָנגעהויבן וואַרטן אַף דעם טאָג, ווען איך וועל קענען צו איר ווידער אַרײַן. דאָס האַרץ האָט געגאַגט, ניט געלאָזט רוען. ס'האָט מיך געצויגן, אָן אופהער געצויגן צו איר. איך האָב זיך געראַנגלט מיט זיך, געזאָגט זיך: „טראַכט ניט וועגן איר, גיב זיך בעסער מער אַף דײַן ווי־אָלאָנטשעל". איך האָב געשפּילט. באַטאָג און באַנאַכט, א באַהויכטער פון די שטור־מישע נעשאָמע־געפילן, געשפּילט מיט אימפּעט, מיט ווייטעק. מיט פרייד, מיט פאַרדראָס, מיט צאָרן. און מיט ליבע. סען־סאַנס' „קאָנצערט ליא מינאָר" און בראַמס' „סאָנאַטאַ פאַ מאַ־זשאָר", בעטהאָווענס „וואַרי־אַציעס אַף דער טעמע פון מאָצאַרט" און טאַרטיניס „קאָנצערט ליא מאַזשאָר"... שפּילנדיק, האָב איך געזען זי פאַר זיך, גערעדט צו איר, זיך אויסגעטײַנעט מיט איר, דאָס גאַנצע האַרץ, אַלע מײַנע געפילן אין דעם אַרײַנגעלייגט.

דער פּעדאַגאָג מײַנער האָט מיך געלויבט. די קאָווייריים האָבן געקוקט אַף מיר, ווי אַף דעם גליקלעכסטן. און איך האָב מיט גאָרנישט ניט געקענט זיך באַרו־קן. איך האָב ניט אופ־געהערט צו טראַכטן וועגן איר. איר אומפאַרשטענדלעכע פאַר מיר אופירונג האָט נאָך מער צעפּלאָקערט אין מיר דעם פאַרלאַנג צו באַנעמען זי, פאַרשטיין, באַזיניקן, וואָס איז געשען. „פאַרוואָס זאָל איך בא איר פראָסט און פּאָשעט ניט פרעגן? אָן קיינע פּרעטענזיעס, גלאַט אַזוי. טשיקאַווע, וואָס וועט זי אַף דעם ענטפערן?". זוך זיך ניט, טראַכט ניט צו קיין טערו־צים, — האָב איך זיך אַליין איבערגעשלאָגן, — פאַרשטיי איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אַז דאָס, וואָס איז געווען, איז שוין פון לאַנג אַוועק, זי בעט דאָך דיך ניט, וואַרט אַף דיר ניט. האָסט מער ניט וואָס צו גייען צו איר".

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך דאַרף טאַקע ניט גייען. און דאָך בין איך אַוועק.

ווען איך בין אַרײַן, האָט זי מיך אפילע ניט געבעטן זיך זעצן. געזאָגט, אַז זי גייט שוין אַוועק. זי איַילט זיך אין פּאַרק, צום שפּאַציר אַף גליטשערס. שטייענדיק אַנטקעגן דעם קײַ־לעכיקן שפּיגעלע, האָט זי אינדערגיך פאַרקעמט די האָר, אָנגעטאָן דאָס פוכיק־ווײַסע היטע־לע, דאָס לײַכטע פוטערל, אין וועלכן איך האָב זי געזען דעמלט, דעם פאָריקן ווינטער, ווען זי האָט, וואַרטנדיק אַפן צוג, געשפּאַצירט מיטן טאַטן איבער דער פּלאַטפאָרמע פון דער קליי־נינקער גרענעץ־סטאַנציע, און אויך דעמלט, ווען זי איז אַרופגעשטיגן אַף די טרעפּלעך פון וואַגאָן.

מיר זײַנען אַרויס צוזאַמען. אין דרויסן האָט געבלאָזן א קאַלטער ווינט. ס'איז געווען זייער גליטשיק. א שניי האָט געשמיסן גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן. איך האָב איר פאָרגעלייגט באַ־גלייטן.

— צוליב וואָס? ניין, מע דאַרף ניט, — האָט זי טרוקן א זאָג געטאָן, איבערגעלאָזט מיך אַפן ראָג און מיט לײַכטע טריט אוועקגעאײַלט אַרוף־גאַס צום אָפּשטעל פון די אויטאָבוסן. איך האָב געזען, ווי זי האָט באַלד זיך געזעצט און אוועקגעפאָרן.

מער בין איך צו איר ניט געגאַנגען. איך האָב זיך אָפּגעגעבן מיט לײַב און לעבן דעם ווי־אָלאָנטשעל, אים איינעם פאַרטרויט אַלע מײַנע איבערלעבונגען. איך האָב געשפּילט, געשפּילט און געשפּילט. אומדערמידלעך, געאַרבעט איבער יעדער נאָטע, איבער יעדער פראַזע, איבערגעכאַ־זערט אָן א סאָף איינע און די זעלבע פּאַסאַזשן, ביז די גאַנצע פּיעסע האָט ניט באַקומען א פולקומע שליימעס. געשפּילט אויך פּיעסן, וועלכע זײַנען נאָך ניט געווען אין דער פּראָגראַם. פיל קאָמפּליצירטערע, אייניקע בעטהאָווענס סאָנאַטן און באַכס סוי־טעס. עס האָט זיך אין מיר דערוועקט, געווירט, געבושעוועט א געבענטשטע שעפערישע קראַפט, וועלכע האָט זיך פּרוכטבאַר דערנערט פון מײַנע טיפסטע נעשאָמע־לײַדן.

אין די סטודענטישע אַודיטאָריעס האָט מען דעמלט העפטיק באַהאַנדלט פאַנטעליימאָן ראָמאַנאָווס דערציילונג „אָן טשעריאָמוכע" און מאַלאַשקינס „די לעוואָנע פון דער לינקער זײַט", אָדער אָן אויסערגעוויינלעכע ליבע", אין וועלכע עס זײַנען באַריירט געווען דערי־קער פּראָבלעמען פון די דעמלטיקע אַזויגערופענע נײַע באַצי־ונגען צווישן דער יוגנט. מע האָט הייס דיסקוסירט וועגן מאָראַלישע, עטישע און שטייגערישע פראַגן, צווישן וועלכע ס'איז געווען אויך אַזאַ: „וואָס איז בעסער — זײַן געליבט, צי ליב האָבן?" זייער גוט, האָב איך געענטפערט, ווען עס פעלן זיך צונויף ביידע זאַכן, נאָר אויב אויסקלײַבן איינס פון די ביי־דע, איז בעסער „ליב האָבן". בא דער זעלבער מיינונג בין איך אויך איצט. דאָס האָט א שײַ־כעס צו אַלעמען, און באַזונדערס צו יענע, וועלכע ווידמען זיך דער קונסט. בלויז אַזאַ, וואָס האָט ליב, איז פעיִק צו שאַפן. וואָס הייסער די ליבע, אַלץ שטאַרקער דער אימפּולס. אויב

די ליבע איז ניט קיין גליקלעכע, א ווייטעקדיקע, זײַנען דעמלט די לײַדנשאַפֿן נאָך גרעסערע, שאַרפֿערע און דער אימפּולס שטאַרקער.

אױף דעם סטודענטישן קאָנקורס פֿון מוזיקאַנטן־אויספֿילער האָב איך, צו מײַן גרויסער פֿרייד, באַזונדערס צו דער פֿרייד פֿון מײַן פּעדאַגאָג, באַקומען די ערשטע פּרעמיע. מיר האָט זיך זייער געוואָלט, אַז וויסן וועגן דעם זאָל אויך זי, טאַקע דעריקער זי, די איין־איינציקע עפּשער, וועמען איך האָב געהאַט אַמערסטן צו פֿאַרדאַנקען. און נאָך אַן אינערלעכער ראַנגלעניש האָב איך געפּויעלט בײַ זיך אַרײַנגיין צו איר. אַדעראַבע, זאָל זי זען, אַז איך בין אַפֿילע קיין קאַפּ ניט באַליידיקט. נאָר ניט פֿאַרהאַלטן זיך בײַ איר צו לאַנג, אַפֿילע אויב זי וועט בעטן. אַרײַנגיין אױף עטלעכע מינוט, ניט מער.

און טאַקע אױף מאָרגן נאָך דעם, ווי איך האָב באַקומען די פּרעמיע, בין איך אַוועק צו איר אױף דער אַכצנטער ליניע, זיך אויפֿגעהויבן אױפֿן דריטן שטאָק, וווּ איך בין שוין לאַנג ניט געווען, אָנגעקלונגען, נאָר זי ניט געטראָפֿן. פֿון דער אַנטקעגנדיקער דירע האָט אַרויסגעקוקט אַן אויסגעפּוצט יונג מיידל, מיט נײַגער באַטראַכט מיך, אַ שמייכל געטאָן צו מיר. איך האָב איר מיט גאָרנישט ניט געענטפֿערט, איך בין איר בלויז מעקאַנע געווען, וואָס זי וווינט אין איין הויז בײַשכיינעס מיט יוליכעוועדן, וואָס זי זעט זי, יוליכעוועדן, מעגלעך, יעדן טאָג.

איך האָב יוליכעוועדן לאַנג ניט געזען. ערשט אין עטלעכע כאַדאָשים אַרום האָב איך דורכן פֿענצטער פֿון מײַן צימער, וואָס האָט זיך געפֿונען אױפֿן צווייטן שטאָק אין אונדזער סטודענטישער צוזאַמענוווינונג, צופֿעליק באַמערקט זי. אינעם פּוכיק־ווײַסן היטעלע און לײַכטן פּוטערל איז זי מיט געלאַסענע טריט געגאַנגען אױף דער אַנטקעגנדיקער זײַט פֿון גרויסן בולוואַר, אין דער ריכטונג צום אוניווערסיטעט. ביז דעם האָב איך, לאָזט זיך אויס, ניט געוווּסט, אַז יעדן אינדערפֿרי, האַלב נײַן, גייט זי מיט אָט דעם וועג. די לימודים פֿלעגן בײַ מיר זיך אָנהייבן פֿריִער, אויסער פֿרײַטיק. פֿלעג איך יעדן פֿרײַטיק האַלב נײַן שוין שטיין בײַם פֿענצטער, אַרויסקוקן, וואַרטן, ביז זי וועט זיך ווײַזן אױפֿן אַנטקעגנדיקן טראָטואַר. אָפּטמאָל פֿלעג איך זען, ווי יונגעלײַט, באַכעריםׅ קוקן זיך אום מיט באַוווּנדערונג אױף איר. זי האָט ניט געלייגט קיין אַכט אױף זיי, געגאַנגען זיך רויִק, אױף קיינעם זיך ניט אומגעקוקט, און דערין אויך קיין איין מאָל ניט אױף דער צוזאַמענוווינונג, וווּ איך האָב געוווינט. און איך בין געשטאַנען, ניט אַרויסלאָזנדיק זי אױף קיין רעגע פֿון אויג, ביז זי האָט פֿאַרקערעוועט אױפֿן נעווא־פּראָספּעקט. ס'איז בײַ מיר שוין געווען די גרעסטע פֿרייד, וואָס איך זע זי, זאָל זײַן כאָטש פֿונדערווײַטן. איך בין געווען גליקלעך, וואָס זי איז דאָ, וואָס זי לעבט אױף דער וועלט.

ס'איז דורך אַ יאָר, און צוויי, און מער. איך האָב פֿאַר דער צײַט עטלעכע מאָל פֿונדערווײַטן געזען זי אויך לעבן אוניווערסיטעט און אױפֿן נעווא־פּראָספּעקט לעבן דער עפֿנטלעכער ביבליאָטעק אױף סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס נאָמען אין אַ קאָמפּאַניע פֿון טומלדיקע, פֿריילעכע סטודענטן און סטודענטקעס. און איינמאָל אין אַ הייסן זונטיק־טאָג, באָדנדיק זיך אין נעווא, האָב איך פּלוצלינג דערהערט איר שטים, זיך האַסטיק אומגעקוקט און דערזען זי גאָר נאָענט לעבן זיך. אַ לאַכנדיקע איז זי גיך געשוווּמען, אַריבעריאָגנדיק איר כאַווערטע. אין וואַסער האָט איר האַנט באַם שווימען זיך אָנגערירט אין מײַנער. נאָר זי האָט מיך ניט באַמערקט.

עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן די לימודים בײַ מיר אין קאָנסערוואַטאָריע און בײַ איר אין אוניווערסיטעט, און איך פֿלעג ווידער פֿון צײַט צו צײַט שטיין בײַם פֿענצטער, וואַרטן, אַרויסקוקן, ביז זי וועט זיך ווײַזן, און נאָכדעם נאָכקוקן, ביז זי איז ניט פֿאַרשוווּנדן פֿון מײַנע אויגן. אינמיטן ווינטער האָב איך זי אויפֿגעהערט זען. ס'איז אַדורך אַ וואָך, צוויי, דרײַ. זי איז מיט דעם וועג מער ניט געגאַנגען. האַלב נײַן אינדערפֿרי, ווען זי פֿלעגט געוויינלעך גיין אין אוניווערסיטעט, בין איך עטלעכע מאָל ספּעציעל זיך דורכגעגאַנגען איבער דער אַכצנטער ליניע, געקוקט אין אַלע זײַטן, נאָר אויך דאָרט האָט זי זיך ניט געוויזן. דאָס האָט מיך שוין אָנגעהויבן באַאומרויִקן, און איך האָב באַשטימט, ניט אָפּלייגנדיק אין דער לאַנגער באַנק, אַרײַנגיין דערוויסן זיך, וואָס איז מיט איר.

ס'איז געווען אַ שטילער, פֿראָסטיקער טאָג. לעבן דעם פֿירשטאָקיקן הויז, וווּ זי האָט געוווינט, האָב איך באַגעגנט איר באַלעבאָסטע מיט אַ גרינג שליטעלע, אין וועלכן ס'איז געלעגן אײַנגעקוטעט אַ פּיצל קינד. איר באַלעבאָסטע האָט מיך דערקענט, געפֿרעגט, וווּהין איך גיי. איך האָב איר געזאָגט.

— וואָסי, איר ווייסט דען ניט? — האָט זי פֿאַרוווּנדערט מיך אָנגעקוקט. — זי וווינט דאָך שוין ניט בײַ מיר. זי האָט דאָך כאַסענע געהאַט. אַך, סאַראַ מאַן! שיין, הויך, שלאַנק. עפּשער אױף צוויי אָדער דרײַ יאָר עלטער פֿון איר. נאָך גאָר אַ יונגער און איז שוין אַן אינזשעניער־פּאָלקאָווניק, פֿאַרנעמט אַ הויכע שטעלע. זײַן טאַטע, אַן אַקאַדעמיקער, האָט זיי איבערגעלאָזט אַ זעלבשטענדיקע פּרעכטיקע דירע אױף דער בראָדסקי־גאַס לעבן דער פֿילהאַרמאָניע. די טעג

האָב איך זי באַגעגנט מיט אים אין אָפּערע־טעאַטער. זי זעט אויס אַ מעכײַע צו קוקן. נאָך שענער, ווי געווען. שײַנט פון גליק.

איך בין אַוועק אַ צעררודערטער און גלײַכצײַטיק מיט אַ פרייד־געפיל. עס האָט מיר וויי געטאָן, וואָס איך האָב זי פאַרלוירן אויף שטענדיק, אָפילע ווען־עס־איז וועל איך זי איצט ניט קאָנען זען, און געפרייט האָט מיך, וואָס איר איז גוט, זי לעבט גליקלעך.

אינגיכן האָב איך פאַרענדיקט די קאָנסערוואַטאָריע. מע האָט מיר פאַרגעלייגט בלײַבן אין לענינגראַד, אין דעם באַוווסטן סימפאָנישן אָרקעסטער בא דער לענינגראַדער פילהאַרמאָניע. איך האָב אָבער באַשלאָסן אַוועקפאָרן. און וואָס ווײַטער. קיין טשיטאַ. די ערשטע צײַט איז מיר דאָרט געווען ניט איבעריקס גרינג: אַן אומבאַקאַנטע שטאָט, אומבאַקאַנטע מענטשן, די ניט־אײַנגעאָרדנטקײַט. און דעריקער, ס'האָט מיך ניט געלאָזט צורו די בענקשאַפט נאָך לענינגראַד, נאָך איר, נאָך יויכעוועדן. באַלד, ווי איך בין אַהין געקומען, האָב איך אויסגעשריבן די „לענינגראַדסקאַיאַ פּראַוודאַ”, די צײַטונג, וועלכע זי פלעגט לייענען, נאָכגעשפּירט נאָך אַלע דאָרטיקע נײַס. צוביסלעכווײַז האָב איך זיך אַרײַנגעצויגן אינעם אָרטיקן לעבן. געפירט אַ קורס לויטן קלאַס ווי׳אָלאָנטשעל אין דער מוזיק־שול, אַלס אַרטיסט פון דער טשיטאַער פילהאַרמאָניע אַרויסגעטראָטן אָפּט ווי אַ סאָליסט און אַנסאַמבליסט אויף קאָנצערטן. מיט דער צײַט באַקומען אַ צימערל. געלעבט אַליין. איינער אַליין. געווען אינטערעסאַנטע מיידלעך — אי שיינע, אי פייִקע, אי שטאַלטנע, אי קלוגע, נאָר קיין איינע פון זיי איז ניט געווען אַזאַ, ווי יויכעוועד. מיט וואָס פאַר אַ מיידל איך האָב זיך ניט באַגעגנט, האָב איך שטענדיק, ווילנדיק — ניט־ווילנדיק פאַרגליכן מיט יויכעוועדן, און זי האָט שטענדיק מיט זיך אַלעמען פאַרשטעלט, פאַרטריבן פון מיר... אַלע מײַנע געפילן האָב איך אַוועקגעגעבן דעם ווי׳אָלאָנטשעל, דער אַרבעט אין דער מוזיק־שול. דער דערפאָלג פון די שילער האָט מיר פאַרשאַפט פרייד און פאַרגעניגן. אַלץ אָפטער האָב איך זיך באַטייליקט אין קאָנצערטן. אַרויסגעפאָרן מיט אַרטיסטישע בריגאַדעס אויף די גיגאַנטישע נײַ־בויונגען, אַרויסגעטראָטן אויף די בוי־פּלעצער פון מאַגניטאָגאָרסקער מעטאַלורגישן קאָמבינאַט, פון אוראַלמאַש, פון דעם נאָוואָקוזנעצקער זאַוואָד, געשפּילט אין זאַוואָד־צעכן, אין קאָלווירטישע קלובן, אויף פּאָליאַנקעס בא דער גרענעץ־זאַסטאַווע, אויף אָפענע וואַגאָן־פּלאַטפאָרמעס, אויף אַ פּאַלובע פון אַ טראַולער, אויף קוזאָוון פון לאַסט־אויטאָס, אין אַ צוזאַמענוווינונג פון גאָלדגרעבער, אין אַ יורטע פון הירשנציכטלער... איך האָב געזען דאָס לאַנד, זײַן גרייס, זײַנע רײַכטימער, זײַנע בויער, זײַנע וווּנדערלעכע מענטשן. צי האָב איך זיך פריִער געקענט פאָרשטעלן, אַז אין אַ ווײַט־פאַרוואָרפענעם ווינקל אין יאַקוטיע וועלן פון די אַרומיקע יִישוּווים זיך צונויפפאָרן פיל הירשנציכטלער אויף אונדזערן אַ קאָנצערט און מע וועט מיט אַזויפיל פרייד אויפנעמען די ווי׳אָלאָנטשעל־שפּיל, וועלכע זיי הערן צום ערשטן מאָל. איך האָב דערפילט אַ גרעסערע אַכרײַעס, נאָך זאָרגזאַמער זיך געגרייט צו יעדער אַרויסטרעטונג.

אַזוי זײַנען אַדורך עטלעכע יאָר. אין אַכט־און־דרײַסיקסטן, אַפּן אַלשטאָטישן מיטינג קעגן דעם אָנפאַל פון די יאַפּאַנישע מיליטאַריסטן אויף אונדזער טעריטאָריע אין ראַיאָן פון דער אָזערע כאַסאַן, האָב איך צופעליק זיך באַקענט מיט אַ מיידל, וועלכע האָט מיר זיך אויסגעוויזן מיט עפּעס ענלעך אויף יויכעוועדן. דאָס האָט מיך געפאַנגען. און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן באַגעגענען. זי איז געווען אַ פאַרמאַצעווט. געאַרבעט אין אַן אַפּטייק. אינגיכן זײַנען מיר זיך צונויפגעגאַנגען, און זי איז אַריבער פונעם „ווינקל”, וועלכן זי פלעגט דינגען, צו מיר, אין מײַן צימער. געווען איז זי אַ ווילע, אַ שטילע, אַן איבערגעגעבענע, נאָר איך האָב זיך גיך אַנטוישט אין איר. פון יויכעוועדן איז אין איר געווען בלויז אַ ביסל פון דער אויסערלעכקײַט, און — גאָר. קיין קאַפּל פּאָעזיע, קיין ברעקל געפיל צו מוזיק. אַ באַגרענעצטע נאַטור. זי איז מיר געוואָרן ניט צום האַרצן. איך האָב, ווי ווײַט מעגלעך, זיך געסטאַרעט עס ניט אַרויסווײַזן, פאַרקערט, זיך געזאָרגט וועגן איר. נאָר ווען זי גייט אַוועק פון מיר, האָב איך געפילט, וואָלט איך געווען גליקלעך. איך וואָלט מיט פאַרגעניגן איר איבערגעלאָזט אַלץ: די דירע, וועלכע איך האָב געהאַט ערשט באַקומען, דאָס מעבל, אַלץ, וואָס דאָרט האָט זיך געפונען, אַלץ, וואָס איך האָב פאַרמאָגט, אויסער דעם ווי׳אָלאָנטשעל. נאָר איך זאָל אַוועקגיין פון איר, זי איבערלאָזן, דאָס האָב איך ניט געקאָנט. זי איז געווען זייער אַ הילפלאָזע, אַן עלנטע, קיינעם ניט געהאַט. אין ערגעץ ניט. פאַרבליבן קינדווײַז אַ קײַלעכדיקע יעסוימע, ווי איך. אירע עלטערן זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די קאָלטשאַקאָווצעס. נאָך איידער מיר האָבן זיך באַגעגנט, האָט זי איבערגעטראָגן אַ שווערע קרענק און צוליב דעם קיין קינדער ניט געקענט האָבן, און דאָס האָט איר פאַרשאַפט שווערע ליידן.

צוזאַמען זײַנען מיר געווען ווייניק. איך בין פיל אַרומגעפאָרן, אַרויסגעטראָטן מיט קאָנצערטן אין די שטעט און יִישוּווים פון ווײַטן מיזרעך, פון דער יִידישער אויטאָנאָמער געגנט.

אָנהייב זומער נײַן־און־דרײַסיקסטן בין איך אײַנגעלאדן געוואָרן אף א קאָנצערט־טורנע קיין אָדעס, כארקאָוו, קיִעוו, מינסק און לענינגראד, ווו איך בין נאָך קיינמאָל ניט ארויסגעטראָטן. עס איז איבעריק צו זאָגן, מיט וויפל פרייד און אכרײַעס איך האָב אָנגענומען די אײַנלאדונג אין אָט די שטעט, וועלכע זײַנען בארימט מיט זייער הויכער מוזיקאלער קולטור. און אויסער דעם, איז מיט מינסק און לענינגראד פארבונדן געווען מײַן קינדהײַט און די שענסטע יוגנט־יאָרן. ארויסטרעטן דאָרט איז פאר מיר געווען א גרויסער יאָמטעוו. סײַ אין אָדעס, סײַ אין כארקאָוו, אין קיִעוו און אין מינסק זײַנען די קאָנצערטן דורכגעגאנגען בא פולגעפאקטע זאלן, און, ווי די פרעסע האָט אָפגעמערקט, מיט דערפאָלג.

דעם לעצטן טאָג פון מײַן זײַן אין מינסק בין איך געווען פרײַ. אין אָוונט האָב איך געדארפט אָפפאָרן קיין לענינגראד. פון גאנצפרי האָט זיך געכמארעט. ס׳האָט געשמעקט מיט א רעגן. דאָך האָב איך זיך ניט געקענט אָפזאָגן פון מײַן לאנגיאָריקן פארלאנג צו צופאָרן כאָטש אף א שאָ־צוויי אינעם גרענעץ־שטעטל, ווו איך האָב מיט פופצן יאָר צוריק, בעשאס די זומער־קאניקולן, אזוי ווונדערלעך פארבראכט. באזונדערס איצט, ווען איך געפין זיך אזוי נאָענט פון דעם שטעטל.

דורכן טעלעפאָן פון האָטעל האָב איך באשטעלט א טאקסי אף אהין און צוריק, מיט א טנאַי, אז איך וועל זיך דאָרט פארהאלטן אומגעפער א פאָר שאָ. און ניט געקוקט אפן רעגנדל, וואָס האָט גלײַך פון אינדערפרי אָנגעהויבן מאראקען, זיך געלאָזט אין וועג. א צוואנציק קילאָמעטער הינטער מינסק האָט דער רעגן אופגעהערט, און שפעטער, ווען מיר האָבן איבערגעלאָזט הינטער זיך קוידענאָוו, נעגאָרעלאָיע און זײַנען שוין געווען לעבן שטעטל קארעליץ, האָט דער הימל זיך פולקום אויסגעלײַטערט. די „עמקע״ האָט האסטיק זיך דורכגעטראָגן איבערן בארג־ארוף, און עס האָבן זיך באוויזן די ערשטע מיט שינדל־געדעקטע הילצערנע הײַזער.

זײַענדיק אָנדערהאלבן צענדליק יאָר זייער ווײַט פון אָט די מעקוימעס, האָט זיך מיר צײַטנווײַז אָנגעהויבן דוכטן, אז ס׳איז גאָר קיינמאָל ניט געווען און ס׳איז ניטאָ אף דער וועלט אזא שטעטל, אז איך האָב עס אויסגעכאָלעמט, אויסגעטראכט, אז אזא שטעטל עקזיסטירט נאָר אין מײַן פאנטאזיע.

נאָר איך האָב באלד זיך איבערצײַגט, אז ניין, איך האָב דאָס שטעטל ניט אויסגעטראכט, ניט אויסגעכאָלעמט.

דעם יונגן טאקסיסט מיט דער „עמקע״ האָב איך איבערגעלאָזט אפן עק גאס אין א האלבדאָרפיש־באגרינטן הויף און בין אוועק. מיר האָט זיך געוואָלט ניט דורכפאָרן זיך, נאָר דורכגיין זיך, אליין, איין־אליין, איבער די אלע טײַערע פאר מיר ערטער, ווו איך האָב אזוי אומגעריכט זיך באגעגנט מיט איר, מיט מײַן ערשטער ליבע, מיט יויכעוועדן.

ארומקוקנדיק זיך אין אלע זײַטן, קעדיי ניט דורכלאָזן עפעס, האָב איך פאמעלעך געשפאנט איבער דער באגאָסענער מיט דער הייסער זון קימאט פוסטער שטעטלשער הויפט־גאס, ווו עס פלעגט דעמלט אין די פארנאכטן זיך צונויפקלײַבן די יוגנט, שפאצירן הין און צוריק, פארהילכנדיק דעם ארום מיט לידער. אף אייניקע גאנעקעס זײַנען געזעסן יונגע מאמעס מיט קינדער אף די הענט, מעגלעך מײַנע געוועזענע פּיִאָנערקעס. זיי האָבן זיך אומגעקוקט אף מיר, איך אף זיי. זיי האָבן מיך ניט דערקענט, איך — זיי אויך ניט. ווי־ניט־ווי — פופצן יאָר אדורך! נאָר די הויפט־גאס האָט אויסגעזען אזוי, ווי איך האָב זי פארגעדענקט. דוכט זיך, מיט גאָרנישט זיך ניט געענדערט. אפן זעלבן אָרט די פאָטשט, אפן זעלבן אָרט דער קלוב, די שערערײַ, דער שטעטל־סאָוועט, די קראָמען, דער מארק. אָט דאָ בא דער פאָטשט האָט זי אף מאָרגן נאָך אונדזער באקאנטשאפט געווארט אף מיר און איך בין ניט ארויס, צוליב פיניען; אָט דאָ, פארבײַ דעם קלוב, ווען איך פלעג רעפעטירן מיטן קאָמיוגישן אָרקעסטער, פלעגט זי שפאצירן מיט אירע כאווערטעס, ביז איך פלעג ניט פארענדיקן און ארויסגיין צו איר; אָט דאָ, אראָפ־גאס, בעשאס דעם שפאציר שאבעס פארנאכט האָט פיניע מיר אָנגעוויזן אף איר און איך האָב זי דערזען צום ערשטן מאָל אין א בלויען סאראפאן מיט די ווײַסינקע פאסיקלעך; אָט דאָ, בא דעם ראָג, פלעגן מיר, איך און זי, געוויינלעך א ביסל אָפשטיין פון דער קאָמפאניע און אומבאמערקט פארשווינדן אין דעם שמאָלן טונקעלן געסל. אף יעדן טראָט האָט עפעס־וואָס מיר דערמאָנט אזוינס, וואָס האָט געצווונגען אומרויִקער טיאָכקען דאָס הארץ.
איך בין געווען בא דעם הילצערנעם פײַערלעשער־טורעם, ווו מיר האָבן בעשאס דעם שלאקסרעגן זיך אויסבאהאלטן, געווען בא דעם גרענעץ־טײַך, בא דער גרינער לאָנקע, אין בערעזעוועלדל, אין אלע ערטער, ווו מיר פלעגן זיך טרעפן, און מיט אומרויִקע טריט זיך פארנומען אפן זײַטיקן שטילן געסל, ווו ס׳האָט זיך געפונען די שטוב פון אירע עלטערן. סטארענדיק זיך ניט באמערקט צו ווערן, בין איך זיך דורכגעגאנגען עטלעכע מאָל פארבײַ דער שוין אײַנ־

געבויגענער הילצערנער שטוב מיט די דרײַ האַלב־פאַרהאַנגענע פענצטער צו דער גאַס און מיטן קליינינקן גאַנעקל באַם אַרײַנגאַנג. די שטוב און דאָס גאַנעקל האָבן אויסגעזען פיל קלענער, ווי דעמלט, נאָר די עטלעכע קליאָנען, וואָס זײַנען געוואַקסן פון ביידע זײַטן, האָבן אויסגעזען ווי פריִער, און עפשער נאָך העכער. אַרום איז קיינער ניט געווען. אויף דער, קאַנטיק, שוין לאַנג ניט געפאַרבטער דרויסן־טיר איז געהאַנגען אַ קליין שלעסל. איך בין צוגעגאַנגען נעענטער, און, נאָכגעבנדיק דעם פאַרלאַנג, וואָס האָט מיך באַהערשט, אַרויף אויפן גאַנעקל, מיט וועלכן עס זײַנען געווען פאַרבונדן באַ מיר די שענסטע, ריינסטע, ציכטיקסטע און האַרציקסטע געפילן. צוגערירט זיך צום פאָרענטש, צו וועלכן זי, יויכעוועד, פלעגט זיך צורירן, האָב איך פאָרזיכטיק זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם זעלבן אָרט, ווו איך פלעג געוויינלעך זיצן, אָט דאָ — איך, און אָט דאָ איז זי געזעסן, אָט דאָ, אויף אָט דעם אָרט, צוגעטוליעט צו מיר, אַ שמייכלענדיקע, אַ האַרציקע, אַזאַ ליבע, אַזאַ נאָענטע... ווו איז זי איצט אין אָט דער מינוט? — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, — וואָס טוט זי? ווי זעט זי אויס? ווי פריִער? ווי געווען? צי געענדערט זיך? ווי לעבט זיך איר? שוין באַלד נײַן יאָר, ווי איך ווייס גאָרניט, האָב קיין אָנונג ניט וועגן איר. צי דערמאָנט זי כאָטש אַמאָל אָט די ערטער? צי געדענקט זי כאָטש עפּעס־וואָס פון יענעם זומער?

דאָ דערבײַ, ערגעץ אויפן הילצערנעם טראָטואַרל, האָבן זיך דערנעענטערט טריט. עמעצער איז געגאַנגען אַהער. איך האָב זיך אויפגעהויבן און ניט באַוויזן אַראָפּ, ווי אַנטקעגן איז אָנגעקומען אַן עלטערע שטאַלטנע פרוי מיט אַ קאָשעקל אין האַנט.

— איר דאַרפט צו רעב ייִצכאָקן? — האָט זי געפרעגט, באַטראַכטנדיק מיך. — ער איז נאָך אין בעסמעדרעש. ס'איז הײַנט יאָרצײַט נאָך זײַן זיידן, זיכרוינע־ליווראָכע. ער וועט באַלד קומען.

— ניין, ניין. איך האָב פּאַשעט אַזוי זיך צוגעזעצט אַ ווײַלע, זיך אָפּרוען אַ ביסל, — האָב איך פאַרלוירן געענטפערט, דערקענענדיק אין דער נאָך שיינער עלטערער פרוי יויכעוועדס מאַמען.

— פאַרוואָס זשע אויפן גאַנעקל? קומט אַרײַן אין שטוב, — האָט זי גאַסטפרײַנטלעך אײַנגעלאַדן, אַראָפּנעמענדיק דאָס ניט־פאַרשלאָסענע שלעסל. — איר זײַט, זע איך, ניט קיין היגער, קומט, קומט אַרײַן.

איך האָב, דעם עמעס זאָגנדיק, ניט געהאַט קיין איבעריקן כיישעק זיך באַגעגענען איצט מיט רעב ייִצכאָקן, וועלכער האָט דעמלט, אין יענעם ווינטער, ווען איך בין ספּעציִעל געקומען אַהער אין שטעטל זיך זען מיט יויכעוועדן, ניט דערלאָזט, אַז איך זאָל אַפילע פאָרן מיט איר אויף איין שליטן צום באַן, און נאָכדעם בעקיוון באַגלייט זי ביז מינסק, צום לעניגראַדער צוג, קעדיי איך זאָל אין וואַגאָן מיט איר זיך ניט באַגעגענען. מיר האָט זיך ניט געוואָלט, ער זאָל מיך איצט זען דאָ. און גלײַכצײַטיק האָט זיך מיר זייער פאַרוואָלט אַרײַן, אַ קוק טאָן, ווי זעט אויס די שטוב, ווו יויכעוועד איז געבוירן געוואָרן, ווו עס זײַנען אַדורך אירע קינדער־ און יוגנט־יאָרן, און פאַרייִנס עפּשער עפּעס זיך דערוויסן וועגן איר. איר מאַמע האָט מיך דורכגעפירט דורך אַ ציכטיקן פירהויז, און מיר זײַנען אַרײַן אין אַ געראַמען צימער. אין סאַמע מיט איבער אַ קײַלעכדיקן טיש, וואָס איז באַדעקט געווען מיט אַ ווײַסן סערוועט, איז געהאַנגען אַ בליך־לאָמפּ. באַ איין וואַנט איז געשטאַנען אַן אַלטמאָדיש געשניצטער בופעט, באַ דער צווייטער וואַנט, אין ווינקל, אַנטקעגן פענצטער אַ היפּש אָפּגעבליאַקעוועטע פּאָרטעפּיאַנע, אויף וועלכער יויכעוועד האָט דעמלט, אין דעם אויגוסט־אָוונט, פאַר איר פלוצלינגדיקן אַוועקפאָרן, און אויך ווינטער, ווען איך בין געשטאַנען אין פראָסטיקן דרויסן אַ פאַרווייעטער מיט שניי, קאָנטיק, געשפּילט. איר גאַסטפרײַנטלעכע מאַמע איז באַשטאַנען, אַז איך זאָל זיך נאָר זעצן צום טיש. זי האָט פאַרשפּרייט אַ סאַלפעטקע, אַוועקגעשטעלט אַ טעלערל מיט זעמעלעך, אַ גלאָז קאָמפּאָט פון זעמליאַניקע, פאַנאַנדערפרעגנדיק זיך דערבײַ מיט אַ ליבער גוטמוטיקײַט, פונוואַנען איך קום, אויף ווי לאַנג און וואָס פאַרא איניאָנים האָב איך דאָ, אין דעם פאַרוואָרפענעם שטעטל באַ דער סאַמע גרענעץ. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך קום פון מינסק סאַכאַקל אויף עטלעכע שאָ, קעדיי אַ קוק טאָן פּאַשעט אויפן שטעטל, ווו איך בין אַמאָל, מיט פיל יאָרן צוריק, געווען אַ קורצע צײַט, און געפרעגט באַ איר, צי ווייסט זי עפּעס וועגן פיניע שוואַלב, וועגן בערל באַרבאַראַש, כעמע שאַליט און אַנדערע באַקאַנטע מײַנע פון יענע ווײַטע יאָרן.

זי האָט אָנגעגאָסן נאָך אַ גלאָז קאָמפּאָט, זיך צוגעזעצט אַנטקעגן מיר, און איך האָב באַלד זיך דערוווּסט פון איר, אַז פיניע שוואַלב האָט זיך געלערנט אין מאָסקווע און איז שוין עטלעכע יאָר פאָרזיצער פון דובראָוונער שטאָט־סאָוועט. מיט דרײַ יאָר צוריק איז ער געווען דאָ אויף זײַן מאַמעס לעווײַע. די עלטערע שוועסטער איז דירעקטאָר פון קוידענאָווער טריקאָ־

טאזש־פאבריקל, די ייִנגערע איז א כעטאגוראָווקע, אוועקגעפאָרן פרײַוויליק אפן ווײַטן מיזרעך, ארבעט אין קאָמסאָמאָלסק, כאסענע געהאט דאָרט פאר א טשוואש, א קאָמאנדיר פון דער רויטער ארמיי. אין זייער שטיבל וווינט איצט א ייִדישע מישפּאָכע פון דײַטשלאנד, וועלכע האָט מיט ניסים זיך געראטעוועט פון היטלערן. ער איז א דאָקטער, זי — א פראָוויזאָר. מיט צוויי קינדער. קיין ייִדיש קענען זיי ניט. שפרעכן דײַטש. בערל בארבאראש איז עלטסטער אגראָנאָם פון ראיאָן. כאסענע געהאט פאר זייער א ווילער ווײַסרוסישער לערערקע. כעמע שאליט האָט, ווי א פליִער, זיך באטייליקט אין די לופט־שלאכטן אין שפאניע, פארווונדעט געווען. איצט לערנט ער זיך אין א מיליטערישער אקאדעמיע. יאנקאָ מאקאיאָנעקן, וואָס איז געווען אין ראיאָן סעקרעטאר איבער די קאָמסאָמאָלצעס, האָבן נאָך אין דרײַסיקסטן יאָר די באלעגופים דערהארגעט באנאכט לעבן ראיויספירקאָם. אָשערל באלעגאָלע, סימכע דער רויטער און נאָך היפש מישפּאָכעס האָבן אריבערגעוואנדערט אף ערד. די מעלוכע האָט זיי געגעבן להאָטעס, קרעדיטן, מאטעריאלן, און זיי האָבן דאָרט זיך געשטעלט אף די פיס. אָשערל איז בא זיי דער פאָרזיצער, געוואָרן א גרויסער באל־יאכסן, געווען דעלעגאט אפן ערשטן אלפארבאנדישן צוזאמענפאָר פון די קאָלווירטניקעס־שלאָגלער. די יוגנט צעפאָרט זיך. עס ציט זיי אין דער גרויסער שטאָט, זיי נעמען נאָכדעם אריבער אהין אויך די עלטערן. די אלטיטשקע, וואָס האָט געוווינט אנטקעגן קלוב, איז ניט לאנג צוריק אריבערגעפאָרן קיין כארקאָוו. אירע צוויי זין ארבעטן דאָרט אפן טראקטאָר־זאוואָד. אין איר שטיבל האָט זיך באזעצט א צווייטע ייִדישע מישפּאָכע פון דײַטשלאנד.

— פונוואנען, זאָגט מיר, האָט זיך גענומען אָט דער היטלער, אָט דער האמאָן, דער צויררער־האיעהודים, — האָט זי פארזאָרגט זיך אָנגערופן, — וואָס פאר א מאכשייפע האָט אָט דעם קוילער געבראכט אף דער וועלט, נעבכײַ וואָלט ער אויסגערונען געוואָרן בא איר אין בויך, דער איזווערג, ייִמאך שמוי ווּעזיכרוי, איידער ער איז געבוירן געוואָרן. וויי, וויי, וואָס מיר האָבן זיך אָנגעהערט פון די דײַטשישע ייִדן. די גאנצע וועלט איז ער מעסוגל אומברענגען צוליב זײַן אויסדערווײלטער ראסע. עסטרײַך האָט ער שוין פארצוקט, טשעכאָסלאָוואקיע האָט ער שוין אויך אופגעפרעסן. אף וועמען שטשירעט ער איצט די וועלפישע ציין זײַנע? פארוואָס שווײַגט די וועלט? פארוואָס לאָזט מען אים ווילדעווען, דעם בלוטיקן גאזלען? פארוואָס בינדט מען אים ניט? ווער ווייסט, וואָס עס דערוואַרט אונדז. מיר זײַנען דאָך בא דער סאמע גרענעץ. עס זאָל, גאָט באהיט, קיין מילכאָמע ניט אויסברעכן. ווי מיינט איר?

איך האָב זי בארויִקט, פארזיכערט, אז קיין מילכאָמע וועט ניט זײַן. איך בין דעמלט געווען איבערצײַגט אין דעם.

— האלעווײַ, — האָט זי צוגעשאָקלט מיטן גראָוון קאָפּ, — לאָמיר און אונדזערע קינדער און אייניקלעך ניט וויסן פון דעם, זאָלן זיי זײַן גליקלעך. דער אייבערשטער האָט אונדז געבענטשט מיט פיר טעכטער. אלע גראָטענע, אלע מיט ליכטיקע קעפּ. ווען איר קוקט זיי אָן? קראסאוויצעס! און די איידעמס זײַנען אדאנק דעם, וואָס לעבט אייביק, אויך זייער פײַנע. גרויסע ספעציִאליסטן. און די אייניקלעך, זאָלן געזונט זײַן, אזא יאָר אף אלע לײַטישע מענטשן, סארא ליבע קינדער זיי זײַנען, — און אן אופגעלעבטע האָט זי אָנגעהויבן דערציילן וועגן יעדער טאָכטער באזונדער. די עלטערע טאָכטער מיט דער מישפּאָכע וווינט אין מאָסקווע. זי איז א יוריסט. דער מאן איז אן ארכיטעקטאָר, בויט די מעטראָ; די צווייטע טאָכטער מיט דער מישפּאָכע וווינט אין סווערדלאָווסק, זי איז א געאָלאָג, דער מאן — אן אײַזנבאן־אינזשעניער, זיך אויסגעצייכנט באם בויען דעם טורקסיב, איצט בויט ער א נײַע ליניע אף אוראל; די דריטע טאָכטער וווינט אין לענינגראד. זי איז א פיזיקער, דער מאן — הויפט־דאָקטער פון דעם צענטראלן שפיטאָל. און די מיזינקע, יויכעוועדל, לעבט, קיין אײַנהאָרע, אויך זייער שיין אין לענינגראד, געזאָגט געוואָרן אף אלע גוטעפרײַנט. זי איז גאָר א געהויבענער ספעציִאליסט פון אזעלכע פרעדמעטן, וואָס איז ניט פאר מײַן קאָפּ צו באנעמען. א שיינע שטעלע פארנעמט זי אין דער וועלט־באוווסטער פולקאָווער אָבסערוואטאָריע און לייענט מיט גרויס קאָוועד לעקציעס אין דעם זעלבן אוניווערסיטעט, אין וועלכן זי האָט זיך אליין געלערנט, און איז, דאנקען דעם אייבערשטן, שוין א דאָצענט פון די שטערן־וויסנשאפטן. איר מאן איז גאָר א גרויסער מענטש, א גענעראל־אינזשעניער, א קאָנסטרוקטאָר פון א גרויסן זאוואָד. א מענטש מיט א גאָלדן הארץ, זייער אן איבערגעגעבענער. ער האָט זי ליב, ווי דאָס לעבן. גייט אויס נאָך אירע טריט. און זי אים האָט אויך שטארק ליב. אים ניט ליב האָבן איז אומעגלעך. אן איידעלער. א קלוגער. א באשיידענער. האָט שוין צוויי אָרדענס — און האלט זיך פראָסט, שטעלט זיך ניט ארויס. און א טאָכטערקע האָבן זיי, א שולאמיסל, שאַ, אָט וועל איך אײַך ווײַזן, מיט עטלעכע טעג צוריק, שאבעסצונאכטס, האָבן מיר באקומען פון זיי א בילד. — זי האָט אוועקגעאײַלט אין שכיינעסדיקן צימער, אין וועלכן, ווי איך האָב באמערקט, עס האָבן געברענט

צווײ יאָרצײַט־ליכט, און אין אַ רעגע אַרום, אַ שײַנענדיקע, זיך אומגעקערט. — גיט נאָר אַ קוק, — האָט זי מיר געוויזן אַ גאַנץ גרויסע פּאָטאָ, אַף וועלכער איך האָב גלײַך דערקענט יוכעוועדן. אַ שמייכלענדיקע, אַן איבערגעפּולטע מיט גליק, האָט זי געהאַלטן עטוואָס פֿאַרהויבן דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט זיך געשפּיגלט אין דער זון. אַרומגענומען זי באַם האַלדז מיט איין האַנט, און האַלטנדיק אַף דער צווייטער האַנט אַ פּינפּיאָריק קינד, איז געשטאַנען לעבן איר אַ הויכער, אַ שטאַלטנער, זייער אַ שיינער, נאָך גאָר אַ יונגער גענעראַל, איר מאַן.

אַ פֿאַרגאַפּטער האָב איך געקוקט אַף דער פּאָטאָגראַפֿיע און ניט געקענט זיך אָנקוקן. עס האָט זיך מיר ניט געוואָלט אַרויסלאָזן זי פֿון די הענט, און אַזוי זיך, ווי פֿאַרבײַגייענדיק, אַ פֿרעג געטאָן, צי זיי קומען אַמאָל צוגאַסט אַהער.

— יוכעוועדל איז שוין זייער לאַנג דאָ ניט געווען. שטענדיק פֿאַרנומען. זיי ווילן, מיר זאָלן אַריבערפֿאָרן צו זיי. אַ דירע האָבן זיי אַ גרויסאַרטיקע. נאָר ס'איז שווער זיך אָפּרײַסן פֿון נאָפּל. אונדז איז דאָ אין שטעטל אַלץ אײַנגעבאַקן אין האַרצן. דאָ האָבן געלעבט אונדזערע עלטערן. די זיידעס און די אורזיידעס האָבן דאָ געלעבט. דאָ זײַנען מיר געקומען אַף דער וועלט, דאָ כאַסענע געהאַט, דאָ די קינדער אויסגעכאָוועט. דאָס גאַנצע לעבן איז דאָ דורכגעגאַנגען. ווי קאָן מען עס איבערלאָזן? דאָ איז אונדזער היים...

איך וואָלט מיט פֿאַרגעניגן נאָך געזעסן און פֿאַרבראַכט מיט יוכעוועדס גוטהאַרציקער מאַמען, וועלכע מע האָט אין שטעטל גערופֿן „די כאַכאָמע", נאָר שוין צײַט געווען זיך אומקערן קיין מינסק, ווו איך האָב ביזן אָפּפֿאָרן געהאַט נאָך אייניקע איניאַנים צו דערלײַדיקן. אַראָפּשטײַגנדיק פֿון גאַנעקל, האָב איך אָפּגעבראָכן אַ צווײַגעלע פֿונעם קליאָן, אונטער וועלכן יוכעוועד איז אַמאָל מיט מיר געזעסן. אַנטקעגן, אַפֿן שמאָלן הילצערנעם טראָטואַרל, האָב איך דערזען גיין, אָנשפּאַרנדיק זיך אַף אַ שטעקל, אַ גרײַז־גראָוון אַלטן מאַן. דערנענטערנדיק זיך, האָט ער מיט נײַגער אַ קוק געטאָן אַף מיר. גאָרנישט ניט געזאָגט. מיט פֿאַמעלעכע טריט אַוועק ווײַטער. ער האָט מיך ניט דערקענט. ס'איז געווען יוכעוועדס טאַטע.

מיט דער טאַקסי, וואָס האָט געוואַרט אַף מיר, האָב איך זיך אומגעקערט מיט אַ צעבוירטעט האַרץ קיין מינסק און באַנאַכט צוזאַמען מיט מײַן אַקאָמפּאַניאַטאָר אַרויסגעפֿאָרן קיין לענינגראַד.

לענינגראַד... נײַן יאָר איז אַדורך, ווי איך בין אַוועקגעפֿאָרן און פֿאַר אָט דער צײַט קיין איין מאָל ניט געווען דאָרט. און אַלע נײַן יאָר געטרוימט וועגן יענעם גליקלעכסטן טאָג, ווען איך וועל פֿאַרדינען אַמאָל דעם קאָוועד אַרויסטרעטן מיט מײַנעם אַ וויאָלאָנטשעל־קאָנצערט אין דער שטאָט, ווו איך האָב געקראָגן אַ פּוטיאָווקע אין דער וווּנדערלעכער וועלט פֿון מוזיק, ווו איך האָב איבערגעלעבט פֿיל פֿרייד און לייד, אין דער שטאָט, ווו זי, יוכעוועד, וווינט...

קיין לענינגראַד בין איך געקומען נאָך האַלבן טאָג, זיך אָפּגעשטעלט אין אַ פּרעכטיקן, שוין אַ צו גרויסאַרטיקן נומער, וועלכער איז געווען פֿאַרבראָנירט פֿאַר מיר אינעם האָטעל „אַסטאָריאַ" אַף גערצען־גאַס, אין סאַמע צענטער, לעבן נעווסקי פּראָספּעקט. די פֿאָרשטייערן פֿון פֿילהאַרמאָניע האָט מיך באַקאַנט געמאַכט מיט דער פּראָגראַם פֿון מײַנע אַרויסטרעטונגען. אַף מאָרגן אינדערפֿרי איז פֿאַרפּלאַנירט געווען אַ רעפּעטיציע צוזאַמען מיטן אָרקעסטער, אין אָוונט — דער ערשטער קאָנצערט אין דער געבײַדע פֿונעם טעאַטער אַפֿן נאָמען פֿון לענינגראַדער סאָוועט, נאָכדעם אין קולטור־פּאַלאַץ אַפֿן נאָמען פֿון מאַקסים גאָרקי, אין גרויסן זאַל פֿון קאָנסערוואַטאָריע, אין קראָנשטאַדט, אַפֿן קיראָוו־זאַוואָד... אין האָטעל האָב איך זיך פֿאַרהאַלטן געציילטע מינוטן, בין גלײַך אַוועק און ביז האַלבער נאַכט שפּאַצירט איינער אַליין איבער דער שטאָט פֿון מײַן יוגנט, ווו יעדער שטיין איז אַ שטיק געשיכטע. ס'איז געווען אינמיטן כוידעש יון, אין זעניט פֿון די „ווײַסע נעכט", נעכט פֿול מיט פּאָעזיע. די בולוואַרן, פּראָספּעקטן, די פֿילצאָליקע קאַנאַלן און די אויסטערלישע בריקלעך איבער זיי, די פּאַרקן און די פּלעצער מיט די דענקמעלער — אַלץ, אַלץ איז געווען באַגאָסן מיט ווייכער קישעפֿדיקער שײַן. די שטאָט איז געווען פֿול מיט לעבן, די טראָטואַרן, די גאַסן פֿול מיט מענטשן, און זי, יוכעוועד, איז, מעגלעך, אויך געווען צווישן זיי. זי קאָן דאָך איצט אויך שפּאַצירן. נאָר טרעף, ווו. איך בין געווען אַף נעווסקי פּראָספּעקט, געווען באַ דער קאָנסערוואַטאָריע, אַפֿן גרויסן פּראָספּעקט באַ דער געוועזענער סטודענטישער צוזאַמענוווינונג, אַף דער אַכצעטער ליניע, זיך דורכגעגאַנגען איבער דער בראָדסקי־גאַס מיט די גרויסאַרטיקע מויערן, איינער שענער פֿונעם אַנדערן. פֿון זייערע פֿילצאָליקע גרויסע פֿענצטער האָט אַרויסגעלויכטן אַ שלאַל מיט שײַן, פֿון די אָפֿענע באַלקאָן־טירן האָט זיך געטראָגן מוזיק. ס'האָט געמאַכט אַן אײַנדרוק, אַז אַף אַלע שטאָקן, אין אַלע דירעס פּראַוועט מען יאָמטעוו. איך האָב געקוקט אַף די העל־באַלויכטענע פֿענצטער און געוואָלט טרעפֿן, וועלכע זײַנען אירע, יוכעוועדס, כאָטש איך בין ניט

געוועזן זיכער, אז זי וווינט אויך איצט אַף אָט דער גאַס, ווי די געוועזענע באַלעבאָסטע פון איר צימערל האָט מיר געהאַט געזאָגט מיט העכער נײַן יאָר צוריק. מעגלעך, אז זי האָט פאַר אָט דער צײַט זיך אריבערגעקליבן אפילע אין אן אנדער ראַיאָן. איך האָב זיך ניט געקאָנט מויכל זײַן, פאַרוואָס איך האָב ניט א פרעג געטאָן בא איר מאמען, בעשאַס זי האָט מיר דערציילט, אז יויכעוועד וווינט אין א פרעכטיקער דירע, אַף וועלכער גאַס די דירע געפינט זיך.

אין האָטעל האָב איך זיך אומגעקערט א צערודערטער. די נאַכט ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג. ניט נאָר איצט, יעדעס מאָל פאַר מײַנעם א קאָנצערט לעב איך איבער אזוי, ווי איך זאָל דאַרפן ארויסטרעטן דאָס ערשטע מאָל. אזא שוואַכקײַט, און איך קען מיט זיך גאָרנישט ניט טאָן. ווי באַוווּסט, האָט אפילע אזא גרויסער ארטיסט, ווי שאַליאַפּין, זיך שטאַרק נערווירט ערעוו זײַנע קאָנצערטן. אין דער רעגע, ווען ער האָט באַדאַרפט אופטרעטן אַף דער בינע, פלעגט אים זיך אָנהייבן דוכטן, אז ער האָט אָקאָרשט פאַרלוירן די שטים. שטאַרק האָב איך איבערגעלעבט, ווען איך האָב געדאַרפט ארויסטרעטן אין א שטאָט צום ערשטן מאָל, פאַר א נײַער אאודיטאָריע, שפּילן מיט אן אומבאַקאַנטן אָרקעסטער, אין זאַלן מיט א פאַרשיידענער אקוסטיק. דאָס האַרץ איז בא מיר ניט געווען אַפן אָרט, באַזונדערס איצט, ווען מיר איז פאָרגעשטאַנען ארויסטרעטן מיט א גרויסער קאָנצערט־פּראָגראַם אין דער לענינשטאָט, שפּילן אין גרויסן זאַל פון דער פילהאַרמאָניע פאַר אן אאודיטאָריע, וועלכע האָט געהערט די גרעסטע מוזיקאַנטן, אין זאַל, ווו עס ווײלן, מעגלעך, זײַן מײַנע פּעדאַגאָגן פון קאָנסערוואַטאָריע, און עפּשער אויך זי... זי האָט דאָך אוודע געקענט באַמערקן די פּלאַקאַטן, וואָס זײַנען אויסגעהאַנגען אַף די גאַסן און פּלעצער פון שטאָט. וועגן דעם, אז מיר זאָל געלינגען זיך זען מיט איר, האָב איך אפילע ניט געטרוימט, נאָר אז זי זאָל זײַן אַף מײַנעם א קאָנצערט האָט זיך מיר זייער געוואָלט. זאָל זי זײַן ניט אליין, זאָל זי זײַן מיטן מאַן, אדערבע, נאָר זאָל זי מיך הערן און איך זאָל זי זען כאָטש פונדערווײַטן. איך וואָלט פאַר זיי איבערגעלאָזט בילעטן באַם בילעטיאָר. ווי אזוי אָבער גיט מען זיי צו וויסן וועגן דעם. ווען איך האָב דעם נומער פון איר טעלעפאָן, וואָלט איך אָנגעקלונגען און געזאָגט צוויי ווערטער, אז איך לאַד אײַן זי מיטן מאַן אַף מײַן קאָנצערט. דעם נומער פון איר טעלעפאָן האָב איך אָבער ניט געהאַט. אַף מאָרגן, גלײַך נאָך דער גאַנץ געלונגענער רעפּעטיציע מיטן אָרקעסטער, האָב איך אָנגעקלונגען אין ספּראַוואָטשנע, אָנגערופן יויכעוועדס פאַמיליע. מע האָט מיר געענטפערט, אז צווישן די אַבאָנענטן איז אזא ניטאָ. און איר מאַנס פאַמיליע־נאָמען האָב איך ניט געוווּסט. ס׳איז פאַרבליבן נאָך איין האָפענונג: זיך דערוויסן דעם נומער פון יויכעוועדס טעלעפאָן בא איר שוועסטער. איר שוועסטערס טעלעפאָן האָב איך געדענקט. איך האָב אָנגעקלונגען. דאָס טרײַבל האָט גענומען, קאָנטיק, דער שוועסטערס מאַן, דער אָנגעזעענער פּראָפעסאָר. מיט אן אומצופרידענער שטים האָט ער געפרעגט, וועמען איך דאַרף. איך האָב זיך אנטשולדיקט און געבעטן זײַן אזוי גוט און זאָגן מיר דעם נומער פון יויכעוועד איסאַקאָווענעס טעלעפאָן.

— ווער זײַט איר? — האָט ער בייזלעך א מורמל געטאָן.

— א לאַנגאָניקער באַקאַנטער, — האָב איך מיט א ניט זיכערער שטים געענטפערט.

— א לאַנגאָניקער באַקאַנטער מעג אליין וויסן, — האָט ער א בורטשע געטאָן, און באַלד האָב איך דערהערט גאָר אן אנדער שטים, זייער אן אָנגענעמע, קאָנטיק דער שוועסטערס. זי האָט געזאָגט, אז יויכעוועד איסאַקאָוונע איז אין לענינגראַד איצט ניטאָ. זי איז מיט עטלעכע טעג צוריק אוועקגעפאָרן. איך האָב געפרעגט, ווען וועט זי זיך אומקערן. „דאָס ווייס איך ניט“, — האָט זי געענטפערט און אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל. די שטימונג איז בא מיר אינגאַנצן צעפּאַטערט געוואָרן. גיי ריכט זיך, אז פּונקט דעמלט, ווען איך וועל אין נײַן יאָר ארום קומען אהער, ווען איך וועל דאָ ארויסטרעטן, וועט זי פּונקט דעמלט אוועקפאָרן. פאַרפאַלן. פון אַלע מײַנע טרוימען און האָפענונגען האָט זיך אויסגעלאָזט א טײַך. א צערודערטער האָב איך לאַנג שפּאַצירט בא דעם נעווא־טײַך און מיט א ניט רויִקן געמיט אוועק אַפן קאָנצערט.

(סאָף קומט)



אין 1932 האָט דער גרויסער פּראָזע־מײַסטער דאָוויד בערגעלסאָן פאַרעפנטלעכט אין מינסקער „אָקטיאַבער“ אַן אַרטיקל וועגן נאָטע לוריעס ערשטן ראָמאַן „דער סטעפּ רופט“. אין צוזאַמענהאַנג מיטן 70־טן געבורטסטאָג פון נ. לוריע וועט פאַר אונדזער לייענער זײַן אינטערעסאַנט צו באַקאַנען זיך מיט אָט דער אַרבעט פון איינעם פון די גרונטלייגער פון דער סאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור, בפרט אַז אין איר געפינען מיר אויך אַרויסזאָגונגען פון אַלגעמיין־ליטעראַרישן פּלאַן, ערטערווײַז סוביעקטיווע פאַר בערגעלסאָנס דעמלטיקן געדאַנקען־גאַנג, אָבער אין טאָך אַקטועלע אויך אין איצטיקן מאָמענט.

די רעדקאָלעגיע און די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד“ באַגריסן האַרציק נאָטע לוריען און ווינטשן אים פיל געזונט, אַריכאַסיאָמים און שעפערישע דערפאָלגן.

## דאָוויד בערגעלסאָן

# פּראָלעטאַרישע פּראָזע־קונסט

### 1

די פּראָלעטאַרישע ייִדישע ליטעראַטור אין סאָוועטנפאַרבאַנד האָט אָפּגעהאַלטן אַ נײַעם ניצחון. דעם ניצחון האָט געבראַכט דער ניט לאַנג דערשינענער ראָמאַן „דער סטעפּ רופט“.

דער אויטאָר פונעם ראָמאַן איז דער יונגער שרײַבער נאָטע לוריע. אויסער די פּאָר קלענערע קרעפטיקע שילדערונגען, מיט וועלכער דער דערמאָנטער יונגער שרײַבער האָט דעביוטירט, איז „דער סטעפּ רופט“ זײַן ערשטע גרעסערע און פאַרטיקע אַרבעט. דאָס בוך האַלט 207 זײַטן און האָט זײַן אויטאָר געעפנט אַ נײַע און אַ גאַנץ גרויסע קרעדיט־קאָנטע אין דער פּראָלעטאַרישער שאַפונג.

* * *

„דער סטעפּ רופט“ איז אַ צײַגער פון פּילזײַטיקער אומדערשעפּלעכער שאַפונגס־קראַפט, וואָס רײַסט אויף די ראַמען, וועלכע האָבן זי אײַנגעשפּאַרט, אַ קראַפט, וואָס פאַר איר זײַנען אַלט און ענג די אײַנגעשטעלטע פאָרמען — באַ איר באַפרײַונג פליִען אַלטע פאָרמען שטיקערווײַז אינדערלופטן. „דער סטעפּ רופט“ קאָן פאַרגלײַכט ווערן צו אַ פרישער שפּאָגל־נײַער געבײַדע צווישן אַלטע בנינים — מיט איר נײַקייט שטרײַכט אונטער די נײַע געבײַדע די אַלטקייט פון די אַלטע, מיט זייער אַלטקייט שטרײַכן אונטער די אַלטע בנינים די נײַקייט פון דער נײַער. די נײַע געבײַדע איז קעדײַ אָנקוקן ניט נאָר פון הוילער נײַגעריקייט וועגן — מע קאָן פון איר עפּעס לערנען.

* * *

דניעפּערבוי, מאַגניטאָגאָרסק, אַלע אַנדערע סאָוועטישע וווּנדער־גיגאַנטן האָבן קלאָר און איינמאָל פאַר אַלעמאָל דערוויזן:

דער פּראָלעטאַריאַט קאָן שאַפן מיט אומגעהייערע טעמפּן אַן אינדוסטריע פון יענעם קאָלאָסאַלן פאַרנעם, וואָס דער בורזשואַזיע אין אַלטן צאַרישן רוסלאַנד האָט זיך קיינמאָל אַפילע ניט געחלומט.

אין ברידערלעכער אייניקונג מיט אַלע בעסערע פּראָלעטאַרישע ווערק אין דער פילשפּראַכיקער סאָוועטישער פּראָזע איז נאָטע לוריעס בוך אַ צוגאָב־באַווײַז:

ניט בלויז מיט ריין־טעכנישע ווערטן איז דער באַפרײַטער פּראָלעטאַריאַט אימשטאַנד צו באַרײַכערן אַרום זיך דאָס לעבן — די קראַפט פונעם פּראָלעטאַריאַט איז אומדערשעפּלעך גרויס און שטאַרק אויף אַלע יענע געביטן פון ניט געפּעלשטער מענטשלעכער קולטור, ווו די שטאַרבנדיקע בורזשואַזיע ווײַזט זיך לעצטנס אַרויס פאַר אַ פולשטענדיקן אימפּאָטענט.

* * *

זאָלן אַנדערע פּרוּוון צוגיין צו נאָטע לוריעס בוך בלויז פון דער ריין־קינסטלערישער זײַט, זאָלן זיי זיך אין דעם פאַנאַנדערקלײַבן בלויז

פאַרמעל, — אויך די וועלן מוזן קאָנסטאַטירן, אַז די בורזשואַזע און קליינבירגערלעכע ליטע־ראַטור, דערהויפּט פון די לעצטע יאָרן, בלײַבן דאָ ווײַט הינטערשטעליק, אַז אַזאַ שעפע פון עכט־קינסטלערישע פאַרבן, אַזוי פיל זאַפטיקע פרישקייט אין בילד און אין שפּראַך, אַזאַ מאַ־לערישע לײַכטקייט באַם כאַראַקטעריזירן דעם פּילצאַליקן, ניט געפּעלשטן לעבעדיקן פּערסאַ־נאַזש, האָט די ייִדישע ליטעראַטור שוין זייער און זייער לאַנג אין איר פּראָזע ניט געזען.

שוין אָפּגערעדט פון דער דינאַמישער אָנגע־לאָדנקייט און דינאַמישער אָנגעזעטיקטקייט, מיט וועלכער „דער סטעפּ רופט" קאָכט און שפּרודלט. דינאַמיק איז בײַ דער ייִדישער לי־טעראַטור אין אַלע אירע פּראָסאָוועטישע פּאַזן געווען ניט מער, ווי אַ מין יעיצערהאָרע־ווונטש, וועלכער איז שטענדיק גלײַך דערדריקט געוואָרן דורכן נאַציאָנאַלן יעיצערטאָוו. פאַר־וואָס?

דערפאַר, וואָס די פּראָסאָוועטישע ליטעראַ־טור האָט געבאַלעבאַטעוועט איבער אַ פּאַרמעגן פון זייער אַ קליינעם סאָרטימענט.

איין האַלב פון איר פאַרמעגן:

— אַ לעפל דאַלעס.

די אַנדערע האַלב:

— אַ לעפל ייִדישע גווירישקייט.

די דאָזיקע צוויי „געריכטן" — לויט מענדע־לעס אויסדרוק — זײַנען געווען „פאַרפּראַוועט מיט פאַרשיידענע שאַרפע געווירצן" און שטענ־דיק דערלאַנגט געוואָרן דעם לייענער — יעדער „געריכט" אין אַ באַזונדער טעלער. דער בור־זשואַזער און קליינבירגערלעכער אינסטינקט האָט אונטערגעזאָגט, אַז דערלאַנגען זיי אין איין שיסל טאָר מען ניט — די באַרירונג צווישן דאַ־לעס מיט גווירישקייט קאָן געבן אַן עקספּלאָדי־רונג אין שאָטן דער בורזשואַז־נאַציאָנאַלער „גאַנצקייט". די „מאַשקעלע כאַזיירים" און די „אַריע באַלעגופים" זײַנען פון איין זײַט באַזונ־דער געוואָרן און פון דער אַנדערער זײַט גע־געבן געוואָרן טענדענציעז, היפּער־גראַב, קע־דיי דער דאַלעס זאָל, כאָלילע, אָף זיי קיין פאַריבל ניט האָבן, וואָרן אָט: אָף וועמען דאָ פאַריבל האָבן? — זיי זײַנען דאָך „גראַבע" מענ־טשן. וואָס שײַעך צו אָשן, איז אים זײַן „אָביעק־טיוו" פּרימיטיוויקייט בײַגעשטאַנען, ער זאָל אוועקזעצן אָרעם און רײַך בײַ איין גווירישן אָרעמאַלצײַט־טיש, קעדיי צו דערווײַזן, ווי אַזוי דער גוויר איז „שיין" און „שײַנט" באַם געבן צדאָקע — מיט קיין שום דינאַמישן פּאָלוער האָט דערפון שמעקן ניט געקאָנט. אפילו יאַנקל שאַפּשאָוויטש — דער „גרעסטער דוכאָבאָר" בײַ אָשן — האָט אויך געטראָגן מיט זיך עפּעס אַזוינס, וואָס דאַרף רעפלעקטיוו באַרויִקן דעם באַליידיקטן צאַד צווישן די געזעלשאַפטלעך־שטרײַטנדיקע גײַסטער, אַזוינס, וואָס האָט דעם דאַלעס באַדאַרפט לערנען: „וואָס דאַרפסטו אויפ־ברויזן, אַז גאָט אַליין נעמט פאַר דיר נעקאָמע".

* * *

די העכסטע קינסטלערישע פאַרקערפּערונג האָט דער ייִדישער דאַלעס אָן שום סאַפעק דער־לאַנגט אין דער געשטאַלט פון „טעוויע דעם מילכיקן" — מעגלעך טאַקע דערפאַר, וואָס טע־וויעס דאַלעס איז אַן און פאַר זיך גאָר געווען אַ מין עפּאָס — יעדנפאַלס, ניט יענער דאַלעס, וואָס רײַסט די אויגן און קאָן אופרײַסן. מיט גווירים האָט טעוויען זײַן אוטאָר אַ פּאָר מאָל צונויפגעפירט, נאָר בעפיירעש אין דער שאָ־בעסדיקער קאַפּאָטע, פאַרשפּיליעט אָף אַלע אײַ־רע געבליבענע קנעפּלעך — אַ גרייטער זיך מיט די גווירים מעשאַדעך זײַן. אויב יענע האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר „שטיקלעך פאַרכעס" און ניט געוואָלט דעם „שידעך", איז טעוויע יעדנפאַלס אין דעם ניט געווען שולדיק. לויט מאַסקיליש־ליבעראַלער טראַדיציע האָט אים דער אוטאָר געהייסן זאָגן אָף זיי: „וואָס מער נאַגיד, מער סאַבאַקע", אָדער אפילו זיך שעלטן אונטער די אויגן אין טאַטן אַרײַן — אַן אַקט, וואָס האָט צו גרויסע „שטורמישע געשעענישן" ברענגען ניט געקאָנט. דער דאַלעס אין דער פּראָסאָוועטישער ייִדישער ליטעראַטור האָט אופגעטאָן ניט מער, ווי דאַלעס בײַ „נאַציאָנאַלער גאַנצקייט" קאָן אופטאָן — ער האָט זיך געשאָלטן.

דער העכסטער צאַרן־אויסדרוק פונעם ייִדישן דאַלעס, ווי ער באַקומט זיך אין אַספּעקט פון דער קלאַסישער און נאָכקלאַסישער ייִדישער ליטעראַטור, איז געווען — אַזוי דאַרף מען קלערן — די קלאָלע:

— זאָל דיר געשוואָלן ווערן דער „ווי הייסט מען עס" פון שיווע־זיצן.

אָבער אויך אָף דער קלאָלע קאָן מען ניט זאָגן, אַז זי איז געווען „מעסוקן דינאַמיש" — דער איקער האָט זי, ווי עס איז צו זען, זיך באַ־זירט אָף „סטאַטיק"...

• • •

אפילו פּערעץ — דער סאַמע אומרויִקסטער צווישן די ייִדישע קלאַסיקער — האָט אויך אויס־געמיטן די טרעף־פּונקטן פון צוויי קלאַסן, ווו עס קומען פאַר אופרײַסן. זײַן אומרויִקייט ווערט אויסגעשעפּט מיט דעם, וואָס ער, פּערעץ אַליין, האַלט זיך אין איין וואַרפן פון כסידיש־מיסטי־שער נעגידישקייט צו אָרעמשאַפט און פון אָרעמשאַפט צוריק צו דער נעגידיש־גאָטיִדי־שער גאָלדענער קייט. עס באַקומט זיך (ווי בײַ דאָסטאָיעווסקיס וואַרפן זיך פון פאַרברעכן צו גאָטזוכערײַ) אַ „דינאַמיק" פון אַ פולן עמער מיט איינסאָרטיקער פליסיקייט, וואָס ווערט זיי־ער געשווינד געדרייט אינדערלופטן — וואָס געשווינדער מע דרייט דעם עמער, אַלץ רויִקער בלײַבט גאָר אין אים די פליסיקייט, אַלץ זיכע־רער קאָן מען זײַן, אַז די פליסיקייט וועט זיך אין עמער אפילו קיין מינדסטן בויטשע ניט טאָן. דאָ האָט פּערעץ דעם נאָוואַטאָר ניט גע־האָלפן און ניט געקאָנט העלפן זײַן שטיין מיטן

פאָנעם צו דער בורזשואזער וועלט־ליטעראטור — דאָרט איז די דינאמיק געקומען אפן כעזשבן פונעם קאמף צווישן קאפיטאליזם מיטן פעאָדאליזם, אפן כעזשבן פון דער רעוואָליוציע, וואָס האָט אין לעבן ארײַנגעבראכט נײַע אינדוסטריִעלע טעכניק, און אויך דאָרט האָט די דינאמיק גענומען אָפשטארבן פאראלעל מיטן אָנוווקס פונעם אויסגלײַכערישן נאציִאָנאל־בורזשוא און סאָציִאל־רעפאָרמיזם, אזוי אז די בורזשואזע וועלט־ליטעראטור — אויסער די ווערק פון יענע געציילטע, וואָס ציִען זיך צום פראָלעטאריאט און ווערן באאײַנפלוסט פון זײַן שעפערישער אומרויִקײַט — שטעלט מיט זיך שוין בא הײַנטיקן טאָג פאָר ניט מער, ווי אָן איינהײַטלעך־סטאטישע לאנגווײַליקײַט.

* * *

דאָס זעען מיר איצט קלאָר און בולט בא דער שײַן פונעם שעפערישן באָלשעוויזם: די בורזשואזע קונסט, פונקט ווי די בורזשואזע ווירטשאפט, טראָגט אליין אין זיך די פאקטאָרן פון איר פארניכטונג.

דאָס האָט פאָרויסגעזען די מארקס־לענינישע לערע; דאָס ווערט איצט פעסטגעשטעלט דורך דעם גרויסן אופשטײַג פון דער נײַער פראָלעטארישער ליטעראטור, וואָס קומט פאָר פאראלעל מיט דער גרויסער יערידע פון דער בורזשואזער ליטעראטור.

וואָס איז שײַעך דער נײַער יִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור, האָט בלויז די באהעפטונג פון יִדישע ארבעטנדיקע מאסן צום פראָלעטאריאט זי געקאָנט אײַנגלידערן אין דער דינאמיק פון די גרויסע געשעענישן אין פראָלעטארישן לאנד און בעמיילע אין דער דינאמיק פון די גרעסטע וועלט־געשעענישן. איינע פון די דערשײַנונגען, וואָס קאָנען דאָ דינען פאר אן איליוסטראציע, איז אָן סאָפעק נאָטע לוריעס „דער סטעפ רופט".

## 2

נאָטע לוריע שילדערט דעם אָנהייב פון דער קאָלעקטיוויזאציע אין א יִדיש דאָרף, וואָס געפינט זיך אין די ערטער פון דער עלטערער פארמילכאָמעדיקער יִדישער קאָלאָניזאציע. איינעם מיטן יונג־קרעפטיקן מיטלפויער שעפטל קאָבילעץ (א באָכער, וואָס האלט אויס אָן אלטע מאמע), טאקע אף שעפטלס געקאָוועטטראסקנדיקן וואָגן און אף זײַנע „פאָר בולאנע" פערד, „טראסקעט" איר ארויס פון דער ארומיקער געגנט און יאָגט אין דער ריכטונג פון יִדישן כוטער בוריאנאָווקע, ווו שעפטל וווינט. איר טראָגט זיך „מיט א געדיכטן פארנאכטיקן שטויב בארג־אראָפ צו דער הרעבליע. אין דער זײַט, איבער דעם שטארק צעגרינטן באשטאָן, וואָס שפרייט זיך ביז די הולײַפאָליער מאָהילקעס, האָט זיך שוין גענומען ארויפלאָזן די פאליעטע זון און זיך פאנאנדערגעגאָסן אין א בלוטיקער שקיִע".

שעפטלען דערקאָנט איר באלד גרינגטלעך, דורך און דורך — פאָשעט דורך זײַן באציִונג צום פרעמדן גרויסן באשטאָן, וואָס „וויגט זיך שטיל, אָטעמט און רוישט מיט די שפיציקע קוקורוזע־בלעטער, מיט די געלבלעך־פאנאנדערגעבליטע זונען־רויזן" און קער אף צולאָכעס ניט צו אים — שעפטלען: „סע גייט זיי, די נאזארעוויטשער, סארא סאָלנעטשניקעס זײַנען בא זיי אויסגעוואָקסן! וויאָ!.. א פאָהיבעל אף זיי, דער רועך נעמט זיי גאָרניט..." און ווײַטער: „א כאראָבע אף זיי! וואָס טויג דאָס מיר?.. אז עס איז סײַוויסײַ ניט מײַנס..."

ט'האָט איר שעפטלען און מער ווי שעפטלען — אָט איז זײַן גאנצער אונטערבאלעגופישער שיכט אָן אונטערשייד פון גלויבן און נאציע — איבערן קליינעם ביסל אייגנס, וואָס קערט בלויז צו אים איינעם אליין, איז ער נאָך, אָדער „שוין", גאָר קיין מענטש ניט — אָן אינפוזאָריע, וואָס האָט בלויז צוויי פונקציעס אין לעבן: פארכאפן צו זיך וואָס מער שפײַז (אין געגעבענעם פאל — ארײַנפאקן וואָס מער זעטיקײַט צו זיך אין שײַער, אין כאטע). זיך מערן, פרוכפערן. די איבעריקע מענטשן, די ארומיקע וועלט — „א פאָהיבעל אף איר! וואָס טויג דאָס מיר? אז עס איז סײַוויסײַ ניט מײַנס"...

אָט זײַנען מיליאָנען, וועמען די סאָוועטנמאכט ציט ארײַן אין די קאָלווירטן, קעדיי צו באהעפטן זיי מיט אידעאלן פון א נײַער סאָציאליסטישער וועלט. די אינפוזאָריע וויל ניט ווערן אויס אינפוזאָריע — אך, ווי זי וויל ניט! זי האָט א הארטן פרימיטיוו־יעכידישן רוקנביין, און בייגן אים איז ניט לײַכטער, ווי בייגן שטאָל. „סע" האָט א שטיק ערד, א כאטע, מיט א שײַער, א שטיקל אינווענטאר, א פאָר געזונטע „בולאנע פערד", נאָר „עס" איז פול מיט גלוסטעניש צו נאָך. קעדיי דאָס צו דערגרייכן, מוז „עס" האָבן, אז אף „דעם" זאָלן ארבעטן פרעמדע, ווי ווײַט מעגלעך אומזיסטיקע הענט, וואָרעם „וואָס איז פאראן צו ריידן?" — אזוי טײַנעט שעפטל צו זײַן קראנקער מאמען, וואָס „קוקט אף אים מיט די קרומלעכע ליפן": „איינינקער אליין קאָן מען אפן סטעפ ניט ספראווען זיך. דער סטעפ האָט האלט האָרעוואניע, די ערד דארף הענט, און — האָדיע..."

דאָס יאָגט ער טאקע מיט זײַנע „פאָר בולאנע" צוריק פונעם יִדישן כוטער, ווו ער האָט אומזיסט געהאָפט קריגן „הענט" און פונוואנען ער שמײַסט איצט צוריק אהיים אָן אופגעקאָכטער דערפון, וואָס הענט — אזוינע, וואָס זאָלן אף אן אנדערן ארבעטן, איז איצט, בא די נײַע פאראָרדענונגען אין לאנד, שוין גאָרניט אזוי לײַכט צו קריגן. „אין אזא היץ אומזיסט געטריבן די פערד אף די כוטאָרעס, און זיי ווילן ניט גיין, א פאָהיבעל אף זיי! אין די קאָלעקטיוון קריכן זיי, די פויליאקעס"...

אין דער קינסטלערישער פארב, מיט וועלכער נאָטע לוריע שילדערט שעפטלס טראָגן זיך

מיט א פארנאכטיקן שטויב צו דער הרעבליע, פילט זיך דאָס טראָגן זיך פון א גאנצן שיכט, דער גאנצער ווילדער אימפעט, מיט וועלכן אזא שיכט וויל ארײַניאָגן אין באלעגופנטום. באם דערבײַיִקן טײַכל שטעלט זיך שעפטל אָנטרינקען די פערד. „אף יענער זײַט טײַכל איבערן אָטשערעט גיסט זיך פאנאנדער די שקיִע, א פײַערדיק־רויטע". ניט ווײַט פונעם אָטשערעט שטייט אַן אומבאקאנטע פרעמדע מויד און שווענקט א קאָפטע. אהין קוקט איצט שעפטלס „קײַלעכיקע, א ביסל ארומגעוואקסענע מאָרדע": א שטארקע מויד... צי קאָנען זיי ניט טאָקע באלד ווערן זײַנע — דער שטארקער מוידס הענט? „די מויד איז ביז אין די קני געשטאנען אין וואסער, העכער די קנעכלעך, ארויף צו די פולע און אלץ גרעבערע מיידלשע פיס, איז איר גרין קליידל געווען פארהויבן און פארשטעקט בא די הויכע רונדע לענדן. זי האָט געפאטשט מיט דער נאסער קאָפטע איבערן וואַרעמען וואסער, פאנאנדערגעפליושקעט דעם סטאוואָק און פאנאנדערגעטריבן רויטלעכע כוואליעס צו דער הרעבליע". פאר שעפטלען — נאָך א באָכער — איז דאָס ניט קיין כיסאָרן. פארקערט, גאָר א מעציִע: אי א פּאָר הענט, וואָס זאָלן אף אים ארבעטן, אי א ווײַב — ער דאַרף האָבן ביידע זאכן. צוגעשפארט „מיטן נידעריקן גראָבלעכן קערפער אין דעם וואָגן, קוקנדיק פונווײַטנס אף דער מויד מיט פאַרזשמורעטע אויגן", מיט „נאָזלעכער, וואָס הייבן אזש אָן אונטערציטערן", „מיט א פאטלע שווארצע האָר, וואָס וויגט זיך בא אים אפן שמאָלן שטערן", באטראכט ער זי, ווי זי שטייט אין וואסער — „א הויכע, מיט צעשפרייטע האלב־נאקעטע פיס, מיט ברייטע רונדע לענדן". איטלעכס מאָל, וואָס יענע „האָט זיך צום וואסער אָנגעבויגן און עס האָבן זיך אָנגעגאָסן אירע בריסט", האָט שעפטל ארײַנגערוקט די האנט אין זײַן האָריקן בוזעם ארײַן, זיך געגעבן א קראַץ: „אָט א טעלעצע! א קײַלעכדיקער סאָלנעטשניק".

די מויד, פון איר זײַט, גלײַכט זיך אויס אונטער דער שײַן פונעם זון־אונטערגאנג, שטעלט צו א האנט צום בלאָנדן קאָפּ און קוקט זיך אײַן פון איבערן קליינעם טײַכל אין שעפטלען. צי איז דאָס אלץ ניט א וואריִאנט פון אלט־באקאנטע „אידיליעס"? צי הייבט עס ניט אָן א ביסל דערמאָנען אָנעם „העלד" פון דער „יאטישער טאָכטער"? ניין, עפעס צופיל אימפעט, צופיל טראסק און יאָגעניש, שוין אפן ערשטן זײַטל. בלויז דער נאיִווסטער לייענער וועט דאָ עפּעס אין סאמע אָנהייב מאכן דעם זעלבן טאָעס, וועלכן דער אונטערבאלעגוף שעפטל האָט אין דער מויד, וואָס שווענקט איר קאָפּטל באם טײַכל, א מויד, פון וועלכער ער קאָן האָבן בלויז צאָרעס — זי איז די טראקטאָריסטקע פונעם נאָענטן קאָוואלעווסקער קאָלווירט עלקע רודנער, א יונגע פארטייערן, געשיקט פונעם פארטיי־קאָמיטעט אהער אין יִדישן דאָרף אף צו פראָפאגאנדירן דאָ די אידיי פון קאָלעקטיוויזאציע, אף צו אָרגאניזירן דאָ צווישן דער יִדישער דאָרפישער אָרעמשאפט דעם ערשטן קאָלעקטיוו. עס וועט איר דאָ אויסקומען צו ארבעטן אף א ווילדן, נאָך קיינמאָל ניט אופגעאקערטן באָדן. זי איז א טיילעכל פון יענער קראפט, וואָס דערטראָגט די פּאָלגן פונעם אָקטיאבער צום סאמע פארוואָרפנסטן און אָפּגעשטאנענסטן ווינקעלע אין לאנד, און איז פארזענלעך מיט לײַב און לעבן אָרגאניש אײַנגעגלידערט אין אָט דער קראפט. דער אונטערבאלעגופישער שיכט אונטערן נאָמען „שעפטל" דאַרף, אז עלקעס געזונטע הענט זאָלן ארבעטן אף אים און אף זײַן באלעבאטישקײַט. די קראפט, וואָס איר טיילעכל הייסט „עלקע", דאַרף און מוז אויסראָטן מיטן וואָרצל די מעגלעכקײַט פון ארײַנוואקסן אין באלעגופנטום און פון צעשפּליטערן אף ברעקלעך די לאנדווירטשאפט, דאָס הייסט: זי מוז ארײַנציִען אזוינע ווי שעפטל מיט זייערע „געזונטע פּאָר בורלאנע פערד" אין קאָלעקטיוו — און באלד וויקלט זיך פאנאנדער דער גרויסער אנטשיידענער געראנגל פון אָרגאניזירטער קראפט, פון איין זײַט, און ווילד־סטיכישער, פון דער צווייטער זײַט, א געראנגל, וואָס זײַן קירצסטע אויסשעפנדיקע פאָרמולע איז: „באקעמפן דאָס באלעגופנטום אלס קלאס אפן באָדן פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאציע". דאָס דאָרף מיט די ארומיקע דערפער און כוטאָרס ווערט פארוואנדלט אין א ביזן גרונט צערודערטער מילכאָמע־ארענע. דער קאמף איז פול מיט דער גרעסטער דינאמישער אָנלאָדונג. די דינאמיק ווערט פארפילפאכט אפן כעזשבן פון צײַט־קורצקײַט, — ניין, אף אידיליעס איז דאָ ניט שײַעך צו ווארטן.

3

אז מע לייענט איבער דאָס ביכל „דער סטעפּ רופט" און מע לייגט עס נאָכדעם אוועק אפן טיש, דוכט זיך אויס:

דאָס ביכל וועט ניט אײַנליגן — סע וועט אונטערשפרינגען, ווי קוועקזילבער, אף אזויפיל קרעפטיק־באוועגלעך זײַנען די לעבעדיקע שטראָמען, וואָס לוריען האָט זיך אײַנגעגעבן אין ביכל אײַנצורוימען. מיט דעם איז דער שרײַבער נאָטע לוריע פראָלעטאריש־נײַ.

אף 207 זײַטן זײַנען פאראַן אזויפיל און אזויפיל שורעס, אזויפיל און אזויפיל ווערטער. די גרויסע אומצאָליקע געראנגל־געשעענישן, וואָס האָבן אָנגעפילט און פילן אָן דעם העלדישן קאָלעקטיוויזאציע־פּראָצעס, קאָנען דאָ געגעבן ווערן אָדער עפּיזאָדמעסיק, אָדער אין שפרינגענדיקן קאליידאָסקאָפּישן געהיפער, ווי ניט קיין גרויסע בעריעס — קינאָ־רעזשיסערן טוען אין פילמען. אין ערשטן פאל וואָלטן די באזונדערע עפּיזאָדן פארשטעלט פונעם אויג דעם גרויסן אלגעמיינעם קאָלעקטיוויזאציע־פלאצ־

דארם. אין צווייטן פאל וואָלט דאָ שטארק ארויסגעשטעקט יענע צופיל־געקניפטע ראציִאָ, וואָס איז בעקויעך פאָרצושטעלן דאָס סאמע עמעסע ווירקלעכע לעבן ווי א „קינסטלערישן״ ליגן, אין בעסטן פאל ווי א צווייפלהאפטיקע סכעמע.

וויִאזוי זשע איז דעם אווטאָר געלונגען אַי ארויסצוברענגען קינסטלעריש די געשעענישן, אי ניט צו פארשטעלן מיט זיי פונעם אויג די גאנצע גרייס פונעם פלאצדארם?

ווער איז די טראקטאָריסטקע עלקע, דעם באָנדערס טאָכטער, וואָס איז אראָפּגעקומען אָרגאניזירן דעם קאָלווירט און וואָס דער אָרטיקער דאָרפישער באלעגוף טראכט אף איר אויס, אז זי איז געקומען צונעמען בא די אָרטיקע ווײַבער די מענער? זי איז דיר ניט קיין „נאָרא״ און ניט קיין „האמלעטיקל״. ניט די אלגעמיינע, ניט די ייִדישע פארסאָוועטישע ליטעראַטור האָט זיך ווען־ניט־איז באשעפטיקט מיט דערציילן וועגן אירע קינדער־יאָרן, וועגן איר יוגנט און וועגן איר צײַטיקײַט, פונקט ווי זיי האָבן זיך קיינמאָל ניט באשעפטיקט מיט באַקאנט מאכן דעם לייענער מיטן פאָרזיצער פון „אָרעמקאָם״ כאָנצין, מיטן ייִדישן באטראַק קאָפּלדינער, און דעסגלײַכן.

וויִאזוי זשע האָט דער אווטאָר באזיגט אָט די אלע שוועריקײַטן? — ער שילדערט דאָך בלויז דעם ערשטן קאָלעקטיוויזאציע־פּעריִאָד און בלויז די געשעענישן אין איינעם א דאָרף — וויִאזוי זשע דערגרייכן דאָ די שײַן־וואָרפערס צו דער אומגעהייער גרויסער קאָלעקטיוויזאַציע־ארענע?

איך וויל מיט דעם אונטערשטרײַכן, אז סײַ די ארכיטעקטאָניק, סײַ די געשטאלטונג פון די טיפּן אף די 207 זײַטן „דער סטעפּ רופט״ — צוויי גרונט־עלעמענטן, אף וועלכע עס הינקט זייער די פּראָזע פון פיל שרײַבער — די דאָזיקע צוויי גרונט־עלעמענטן זײַנען בא נאָטע לוריען אָרגאניש צונויפגעגאָסן מיט דער דינאמיק פון די געשעענישן, און זײַנען אים ביידע ביז גאָר געלונגען טאקע דערפאר, וואָס זײַן אויג איז טאָמיד אָפן פאר זייער אינעווייניקסטער דיִאַלעקטישער פארבינדונג, דערפאר, וואָס ער הערט אף קיין רעגע ניט אוף צו זען און צו דערווײַזן, וויִאזוי די געשטאלטונג באקומט זיך ארויס פון דער דינאמיק און וויִאזוי די דינאַמיק באקומט זיך ארויס פון דער געשטאלטונג. דערפאר איז דעם שרײַבער געלונגען קינסטלעריש צו באהערשן אף 207 זײַטן דעם גרויסן מאטעריאל, ווײַל אין זײַנע שילדערונגען איז, ווי אין לעבן, פאראן די קעגנזײַטיקע ווירקונג פון אינהאלט אף פאָרם און פון פאָרם אף אינהאלט. קעדיי דאָס צו דערגרייכן, מוז מען ניט בלויז אָרנטלעך און ניט געפעלשט קענען די געשעענישן, נאָר אויך זײַן אידעאָלאָגיש ענג פארבונדן מיט זייער רעוואָליוציאָנער פּראָגרעסיוון טייל, וואָרעם די ריכטיקע באלויכטונג פון געזעלשאפטלעכע געשעענישן מוז זײַן געבויט אף זייער ניט איבערגעריסענער פארבינדונג, און די ניט איבערגעריסענע פארבינדונג פון געזעלשאפטלעכע געשעענישן אין לעבן פירט אין אלגעמיינעם סאָכאקל דורך רעוואָליוציע צו פּראָגרעס. קעדיי צו געבן די טיפּן אין זייער ריכטיקער, ניט געפעלשטער געשטאלטונג, איז ווייניק צו קענען די טיפּן אין לעבן — מע מוז נאָך דערצו דערקענען דעם גאנצן סאָציִאלן שיכט, וואָס האָט זיי געבוירן, זײַן אימשטאנד אופצונעמען די מאטעריעלע פאקטאָרן, וואָס אדאנק זיי האָבן זיך די טיפּן באקומען אזוינע און ניט קיין אנדערע, — און אזוי קענען זײַנע טיפּן נאָטע לוריע.

## 4

די „לעבנס־פילאָסאָפיעס״ באם באציל פון קאפיטאליזם, זײַנע „עמעסן״ זײַנען ביז גאָר באגרענעצט, ווי די טענער פון אן אײַנגעגעסן פרימיטיוון ניגן:

„ווער ס׳האָט ניט קיין פארמעגן, איז א פּויליאַק״ (ער מעג האָבן אָפּגעארבעט זײַן גאנץ לעבן טאקע אף אים, דעם באציל).

„אלע זײַנען גאנאָווים״ (אלץ, וואָס דער באציל פארמאָגט, מעג באשטיין פון גניווע).

„אלץ, וואָס מע פארמאָגט, איז געשמאק און האָט א ווערט נאָר דענסטמאָל, ווען מע האָט עס פאר זיך אליין באזונדער״.

דערוף איז באזירט די געשטאלטונג פון פיל טיפּן אין נאָטע לוריעס „דער סטעפּ רופט״. טאַקע דערפאר געלינגט אים אזוי לײַכט זיי צו געשטאלטן, ווײַל זייערע סאמע כאראקטעריסטישע שטריכן באקומט ער ניט נאָר מיט דער הילף פון זייער פערזענלעכן ארט דענקען, נאָר — דעריקער — דורך דעם „געדאנקענגאנג״ פון זייער גאנצן סאָציִאלן שיכט.

אזוי „דענקען״ בא נאָטע לוריען די באלעגופים יאנקעוו אָקסמאן מיט סימכע בערעזינען און די אונטערבאלעגופים שעפּטל קאָבילעץ און יודל פּיסקון:

„קיינמאָל האָט שעפּטל קאָבילעץ אזוי ניט האנאָע געהאט, ווי דענסטמאָל, ווען ער האָט דערהערט, אז בא עמעצן האָט א פערד זיך אוועקגעלייגט, אָדער א סקאָטינע האָט א פוס איבערגעבראָכן, אז בא עמעצן אין כוטאָר איז די טוווע ניט אופגעגאנגען, אָדער פארברענט געוואָרן, — דעמלט האָט ער דערפילט, אז אים איז עפּעס צוגעקומען, ער איז רײַכער געוואָרן...״ („דער סטעפּ רופט״, זײַט 76).

באלד וועט זיך ארויסווײַזן, אז די דערמאָנטע „האנאָע״ און „געפילן״ זײַנען, ערשטנס, ניט „סטאם אזוי זיך״ — דעם אווטאָרס טענדענץ אָדער קאפּריז; צווייטנס, אז זיי קערן זיך אָן שעפּטלס גאנצן שיכט. אָט איז שעפּטל איינער אליין, בייס ער ליגט באנאכט מיטן בויך אף דער ערד און פּאשעט זײַן קאלב. „ער וויקלט זיך אײַן טיפער אין בורקע, און פון דער ערד ציט א פײַכטע וואָרעמקײַט, דער ווינט רוישט עטוואָס הארבסטיק איבער די זאנגען, און אים

איז דאָ וואָרעם, אָרום איז שטיל". און אַט נידערן דאָרט אַף אים אַראָפּ די אייגנשאַפטן פון זײַן גאַנצן בענקענדיקן אונטערבאַלעגופישן שיכט: „מיט עלקען (אַזוי טראַכט שעפּטל, פּאַשענדיק באַנאַכט זײַן קאַלב) וואָלט געווען אַ מאַראָכע אין הויף — זי וואָלט געמאָלקן זײַנע בעהיימעס און אים געשלאָגן פּוטער. וויפל מאַסלינקע ווערט עס אַזוי פאַרפאַלן בײַ אים"...

אַט זײַנען זיי, די ניט־איבערגעריסענע פאַרבינדונגען סײַ צווישן געפיל און נוצן, סײַ צווישן דעם איינצלנעם און זײַן שיכט. ניט־איבערגעריסענע פאַרבינדונגען, וואָס נאָר זיי קאָנען פירן צו ניט־געפעלשטער קינסטלערישער געשטאַלטונג פון טיפּן. שעפּטל האָט האַנאָע, ווען בײַ זײַן דאָרפישן שאָכן טרעפט אַן אומגליק, ווײַל ער פילט אינסטינקטיוו, אַז אים וועט דערפון „עפּעס צוקומען" — ווען באַם שאָכן וועלן פאַרברענט ווערן די טוווּעס, וועלן פאַר אים, שעפּטלען, באַפרײַט ווערן דעם שאָכנס הענט — ער וועט דאַן די דאָזיקע הענט אַרײַנקריגן, „זיי זאָלן אים מעלקן זײַנע בעהיימעס" און „אים שלאָגן פּוטער".

„וואָס קאָן אים זײַן בעסער, שעפּטלען, ווי איינער אַליין ליגן באַנאַכט אין סטעפּ, פּאַשען זײַן קאַלב און הערן, ווי עס זשוזשען די בלויע נאַכט־פליגן, ווי עס קוואַקען ערגעץ דאָרט אײַנעם סטאַוואָק די פרעש"... דאָס איז אַלץ ערשט, אַזוי צו זאָגן, דעם אונטערבאַלעגופס „קאָשערער" וועג אין לעבן. פאַראַן אָבער גאָר אַנדערע, מער ווײַט־גייענדיקע „מיטלען", מיט וועלכע ער קעמפט פאַר אַט דעם „קאָשערן" וועג זײַנעם:

יודל פּיסקון קויפט סיסטעמאַטיש טײַערע פערד, סעקורירט זיי בײַ דער מעלוכע, בײַט זיי גלײַך אויס אַף בּיליקע, פאַרשפּאַרט זיי בײַ זיך אין שאָפּע און לאָזט זיי הונגערן אַזוי לאַנג, ביז זיי פּייגערן אָוועק, דענסטמאָל נעמט ער אָפּ די סעקוראַציע בײַ דער מעלוכע און קויפט ווידער נײַע פערד אַף צו טאָן מיט זיי דאָס אייגענע. מיר טרעפן צו אים אין שאָפּע, בײַס אײנע אַזאַ שקאַפּע, וואָס ליגט שוין דאָרט עטלעכע טעג אַ פאַרשמאַכטע, ווײַל ניט פּייגערן, און ער העלפט זיך אויס דורך שלאָגן די שקאַפּע מיט אַ דרענגל אַף אומבאַמערקטע ערטער.

„כ'האָב זיי אַלעמען אין כוטאָר געהאָדעוועט, — קלאָגט זיך דער באַלעגוף יאַנקעוו אָקסמאַן, — זיי האָבן געפרעסן מײַן ברויט, מײַן ברויט..." קימאַט אַלע אָרעם־פּויערים אין כוטאָר — יענע, וואָס עלקע ציט זיי אַרײַן אין קאָלעקטיוו, — האָבן אַף אָקסמאַנען געהאָרעוועט פאַר נישטיקן לוין, פאַר קליינע „טויוועלעך", אים געשאַפן זײַן פאַרמעגן, נאָר אָקסמאַנען איז קלאָר ווי דער טאָג: „זיי האָבן אומזיסט געפרעסן זײַן ברויט", וואָרן אַזוי דענקט אין אים זײַן גאַנצער שיכט:

— „אַלע זײַנען גאַנאָווים".

און וויבאַלד אַזוי, „מעג" ער „אַרײַנלייגן אין דער ערד" זײַן געוועזענעם באַטראַק כאָנצין — דעם איצטיקן פאָרזיצער פונעם „אָרעמקאָם".

און אײניינעם מיט פּיסקונען אָנשרײַבן אַף אים אַ מעסירע אין פאַרטקאָם, אַז ער, כאָנצי, האָט באַגאַנוועט דעם געזעלשאַפטלעכן אַמבאַר.

## 5

אויפן שלאַכטפעלד בײַ לוריען זײַנען ריכטיק, אָן שום צוגעטראַכטקייט באַזעצט אַלע פּאָזיציעס. דעם מיטלפּויערס אויגן — אַט צינדן זיך אין זיי זונען, אַט יאָגן אין זיי שאָטנס. אים לאָקן די פאַנאַנדערגעבונדענע ציגער אין „רויטן ווינקל", אים צעדולן זײַן קאָפּ די באַלעגופים מיט זייערע שעפּטשערײַען „וועסט האָבן, וועט מען בײַ דיר צונעמען", מיט זייערע רעכילעס אַף עלקען, אויפן פאָרזיצער פונעם „אָרעמקאָם" כאָנצין. דער מיטלפּויער הערט ניט אויף צו מאַכן טריט פאָרויס און צוריק — ער וועט זײַן מיט יענעם, וואָס וועט זיגן. אין פּראָצעס פון וויכער־געשעענישן אַנטפּלעקט בײַ לוריען דער באַלעגוף אַלץ מער און מער זײַן נאַקעט קלאַסן־געשטאַלט. אין הייסן קאַמף פאַלן פון אים אַרונטער אַלערליי איבערגעבליבענע (נאַדסטרויקי), עס פאַרלירט זיך זײַן נאַציאָנאַלער קאָלאָריט. דער קאַמף איז אַף אַזויפיל הייס, אַז אין ייִדישן כוטאָר בלײַבט מער קיין פּלאַץ ניט פאַר שאַבאָסים און ייִדישע יאָמטויווים — נישטאָ מער פון זיי אַפילע קיין זייכער אין לוריעס „דער סטעפּ רופט". אויפן שעטעך פונעם גאַנצן שלאַכטפעלד דערזעט לוריע אַפילע קיין איין מאָל ניט דאָס געשטאַלט פונעם ייִדישן קלייקודעש. און דאָ איז די פראַגע, צי דער קלייקודעש האָט ווירקלעך דאָ אין קאַמף קיין שום אָנטייל ניט גענומען, אָדער שולדיק איז אין דעם לוריעס אויג, וואָס האָט דעם קלייקודעש אַף דער אָרטיקער אָרענע פאַרזען, פּונקט ווי ער, לוריע, האָט פאַרזען קינסטלעריש צו באַלויכטן אין סאָף פון בוך די אָרגאַניזאַציע פונעם שאָס אַף עלקען און זיך בלויז באַנוגנט מיט אַן אָנדײַטונג, אַז „ווען זי (עלקע) איז אַרויס פון הויף, האָט זי, דאַכט זיך, אַקעגן דערזען יודל פּיסקונען, נאָר ער איז באַלד ניט געוואָרן". נאָר דאָס זײַנען עפּשער די איינציקע קליינע פעלערן אין גאַנצן בוך — אַ בוך, וואָס זײַט בײַ זײַט מיט דער באַלויכטונג פונעם דינאַמישן מעהוס און גראַנדיעזע געשעענישן, לאָזט עס אַרײַנקוקן אין די מעטאָדן פון דער נײַער פּראָלעטאַרישער פּראָזע־שאַפונג.

## 6

אינעם פּלאָנטער פון דעם דאָרפישן שיכטן־געמיש, ווו פּרימיטיוו־אויסגעיבטע כיטרעקײַט זאָגט אונטער דעם מיטעלן, ער זאָל אויסערלעך אויסזען פּונקט ווי דער אָרעמער שאָכן, ער זאָל פון די אָרומיקע אויסבאַהאַלטן ניט בלויז זײַנע סאָציאַלע פּריווילעגיעס, נאָר אַפילע דאָס בײַטעלע מיט דער מאַכאָרקע, וואָס ער רייכערט; אין קאַמף־געראַנגל — אַט דעם פאַרפּלאָנטערט־

איבערגעפלאָכטענעם קנויל פון קעפּ און הענט
און פיס, וואָס געהערן צום באַלעגוף, צום מיטל־
פויער, צום אונטערבאַלעגוף, צום אָרעמפויער,
צום באַטראַק און צום אָראָפּגעשיקטן פּראָלע־
טאַריער־אָרגאַניזאַטאָר, — אין דעם אַלעם באַ־
ווײַזט נאָטע לוריע אָרדענונג, דיפערענצירטע
געשטאַלטונג און דערגרייכט עס זייער לײַכט
טאַקע דערפאַר, וואָס באַם שילדערן מענטשן
איז זײַן קריטעריִ: פריִער „סאָציִאַלער שיכט",
נאָכדעם „פּערזאָן". מיט די סאָציִאַלע שיכט־
אייגנשאַפטן לייגט ער דעם גרונטשטיין פון אַ
געשטאַלט און מיט צוויי־דרײַ שטריכן דער־
גרייכט ער נאָכדעם די איבערגעבויען (נאַד־
סטרויקי), וואָס בילדן די באַזונדערקײַט פונעם
געשטאַלט, זײַנע יעכידישע „מעזשעס" (פּונקט
קאַפּויר פון די בורזשואַזע און קליינבירגערלע־
כע פּראָזאַיִקער, וואָס לייגן אין גרונט די יעכי־
דישקײַט פונעם טיפּ, זײַן באַזונדערקײַט, און
זיי באַרירן גאָרניט אָדער באַרירן קוים דעם
שיכטלעך־סאָציִאַלן פונדאַמענט). אָט ווי פּראָ־
לעטאַרישער אויסגאַנגס־פּונקט ווירקט אַף
פּאָלגן אַפילע אין ריין פאָרמעלן זין. דאָ אַנט־
פּלעקן זיך די מעטאָדן, וואָס הייבן אויף די פּראָ־
לעטאַרישע פּראָזע־קונסט העכער פון דער בור־
זשואַזער. באַ נאָטע לוריען, ווי באַ אַנדערע
טאַלאַנטפולע פּראָלעטאַרישע פּראָזאַיִקער, זײַ־
נען די טיפּן און די געשעענישן ניט בלויז
קלאָר, נאָר ס'איז אויך קלאָר, פאַרוואָס האָבן
זיי זיך אַזוינע באַקומען.

* * *

פּראָזע־שרײַבער אין דער פאַרסאָוועטישער
ייִדישער ליטעראַטור האָבן זיך ניט איין מאָל
פאָרגענומען צו געבן אין זייערע ווערק די
גרויסע שטאָט, זיך פאַרמאָסטן אַף צו פאַרכאַפּן
וואָס מער שטעטעך, אַף צו שילדערן דאָס גרויס־
שטאָטישע. נאָר אין רעזולטאַט האָט זיך פון
איין גרויסער שטאָט באַקומען דרײַ אָדער פיר
קליינע שטעטלעך מיט אַ פאַרקליינשטעטלדיקטן
לעבן.

דער פּראָלעטאַרישער שרײַבער נאָטע לוריע
האָט זיך גענומען שילדערן די קאָלעקטיוויזאַ־
ציע אין אַ קליינעם ייִדישן כוטאָר, און אין רע־
זולטאַט האָט זיך באַקומען אַ פילשטראַלנדיקער
סנאָפּ ליכט, אַ ווײַט־פאַלנדיקער פּראָזשעקטאָר
אין דער טיף פון גרויסע וועלט־געשעענישן. די
סיבעס פון אָט דעם רעזולטאַט ליגן, פאַרשטייט
זיך, פריִער פאַר אַלץ, אין די פּאָלגן פון פאַר־
ווירקלעכטער לעניניסטישער נאַצפּאָליטיק — אַ פּאָ־
ליטיק, וואָס בירגערט אײַן אַלע פעלקער ווי
גלײַכבאַרעכטיקטע גלידער אינעם גרויסן לאַנד,
ווו מע בויט סאָציִאַליזם. דערנאָך קומען די מע־
טאָדן פון נײַעם פּראָלעטאַרישן שאַפן — מע־
טאָדן, וואָס טראָגן מיט זיך די שטרעבונג אויפ־
צודעקן דעם קלאַסן־גערנגל אומעטום, ווו ער
זאָל ניט פאָרקומען און מיט וועלכע נאַציִאָנאַ־
לע שלייערס ער זאָל זיך ניט פאַרדעקן, — זיי
פירן און מוזן פירן צום גרויסן אַלגעמײַן פּראָ־
לעטאַרישן טראַקט.

* * *

אָט וואָס אונדז זאָגט נאָטע לוריעס „דער
סטעפּ רופט":

אויב די בויונג פון טורקסיב, דניעפּערבוי,
כאַרקאָווער טראַקטאָר־זאַוואָד, פון די דאַמבעס
אין מאַגניטאָגאָרסק, קוזבאַס קאָן מען זיך פאָר־
שטעלן, ווי די קראַפט פון פאַרבאַנדישן פּראָ־
לעטאַריאַט, וואָס וואַקסט ווערטיקאַל, איז די
קאָלעקטיוויזאַציע די קראַפט פונעם זעלבן פּראָ־
לעטאַריאַט, וואָס וואַקסט מיט ניט קיין קלענע־
רע טעמפּן האָריזאָנטאַל, אין דער ברייט פונעם
גרויסן לאַנד. ביידע זײַנען פול מיט העלדיש־
קײַט, אין ביידע ריכטונגען גייט דער פאַרבאַנ־
דישער פּראָלעטאַריאַט מיט ריזיקע טריט פאָ־
רויס צו זײַן זיג — צום זיג פון סאָציִאַליזם, און
זײַט באַ זײַט מיט אים גייט פאָרויס זײַן נײַע
ליטעראַטור. די פאַרווירקלעכונג פונעם לאָזונג
„דריאַגן און אַריבעריאַגן", ווײַזט זיך אַרויס,
איז ניט בלויז שײַעך זײַן אינדוסטריע, נאָר
אויך זײַן קונסט.



# ווי צום ערשטן מאָל אין לעבן

## אין וועג

א פײַף פון באַן. א רויש פון שנעלע רעדער.
אין אויגן בלענדט דער גלאַנציקער אַספאַלט.
און פעלדער טראָגן זיך פאַרבײַ, און סעדער,
און צו דער ערד די הייך א ווייכע פאַלט.

ווען איז געווען דער אָנהייב פונעם ווונדער,
וואָס אָנגערופן האָט מען פּאַשעט — וועג?
אָט וויגט ער מיך, אָט וואַרפט ער פּלוצעם אונטער
און טראָגט אַף זײַנע אַקסל מיך אַוועק.

מעהאַלעכן אַזױפיל אויסגעמאָסטן,
געאַקערט האָב איך זייער ברייט און לענג, —
און ווען דער ווינט אין פלייצע מײַנער בלאָזט ניט,
פעלט אויס מיר אָטעם און עס ווערט מיר ענג.

ניט האַלט מיך אָפּ — ס׳איז ווייניק צײַט געבליבן,
און קיין בילעט בא מיר אומזיסט ניט פרעג:
כ׳בין צו דער ווײַט אַף אייביק צוגעשריבן —
אין וועג!
אין וועג!
און נאָכאַמאָל — אין וועג!

## היים און ערד

צוגן האָבן זייער רייעך אויך:
סאַפּענדיק פאַרטויבט אין ווײַטע רייסן,
האָבן זיי געהוסט מיט קנוילן רויך,
אָפּגייענדיק מיט א שווייס א הייסן.

פונקט אַזוי די פערד האָבן געשמעקט,
ווען זיי האָבן, אײַנגעשפּאַנט אין וואָגן,
מיך אַמאָל אַף ניט־ברוקירטן וועג
צום וואָקזאַל פון שטעטעלע געטראָגן.

אָט דער שווייס מיר כאַלעמט זיך ביז איצט —
פון אַרויספאָר־אין דער וועלט אַן אָנדענק,
אין מײַן מויעך האָט ער זיך פאַרקריצט,
ווי א שטיק פון יונגן מײַן מאַיאָנטעק.

כ׳הער: די לייצעס עמעץ טוט א צוק,
ס׳קנאַלט א בײַטש צוזאַמען מיט א קלאָלע...
דוכט מיר: ווינטן שמײַסן אויך דעם צוג,
פונקט ווי יענע פערד — דער באַלעגאָלע.

נאָענט טוט אָט יענער רויך א שטויס,
און ביז ווייטעק גיט א קלעם באַם האַרצן:
— נו, כעווריײַע, פעקלט זיך אַרויס,
זײַט געזונט און גריסט דעם יאַם דעם שוואַרצן!

ס׳איז מעשונע, כ׳ווייס, און ניט באַקלערט,
ווען אין רוימען ספּוטניקעס זיך טראָגן,
גאָר דערמאָנען, ווי עס שלעפּן פערד
ערגעץ דאָרט א סקריפּענדיקן וואָגן.

נאָר איך שווער: ער האָט אזויפיל קראַפט,
אָט דער רייַעך פון ארויספאָר יענעם,
אז אפילע אויך דער קאָסמאָנאווט
צווישן שטערן ניט פארגעסן קען אים.

יעדעס מאָל, ווען ער אהיים זיך קערט,
איז עס, ווי צום ערשטן מאָל אין לעבן:
— א, ווי פּרעכטיק פילן איז די ערד,
וועלכע האָט די גוורע דיר געגעבן!

## ש ט י ל ק ײַ ט

ניט יעדע שטילקייַט אינדערעמעסן איז שטיל.
עס טרעפט — זי נעמט פון אלע זייַטן לויערן,
און דעמלט איז בא דיר אזא געפיל,
אז דורכלעכערן באלד זי וועט די אויערן.

דו זוכסט א סגולע: עפּשער וועט דיר פּאַרט
פון איר פארפאלגונג אייַנגעבן זיך ראטעווען, —
די שטילקייַט וויל ניט אָפּטרעטן דאָס אָרט,
פון יעדן ווינקל וועט זי לאנג נאָך טשאטעווען.

דו לויפסט פון איר, ווי פון א בייזער פּלאָג,
און בעטסט, ס'זאָל רוישן, הילכן, קנאקן, האמערן —
אבי דו זאָלסט ניט פילן איר געיאָג,
וואָס וויל דייַן וועלט אין שטומקייַטן פארקלאמערן.

## אין מענטשן־יאַם

נו, שטעלט זיך אָפּ!
נו, שטעלט זיך אָפּ
בלויז אָף איין אויגנבליק, איך בעט אייַך!
...נאָר ס'טראָגט דער שטראָם זיך — קאָפּ אָף קאָפּ,
אין ווירבל אייַלנדיקן קלעטערט.

און ס'טופּען פיס, און ס'הילכן טריט:
אהין — אהער — צוריק — אַנטקעגן,
און וויפל ס'איז פארכאַפּט, זיך ציט
א מענטשן־יאַם, וואָס האָט קיין ברעגן.

אָט דו!
אָט איר!
אָט זיי!

וווהין
אייַך טראָגט?
...צו וועמען כ'זאָל זיך קערן,
האָט פרעגן פּאָשעט ניט קיין זין:
כאָטש שרייַ — וועט קיינער דיך ניט הערן.

כ'ווער אויך א כוואליע אינעם יאַם,
עס נעמט מיך טראָגן מיטן וויכער,
איך אייַל, איך אייַל, און גאָר ניט סטאַם
אזוי זיך:
גיכער!
גיכער!
גיכער!

## ס'טוט מיר גאָרנישט ניט באנק

ניט געפרעגט, צי אזוי מע מעג,
ניט געשוויגן און ניט געשריגן...
אויב דו מיינסט, אז דו ביסט אוועק,
איז עס פּאָשעט א גרויסער ליגן.

ס'טוט מיר גאָרנישט ניט באנק —
ניט די פּייַן, ניט די לייַדן,
וואָס דער גורל פון לאנג
האָט אונדז צוגעטיילט ביידן, —
ס'טוט מיר גאָרנישט ניט באנק,
ס'טוט מיר גאָרנישט ניט באנק!

ניט צוזאמען, און ניט צעשיידט,
אָן א זייַ־געזונט, אָן א גוטמאָרגן, —
ווען די זון שטילערהייט פארגייט,
דאַרף זי אופשטיין דאָך ווידער מאָרגן!

ווי זשע איז עס, דאָס זיסע גליק —
ערגעץ ווײַט, צי אָט דאָ, דערנעבן?
ס'איז, אַפֿאַנעם, ניט פראָסט צוריק
איינס דעם אַנדערן אַלץ פאַרגעבן...

אָט די בריקן, וואָס איך פאַרברען,
וועלן אייביק צו דיר מיך פירן, —

נאָר פאַרוואָס איז באַשערט געווען
דיך געפינען און דיך פאַרלירן?
ס'טוט מיר גאָרנישט ניט באַנק —
ניט די פּײַן, ניט די ליידן,
וואָס דער גורל פון לאַנג
האָט אונדז צוגעטיילט ביידן...

## א פאָלקס-מאָטיוו

דרײַ טיולפאַנען האָט ער איר געבראַכט —
האָבן זיי געשמעקט א גאַנצע נאַכט.

בלעטלעך אַף די שטענגלעך — שטיקער פלאַם:
פונקט ווי אירע ליפּן, מאָלע־טאַם.

וויפל פריש אין בלומען זײַן באַשערט —
האָט איר ליבע זיך מיט זיי גענערט.

ווען די ערשטע בלום האָט אָפּגעדאַרט,
האָט ער איר געזאָגט: „ס'איז לאַנג די נאַכט!"

ווען די צווייטע איז געבליבן פּוסט,
האָט ער איר געזאָגט: „צו קאַלט דו קושסט!"
ווען די דריטע איז געבליבן הויל,
האָט קיין וואָרט אַרויסגעבראַכט זײַן מויל...

דרײַ טיולפאַנען האָט ער איר געבראַכט —
איצטער האָט א בעזעם זיי פאַרשאַרט...

## טויעלעך

טויעלעך בלישטשען אַף גרעזל אַף גרינעם,
קײַקלען זיך איבער דעם שטענגעלע דינעם,
מיינען זיך, פינקלען מיט טויזנטער פאַרבן:
— מיר ווילן ניט שטאַרבן!
— מיר ווילן ניט שטאַרבן!

מיינען די שטראַלן, אז קאַלט איז די טראָפּנס —
שטעלן אַרונטער די הענט זיי צוקאָפּנס,
נעמען זיי גלעטן, און צערטלען, און ערעמען:
— מירן אײַך וואַרעמען!
— מירן אײַך וואַרעמען!

וויגן די שטראַלן די טויעלעך, וויגן —
גוט איז אין הענט אין די וואַרעמע ליגן,
לעשן די אייגעלעך — טראָפּן נאָך טראָפּן:
— מיר ווערן אַנשלאָפן!
— מיר ווערן אַנשלאָפן!

כאַפּט זיך דאָס גרעזל אין שפּעטן באַגינען,
זוכט זײַנע טויעלעך — קאָן ניט געפינען,
האָט עס צו צערטלעכע שטראַלן א טײַנע:
— די טויעלעך מײַנע!
— די טויעלעך מײַנע!..

## אַן אייפּעלע

צי די נעסט געווען איז אויסגעבויט ניט פעסט,
צי דעם בוים צעשאָקלט האָט א בייזער ווינט, —
ס׳איז אַן אייפּעלע אַרויסגעפאַלן פון דער נעסט,
אַן אייפּעלע, דער פויגל־מוטערס קינד.
אוי־ווײ!
אוי־ווײ!

ווען די פויגל־מוטער האָט אַהיים זיך אומגעקערט —
אינעם מויל דעם קינד א ווערעמל געבראַכט,
איז עס שוין געלעגן אויף דער גרינער ערד
מיט די אייגעלעך די גרויזנקע פאַרמאַכט.
אוי־ווײ!
אוי־ווײ!

האָבן פויגלען אינעם וואַלד געטרויערט א גאַנצן טאָג,
ווי געוואָלט דאָס אייפּעלע נאָך אָפּשרײַען פון טויט, —
נאָר שוין גאָרנישט לינדערן האָט ניט געקאָנט די פּלאָג,
און די שקיעה איז אין בלוט פאַרגאַנגען רויט.
אוי־ווײ!
אוי־ווײ!

## עס נעמט שאַריִען

דורך פאָרהענגלעך, וואָס האַלטן צו די נאַכט,
זי זאָל מיך מיט איר כאַשכעס ניט פאַרצייִען,
א מיזרעך־שטראַל דעם אָנזאָג האָט געבראַכט:
עס נעמט שאַריִען!

געקומען פלוצעם — שטיל און אומדערוואַרט,
געשיקט פון ווײַטער זון צום טאָג צום פרייִען —
א גאַנצע נאַכט אָט דאָ ער האָט געוואַכט:
עס נעמט שאַריִען!

און מיטאַמאָל אין טאָגס בלוי־טיפער טראַכט
הייבט אָן מיט פלײַס די לויטערקײַט זיך מייִען,
און קיינער האָט שוין איבער איר קיין מאַכט:
עס נעמט שאַריִען!



## מענטשן־זייער צײַט און זייער גורל

# קאָמוניסטן

**אווראָם פּריבלודע**

## מיט לײַב און לעבן טרײַ דער רעוואָליוציע

ביז דער רעוואָליוציע — א פּראָפעסיאָנעלער רעוואָליוציאָנער, נאָך דער פעווראַל־רעוואָליוציע — פאָרזיצער פון דער קראָנשטאדטער באָלשעוויסטישער אָרגאניזאציע, נאָך דער אָקטיאָבער־רעוואָליוציע — אָן אָנגעזעענער פּארטייִשער מיליטערישער און ווירטשאפטלעכער טוער. ער האָט דורכגעמאכט א לאנג און רײַך רעוואָליוציאָנער לעבן, אויסגעוואקסן פון א שוסטער־געזעל אין א קליין שטעטל ביז צו א דיפּלאָמאטישן פאָרשטייער פונעם סאָוועטנפארבאנד אין פראנקרײַך.

געבוירן געוואָרן אין שטעטל מיקולין, מאָהיליאָווער גובערניע, אין א מישפּאָכע פון א שווארצארבעטער. צו עלף יאָר האָט אים דער פאָטער אָפּגעגעבן פאר א לערנייִנגל צו א שוסטער, ער זאָל האָבן א מעלאָכע אין די הענט. די שוסטער־געזעלן האָבן אים ארײַנגעצויגן אין דער ארבעטער־באוועגונג, און ער איז צו איר צוגעשטאנען מיטן גאנצן פלאַטער פון זײַן יונג הארץ.

אריבערגעפאָרן קיין וויטעבסק, אָרגאניזירט באָריס ברעסלאָוו אין יון 1901 א שטרײַק אָף דער אָרטיקער טאבאק־פאבריק, און בעשאס א צוזאמענשטויס מיט די שטרײַקברעכער פארוווּנדעט ער איינעם א שטרײַקברעכער. די פּאָליציי ארעסטירט אים. ער ווערט פארשיקט קיין סיביר אָף פינף יאָר. אָפּגעוועזן צוויי יאָר אין פארשיקונג, אנטלויפט ער, און זינט דעמלט פירט ער א לעבן פון א פּראָפעסיאָנעלן רעוואָליוציאָנער: ארבעט אין האָמעל און אין דווינסק, אָנהייבנדיק פונעם 1904 — אין פּעטערבורג, ווו



באָריס ברעסלאָוו

ער איז פּארטיי־אָרגאניזאטאָר אין וויבאָרגער און אין מאָסקווער ראיאָנען פון דער שטאָט, פירט א באָלשעוויסטישע אגיטאציע צווישן די ארבעטער, ווערט קאָאָפּטירט אינעם פּעטערבורגער קאָמיטעט פון דער רסדאפּ (ביזן 1903 איז

ברעסלאַוו געווען אַ מיטגליד פֿונעם „בונד", און דאַן האָט ער אים פֿאַרלאָזט). ווידער ווערט ער אַרעסטירט און פֿאַרשיקט אין אַרכאַנגעלסקער גובערניע, אַנטלויפֿט פֿונעם וועג קיין דאָרעם־רוסלאַנד, און דאָ זעצט ער פֿאָר זײַן אַרבעט אין ניקאָלײַעוו און יעקאַטערינאָסלאַוו.

בעשאַס דער רעוואָליוציע פֿון 1905 איז באָריס ברעסלאַוו אין מאָסקווע, פֿירט אָן מיט אַ שלאַכט־דרוזשינע באַם מאָסקווער שטאָטישן קאָמיטעט. אין אַ צוזאַמענשטויס פֿון דער דרוזשינע מיט קאַזאַקן אין אָקטיאַבער 1905 ווערט ער פֿאַרוווּנדעט און מוז פֿאַרלאָזן מאָסקווע. אין פּעטערבורג, וווּהין ער איז איבערגעפֿאָרן, ווערט ער רעדאַקטאָר פֿון דער טעגלעכער אַרבעטער־צײַטונג „פּריזיוו" („דער רוף").

די צאַרישע מאַכט האָט באַוויזן צו דערשטיקן די ערשטע רוסישע רעוואָליוציע. די פּאַרטיי האָט שטאַרק געליטן פֿון די רעדיפֿעס און פֿון די אינערלעכע רײַבונגען, ווען פֿיל צוגעשטאַנענע צו איר קליינבירגערלעכע עלעמענטן האָבן זיך אַנטוישט און זײַנען אַוועק פֿון דער רעוואָליוציאָנערער טעטיקייט. עס ווערט צוגעגרייט דער פֿינפֿטער פּאַרטיי־צוזאַמענפֿאָר אין לאָנדאָן, קעדײַ אונטערצופֿירן אַ סאַכאַקל פֿון די רעוואָליוציאָנערע געשעענישן אין די יאָרן 1905—1907, אַנאַליזירן די סיבות פֿון דער מאַפּאָלע און פֿאַרשטאַרקן די קויכעס. ברעסלאַוו פֿאָרט אַרום אין פּאַרטיי־שליכעסן אויפֿן אוראַל און גרייט צו די וואַלן צום צוזאַמענפֿאָר. די אָכראַנקע פֿאַרכאַפּט אים, און ער זיצט אָפּ אַנדערהאַלבן יאָר אין טפֿיסע, דערנאָך פֿאַרשיקט מען אים אין טאָבאָלסקער גובערניע. ווידער אַנטלויפֿט ער און עמיגרירט קיין פֿראַנקרײַך.

צו אָט דער צײַט ווערט פּאַריז דער וויכטיקסטער צענטער פֿון די רוסישע פּאָליטישע עמיגראַנטן. דאָ וווינט לענין, מיט וועלכן ברעסלאַוו האָט זיך געטראָפֿן אין פּעטערבורג אין די יאָרן 1905—1906. ברעסלאַוו אַרבעט אין פּאַריז ווי אַ שוסטער און זעצט פֿאָר די רעוואָליוציאָנערע טעטיקייט. ער איז אַ מיטגליד פֿונעם קאָמיטעט פֿון דער פּאַריזשער גרופּע באָלשעוויקעס, אָרגאַניזירט לעקציעס פֿאַר די אַנטלאָפֿענע פֿון רוסלאַנד ייִדישע אַרבעטער.

ווען אין לאָנזשומאָ, אונטער פּאַריז, ווערט געעפֿנט אין 1911 די פּאַרטיי־שול אונטער דער אָנפֿירונג פֿון לענינען, איז ברעסלאַוו אַ צוהערער אין דער שול און ער הערט די לעקציעס פֿון לענינען, לונאַטשאַרסקין, ריאַזאַנאָוון, סטעקלאָוון און אַנדערע אָנפֿירער פֿון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי־פֿראַקציע. לויטן אויפֿטראָג פֿון לענינען פֿאָרט ברעסלאַוו קיין רוסלאַנד צוזאַמען מיט איסאַק שוואַרץ („סעמיאָן") און מיט סערגאָ אָרדזשאָניקידזע — אויך צוהערער פֿון דער פּאַרטיי־שול, — קעדײַ אָרגאַניזירן די וואַלן צו דער זעקסטער פּאַרטיי־קאָנפֿערענץ, וועלכע איז באַשטימט אין פּראָג.

די שליכעס אויסגעפֿילט, די דעלעגאַטן זײַנען אַרויסגעפֿאָרן אויף דער קאָנפֿערענץ, נאָר ברעסלאַוו האָט זיך ניט אײַנגעגעבן אין איר צו נעמען אָן אָנטייל, ווײַל דעם 29 אָקטיאַבער 1911 איז ער אַרעסטירט געוואָרן און מע האָט אים פֿאַרמישפּעט אויף זעקס יאָר קאַטאָרגע.

די פֿעברואַר־רעוואָליוציע האָט באַפֿרײַט ברעסלאַוו פֿון דער מאָסקווער בוטירסקער טפֿיסע. ער איז גלײַך אַוועק קיין פּעטראָגראַד און זיך איבערגעגעבן אין רעשוס פֿונעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער פּאַרטיי, געאַרבעט אין אַפּאַראַט פֿון צק און אין דער רעדאַקציע פֿון „פּראַוודאַ". ווען אין יולי 1917 איז אין פּעטראָגראַד אַרעסטירט געוואָרן דער פֿאָרזיצער פֿון דער קראָנשטאַדטער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע סעמיאָן ראָשאַל, איז ברעסלאַוו קאָמאַנדירט געוואָרן קיין קראָנשטאַדט און פֿאַרנומען דאָרט ראָשאַלס אָרט. אין די אָקטיאַבער־טעג, ווען אין פּעטראָגראַד האָט זיך אָנגעהויבן דער באַוואָפֿנטער אויפֿשטאַנד, האָט ברעסלאַוו מיט אַן אָטריאַד מאַטראָסן פֿאַרנומען אָראַניענבאַום און די אײַזנבאַן־ליניע קיין פּעטראָגראַד. בראָש פֿונעם זיבעטן מאַטראָסן־אָטריאַד איז ער געשיקט געוואָרן קיין מאָסקווע צוהילף דעם מאָסקווער מיליטעריש־רעוואָליוציאָנערן קאָמיטעט, וועלכער האָט געפֿירט שווערע קאַמפֿן מיט די קאָנטררעוואָליוציאָנערע עלעמענטן.

נאָכן זיג פֿון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע ווערט באָריס ברעסלאַוו קאָמאַנדירט קיין וויטעבסק, ווו מע ווײַלט אים אויס פֿאַרן פֿאָרזיצער פֿונעם באָלשעוויסטישן קאָמיטעט און פֿון דעם שטאָטראַט. אין אַ קורצער צײַט אַרום ווערט ער אָפּגערופֿן קיין מאָסקווע, מע באַשטימט אים אַלס פֿאָרזיצער פֿון דער מאָסקווער טשעקאַ, מיטגליד פֿונעם פּרעזידיום פֿון דעם מאָסקווער סאָוועט.

אין די יאָרן פֿון בירגערקריג פֿאַרנעמט ברעסלאַוו פֿאַראַנטוואָרטלעכע פּאָסטנס אין דער 3־טער און 12־טער אַרמייען. אין 1920—1924 איז ער פֿאָרטרעטער פֿונעם קאָמאַנדיר פֿון מיליטערישן מאָסקווער קרײַז, שעף פֿון דער פּאָליטישער פֿאַרוואַלטונג.

נאָכן בירגערקריג איז ברעסלאַוו אויף ווירטשאַפֿטלעכער אַרבעט: אין „סעוועראַלעס", אין לעדער־סינדיקאַט און אין דער אַרבעטער־פּויערישער אינספּעקציע. פֿון 1930 ווערט ער אַריבערגעפֿירט אויף דיפּלאָמאַטישער דינסט אַלס שטעלפֿאַרטרעטער פֿונעם סאָוועטישן אַמבאַסאַדאָר אין פֿראַנקרײַך.

ברעסלאַוו האָט איבערגעלאָזט זיכרונות וועגן זײַנע באַגעגענישן מיט לענינען, וועגן די ערעוו־רעוואָליוציאָנערע טעג.

ער איז געשטאָרבן אין 1942, אין עלטער פֿון 60 יאָר.

■ ■ ■

# לעבן לענינען שטייט אויף דער פאָטאָגראַפיע
## אַלעקסאַנדער בריאַנסקי

מיט אַלעקסאַנדער בריאַנסקין האָב איך זיך באַקאַנט אין יאַלטע, באַם שוואַרצן יאַם, בייס כ׳האָב אָפּגערוט אינעם דאָרטיקן שרײַבער־הויז.

— אַן אינטערעסאַנטער מענטש, — האָט מען מיר געזאָגט, — שוין אַלט אַריבער אַכציק און איז פול מיט ענערגיע. באָדט זיך יעדן טאָג. לייענט אַ סאַך. אַן עכטער פאָרשטייער פון דער אַלטער באָלשעוויסטישער גוואַרדיע. מע האָט מיר שוין געזאָגט, אַז ער האָט זיך ניט איין מאָל באַגעגנט מיט לענינען.

איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און צוגע־זעצט זיך אויף דער באַנק לעבן אים, פאַרפירנ־דיק אַ שמועס וועגן אַלטקײַט — יונגקײַט.

— ווען דער מענטש וואָלט געקאָנט אויף דער עלטער אומקערן אַפּסנײַ דאָס סאַמע אינטערע־סאַנטסטע פון זײַן לעבן, וואָלט איך געטאָן אַזוי, איך זאָל דערזען ווידער די ערשטע רעוואָלי־ציע־יאָרן, די שלאַכטן פאַר דער ראַטנמאַכט, מײַנע באַגעגענישן מיט לענינען...

איך בעט אַלעקסאַנדער דאַווידאָוויטשן, ער זאָל דערציילן גענויער וועגן דעם אַלעמען.

ער צעשמייכלט זיך און איז מאַסקים עס צו טאָן. דאָ באַמערק איך אין זײַנע הענט אַ בוך לידער, באַוויזן איבערצולייענען דעם נאָמען פֿו־נעם מעכאַבער: „באָריס בריאַנסקי”.

— דאָס איז מײַן זונס לידער. די זאַמלונג איז דערשינען שוין נאָך זײַן טויט. אויפן פראָנט האָט די קויל אים געשאָנעוועט, איז ער אומגע־קומען פון אַן אומגליקס־צופאַל שוין נאָך דער מילכאָמע... דער ווייטעק איז נאָך גרעסער. ס׳איז מיר שווער וועגן דעם צו ריידן. צו פריש די וווּנד...

איך האָב איבערגעריסן דעם געשפּרעך און בלויז געבעטן אַ דערלויבעניש דורכצולייענען דעם בוך לידער, קעדײַ מאָרגן, ווען עס וועט זײַן מעגלעך, זיך ווידער באַגעגענען.

אַ גאַנצן אָוונט האָב איך דאָרטיק געלייענט באָריס בריאַנסקיס ביכל. דאָס האַרץ איז צע־ריסן געוואָרן פאַר ווײי: וואָס פאַר אַן אופריכטי־קײַט עס ווייעט פון די לידער! דער מענטש איז געשטאַנען אין אָנהייב וועג, ער וואָלט נאָך אַ סאַך געקאָנט אויפטאָן אין דער דיכטונג — און שוין, ניטאָ...

אויף דער צווייטער באַגעגעניש מיט בריאַנ־סקין האָב איך אומגעדולדיק געוואַרט.

— איר כידעשט זיך, וואָס אַ מענטש אין מײַן עלטער באָדט זיך יעדן טאָג אין יאַם, ווי קאַלט דאָס וואַסער זאָל ניט זײַן? איך בין דאָך אויס־



1 מײַ 1919. רויטער פּלאַץ.
מיט אַ צייכן איז אויף דער פּאָטאָ אָפּגעמערקט
א. ד. בריאַנסקי

געוואקסן באם יאם. א סעוואסטאָפּאָליער בין איך. מײַן טאַטע איז געווען א שנײַדער. עמעס, א גוטער שנײַדער. ער האָט גענייט פאר געהויבענע לײַט, פאר די העכסטע מיליטערישע טשינען. זײַן אופגענייטער מונדיר פלעגט זינגען! נאָר א מישפּאָכע איז בא אונדז געווען א היפּשע. קינדער — איינס קלענער פונעם צווייטן. און נאָכן ארומלויפן איבער דער שטאָט, נאָכן באָדן זיך אין יאם האָט זיך געוואָלט קײַען. אפן אפּעטיט האָבן מיר זיך ניט געקאָנט קלאָגן...

אלעקסאנדער דאווידאָוויטש טוט א שארפן קוק אף מיר, ווי ער וואָלט זיך געקווענקלט: זאָגן צי ניט זאָגן? און זעצט פאָר:

— און נאָך א סאָד וועל איך אײַך אויסזאָגן: איך שרײַב אויך לידער. שוין לאנגע יאָרן, אונטערן פּסעוודאָנים סאשע קראסני. וולאדימיר איליטש האָט געוווּסט וועגן אָט דער שוואכקײַט מײַנער און אפילע באזונדערע פארגעבונגען מיר געגעבן — שרײַבן דיכטערישע פעליעטאָנען. אייניקע זײַנען אים אפילע געפעלן געווען.

איז אָט, וועגן זײַנע באגעגענישן מיט לענינען:

— ווען איך האָב געדינט אין 180־טן פּעכאָטע־פּאָלק, בין איך געווען צווישן די, וואָס האָבן לענינען באגעגנט אפן פינלענדישן וואָקזאל. דערנאָך האָב איך געהערט זײַן ארויסטרעטונג פונעם באלקאָן פון דעם מאָסקווער סאָוועט. שפּעטער, אין נאָיאבער 1918, האָב איך געהערט לענינען אפן צוזאמענפאָר פון די אײַזנבאנלער. און אויך אין מארט 1921 — אין קאָלאָנען־זאל פון די פארייניגען.

שוין אין יענע יאָרן שרײַבט סאשע קראסני סאטירישע לידער, געווענדט קעגן מאראָדיאָרן, פּויליאקעס, ברודיקע נעפּאשעס, און אלעמאָל טרעפט ער אין פּינטל ארײַן.

אָבער לידער — דאָס איז דערעכאגעוו. קעגן די ווײַסגווארדייער קעמפט ער מיט ביקס אין האנט. טאקע אין באשטאנד פונעם 180־טן פּעכאָטע־פּאָלק. אונטער דער ווירקונג פון לענינס רעדע אפן פינלענדישן וואָקזאל באשטימט אלעקסאנדער בריאנסקי, אז זײַן וועג איז מיט די באָלשעוויקעס, און אין דער היסטאָרישער נאָיאבער־נאכט איז ער צווישן די, וועלכע שטורמעווען דעם ווינטער־פּאלאץ. שפּעטער לאָזט ער זיך אוועק פון פּיטער בעראָש פון א רויט־ארמייִשן אָטריאד קיין מאָסקווע — צוהילף די מאָסקווער אופשטענדלער. פון מאָסקווע — קיין אוקראַיִנע: כארקאָוו, סינעלניקאָווע, לאָזאָוואָיע, יעקאטערינאָסלאוו. ער נעמט אָנטייל אינעם פארניכטן די הײַדאמאקעס.

אין 1919 שטעלט ער זיך, לויט פּאָדוואָיסקיס באפעל, בעראָש פון דער מיליטער־אינספּעקציע און פון דער טראָפּיי־קאָמיסיע. דעם 23 פעוורואל, אפן מיליטער־פּאראד אין דניעפּראָפּעטראָווסק, געפינט ער זיך צווישן די, וועלכע נעמען אוף דעם פּאראד. דאָרטן האָט ער זיך באקאנט מיטן באוווּסטן פּאָעט מיכאַיִל סוועטלאָוון און איז מיט אים געבליבן נאָענט אפן גאנצן לעבן.

לויט לענינס אופטראָג שרײַבט בריאנסקי פאר די דעלעגאטן פונעם VIII צוזאמענפאָר פון די סאָוועטן א פעליעטאָן וועגן דעם מענשעוויקדאן — „זשיוו קורילקאָ!”.

און די געשיכטע פון דער פאָטאָגראפיע, וואָס מיר פארעפנטלעכן איצט אין „סאָוועטיש היימלאנד”, איז אזא.

צוויי מאָל איז אלעקסאנדער בריאנסקי געווען אין באשטאנד פון לענינס וואך אף די פּאראדן: בײַס דעם אָקטיאבער־יאָמטעוו אין 1918 יאָר און אפן ערשטמײַיִקן פּאראד אינעם יאָר 1919. בריאנסקי האָט דעמלט געארבעט אין טשעקא בא דזערזשינסקין.

אין א כאראקטעריסטיק, וואָס פּאָדוואָיסקי גיט ארויס בריאנסקין, לייענען מיר: „איך, אלס פּאָרזיצער פון די מיליטער־אָרגאניזאציעס באם צענטראל־קאָמיטעט פון דער באָלשעוויסטישער פּארטיי, זאָג אײדעס, אז בריאנסקי אלעקסאנדער דאווידאָוויטש האָט אין 1917 אָנטיילגענומען אין באשטאנד פון די פּאָרגעשריטענע, באַוווּסטזיניקע סאָלדאטן פונעם 180־טן רעזערוופּאָלק פונעם פּעטראָגראדער גארניזאָן אין דער פעוורואל־רעוואָליוציע פונעם 1917 אין פּעטראָגראד. מיט די רעוואָליוציאָנערע סאָלדאטן פונעם 180־טן פּאָלק האָט ער באגעגנט וולאדימיר איליטשן אפן פינלענדישן וואָקזאל דעם 16 אפּרעל. בריאנסקי האָט געפירט אן אגיטאציע פאר די באָלשעוויסטישע לאָזונגען צווישן די סאָלדאטן. אן אקטיוון אָנטייל האָט ער גענומען אינעם אָרגאניזירן די רויטע גווארדיע. געשיקט געווען צו העלפן די מאָסקווער אופשטענדלער. די באנדיטן אף אוקראַיִנע האָבן אים פארמישפּעט צו טויט, נאָר די רויטע ארמיי האָט אים געראטעוועט”.

דער דאָזיקער דאָקומענט איז דאטירט דעם 5 מארט 1947.

נאָך דעם בירגערקריג האָט אלעקסאנדער דאווידאָוויטש געארבעט אלס זשורנאליסט אין דער מאָסקווער צײַטונג „גודאָק”, ער האָט געפּרוּווט זײַנע קויכעס אויך אין מאָלערײַ. אין 1921 האָט ער געמאכט מיט א בלײַער צייכענונגען פון לענינען. אף איינער פון די דאָזיקע צייכענונגען האָט לענין געשטעלט זײַן כסימע.

מײַן באגעגעניש מיט אלעקסאנדער דאווידאָוויטשן איז פאָרגעקומען אין מײַ 1974. ביז גאָר א באשיידענער, ווי דער שטייגער איז בא דער מערהײַט אלטע באָלשעוויקעס, האָט ער געהאלטן אין איין טײַנען: „איך בין ניט אזא וואזשנער מענטש, מע זאָל וועגן מיר שרײַבן. איך האָב געטאָן דאָס, וואָס עס איז געווען נייטיק. דאָס, וואָס איך האָב נאָענט געקענט לענינען, האָט מיר פּאָשעט אָפּגעגליקט. אָבער בלויז פאר אזא גליק האָט געלוינט צו לעבן”...

■ ■ ■

ארן יערוסאַלימסקי

# טרײַ דעם הײמלאַנד



יוסעף לעזמאַן

דער ווינטער איז אין 1916 יאָר געווען א האַרבער, מיט א סאַך שניי און זאַווערוכעס, אָבער בא שמוליק דעם סטאָליער אַף די פּעסקעס איז די טיר פונעם פּירהויז געווען איבער־געקאָסיעט, אין די אײַנגעראָבענע אין דער ערד פענצטער־ראַמען איז דאָסמאָל ניט געווען צו זען די אויסגעלייגטע וואַטע, באַצירט מיט העלע פּאַפּיר־בלימעלעך, — אין שטיבל איז געווען פּײַכט און קאַלט. אַליין שמוליק לעזמאַן איז שוין דעם צווייטן ווינטער געלעגן אין די אָקאָפּעס.

אין בײַנהאַשמאָשעס האָט דער פראָסט זיך געשטאַרקט, דער שניי האָט טרוקן געסקריפּעט אונטער די פיס. שמוליקס עלטערער זון יוסעף האָט אַרײַנגערוקט אונטערן מאַנטעלע עפּעס א זאַק און זיך אַרויסגעגאַנוועט אין דרויסן, די מאַמע זאָל ניט זען. ער האָט זיך אײַליק א לאָז געטאָן צו ליבערמאַנס מעבל־פאַבריק, ווו פאַר דער מילכאָמע האָט געאַרבעט זײַן פאָטער.

„ניין, מער אין שול וועל איך ניט גיין, — האָט ער זיך געגעבן א וואָרט, — דער זיבניאָריקער יאָשע איז קראַנק, די מאַמע קען אים קיין גע־קעכטס ניט אָפּקאָכן און די שטוב אָנוואַרעמען. כ'וועל גיין אַרבעטן אָן סכירעס, אַפּילע פאַר א פּאָר זעק סטרוזשקעס אין וואָך".

רעב הערשל ליבערמאַן, דער באַלעבאָס פון דער פאַבריק, האָט יוסעפן באַגעגנט זקײַניש־כיטרע, קימאַט פאָטערלעך.

— און וואָס שרײַבט דער טאַטע? — האָט ער געפרעגט. — מיסטאָמע גאָר פאַרגעסן, אַז אײַנ־גיכן איז דײַן באַרמיצווע. גיב איבער דער מאַ־מען, זי זאָל זיך צונויפרעדן מיט אווראָמען דעם מעלאַמעד, ער זאָל דיך צוגרייטן צו דער דראָ־שע. מיט טפילן וועל איך דיך באַזאָרגן.

ליבערמאַן איז אין א גוטער שטימונג. זינט די מילכאָמע האָט זיך אָנגעהויבן, לעקט ער אָפּ א פעט ביינדל. טאַקע הײַנט באַקומען פונעם „זעמסקי סאָיוז" א פאַרגרעסערט פּאַדריאַדל אַף פּאַטראָנען־קעסטלעך. ער האָט אופגעבויט א נײַעם דעק מיט א מעכאַנישער זעג, אָנגעדונ־גען יינגלעך און עטלעכע באַיאָרטע אַרבעטער. דערצו האָט זײַן זינדל, מישאַ, באַקומען אָן אָט־סראָטשקע פון פּריזיוו אַלס דירעקטאָר פון דער פּאַטראָנען־קעסטלעך־פאַבריק. רעב הערש איז שוין לאַנג א גאַבע פון דער סטאָליאַרנע קלויז אַף די פּעסקעס. אָבער מיט די נײַע פּאַדריאַד־לעך האָט ער אָנגעהויבן צו באַקומען מער קאָ־וועד. אין צעטל פון די גאַבאָיִם פון די באַטע־מעדראָשים, קלויזן, וואָס די שטאָט־אופּראַווע האָט צו באַשטעטיקן, פאַרנעמט ער איצט דאָס זעקסטע אָרט.

יויסעפס ביטע וועגן אַרבעט פאַר סטרוזש־קעס האָט דאָס פאַבריקאַנטל ווי דורכגעלאָזט פאַרבײַ די אויערן.

— סטרוזשקעס, אָפּשניצלעך, — האָט ער אײַנ־געטײַנעט צו זײַן פאַרטרויטן געהילף כאַי־מען, — זײַנען איצט א גאַנצער קאַפּיטאַל...

אָבער לערנײַנגלעך האָבן אים טאַקע אויס־געפעלט, האָט ער א זאָג געטאָן צו כאַימען:

— נו, זאָל ער אָנהייבן, וועלן מיר זען, צי ער טויג...

וועגן א זאַק סטרוזשקעס אַלס אָדרעוף איז איצט נאָך פרי געווען צו ריידן.

מיט הארץ־קלעמעניש איז יויסעף אַרויס פון דער פאַבריק. ס'האָט אין אים געבושעוועט די סינע צו אָט דעם גאַבע דעם כאַזער. וועגן זײַנע געשעפטלעך האָט ער געוווּסט, וועגן דעם האָט מען זיך געשושקעט אַף די פּעסקעס. באַם טויער האָט יויסעף זיך אָנגעשטויסן אַף עפּעס א שײַטל, וואָס איז געווען אײַנגעפראָרן אין דער בלאָטע. האָט ער עס אויסגעקאַלופּעט מיט די פאַרשטיינערטע הענט. די שטעכעניש אונטער די נעגל האָבן געשטילט זײַן פאַרדראָס. ער וועט פאָרט זיך אומקערן ניט מיט ליידיקע הענט.

אין דער היים האָט ער אָפּן קאָמאָד דערזען א בריוו פונעם טאַטן. אָפּן סאָלדאַטישן קאָנ־ווערטל איז געווען א נײַער מיליטערישער נו־מער. די מאַמע האָט געוואַרט אַף יויסעפן, מיט שרעק געוואַרט, ער זאָל איבערלייענען.

יויסעף האָט אַפּגיך אופגעריסן דעם קאָנ־ווערט. דער טאַטע האָט מודיע געווען, אַז ער

געפינט זיך, גאָט צו דאנקען, אין פראַנט־לאַזאַרעט, אָפּגעפראָרן ביידע פיס. נאָר זאָל די מאַמע זיך ניט ערגערן, מירצעשעם קאָן מען זיך נאָך באַגיין אָן אָן אָפּעראַציע. „זע, גנעסיע, — האָט ער געשריבן, — בײַט אויס מײַן פעלצל אָף קאַרטאָפּל, נאָר יויסעפן נעם ניט אָפּ פון דער אוטשילישטשע".

די מאַמע האָט קוים געפּועלט בײַ יויסעפן, ער זאָל אויספּילן דעם טאַטנס פאַרלאַנג.

דער פרילינג האָט זיך אין 1917 אָנגעהויבן פרי. אין מאַרט כּודעש האָבן זיך פאַרענדיקט די לעצטע פראָסטלעך. און דאָ האָט די רעוואָליוציע זיך אַרײַנגעריסן אין די פּײַכטע, הונגעריקע שטיבלעך אָף די פּעסקעס, אַרויסגעטריבן די לערן־יינגלעך און די מיידלעך אָף די רוישנדיקע גאַסן. די רעוואָליוציע האָט מעוואַטל געמאַכט דעם געוועזענעם יִיכעס פון די ברוקירטע צענטראַלע באַיאַראַסקע, בעלאָפּאָלער און אַנדערע גאַסן. די יוגנט פון די פּעסקעס האָט געשפּאַנט אין די ערשטע רייען אָף די מאַניפעסטאַציעס, בײַגעווען אָף די מיטינגען אָף סאָבאָרנע־פּלאַץ.

אָף די בערדיטשעווער אונטערנעמונגען זײַנען געגאַנגען פאַרזאַמלונגען. דער פּראָלעטאַריאַט האָט אויסגעבילדעט זײַנע קלאַסן־אָרגאַניזאַציעס. אָפן מעטאַל־זאַוואָד, אין די וואַרשטאַטן פון דער אײַזנבאַן־דעפּאָ, אין שלענקערס לעדער־זאַוואָד האָבן די באָלשעוויסטישע קאָמערלעך אַקטיוויזירט זייער טעטיקייט.

יויסעף איז געווען אַ יאָט אַ זשוואַוער. ער האָט שוין אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, וואָס עס קומט פאָר, און קיין פינגער אין מויל האָט מען אים ניט באַדאַרפט אַרײַנלייגן. האָבן טאַקע די כּוווערלײַט אים פאַררעכנט פאַר אַן אייגענעם און אים אײַנגעשלאָסן אין זייער אַרבעטער־כאַווערשאַפט.

זײַן שאָכן, כּאַימקע קאַץ, איז אים געוואָרן דער בעסטער פרײַנט. כּאַימקע האָט אָנגעהויבן מיטנעמען לעזמאַנען אָף די פאַרזאַמלונגען פון דער ניי־פאַבריק, וווּ ער האָט געאַרבעט, באַקאַנט אים מיט די יונגע נייטערקעס, געוועזענע שילערנס פון דער יִדישער מיידלשער ניי־פּראָפּשול.

אין די זומערדיקע אָוונטן האָט די יוגנט שפּאַצירט איבער די גאַסן, זיך געטײַלט מיט די לעצטע נײַס, געלייענט באָלשעוויסטישע צײַטונגען און בראָשורן. יויסעף האָט באַהערשט די רוסישע שפּראַך און איז געוואָרן אַ פאַרלייענער. באַם אַלטן באָלשעוויק ברעגמאַנען איז ער געווען אַ גאַנצער בען־באַיִס און פלעגט בײַ אים באַקומען די „פּראַוודאַ". פאַר זײַן שיינעם קסאַוו איז יויסעף לעזמאַן אַנערקענט געוואָרן אַלס טעכנישער סעקרעטאַר אין שנײַדערשן פּראָפֿאַריין.

ווי ווײַטע דונערן, זײַנען צו די פּעסקעס דערגאַנגען די יעדיִעס וועגן דעם זיג פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. לעזמאַן מיט זײַנע כּאַוויירים האָבן איצט געלעבט מיט אירע אידייען. שפּעטער, ווען מע האָט געדאַרפט זיך שלאָגן קעגן די ווײַסגוואַרדייִשע כּאַיאָלעס און באַנדעס, האָבן די ייִנגלעך און מיידלעך פון די פּעסקעס געטראָגן ביקסן אָף די אַקסלען, זיך באַטייליקט אין קאַמף־דרוזשינעס.

יויסעף איז נאָך יונג, ער איז אַלט 15 יאָר, נאָר עס מאַכט ניט אויס — ער האָט שוין אַ „היפּשע דערפאַרונג". אינעם שנײַדערשן פּראָפאַריין האָט ער זיך באַקאַנט מיט אייניקע אומלעגאַלע פּאַרטיי־אַקטיוויסטן. האָט ער זיך צונויפגעפרײַנדט מיט איזי גוזמאַנען, בעני ציזיקן און מיט אַנדערע כּאַווײרים און זיך גענומען פאַר דער אַרבעט — אָרגאַניזירן אַן אומלעגאַלע קאָמיוג־אָרגאַניזאַציע. מע האָט געעפנט אַ יוגנט־קלוב, געשריבן פּיעסן און געשטעלט ספּעקטאַקלען. דער מעכאַבער פון איינער אַזאַ פּיעסע — „נײַע צײַטן" — איז געווען טאַקע לעזמאַן אַליין.

אין די פינצטערע האַרבסטיקע נעכט באַגעגנט זיך יויסעף מיט איזי גוזמאַנען אין איינעם פון די געסלעך אָף די פּעסקעס. איזי איז אין אַ פּויערשער סוויטקע, יויסעף איז געקליידט ווי אַ פּאַרובאָק. זיי לאָזן זיך אַוועק צו די קאַזאַרמעס, איזי גיט איבער יויסעפן אומלעגאַלע בלעטלעך — אַ ווענדונג צו די סאָלדאַטן פון די פּעטליוריִשע מיליטער־אָפּטיילונגען, אונטערגעשריבן פונעם קאָמוניסטישן שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט. יויסעף פאַרשטעקט זיי אונטערן רעקל, גאַנוועט זיך שטיל צו צו דער קאַזאַרמע, קלעפּט די בלעטלעך אָף די ווענט, רוקט אונטער דורך דער טיר. איזי איז אָף דער וואַך. אויספּילנדיק די אַרבעט, לאָזן זיך ביידע אַוועק, גליקלעכע, קימאַט ווי מיט אַ טענצל, אַהיים.

מיט יויסעפן האָב איך זיך באַפרײַנדעט שוין נאָכן בירגערקריג, אין הייסן זומער פון 1921. ס'איז געווען אין קיִעוו. מיר האָבן שפּאַצירט איבערן קרעשטשאַטיק אין הילצערנע שטעקשיך („סטוקעלקעס"), און ווען די רימענדלעך האָבן זיך אָפּגעריסן, האָבן מיר אָן אַגמעסנעפּעש פאַרגעזעצט אַרומגיין באָרוועס איבער די קיִעווער גאַסן. יוגנט האָט זיך פאַרזאַמלט אָף באַראַטונגען, ברענגענדיק אַהין זייערע ערשטע קאָמיוגישע צײַטונגען — „די פרײַע יוגנט", „די אַרבעטער־יוגנט", „די רויטע יוגנט", „דער נײַער דאָר". לעזמאַן האָט געבראַכט די בערדיטשעווער „יוגנט־גלאָקן". די צײַטונגען האָבן געאָטעמט מיט פּאַטאָס פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, מיט אינטערנאַציאָנאַלן יוגנט־גײַסט. זיי האָבן דערציילט וועגן דער העראָיִשער אונטערערדישער אַרבעט און וועגן דעם פראָנט־לעבן...

שפּעטער האָב איך צוזאַמען מיט יויסעפן זיך געלערנט אין קאָמוניסטישן מײַרעוו־אוניווערסיטעט. אין 1924 האָבן מיר געלעבט אין איין צימער, לעזמאַן איז געווען סעקרעטאַר פון דער קאָמיוג־ביוראָ פונעם אוניווערסיטעט.

איינמאָל אינדערפרי איז יויסעף אַרײַנגעלאָפן אין דער אַאודיטאָריע אַ צעהיצטער, האַלטנדיק אין דער האַנט אַ פרישן נומער „פּראַוודאַ":

— ניין, ער איז ניט גערעכט, לאַרין! הערט נאָר, וואָס ער לייגט פֿאָר — גרינדן א פּריוויליקע „געזעלשאַפֿט פֿון פֿרײַנט פֿונעם לעניניזם" און איר איבערגעבן די פֿאָרשונג און די פּראָפּאַגאַנדע פֿונעם לעניניזם! דאָס איז דאָך די הויפּט־אויפֿגאַבע פֿון די פּאַרטיי־אָרגאַנען. מיר טאָרן ניט שווײַגן, מיר דאַרפֿן גלײַך אַרויסזאָגן אונדזער מיינונג.

ארום לעזמאַנען קלײַבט זיך צונויף די גרופּע. מע קוקט אָן דעם יאַט מיט א שמייכל. עמעצער טוט א בורטשע: „טאַקע קעגן לאַרינען, און גלײַך אין „פּראַוודאַ"?" א צווייטער גיט צו: „און אונדזער בריוו אין רעדאַקציע דרוקט מען אָן באַלד אויף דער ערשטער זײַט..."

דעם טעקסט פֿונעם בריוו גרייט צו יויסעף. די באַהאַנדלונג פֿאַרציט זיך ביז שפּעט.

קוים זיך דערוואַרט דעם פֿרימאָרגן, לויפֿן מיר אַוועק אין רעדאַקציע. מיר אַרבעטן אויס אונדזער „סטראַטעגיע": דאָס אַרטיקל איבערגעבן נאָר אין די הענט פֿון מאַרי'א איליניטשנאַ אוליאַנאָווא, דעם סעקרעטאַר פֿון דער „פּראַוודאַ".

אין רעדאַקציע גייען מיר אַרײַן אינצווייען — לעזמאַן און איך. יויסעף איז דרייסט. אין קאַנצעליאַריע עפֿנט ער אויף די טיר און פֿרעגט זיך אָן פֿון דער שוועל: „ווו איז דער קאַבינעט פֿון מאַרי'א איליניטשנאַ?"

— אַפֿן צווייטן שטאָק, אויף רעכטס, — ענטפֿערט אויטאָמאַטיש א יונגע פֿרוי, וועלכע ראַיעט זיך אין פּאַפּירן. גלײַך אָבער וואַרפֿט זי אויף אונדז א בליק און פֿרעגט: — אייגנטלעך, וועגן וועלכע ענינים דאַרפֿט איר צו איר?

נאָר יויסעף איז שוין אויף די טרעפּ, איך אויך.

צווייטער שטאָק, רעכטס, וואַרשײַנלעך, אָט דאָ... מיר בלײַבן שטיין, קוקן זיך איבער: אָנקלאַפּן, א פֿרעג טאָן, צי מע מעג, אָדער גלײַך אַרײַנגיין און דערנאָך א פֿרעג טאָן?

אומדערוואַרט גייט שנעל צו צו דער טיר א פֿרוי פֿון מיטעלן וווּקס. די פֿאַרקעמטע אויף הינטן האָר, צונויפֿגענומענע אין א קובלעק, טיילן אויס איר הויכן שטערן. אויגן — לעבעדיקע, ברייט פֿאַנאַנדערגעשטעלטע. א גרויער „קאָסטיום", פֿונעם רעקל זעט זיך אַרויס א ווײַס אויסגענייט קעלנערל. זי שטעלט זיך אָפּ באַם קאַבינעט, קוקט אונדז גוטמוטיק אָן און פֿרעגט:

— וועמען זוכט איר, כאַווײרים?

מיר דערזעען א היימיש געזיכט, א גוט באַקאַנטן שמייכל. שטייען מיר ווי געפּלעפּט. פֿונוואַנען איז זי אונדז אַזוי באַקאַנט? מיר קוקן אויף איר: ניין, ניט זי, די אויגן גאָר ניט קיין פֿאַרזשמורעטע, גרויסע, אָפֿענע, און דאָך... עפּעס א שטריכעלע פֿון לענינס אויסזען. יויסעפֿס באַקן פֿלאַמען, אָבער ער איז שוין אַרויס פֿון פֿאַרלעגנהײַט און ענטפֿערט אָפּ:

— מיסטאָמע צו אײַך, איליניטשנאַ.

— קומט אַרײַן, כאַווײרים, — לאַדט זי אונדז אַרײַן אין קאַבינעט, באַזעצט אונדז באַם טיש. יויסעף שיסט גלײַך אויס:

— מיר האַלטן, אַז לאַרין איז ניט גערעכט! מיר האָבן געבראַכט אָן ענטפֿער און בעטן אײַך פֿערזענלעך מיט אים זיך צו באַקאַנען.

מאַרי'א איליניטשנאַ נעמט אין די הענט אונדזער העפֿטל, לייענט איבער דאָס ערשטע זײַטל, הייבט אָן בלעטערן. איך קוק אויף איר, דאָס האַרץ צאַפּלט. איך וואַרט — אָט וועט זי א שמייכל טאָן און אונדז אומקערן דאָס העפֿטל מיט די ווערטער: עס איז ניט פֿאַר דער „פּראַוודאַ"...

ניין, זי לייענט ביזן סאָף, טראַכט א ווײַלע און ווענדט זיך צו אונדז געמיטלעך, כאַווערייש:

— די טעמע איז אָן ערנסטע. זי פֿאָדערט א קאָלעקטיווע באַהאַנדלונג. לאַרין דריקט ניט אויס די מיינונג פֿון דער רעדאַקציע. איך קען אײַך גלײַך קיין באַשטימטן ענטפֿער ניט געבן. מיר וועלן אײַער אַרטיקל באַהאַנדלען.

זי גיט איר טעלעפֿאָן־נומער און בעט אָנקלינגען אין א פֿאָר טעג אַרום. געזעגענענדיק זיך מיט אונדז, גיט זי צו:

— איר האָט גוט געטאָן, כאַווײרים, אָפּרופֿנדיק זיך אויפֿן אַרטיקל.

מיר גייען אַרויס פֿונעם קאַבינעט, לאָזן זיך לאַנגזאַם אַראָפּ פֿון די טרעפּ. יויסעף שעפּטשעט: „איר האָט גוט געטאָן, כאַווײרים..." אין א מינוט אַרום דערפֿיל איך אויף דער פּלייצע זײַן האַנט. ער נעמט מיך שטאַרק אַרום. מיר זײַנען פֿאַרקישעפֿט פֿון דער באַגעגעניש, פֿון דער פּראָסטקייט און ערנסטקייט, האַרציקייט און כאַווערישקייט, וואָס עס האָט אַרויסגעוויזן צו אונדז לענינס שוועסטער.

— מע וועט אָפּדרוקן, — שעפּטשעט יויסעף.

איך קוק אים אָן פֿאַרוווּנדערט:

— מאָרגן אינדערפֿרי!

...דעם 24 אָקטיאַבער טראָגט מיר יויסעף אונטער די „פּראַוודאַ" מיט אונדזער אַרטיקל, און דאַפּקע אויף דער ערשטער זײַט! איך טראַכט: מיסטאָמע מיט אָן אָנמערקונג „צום באַהאַנדלען". ניין, קיין שום באַמערקונג פֿון רעדאַקציע. זי איז, הייסט עס, מיט אונדז פֿולקאָם מאַסקים...

איך קוק זיך אײַן אין דער פֿאָטאָ, וועלכע געהערט צום לעצטן מילכאָמע־יאָר. אין צענטער שטייט דער קאָמאַנדיר פֿון דער דרײַצנטער גוואַרדייִשער דיוויזיע, דער צוויי מאָל העלד פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד, גענעראַל־לייטענאַנט אַלעקסאַנדער איליטש ראָדימצעוו. צוזאַמען מיט זײַנע מיטהעלפֿער מערקט ער עפּעס אָפּ אויף דער מאַפּע. איך ווייס, וועגן וואָס עס איז דעמאָלט געגאַנגען די רייד, — די דיוויזיע דאַרף פֿאָרסירן דעם דײַטשישן טײַך נייסע. אויף רעכטס פֿונעם גענעראַל — א מיליטערמאַן אין א פּילאָטקע, דאָס איז יויסעף לעזמאַן.

אין מײַן זיקאָרן איז ער פֿאַרבליבן אַזאַ, ווי כ'האָב אים דערזען דאָס ערשטע מאָל, מיט העכער א האַלבן יאָרהונדערט צוריק: א דאַרינק באָכערל מיט שמאָלע פּלייצעס און שטיפֿערישע אויגן. איצט זע איך פֿאַר זיך אָן אויסגעשולטן אָפֿיצער, א ברייטפּלייציקן, מיט אָן ערנסטן



י. לעזמאַן מיטן העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד יאַ. פּאַוולאָוו (לינקס)

בליק. די ברוסט איז באַצירט מיט אָרדענס און מעדאַלן. איך קוק אַף מײַן יוגנט־כאַווער און טראַכט: וועלכע פון זײַנע פריִערדיקע אייגנשאַפטן האָבן אים געדינט אַף דער מילכאָמע און וועלכע נײַע אייגנשאַפטן האָט די מילכאָמע צוגעגעבן אים, דעם באַטאַליאָן־קאָמיסאַר און שטעלפאַרטרעטער לויט פּאָליטישע אָנגעלעגנהײַטן פונעם קאָמאַנדיר פון דעם צוועלפטן פּאָלק פון דער 13־טער גוואַרדייִשער דיוויזיע?

איך ווייס וועגן לעזמאַנס ווײַטערדיקע „אוניווערסיטעטן" נאָכן פאַרענדיקן דעם מײַרעוו־אוניווערסיטעט. צען יאָר קאָמיוגישע טעטיקײַט, סעקרעטאַר פון דער צענטראַל־ביוראָ פון די ייִדסעקציעס און פאַרוואַלטער פון נאַצמען־אָפּטיילונג באַם צענטראַל־קאָמיטעט פונעם אַל־פאַרבאַנדישן לענינישן קאָמוניסטישן יוגנט־פאַרבאַנד. און אין מעשעך פון נאָך א יאָרצענדליק — אַף פאַראַנטוואָרטלעכער פּאַרטיי־אַרבעט.

פאַר דער מילכאָמע האָט יוסעף אַרויסגעוויזן היפּשע אָרגאַניזאַטאָרישע פייִקײַטן אַלס ערשטער סעקרעטאַר פונעם קאַלינינדאָרפער און פון אַנדערע ראַיאָנישע און שטאָטישע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס. ער איז א דערפאַרענער פּראָפּאַגאַנדיסט, זשורנאַליסט, לעקטאָר.

די מילכאָמע האָט פאַרפולקומט די פריִערדיקע אייגנשאַפטן פון זײַן כאַראַקטער און צוגעגעבן נײַע: מעסירעסנעפעשדיקײַט, שטאָלענעם ווילן באַם אויספילן שלאַכט־אויפגאַבעס.

א סאַך מאָל בין איך צוגעשטאַנען צו יוסעפן:

— דערצייל מיר וועגן באַזונדערס אײַנדרוקפולע עפּיזאָדן פון דײַן מילכאָמע־לעבן.

— וועגן וועלכע עפּיזאָדן קאָן גיין א רייד, טײַערינקער, — פלעגט ער מיר אָפּענטפערן, — אַז די שלאַכטן זײַנען אַרײַן אין וואָכעדיקן שטייגער?

איך האָב א טראַכט געטאָן: ער איז טאַקע גערעכט. העראָיִשע אופירונג איז געווען פאַר אים א טאָגטעגלעכע געוווינהײַט. וועגן דעם איז אַן איידעס, לעמאָשל, זײַנער א בריוו צו איליאַ ערענבורגן אין שווערן 1942 יאָר:

„מיר האָבן די גאַנצע צײַט געפירט פאַראַקשנטע שלאַכטן מיטן סוינע, וועלכער האָט זיך געריסן פאָרויס. מײַן ראָטע איז געגאַנגען אין אַריערגאַרד און „צוגעדעקט" דעם אָפּגאַנג פון אונדזערע טיילן. מיר האָבן אופגעשטעלט פאַרצוימונגען, מינירט די וועגן, אופגעריסן בריקן. געגאַנגען זײַנען מיר צומאָל איבער די קני אין די בלאָטעס, זיך אַרויסגעשלאָגן פון די קויכעס. מיט יעדן טאָג זײַנען מיר געוואָרן אַלץ ווייניקער און ווייניקער.

איך בין געגאַנגען זײַט־בײַ־זײַט מיט די רויטאַרמייער, און כ'האָב באַדאַרפט באַ די דאָזיקע ביזן גרונט אויסגעמאַטערטע, אָן קויכעס פאַרבליבענע מענטשן אונטערהאַלטן דעם גלויבן אין אונדזער זיג. בייס די שלאַכטן, אונטערוועגס אַף די פּריוואַלן האָב איך געמונטערט די סאָלדאַטן און געפירט זיי נאָך זיך..."

דער שרײַבער האָט וואַרעם געענטפערט זײַן פראָנט־קאָרעספּאָנדענט. דעם 2 מײַ 1943 שרײַבט ער לעזמאַנען:

„טײַערער יוסעף סאַמוילאָוויטש! א גרויסן דאַנק פאַר דעם פרײַנטלעכן בריוו און פאַר אײַערע אינטערעסאַנטע נאָטיצן. איך וועל זיך באַמיִען אומבאַדינגט אָנשרײַבן וועגן די סאַפּיאָרן. איך שיק אײַך אַלס אָן אָנדענק א ביכעלע און ווינטש אײַך קויעך און דערפּאָלג".

צווישן ערענבורגן און לעזמאַנען האָט זיך אײַנגעשטעלט א פרײַנטלעכער בריוו־אויסטויש. שפּעטער (אין פעווראַל 1951) האָט ערענבורג געשריבן יוסעפן: „טײַערער כאַווער לעזמאַן! אַנטשולדיקט, וואָס איך האָב גלײַך ניט געענטפערט אַף אײַער האַרציקן בריוו, — בלויז הײַנט האָב איך אים באַקומען פון דער רעדאַקציע „ליטעראַטורנאַיאַ גאַזעטאַ".

פונעם גאַנצן האַרצן דאַנק איך אײַך פאַר דער אופמערקזאַמקײַט, פאַר די גוטע, פרײַנטלעכע ווונטשן. מיר איז באַזונדערס אָנגענעם געווען צו באַקומען די באַגריסונג פון אײַך, ווײַל איך געדענק דעם בריוו, וואָס איר האָט צוגעשיקט פון סטאַלינגראַד.

איך שיק אײַך צו אַלס סימען פון מײַן דאַנקבאַרקײַט די זאַמלונג פון מײַנע אַרטיקלען „פאַר שאָלעם".

מיט פרײַנטלעכן גרוס
אי. ערענבורג".

וועגן יוסעף לעזמאַנען דערציילט אין זײַן בוך „אַף די ברעגן פון מאַנסאַנאַרעס און וואָלגע" דער גענעראַל ראָדימצעוו: „אין קריטישן מאָמענט פון דער סטאַלינגראַדער שלאַכט האָבן

מיר באַשלאָסן אַרײַנפירן אין שלאַכט אונדזער לעצטן רעזערוו — דעם סאַפּיאָרן־באַטאַליאָן. די סאַפּיאָרן האָבן ביז איצט העלדיש אויסגעפילט זייערע געוויינלעכע אַרבעטן. איצט איז זיי אויסגעקומען אויסצופילן אַ נײַע אויפגאַבע — אָפּשטעלן דעם פֿײַנט און אופשטעלן די פֿאַרדערשטע ליניע, וואָס איז דורכגעגאַנגען באַם טײַך צאַריצאַ. דער קאָמאַנדיר פונעם באַטאַליאָן וו. פּ. גאַרלאָוו און דער קאָמיסאַר י. ס. לעזמאַן האָבן באַוויזן אין אַ קורצער צײַט צוגרייטן זייער טייל צו דער קאָנטראַטאַקע... דער באַטאַליאָן האָט אויסגעצייכנט אויסגעפילט דעם קאַמפּס־באַפעל".

דריטער אָקטיאַבער 1943. איבערן גאַנצן פראָנט גרײַפן אָן די סאָוועטישע אַרמייען. דער 42־טער גוואַרדיע־פּאָלק בעראָש מיטן קאָמאַנדיר פּאָלאָווצעוון און זײַן שטעלפאַרטרעטער לעזמאַנען גרייט זיך פאָרסירן דעם דניעפּער.

קאַיאָר. דער נאַכט־נעפּל גייט זיך פאַנאַנדער. די גוואַרדייער גיבן זיך אַ הייב אויף פון די טראַנשייען באַם ברעג טײַך און לאָזן זיך אַף שיפלעך, קאַטיערן, פאַראָמען צו אַריבערשווימען דעם טײַך. יויסעף ווענדעט זיך צו די שלאַכטלײַט:

— שנעלער, טײַערע! אָט זעט זיך שוין פונדאַנען קיִעוו!

„און גאָר נאָענט איז בערדיטשעוו", — טראָגט זיך דורך אין זײַנע געדאַנקען. דער סוינע באַגעגנט די גוואַרדייער מיט פײַער... דער פּאָלק איז שוין אין סאַמע מיטן טײַך. „פּאָרויס, כאַוויירים!" — רופט מיט אַלע קויכעס דער קאָמיסאַר... אין דער דאָזיקער ווײַלע איז לעזמאַן צום דריטן מאָל פאַרווונדעט געוואָרן. מע כאַפּט אים אונטער אַף די הענט. „שנעל אָפּפירן אין שפּיטאָל!" — באַפעלט דער שעף פון דער מעדיצינישער טייל פון דער דיוויזיע. „ניין, כ'וועל פונדאַנען זיך ניט רירן. דאָ, באַם דניעפּער, וועל איך זיך גיכער אויסהיילן", — ענטפערט אָפּ אַקשאָנעסדיק לעזמאַן. און ער איז טאַקע פאַרבליבן זיך היילן אין מעדסאַנבאַט פונעם פּאָלק.

איך בלעטער לעזמאַנס פראָנט־טאָגבוך פאַרן 1944 יאָר. קורץ פאַרצייכנט ער עפּיזאָדן, וועלכע זײַנען מאַמעש אַרײַן אין דער געשיכטע פונעם קריג. אָט איז איינע אַ פאַרנאָטירונג פאַר נאָיאַבער כוידעש:

„צוזאַמען מיטן קאָמאַנדיר פונעם 42־טן פּאָלק פּאָלאָווצעוון — זיך מאָרגן צונויפריידן מיטן קאָמאַנדיר פון דער דיוויזיע ראָדימצעוון וועגן צושטעלן צום טיטל העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד דעם סערזשאַנט יאַקאָוו פּעדאָטאָוויטש פּאַוולאָוון פאַר זײַן העראָיִזם באַם פאַרכאַפּן און פאַרטיידיקן דאָס „הויז פון די ספּעציאַליסטן" (וואָס איז אַרײַן אין דער געשיכטע ווי „פּאַוולאָווס הויז").

די פאָטערלענדישע מילכאָמע האָט יויסעף לעזמאַן פאַרענדיקט אַף די גאַסן פון פראָג. אין די לעצטע מילכאָמע־טעג איז ער צום זעכצנטן מאָל באַלוינט געוואָרן. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט דער גענעראַל סוואָבאָדאַ צוגעפעסטיקט צו זײַן ברוסט דעם העכסטן אָרדען פון דער טשעכאָסלאָוואַקישער רעפּובליק.

בײַם דער פײַערונג פונעם 30־טן יאָרטאָג פון דעם סטאַלינגראַדער ניצאָכן איז צוגאַסט צו לעזמאַנען קיין כאַרקאָוו געקומען צו פאָרן זײַן פרײַנט יאַקאָוו פּעדאָטאָוויטש פּאַוולאָוו. זיי זײַנען צוזאַמען אַרויסגעטראָטן אַף פאַרזאַמלונגען אין די אונטערנעמונגען און לערן־אַנשטאַלטן. אין זײַן רעדע פאַר די סטודענטן פונעם פּאָליטעכנישן אינסטיטוט האָט פּאַוולאָוו דערציילט וועגן דער שטיצע, וואָס לעזמאַנס באַטאַליאָן האָט אים אַרויסגעוויזן אין דער סטאַלינגראַדער שלאַכט, און וועגן דער פרײַנטשאַפט, וועלכע האָט זיך פון דעמלט אָן צווישן אים און יויסעפן אײַנגעשטעלט.

דרײַסיק יאָר נאָך דער מילכאָמע. יויסעף לעזמאַן איז דאָצענט אין איינעם פון די כאַרקאָווער אינסטיטוטן. דאָ ניט לאַנג האָט דער אינסטיטוט אָפּגעצייכנט זײַן זיבעציקיאָריקן געבורטסטאָג. צום יויוול האָט דער קולטורמיניסטער פון דער אוקראַיִנישער סאָוועטןרעפּובליק אין אַ ספּעציִעלן באַפעל אָפּגעמערקט לעזמאַנס פאַרדינסטן, זײַן פּיליאָריקע פראָדוקטיווע געזעלשאַפטלעכע און פּעדאַגאָגישע טעטיקײַט. אין נאָמען פון אַ גרופּע שלאַכטכאַווירים פון דער 13־טער גוואַרדייִשער דיוויזיע האָט אים דער העלד פון סאָוועטנפאַרבאַנד איוואַן פּאָלאָוועץ געשריבן:

„טייערער שלאַכט־פרײַנט, ליבער סאַמאָילאָוויטש!

איך קאָן ניט געפינען קיין ווערטער צו אויסדריקן דײַנע פאַרדינסטן פאַרן פאָטערלאַנד אינעם זיג איבערן סוינע. דײַן אַנטשיידנקײַט, דרייסטקײַט, פעסטער ווילן, דערפינדערישקײַט איז ניט צו באַשרײַבן. אומשאַצבאַר איז דײַן טעטיקײַט אין דערציִען באַ אונדזערע מענטשן איבערגעגעבנקײַט צום היימלאַנד, פּאַטריאָטיזם, אַנטשיידנקײַט אין קאַמף קעגן דעם פאַשיזם".



# הירש בלאָשטיין



די רעדקאָלעגיע און די רעדאקציע פון „סאָוועטיש היימלאנד" באגריסן הארציק דעם שרײַבער הירש בלאָשטיין אין צוזאמענהאנג מיט זײַן 80־יאָריקן געבורטסטאָג.
מיר ווינטשן ה. בלאָשטיינען פיל געזונט, אריכאס־יאָמים און שעפערישע דערפאָלגן.

## פון גאָלד אויסגעטאָקטע...

### צו אכציק — א גיבער

בען שמונים ליגוורע —
צו אכציק — א גיבער!
... מײַן דאָר, ביסט געגאנגען
דורך פינצטערע גריבער
צו שטראַליקע הייכן,
און ס'האָט דיך קיינמאָל נישט
דער ייִעש געפאנגען,
ווען ס'האָט זיך געדוכט,
אז דו ווערסט ניט דערגרייכן.

דײַן קינדהײַט האָט ביטער
פארצערט א מילכאָמע,
דײַן יוגנט — א צווייטע,
דײַן עלטער — א דריטע.
און ס'טראָגט דײַן נעשאָמע
מיט הייליקן ציטער
אין טיפעניש אירער
אַנצאָליקע גריבער,
און ס'האָט ניט קיין איינע פון זיי
א מאצייווע,
נאָר יעטווידער קיווער
איז דײַנער, איז דײַנער!

צו אכציק — א גיבער?
ווואדע! אז ס'זײַנען
נאָך לויטער די אויגן
און זעען, דערפרייטע,
ווי ס'קומען אנטקעגן,
די קעפּ ניט געבויגן,
פון זיכערע וועגן
די קינדער, די יונגע,
די דוירעס, וואָס דו האָסט
געטרוימט און באזונגען,
געבענטשט זיי
באנאנד מיט דײַן ערד מיט דײַן
ליבער, —
איז ווערסטו פון נאכעס
צו אכציק — א גיבער!..

### ווי לאנג איז דאָס געווען

„מײַן אייניקל און עפשער נאָך מײַן זון
וועט אויסשטעכן דעם טויט דאָס לעצטע אויג"![1]

ווער ווייסט עס ניט! — די צײַט לויפט גיך,
ס'פארהאלט זי ניט די שטארקסטע גוורע! —
ווי לאנג איז דאָס געווען, בייס איך
געשריבן האָב אָט די־אָ שורעס.

„מײַן זון"... — כ'האָב ניט געהאַט קיין זון.
כ'בין יונג געווען, ווי דער יאָרהונדערט,
און פול מיט מײַסעלעך און זון,
ווי ס'קינדער־אויג, וואָס אלץ באוווּנדערט.

דאָס איז אין מיר ביז איצט נאָך דאָ,
נאָר ס'איז באוויִיט מיט שטילן אומעט:
ס'קען קיינער דאָך זײַן ליבסטע שאָ,
זײַן גליק פארלענגערן ביז אומענד!

[1] שורעס פונעם אווטאָרס ליד, געדרוקט אין יאָר 1923 אין זײַן ערשטער זאמלונג.

## און זאָל זיך דוכטן דיר

עמען

און אויב עס וועט
אינגאנצן אומגעריכט
זיך אויסלעשן אין אויג בא מיר
דאָס ליכט,
דאָס ליד אין הארץ,
און שווארץ,
ווי טיפהארבסטיקע נאכט,
וועט זײַן דער העלער טאָג,
און יעדער וועג
און שטעג —
אַף שווערן שלאָס פארמאכט,
זײַ שטארק, מײַן פרײַנט,
דײַן לעבן נישט באקלאָג,
נישט שעלט!

גיי מיטן וועג צוריק —
צו יענעם ברעג,
ווו ס׳האָט געווארט אַף אונדז
א פינקלענדיקע כוואליע גליק
און ליכטיק־שטילע פרייד,
וואָס האָט מיט אונדז זיך ניט צעשיידט
ביז לעצטן וועג.

און זאָל זיך דוכטן דיר
בא יעדן קלאַפּ אין טיר,
בא יעדן קלונג פון טעלעפאָן,
אַז איך אָט־אָט קום אָן
מיט גוטע בסורעס פול... —
אזוי פלעגט דוכטן מיר,
ווען דו פלעגסט אין דײַן שול
פארהאלטן זיך צו לאנג,
און ס׳פלעגט מײַן אויער
כאפּן מינדסטן קלאנג
פון דײַנע טריט,
ווי ערשטן אָנזאָג פון א ליד.

## טאַטע און זון

אַז דער טאַטע איז געשטאָרבן,
איז נאָך אים געבליבן:
פּילן, פּראָשקעס און מיקסטורעס
גאָר א היפּשע קופּע;
א פּאָר הויזן, אויסגעקניטע,
בא די פּיס צעדריבלט,
און דער סערדעט, וואָס געפירט נאָך
האָט אים צו דער כופּע.

יאָ, געבליבן נאָך א קלײנינק
פּושקעלע פון האָרן —
ס׳פלעגט מיט שמעק־טאבעק דער טאַטע
קוויקן וואָך און שאבעס,
און געגאָסן „אַפּן עמעס":
— יאָרן מײַנע, יאָרן,
ס׳איז קיין איינס פון אײַך געוועזן
ווערט כאָטש איין שמעק טאבעק!..

...אַז עס וועט דער זון אוועקגיין,
וועט נאָך אים פארבלײַבן:
שראנקען ביכער, און באַם שרײַבטיש
א פּאָטעל א ווייכער,
און א ליד, וואָס ניט באוויזן
האָט ער צו דערשרײַבן, —
אַפּן שרײַבטיש וועט עס בענקען,
היטן לאנג זײַן זייכער,
און דערמאָנען יענע שאָען,
ווען צו וועלט און טויער
איז ארײַן די אויסלייז־בסורע
מיט צעשפּרייטע פאָנען,
און דער הימל איז געוואָרן
ווארעמער און בלויער,
ווען ער האָט דערזען — מיליאָנען,
העלדישע מיליאָנען!
און דער וווּקס פון מענטש — דעם כאַוער,
וואָס איז הויך געוואָרן
און ער שוועבט שוין צו די שטערן —
אייביקע שטורקאצן...
אין דער לעצטער שאָ כ׳וועל זאָגן:
— יאָרן מײַנע, יאָרן,
ניט פאראַן אזעלכע אויצרעס
אײַך אַף אָפּצושאצן!

## הונדערט יאָר מארשרוטן

איך שפּאַן דורך ראַכוועסן פון לאַנד,
דורך מיזרעך, מײַרעוו, דאָרעם, צאָפן...
מײַן אייניקל, דאָס מויל האַלב אָפן,
גייט אומעטום מיט מיר באַנאַנד.

איך פיל זײַן הארץ, ווען כ׳האַלט זײַן האַנט
און מאָל אים הונדערט יאָר מארשרוטן.
איך האָב זיי ליב, אָט די מינוטן,
ווען כ׳ווײַז מײַן יוירעש אונדזער לאַנד,

און ס׳גייט מיט אונדז די וועלט — א יונגע
און טרוימען הערלעכע זי וועבט... —
און ס׳איז מיר גוט, וואָס כ׳האָב געלעבט
און האָב מײַן ווונדערצײַט באַזונגען!

## אוי, די זיידעס

פון צימער זײַנעם גייט אַרײַן מײַן אייניק,
א ניט־צופרידענער.
ער קלאָגט זיך שטיל,
אז שאָען האָט דער טאָג זײַנער
צו ווייניק
און לערער
האָט דער טאָג זײַנער צופיל,
און יעדערער פון זיי „פאַרגיט" אָף מאָרגן,
און ניט אלצדינג
גייט גרינג אזוי און גלאַט...

איך שמייכל און איך זאָג:
— די זעלבע זאָרגן
האָט אויך דײַן זיידע נאָך געהאַט...
און ס'וועט אויך דײַן אייניק,
אזוי ווי דו, זיך קלאָגן,
און דו, מיט יאָרן שוין
און מיט דערפאַרונג רײַך,
ווי איך אצינד, וועסט שמייכלען
און וועסט זאָגן:
— אוי, אלע זיידעס זײַנען גלײַך...

## וואָס פעלט דער מאמען

א ווענטל א דינס טיילט מיך אָפּ פון מײַן שאָכן.
... מײַן זייגער ציילט לאַנג שוין
פון מאַנטיק די טריט.
נאָר דאָרט, הינטער וואַנט,
איז נאָך ניט אינדערוואָכן:
מע לאַכט נאָך דאָרט הויך,
און מע זינגט נאָך א ליד.

באַלד שפּראָצט שוין אָף טאָג!
נאָר מע האַלט אים, דעם זונטיק,
באַם ברעג פון א פאָלע —
ער זאָל ניט אוועק...
אוי, קינדער,
איר ט'האָבן נאָך טויזנטער זון־טעג,
איך קען דאָך אײַך אלע,
און כ'קען אײַער וועג!

דו, לאַכערקע, כ'ווייס:
ס'איז דײַן מאַן שוין א דאָקטער,
און דו ביסט דער שעף
פון דײַן צעך שוין א יאָר.
... כאַלוימעס, פון זון
און פון גאָלד אויסגעטאָקטע,
עס זעט זיי דײַן מאמע
שוין איצט אָף דער וואָר...
נאָר אלץ איז איר ווייניק, דײַן מאמען,
צו ווייניק!
איך ווייס, וואָס עס פעלט איר
און לאָזט ניט צורו:
אַן אייניקל וויל זי,
עס פעלט איר אַן אייניק,
א בלאָנדס, א בלוי־אויגיקס, א פריילעכס,
ווי דו...

## דאָס איז דאָך נאַטירלעך אזוי...

דער הימל דער ליכטיקער, בלויער —
אויך ער איז ניט אלעמאָל בלוי.
ניט שעם זיך, מײַן הארץ, ווען א טרויער
באַלייגט מיט א וואָלקן דיך גרוי, —
דאָס איז דאָך נאַטירלעך אזוי.

די לאָנקע — ניט שטענדיק די זון איר
ברענגט אויצרעס פון ליכט און פון טוי, —
ס'צערודערט זי אָפּט אויך א דונער,
און ס'פליקט זי א ווינט מיט געוווי, —
דאָס איז דאָך נאַטירלעך אזוי.

און שטײַגסטו צו באַרגישע שפּיצן,
איז ווי זאָלסט ניט וויסן גענוי
דעם וועג, — וועסט ניט שטענדיק באַשיצן
דײַן פוס פון א פלוצלינגן „אוי!" —
דאָס איז דאָך נאַטירלעך אזוי.

ניט שטענדיק איז גרינג דײַנע לידער
אין גרויסן און שווערן געבוי...
ווי אייגענע לײַבלעכע ברידער,
ס'געמיט זיי אינגאַנצן פאַרטרוי! —
דאָס איז דאָך נאַטירלעך אזוי...



# בוזי מילער





# צוגעבונדקייט

דערציילונג

## 1

צו דער ארבעט איז דער עלטערער פלאנירער איסאק מארקאָוויטש מאלקין געקומען דעם טאָג מיט א פארשפעטיקונג, און דאָס איז געווען אומגעוויינלעך. קעסיידער פלעגט ער קומען פינקטלעך צו דער מינוט, אזוי אז מע וואָלט געקאָנט לויט אים אָנשטעלן דעם זייגער. אופגעפירט האָט ער זיך דאָס מאָל אויך ניט אזוי, ווי אלע מאָל.

געוויינלעך: ארײַנקומענדיק, בלײַבט ער א ווײַלע שטיין אפן שוועל און פון דער הייך פון זײַן היפשן וווקס באטראכט ער מיט די עטוואָס איבנוף אוועקגעשטעלטע גרינבלעכע אויגן פון אונטער די צונויפגעוואקסענע געדיכט־שווארצע ברעמען (דער בליק א צוגע־זשמורעט־שמייכלענדיקער) זײַנע מיטארבעטער, שטעקט אָפּ א ברייטן „גוט־מאָרגן" — ער טוט עס אזוי, אז עס פילט זיך מאמעש דער עכטער באטײַט פון אָט דעם ווילן וואָרט „א גוט־מאָרגן" — און לאָזט זיך פאמעלעך גיין צו זײַן טיש באם הויכן פענצטער. דאָ זעצט ער זיך באַיִשעווט אוועק און נעמט זיך צו זײַנע פאפירן. א טייל באקומט ער ארויס פונעם פאָרטפעל, וואָס ער ברענגט מיט זיך, א טייל פון די טיש־קעסטלעך. אויסגעלייגט די פאפירן אינעם נייטיקן סיידער, נעמט ער ארויס פון א טונקעלן שיידל די באגילדעטעברילן אָן רעמלעך, טוט א הויך אָף די גלעזלעך, ווישט אקוראט אויס מיט א שעמערירנדיקן טיכל און

לייגט זיי אוועק אפֿן טיש. דערנאָך שטעלט ער אוועק די מאַסיווע געל־אָפּגלאַנצנדיקע שטשאָ־טעס, און ווען ער איז שוין אַזוי איינגאַנצן גרייט צו דער אַרבעט, וואַרפֿט ער זיך עטוואָס אָפּ אפֿן בענקל און טוט געמיטלעך אַ זאָג:

— נו, איז וואָס הערט זיך עפּעס נײַס אויף דער וועלט?

דאָס באַטײַט: די אַרבעט וועט ניט אַנטלויפֿן. נישקאָשע, מיר זײַנען ניט קיין הינקענ־דיקע שנײַדער, אונדזערס וועלן מיר באַוויזן.

דירעקט טוט איסאַק מאַרקאָוויטש זיך אַ ווענד מיט דער דאָזיקער פֿראַגע צום עלטערן בוכהאַלטער מאַקאַר מיכײַלאָוויטשן, וועלכער זיצט בײַ זײַן מאַסיוון טיש לעבן אַנדערן פֿענצטער. מאַקאַר מיכײַלאָוויטש קויפֿט אַלע אינדערפֿרי אַ פֿרישע צײַטונג און פֿאַרן אָנהייבן די אַרבעט באַקענט ער זיך מיט די לעצטע נײַס. אויף איסאַק מאַרקאָוויטשעס פֿראַגע ענטפֿערט ער געוויינלעך גאָרניט. ער טוט נאָר אַ שטעל אַרויס אויף אַ ווײַלע זײַן גלאַנציק אָפּגעפּאָ־לירטן פּליך און באַהאַלט אים ווידער אונטער דער צעשפּרייטער בלאַט. אויף דער פֿאַרגעבענער פֿראַגע ענטפֿערט איסאַק מאַרקאָוויטש אַליין. ער הערט אַלעמאָל אויפֿמערקזאַם אויס די אינדערפֿרייִקע נײַס דורך ראַדיאָ, און די וויכטיקסטע פֿון זיי האָט ער ליב צו דערציילן זײַנע מיטאַרבעטער, צוגעבנדיק צומאָל אַן אייגענעם קאָמענטאַר. עס טרעפֿט, אַז דערבײַ פֿאַרפֿירט זיך אַ שטיקל דיסקוסיע צווישן אים און דעם קאַלקוליאַטאָר סעמיאָן לאַזאַרעוויטש מיראָנקין, וועלכער זיצט אַנטקעגן. דאָס איז אַ קליין, דאַר און ביז גאָר זשוואַווע מענטשל. אַפֿילו, ווען ער זיצט אויפֿן אָרט, דאַכט זיך, אַז ניט נאָר ער אַליין, נאָר צוזאַמען מיט אים דאָס בענקל, דער טיש, אַ שטיק צימער רוען ניט, טאַנצן אונטער, גייען כּאַדאָראָם... סעמיאָן לאַזאַרעוויטש האָט אַ טעווע: וואָס פֿאַר אַ נײַס מע זאָל ניט מיטיילן, טוט ער זיך אַ קלאַפּ אין ברוסט און שרײַט אויס:

— וואָס האָב איך אָבער געזאָגט? איך האָב שוין פֿון לאַנג געזאָגט, אַז אַזוי וועט זײַן! אַזוי איז געווען, ווען ס'איז פֿאָרגעקומען די איבערקערעניש אין טשילי, אַזוי — ווען מע האָט אַראָפּגעוואָרפֿן קאַעטאַנאָו אין פּאָרטוגאַל... איסאַק מאַרקאָוויטשן פֿאַרדריסט עס, און ער נעמט אַלעמאָל דערווײַזן מיראָנקינען, אַז יענער האָט אַזוינס ניט געזאָגט, ניט געקאָנט פֿון פֿריִער זאָגן און אַז בכלל זאָגט ער אַלעמאָל נאָר דאָס, וואָס איז שוין געווען אין די נעכטיקע צײַטונגען...

אָפּגעפּאַרטיקט זיך אויף אַזאַ אופֿן מיט זײַן אָפּאָנענט און אומקערנדיק זיך צו די נײַס, וועגן וועלכע עס איז געגאַנגען אַ רייד, רוקט איסאַק מאַרקאָוויטש ענערגיש איבער עטלעכע ביינדלעך אויף די שטשאָטעס און טוט אַ זאָג, ווי אונטערצײַענדיק אַ סאַכאַקל:

— נישקאָשע, עס וועט זײַן אַ רועך אין זייער טאַטנס טאַטן! אָט וועט איר זען!..

דערמיט מיינט ער אַ פּינאָטשעט, אַ קאַעטאַנאָ און זייער גלײַכן.

מיראָנקין האָט געלעכצט כאַפּן איסאַק מאַרקאָוויטשן כאָטשבי אין אַ מינדסטן טאָעס, האָט ער אים איינמאָל אַ פֿרעג געטאָן:

— זאָגט נאָר, ווער איז עס דער טאַטע זייערער, וואָס איר שעלט אים קעסיידער? איר קענט אים כאָטש?

איסאַק מאַרקאָוויטש האָט אָפּגעשטעלט אויף מיראָנקינען אַ לענגערן בליק און פֿאַר זיך באַשלאָסן, אַז דאָס איז, ווײַזט אויס, דער ערשטער פֿאַל, ווען ער מעג מאַסקים זײַן מיטן היציקן קאַלקוליאַטאָר. מיט אַ מאַכטייסע־שמייכל אין די היפּשלעכע שוואַרצע וואָנסן האָט ער אים געענטפֿערט:

— דאָס מאָל זײַט איר גערעכט, מיראָנקין. ווער זייער טאַטע איז, ווייס איך טאַקע ניט, און דאָס איז גאָר ניט אַזוי לײַכט צו וויסן — זיי זײַנען דאָך אַלע מאַמזיירים! איינער מער מאַמזער פֿונעם אַנדערן!..

און האָט צוגעגעבן:

— עס וועט זײַן אַ רועך אין זייער טאַטנס טאַטן! אָט וועט איר זען...

אַזוי — געוויינלעך.

דאָס מאָל איז אָבער אַלץ געווען פֿאַרקערט. אָנגעהויבן דערפֿון, וואָס איסאַק מאַרקאָ־וויטש האָט פֿאַרשפּעטיקט. אפֿן שוועל האָט ער זיך ניט פֿאַרהאַלטן, ניט אַרומגעפֿירט אַלעמען מיט זײַן שמייכלדיק־צוגעזשמורעטן בליק און ניט מעכאַבעד געווען מיט זײַן ברייטן „גוט־מאָרגן". ווי האַבנדיק פֿאַר עפּעס מוירע אָדער שעמענדיק זיך צו קוקן די מיטאַרבעטער אין די אויגן — דאָס איז געווען אַזוי ניט ענלעך אויף אים, — האָט ער קוים צו הערן זיך באַגריסט און אָפּגיך צוגעגאַנגען, קימאַט צוגעלאָפֿן צו זײַן טיש. אַרויסגעכאַפּט די ברילן פֿונעם שײַדל, ניט אויסווישנדיק, זיי האַסטיק אַ וואָרף געטאָן אויף דער נאָז און גלײַך

גענומען וואַרפן אויף די שטשאַטעס, ווי אַ פֿילנדיק זיך טייקעף אַפּן אַרט אויסצוכוועשבעגען עפּעס אַ וויכטיקן און זייער פֿאַרפֿלאָנטערטן כעזשבן...

די מיטאַרבעטער האָבן געוואַרט, אַז באַלד וועט איסאַק מאַרקאָוויטש אָפּשטעלן די שטשאָטעס און מיט אַ רויק שמייכלענדיקן בליק נעמען דערציילן עפּעס פֿון די וועלט־נײַס, וואָס ער האָט אינדערפֿרי געהערט דורך ראַדיאָ. דאָס מאָל איז עס אָבער ניט געשען. און ביכלאַל האָט אויסגעזען, ווי אָט דער סאָלידער, באַדאַכטער מענטש, קעסיידער אַזאַ זיכערער אין אַלץ, וואָס ער זאָגט און טוט, וואָלט מיטאַמאָל אָנגעווווירן היפּש פֿון זײַן סאָלידקייט. דאָס האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן, אײניקע פֿון זײַנע מיטאַרבעטער האָט עס פֿאַרכידעשט, אַנדערע באַאומרויקט.

דער ערשטער האָט, ווי זײַן שטייגער און אויף זײַן אויפֿן, רעאַגירט דער קאַלקוליאַטאָר מיראַנקין. פֿאַר כידעש האָט ער אַזוי טיף אַ רוק אַרײַן געטאָן דעם קאָפּ צווישן די שפּיציקע אַקסל, אַז דער קאָפּ איז אַזוי דאָרט אַ היפּשע ווײַלע פֿאַרבליבן שטעקן קימאַט ביז איבער די אויערן. און בעשאַסמײַסע האָט ער פֿון צווישן די אַקסל מאָדנע אַרויסגעשמייכלט און קוים אײַנגעהאַלטן זיך פֿון ניט אויסשיסן עפּעס אַזוינס, וואָס ער אַליין, ווי עס טרעפֿט, וואָלט נאָכדעם ניט געקאָנט דערקלערן, וויאַזוי עס איז באַ אים אַראָפּ פֿון דער צונג...

דער עלטערער בוכהאַלטער מאַקאַר מיכײַלאָוויטש האָט מיט אַ שמאָלער טונקעלער האַנט אַ רײַב געטאָן דעם גלאַנציק אָפּגעפּאָלירטן פּליך זײַנעם און ווײַטער אַרײַנגעקוקט אין צײַטונג, און געווען איז ניט קלאָר, צי מיינט ער מיט אָט דעם זשעסט איסאַק מאַרקאָוויטשן אָדער גאָר עפּעס איינע פֿון די אויסגעלייענטע נײַס.

די מאַשיניסטקע מאַריע לעאָנטיעוונע, אַן עלטערע, שטילע, בענימעסדיקע פּרוי — זי איז געזעסן אין דער טיף פֿונעם צימער, אַזוי אַז די שײַן פֿוןביידע פֿענצטער איז געפֿאַלן אויף די מאַט־אָפּבלאַנקענדיקע קלאַווישלעך פֿון איר „אָלימפּיע“, — האָט מיט כידעש זיך איבערגעקוקט מיט דער טעכנישער סעקרעטאַרשע. יענע, נאָך גאָר אַ יונגינקע, אַ פּאָלינקע — פֿאַר איר שטענדיקער גרייטקײַט צו פֿאַרגיין זיך אין אַ קלינגענדיק געלעכטער האָבן זי אַלע גערופֿן פּאָשעט: ריטאָטשקע — האָט אויף שטומלאָשן געענטפֿערט: יאָ, איך זע. וואָס זאָל עס טאַקע באַטײַטן?

דער ערשטער האָט ניט אויסגעהאַלטן מיראַנקין. ער איז האַסטיק — אַזש איבערקערנדיק דאָס בענקל, — צוגעשפּרונגען צום עלטערן פּלאַנירער.

— וואָס איז געשען מיט אײַך, איסאַק מאַרקאָוויטש?

יענער האָט פּאַמעלעך אויפגעהויבן דעם קאָפּ מיט דער נאָך געדיכטער שוואַרצער שוועליורע, אין וועלכער ס'האָט בלויז וווּ־ניט־וווּ זיך געזילבערט אַ גראָוועס האָר, און דורך די ניט־באַרעמלטע ברילן אָנגעשטעלט אויף זײַן צו היציקן קאָלעגע אַ שטעכיקן בליק:

— וואָס איז דען, האַ?

— איך זע דאָך, אַז...

— ניין, ניין, ס'איז גאָרניט געשען, — האָט איסאַק מאַרקאָוויטש אים איבערגעשלאָגן, — גאָרניט.

דער טאָן פֿון אָט די ווערטער איז געווען אַן אײַז־קאַלטער, און מיראַנקין, פּונקט אַזוי האַסטיק, ווי ער איז ערשט צוגעשפּרונגען, איז גלײַך אָפּגעשפּרונגען צוריק און שיִער ניט געפֿאַלן איבערן בענקל, וואָס ער האָט פֿריִער אַליין אומגעוואָרפֿן.

באַ זײַן מאַסיוון טיש האָט דער עלטערער בוכהאַלטער באַקאַמאָל אַ רײַב געטאָן דעם גלאַנציקן פּליך און וועקגעלייגט די צײַטונג. מאַריע לעאָנטיעוונע האָט זיך איבערגעקוקט מיט דער סעקרעטאַרשע. יענע האָט הויך אַ הייב געטאָן די אַקסעלעך, אין אַ זײַט אַ קרים געטאָן די פּולבלעכע ליפּן און ניט געקאָנט זיך אָפּהאַלטן פֿון טאָן אַ זאָג צעצויגן און אונטערגעשטראָכן הויך:

— מאָדנע...

ס'איז בעעמעס געווען מאָדנע. צו איסאַק מאַרקאָוויטשעס שטענדיקער קלוגער באַדאַכטקײַט, זיכערקײַט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין אַלץ — אין זײַן ניט געײַלטן גאַנג, אינעם רײדן מיט געציילטע ווערטער, אינעם באַהאַוונטן אויספֿילן די אַרבעט — צו דעם אַלעם איז מען שוין דאָ לאַנג געווען געוווינט, פּונקט ווי צו דער ציכטיקער אַקוראַטקײַט פֿון זײַנע קליידער. אויך הײַנט האָבן פֿון אים אַראָפּגעשײַנט דער זויבער אויסגעפּרעסטער לײַכטער ווײַסער פּידזשאַק און די ווײַסע הויזן מיטן דײַטלעכן קנייטש אין דער גאַנצער לענג זייערער — און איידעס פֿון דער אומויסשעפּלעכער געטרײַשאַפֿט פֿון זײַנע יונגע טעכטער. נאָך דער מוטערס טויט מיט עטלעכע יאָר צוריק האַלטן זיי, דאַכט זיך, אין איין פֿאַרמעסטן זיך — ווער וועט

ארויסוויַזן מער געטרײַשאַפט דעם טאַטן. אויך דאָס, אַפּאַנעם, האָט אים צוגעגעבן די רויִקע זיכערקײַט פון א מענטשן, וואָס האָט שוין איבערגעלעבט אלע זײַנע אומגליקן.

מע האָט זיך געוואָנט צו דער ארבעט. ס׳איז געוואָרן הייס, האָט מען אָפּ די פענצטער אראָפּגעלאָזט די טונקעלע גאַרדינען. אין זייער שיטערלעכער דורכזיכטיקײַט האָט, א דורכגע־זיפּטע, זיך געהאַלטן די זון, און אָף זייער פּאַן האָבן זיך אויסגעטיילט בא איין טיש איסאַק מאַרקאָוויטשעס ווײַסער אַנצוג, באַם אנדערן — מאַקאַר מיכײַלאָוויטשעס גלאַנציקער פּליך. געאַרבעט האָט מען מיט געוווינטער, ניט געײַלטער זיכערקײַט. די דאַזיקע אומגעשטערטע אינערלעכע רויִקײַט פון אַט די מענטשן האָט זיי באַשיצט פונעם אומרו פון דער ארומיקער וועלט. פונקט ווי די טונקעלע גאַרדינען האָבן פאַרהיט זיי פון דער צו שטאַרקער דרויסנ־דיקער היץ.

ריטע האָט קיין טאַטע־מאַמע ניט געהאַט. זי האָט זיך דערצויגן אין א קינדערהיים. נאָך דער מיטלשול האָט זי געפּרוּווט אַנקומען אין א מעדיצינישן אינסטיטוט, נאָר ניט אויסגע־האַלטן דעם קאָנקורס. ארבעט זי דערווײַל אלס טעכנישער סעקרעטאַר. און איינע פון די סיבעס, וואָס זי האַלט זיך דאָ, באַשטייט אין דעם, וואָס זי האָט דאָ געפונען א טאַטן מיט א מאַמען. יאָ, יאָ. עמעס, ניט דער „טאַטע״, ניט די „מאַמע״ הייבן ניט אָן דערפון צו וויסן, נאָר אזוי איז עס. ריטע ווייסט: פאַרשטעלן זיך אַט די צוויי, אזעלכע ביז גאָר פאַרשיידענע מענטשן, אלס מאַן־און־ווײַב איז אומעגלעך, נאָר וואָס מאַכט עס אויס? פאַר איר איז ער — א טאַטע, זי — א מאַמע. וועגן דעם ווייסט נאָר זי איינע? איז וואָס? פאַר איר איז עס גענוג.

דער טאַטע איז איסאַק מאַרקאָוויטש.

די מאַמע — מאַריַע לעאָנטיעוונע.

יאָ, יאָ.

קאָן דען ריטע גלײַכגילטיק צוזען, ווי מיט איר „טאַטן״ איז פאָרגעקומען עפּעס א פאַרענדערונג, און ניט פּרוּוון זיך דערוויסן די סיבע? פונדעסטוועגן האָט זי נאָך לאַנג זיך געשלאָגן מיט דער דייע — פרעגן, צי ניט? סאַפּקאָלסאָף האָט זי ניט אויסגעהאַלטן.

— איר זעט הײַנט אויס אזוי מאָדנע, איסאַק מאַרקאָוויטש... עפּעס איז געשען?

די דאַזיקע פראַגע איז דערגאַנגען צו מיראָנקינען, און ער האָט עס אויפגענומען ווי א סיגנאַל, אז ער מעג זיך אויך ארײַנמישן.

—איסאַק מאַרקאָוויטש, — איז ער אויפגעשפּרונגען פון אָרט, — עפּשער איז בא אײַך קאַליע געוואָרן די ראַדיאָ און איר האָט ניט געהערט הײַנט די לעצטע נײַס?

— ס׳איז גאָרניט געשען, ריטאָטשקע, — האָט איסאַק מאַרקאָוויטש שטיל א זאָג געטאָן צום מיידל און עטוואָס העכער צו מיראָנקינען: — די ראַדיאָ איז בא מיר אין אָרדענונג. די לעצטע נײַס האָב איך געהערט. — געזאָגט געוואָרן איז עס מיט אזא טאָן, מע זאָל פאַרשטיין: די נײַס פון ראַדיאָ האָבן צו זײַן שטימונג קיין שום שײַכעס ניט.

— וואָס זשע פאַר א נײַס? — האָט זיך ניט באַרויקט דער קאַלקוליאַטאָר.

זײַן זשוואַוועדיקײַט, היציקײַט זײַנען איסאַק מאַרקאָוויטשן פון לאַנג געוואָרן דערווידער. האָט ער איצט בלויז אויסדריקלעך א קוק געטאָן אָף סעמיאָן לאַזאַרעוויטשן און גאָרניט געענטפערט. דאָס האָט שוין ריטען אויך א ביסל פאַרדראָסן. זי האָט ביכלאַל ניט געקאָנט פאַרלײַדן קיין אוּולעס, און דעריקער די, וואָס זי האָט געהאַלטן פאַר דער גרעסטער אוּולע אין דער וועלט, — וויסן עפּעס און ניט דערציילן...

— וואָס זשע שווײַגט איר? — האָט זי באַרויגעז זיך אָנגעבלאָזן, טאַקע ווי אָף א טאַטן.

איסאַק מאַרקאָוויטש האָט אראָפּגענומען די ברילן, זיי אוועקגעלייגט אַפן טיש, א קוק געטאָן קורץ אָף ריטען, ווי אויסגעמוסערט זי מיט אַט דעם קוק, אויסגעמיטן מיטן בליק מיראָנקינען, עטוואָס לענגער זיך אָפּגעשטעלט אָף מאַריַע לעאָנטיעוונען, און ניט אזוי אָף איר, ווי אָף אירע לאַנגע פינגער, וואָס האָבן זיך לײַכט באַוועגט איבער דער קלאַוויאַטור פון דער „אָלימפּיע״, דערנאָך א קער געטאָן זיך צו מאַקאַר מיכײַלאָוויטשן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אָף זײַן גלאַנציקן פּליך, ווי וועלנדיק אין אַט דעם פּליך עפּעס ארײַנזאָגן, און ענדלעך פּאַמעלעך, שטיל אָפּגעציילט די ווערטער:

— עס גיבט קיינע נויס.

מע האָט געוווּסט: אָף דער מילכאָמע איז איסאַק מאַרקאָוויטש געוועזן אַן אויסשפּירער, דערנאָך אַן איבערזעצער אין א שטאַב, און ווען־ניט־ווען וואַרפט ער נאָך איצט אויך ארײַן אַמאָל א דײַטשיש וואָרט. דאָס האָט בא קיינעם ניט ארויסגערופן קיין כידעש. געכידעשט האָט עפּעס אנדערס: מע האָט געזען — ער האָט נײַס, פאַרוואָס זשע שווײַגט ער?

— פאַרוואָס שווײַגט ער? — האָט שפּעטער א ביסל ריטע, טוענדיק זיך א דריי לעבן

מאריע לעאַנטיעווגען אַזוי, אַז מע זאָל ניט באַמערקן, איר אײַנגערוימט אין אויער. — פאַרוואָס?

די מאַשיניסטקע האָט פּונקט אַרײַנגעלייגט אַ ריין בלעטל, אויף וועלכן זי האָט נאָך גאָר־נישט ניט אָנגעשריבן, האָט זי אויסגעקלאַפּט אויף דעם פּאָר ריטען: Да, это странно. Очень странно.

דאָס בלעטל האָט זי אַרויסגענומען און אַרײַנגעשטעלט אַ נײַס.

ביזן סאָף פונעם אַרבעטסטאָג האָט איסאַק מאַרקאָוויטש מער קיינעם גאָרניט געזאָגט. נאָך דער אַרבעט — און דאָס איז אויך געווען מאָדנע — איז ער ניט אַהיימגעגאַנגען. די סמעטע, — האָט ער דערקלערט, — וואָס ער האַלט אין צונויפשטעלן, מוז ער נאָך הײַנט פאַרענדיקן.

און אָט זיצט ער איינער אַליין אינעם פּוסט געוואָרענעם צימער. פאַר אים ליגט די סמעטע, נאָר ער האָט אין איר ניט אַרײַנגעקוקט. פאַרטראַכטערהייט קלאַפּט ער מיט די פינגער איבערן טיש, האַלטנדיק אָנגעשטעלט אַ שטאַרן בליק אויף דער וואַנט אַנטקעגן. פאַר־טיפט אין זײַנע געדאַנקען, האָט ער ניט געהערט, ווי ס'איז אַרײַנגעקומען די אָפּראַמערן. באַמערקט האָט ער זי, ווען זי איז שוין געשטאַנען איבער אים מיט עפּעס אַ בלעטל אין האַנט.

— עפּשער איז עס אײַך נייטיק, אָט דאָס בלעטל? — האָט זי געפרעגט.

— ס'איז דאָך אַ ריין בלעטל, — האָט ער זיך פאַרכידעשט, — צו וואָס גיט איר עס מיר?

— ניין, דאָ איז עפּעס אָנגעשריבן, — האָט די אָפּראַמערן, אַן עלטערע, צעפלאָסן־פולע פרוי, געענטפערט און, טוענדיק ווײַטער איר אַרבעט אַרום די בענקלעך און טישן, ניט אָפּגעהערט גאַנץ הויך צו טײַנען צו אים אָדער צו זיך אַליין: — כ'זע, אַ בלעטל, געוואָלט אַרויסוואַרפן, ערשט כ'טו אַ קוק — אַ שורע, אַן אָנגעדרוקטע שורע. שטאַרק קיין גראַמאַטנע בין איך ניט, נאָר כ'ווייס — אַ וואָרט האָט אַ ווערט, ביפּראַט אַן אָפּגעדרוקטס. עפּשער איז עס נייטיק...

איסאַק מאַרקאָוויטש האָט געלאָזט ליגן דאָס בלעטל לעבן זיך. ערשט ווען די אָפּראַ־מערן האָט שוין אָפּגעטאָן אירס און איז אוועק, איז דער בליק זײַנער צעשטרייט געפאַלן אויף דער איינציקער שורע, וואָס איז אויף אָט דעם בלעטל געווען אָנגעדרוקט: Да, это странно. Очень странно...

גאָרניט פאַרשטאַנען, האָט ער אָפּגעלייגט דאָס בלעטל אין אַ זײַט און פאַרגעזעצט שטאַר צו קוקן אויף דער וואַנט אַנטקעגן. פּלוצעם האָט ער די דאָזיקע ווערטער דערזען אויף אָט דער וואַנט, פּונקט ווי זיי זאָלן שטיין דאָרט אויסגעקלעפּט פאַר זײַנע אויגן: ...очень странно...

## 2

טאַקע — מאָדנע. ריכטן זיך דערויף האָט ער ניט געקאָנט. ס'איז אים אפילו אין געדאַנק קיינ־מאָל אַזוינס ניט געקומען. און גיי ווייס, אַז די שולדיקע אין אַלץ וועט זײַן דאַפקע זי, די עלטסטע, די סאַמע גראַטענע טאָכטער זײַנע, רימע. געוויינלעך האָט מען מער ליב די ייִנגערע קינדער. בײַ זיי אין דער מישפּאָכע — פאַרקערט. אפילו ווען עס איז געקומען אויף דער וועלט די צווייטע טאָכטער, מירע, דערנאָך די דריטע, מאַשע, — אויך ווילע און גראָטענע, — איז דער ליבלינג סײַ בײַ אים, סײַ בײַ דער מוטער אַלצייִנס פאַרבליבן רימע. אַ באַזונדער מין כיין האָט זי פאַרמאָגט אין זיך, אַזאַ, וואָס פון קינדווײַז אָן האָט אַלעמען צו איר געצויגן.

בעלע, די פרוי, האָט וועגן איר געזאָגט:

— זי איז אונדזער שענסטע טרייסט פאַר אַלץ, וואָס מיר זײַנען אויסגעשטאַנען.

אויסגעשטאַנען זײַנען זיי ניט ווייניק — די גאַנצע מילכאָמע פון אָנהייב ביזן סאָף. ער האָט זי אָנגעהויבן צו אַכצן, זי — צו זיבעצן יאָר. פון דער שול־באַנק — אין פײַער. די מילכאָמע — וועמען זי האָט אומגעבראַכט, וועמען פאַרהאַרטעוועט. זיי האָט זי פאַרהאַר־טעוועט. וועמען זי האָט צעשיידט, וועמען צונויפגעפירט. זיי — צונויפגעפירט. ער איז געווען אַן אויסשפּירער, געגאַנגען אויפן סאַמע ראַנד פון לעבן און טויט... שווער פאַרווונדעט געוואָרן, מער אין אויסשפּיר גיין ניט געקאָנט, איז ער געוואָרן אַן איבערזעצער אין אַ שטאַב. זי איז אין אָט דעם שטאַב געווען אַ ראַדיסטקע. אַזוי האָט מען זיך באַקענט. אָפּגערעדט: וועט

— איך זאָג דאָך אײַך, אַז מע קען פֿון אַט דער געשיכטע פּלאַצן, ניט עמעס, רימאַטשקע?
— עמעס, עמעס...

מיטאַמאָל זײַנען די דונערנדיקע רולאַדעס, וואָס האָבן צעשפּאַרט די ווענט פֿון רימעס אַלקער, שטיל געוואָרן. די גראָבע אָנגעפּאַרבטע ליפּן האָט זשענעוויעווע פּאַביאַנאָוונא צונויפֿ־געלייגט אין אַ טרײַבעלע און צוגעשטעלט צו זיי אַ פֿינגער מיט אַ צונטער־רויטן אָנגעמאַני־קיורטן נאָגל.

— כ׳וויל אײַך דערציילן אַ סאָד...
— אַ סאָד?
— יאָ, אָבער טאַקע גאָר אַ גרויסן...
— איך הער אײַך.
— אָבער איר וועט קיינעם ניט אויסזאָגן?
— אויב אַ סאָד...
— אַפֿילו סיאָמע טאָר ניט וויסן, אַז כ׳האָב עמעצן געזאָגט... עדיק אויך ניט...
— איז עפּשער בעסער ניט דערציילן.
— ניין, אײַך וויל איך דעם סאָד פֿאַרטרויען.

זשענעוויעווע פּאַביאַנאָוונא האָט זיך אַרומגעקוקט, פּונקט ווי עמעצער וואָלט געקאָנט דאָ אונטערהערן, זיך צוגעזעצט און גענומען שעפּטשען:

— איך ווייס: איר ווילט קיין ייִסראָעל ניט פֿאָרן. עדיק וויל, און איר — ניט.
— יאָ, — האָט רימע געענטפֿערט, — און איר?
— מיר מיט סיאָמען ווילן אויך ניט.
— אַזוי גאָר? טאָ רעדט אָפּ עדיקן. סיאָמע איז דאָך זײַן בעסטער פֿרײַנט. ווען ניט ער...
— ניין, — רימעס מיטשפּרעכערן האָט אַ צוק געטאָן מיט אַן אַקסל, — איר פֿאַרשטייט מיך ניט...
— וואָס זשע?
— פֿאָרן ווילן מיר יאָ.
— נאָר וואָס זשע?
— נאָר קיין ייִסראָעל — ניט.

רימע האָט בעעמעס גאָרניט פֿאַרשטאַנען.

— ווי זשע?

אין זשענעוויעווע פּאַביאַנאָוונעס גרויסע, שטאַרק אונטערגעפּירטע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ כיטרער גלאַנץ.

— דעריקער איז דערקלײַבן זיך ביז ווין...
— און ווײַטער?
— ווײַטער? ווײַטער עפּנט זיך אַ גרויסע וועלט: ווילט איר — רוים, ווילט איר — ניו־יאָרק. ווו איר ווילט.
— די פּאַפּירן גיט איר דאָך אָבער אײַן אָף צו פֿאָרן קיין ייִסראָעל?
— איז וואָס?

זשענעוויעווע פּאַביאַנאָוונא האָט זיך אופֿגעהויבן, זי האָט פֿאַריכט די פּריזור, דערבײַ האָבן אַלע אירע פֿינגער אַ בלישטשע געטאָן מיט די גאָלדענע פֿינגערלעך און מיטן צונטער־רויטן מאַניקיור. זי האָט זיך הילכיק פֿאַנאַנדערגעלאַכט:

— אַך, ווען מיר נאָך מיט אײַך אַ לעב טאָן, רימאַטשקע, אָט וועט איר זען! אַך, ווען מיר אַ לעב טאָן... און דערווײַל — אַ סאָד. אָפּגערעדט?

ווען זשענעוויעווע פּאַביאַנאָוונא איז אַוועקגעגאַנגען און רימע האָט פֿאַרמאַכט נאָך איר די טיר, איז זי אַ לענגערע ווײַלע געשטאַנען, ווי פֿריהלושעט, און נאָך אַלץ ניט גע־גלייבט, אַז ס׳איז שוין געוואָרן שטיל... געקומען צו־זיך, איז זי אַרײַן אין וואַנע־צימער און אונטערן קראַן אויסגעוואַשן די הענט. דערנאָך האָט זי ראַמיקן באַלייגט שלאָפֿן. שוין מיט צוגעשלאָסענע אייגלעך האָט דאָס קינד בא איר געפֿרעגט:

— די גרויסע טיאָטיע וועט מער צו אונדז ניט קומען?
— פֿאַרוואָס פֿרעגסטו?
— איך האָב פֿאַר איר מוירע...
— מע דאַרף ניט מוירע האָבן. די גרויסע טיאָטיע קלײַבט זיך אוועקפֿאָרן ווײַט־ווײַט...
— און מיר וועלן מיט איר ניט פֿאָרן?
— ניין, מיר ווען ניט פֿאָרן. שלאָף...

שפעט אין אָונט איז אהיימגעקומען עדיק. ער איז געווען מיד. זי האָט אים דערציילט וועגן דעם אומגעריכטן גאַסט, וואָס זי האָט געהאַט, און געפרעגט:

— זאָג, וואָס איז דאָ באַ דיר אַלגעמיינס מיט אַזאַ, ווי זשענעוויעוואַ פּאַביאַנאָוונאַ?

— פאַרוואָס דאַרף זײַן צווישן אונדז אַלגעמיינס?

— זי פאַרט, און דו...

— מאַלע וואָס!

דערנאָך האָט אַנגעקלונגען מירע. זיי האָבן זיך דאָרט געערגערט, ניט געוווּסט וואָס איבערצוטראַכטן. עדיק האָט געענטפערט, אַז זי שלאָפט... זי האָט געוואָלט צולויפן, אַרויס־רײַסן באַ אים דאָס טרײַבל, אַ געשריי טאָן, אַז זי שלאָפט ניט, — ווי קאָן זי שלאָפן? — אַ געשריי טאָן צום טאַטן, צו די שוועסטער: „קומט, נעמט מיך פונדאַנעט אַוועק!..״ נאָר די פיס זײַנען באַ איר ווי צוגעוואַקסן צום דיל, זי האָט זיך ניט גערירט פון אָרט... איז זי געשטאַנען אַזוי, פאַרגליווערט מיט אַלע איבורים, און געהערט, ווי עדיק זאָגט אין טרײַבל: „צו איך וועט זי מער זיך ניט אומקערן. זי האָט אַ היים און פאַרבלײַבט אין דער היים״... וואָס וועלן זאָגן דערויף דער טאַטע, די שוועסטער? זי האָט צו זיך אַליין געשפּירט אַ טיפן עקל, נאָר אַנדערש טאָן ניט געקאָנט...

דעם זעלבן אָונט האָט זי אָנגעשריבן צו די אייגענע אַ קורצן בריוו.

## 6

פאַר די עטלעכע כאַדאָשים, וועלכע זײַנען דורכגעגאַנגען נאָכן אײַנגעבן די פּאַפּירן און ביז עס איז באַקומען געוואָרן די דערלויבעניש אַרויסצופאָרן, זײַנען רימע און דער פאָטער מיט די שוועסטער איינע צו די אַנדערע קיין איין מאָל ניט געקומען. רימען וואָלט שווער געווען אירע אייגענע צו קוקן אין די אויגן נאָך דעם, וואָס עס איז געשען. זיי איז געווען אומפאַרשטענדלעך און דערווידער איר אומגעריכטע אופירונג. דעם מאַן אירן האָבן זיי זען ניט געוואָלט. בלויז נאָך ראַמיקן האָט באַם זיידן און באַ די יונגע מומעס געלעכצט דאָס האַרץ, נאָר וואָס האָט מען געקאָנט טאָן?

און פאַרט איז רימע צו זיי געקומען. מאָרגן האָט מען געזאָלט אַרויספליִען פונעם שערעמעטיעווער אַעראָדראָם, אין אָונט פאַר דעם איז זי געקומען. ניט געקומען — אַרײַנ־געפאַלן אין שטוב. אַ בלאַסע, שטאַרק אַ פאַרענדערטע פאַר דער צײַט, וואָס מע האָט זיך ניט געזען. אויפן אָפּגעצערטן פּנים האָבן די אויגן קרענקלעך געגלאַנצט.

מיט איבערגעטריקנטע ליפּן אַרויסגערעדט:

— כ׳האָב ניט געקענט — ניט געזעגענען זיך... זײַט מיר מויכל...

די שוועסטער זײַנען איר אַרופגעפאַלן אויפן האַלדז. אין איין קאָל:

— וואָס טוסטו, רימע?

באַזונדערס — מירע:

— מיט זיך?

מאַשע:

— מיט אונדז?

רימע:

— מישפּעט מיך. כ׳בין שולדיק...

דער טאַטע, ווי ער איז געשטאַנען באַם טיש, אַזוי איז ער געבליבן שטיין, דאָס פּנים אָפּגעשלאָסן, קאַלט. די אויגן האָבן יאָ געפּרוווט אַרויסגעבן, וואָס אינווייניק באַ אים טוט זיך, האָט ער זיך אָנגעטאָן אַ קויעך, זיי צוגעשלאָסן, אויפן געלאָזט בלויז צוויי שמאָלע, שאַרפע שפּעלטלעך, און מיט אָט די שפּעלטלעך, ווי מיט מעסערס, צו רימען:

— וויִאַזוי איז עס געשען, זאָג... וויִאַזוי האָט עס געקאָנט געשען?

— אָט אַזוי, טאַטע.

— האָסט דאָך ניט געוואָלט פאָרן?

זי האָט אַרויסגעהויכט פון זיך:

— איך וויל איצט אויך ניט...

— טאָ וואָס זשע, צו אַלדי שוואַרציאָרן!..

— כ׳האָב אײַך געשריבן. כ׳בין אַ פרוי. אַ שוואַכע פרוי, ניט מער...

— וואָס הייסט — אַ שוואַכע? אין וואָס באַשטייט זי, דײַן שוואַכקײַט?

— יעדער פרוי שטרעבט האָבן אַ מאַן, אַ קינד.
— נו?
— נו, און אַז זי האָט עס שוין, האָט זי מוירע עס אָנוווערן. ביפּראַט...
— וואָס ביפּראַט?
— איר וואָלט זען, ווי ראַמיקן איז פון אים ניט אָפּצורײַסן. מע קאָן צונעמען באַ אַ פאָטער דאָס קינד. אָבער באַ אַ קינד — דעם פאָטער?
אַ ווײַלע האָט זי געשוויגן.
— כ׳ווייס, כ׳בין שולדיק פאַר אײַך, זייער שולדיק...
— בלויז פאַר אונדז דען?
— פאַר וועמען נאָך, טאַטע?
— ס׳איז דאָ גרעסערס פון אונדז.
— וואָס?
— וואָס, פרעגסטו? די ערד, ווּ דו ביסט געבוירן... דער אָנדענק פון דײַן מוטער... דער...
— מע דאַרף ניט, טאַטע! כ׳ווייס, כ׳ווייס אַלץ... כ׳בין שולדיק, מישפּעט מיך...
— וואָס איז איצט שוין דאָ צו ריידן? — ער האָט פאַרומערט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — איינס דאַרף איך דיר זאָגן: כ׳האָב זיך עס פון דיר ניט געריכט...
רימע האָט זיך אופגעהויבן. זי אײַלט זיך. אין שטוב ווייסט מען ניט, וווּהין זי איז אוועק. זי האָט ניט געקליבן זיך קומען, נאָר אין דער לעצטער מינוט ניט אויסגעהאַלטן. זי האָט ניט געקאָנט — ניט געזעגענען זיך...
די שוועסטער האָבן זי לאַנג געהאַלדזט. דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צום פאָטער. געמיינט, ער וועט ניט דערלאַנגען די האַנט. נאָר ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך, אַ פּיר געטאָן איבער אירע האָר מיט דער האַנט, ווי אַמאָל, ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד...

אויפן אַנדערן טאָג האָט איסאַק מאַרקאָוויטש זיך אָפּגעבעטן פון דער אַרבעט און איז געקומען אויפן שערעמעטיעווער אַעראָדראָם. זיך געזעגנט מיט רימען, די אַנדערע האָבן אים ניט אינטערעסירט — ניט די מעכוטאָנים, ניט דער איידעם. געוואָלט בלויז צום לעצטן מאָל אַ קוק טאָן אויפן אייניקל.
ווען מע האָט געמאָלדן דעם רייס אויף ווין און די, וואָס האָבן געזאָלט פליִען מיט אָט דעם רייס, האָט מען אַרויסגעלאָזט אויפן פלי־פעלד, איז ער צוגעגאַנגען צו דער פּאַרצאַמונג, וואָס טיילט אָפּ די באַגלייטנדיקע פון די, וואָס פאָרן אָפּ, און האָט זיך אײַנגעקוקט אין זיי. אָט האָט ער צווישן די אָפּפאָרנדיקע דערזען די מעכוטאָנים. אָט גייט זשענעוויעווע פּאַביאַ־נאָוונאַ. אָט גייען רימע מיטן מאַן. ווּ איז דאָס קינד? מענטשן, וואָס גייען הינטער זיי, האָבן עס פון אים פאַרשטעלט. עס גייען דאָרט עלטערע לײַט, יונגע, פײַן געקליידטע, עלעגאַנטע מאַנצבלען, פרויען. נאָר אין דער מינוט האָט זיך אים מיטאַמאָל אויסגעדאַכט, אַז אין יעדערן פון זיי זעט ער עפּעס אַ מין געהויקערטקײַט. אין רימען אויך... אָט די מענטשן האָט צוגעבויגן, אַפּאָנעם, די שווערע לאַסט פון אומבאַוווסטקײַט, וואָס זיי האָבן גענומען אויף זיך... ס׳איז געווען אַ הייסער מיט־טאָג. דאָס פלי־פעלד מיט די ווײַס אָפּגלאַנצנדיקע וואַרטנ־דיקע לײַנערס אײַנגעוועבט אין דורכויס פאַרפלייצט געווען מיט הייסער שײַן, און נאָך די מענטשן האָבן זיך נאָכגעצויגן קורצע שאָטנדלעך, ווי הויקערס, נאָך יעדערן — זײַן הויקער... איסאַק מאַרקאָוויטש האָט געקוקט אויף אָט די מענטשן און געטראַכט, אַז אַלע זײַנען זיי אים פרעמד, און מיט יעדן שפּאַן, וואָס זיי מאַכן צו איינעם פון די וואַרטנדיקע לײַנערס, ווערן זיי אים אַלץ פרעמדער. און די טאָכטער, וואָס גייט דאָרט מיט זיי, — אויך... וואָס דערוואַרט אָט די מענטשן? — האָט ער געקלערט. — צי ווייסן זיי, אַז אין אָט דער גוירלדיקער מינוט זײַנען זיי געגליכן צו ביימער, אַרויסגעריסענע מיט די וואָרצלען פון זייער ערד... נאָך נעכטן האָבן זיי געהאַט אַ באָדן אונטער זיך, הײַנט האָבן זיי אים ניט... זיי קלײַבן זיך אײַנפלאַנצן אין אַן אַנדער באָדן, נאָר דאָס איז אוממעגלעך. וואָרצלען, וועלכע מע האָט איינמאָל אַרויסגעריסן פון דער ערד, ווערן פאַרדאַרט, פאַרטריקנט, מער קאָן מען זיי אין ערגעץ ניט אײַנפלאַנצן. פאַרפאַלן! קורײַ... צו בינטלעך קורײַ אין סטעפּישן פעלד זײַנען געגליכן אָט די מענטשן, וואָס גייען איצט איבערן פלי־פעלד, — קורײַ, וואָס קאָן זיך אין ערגעץ ניט פאַרהאַלטן, ווײַל דער ווינט יאָגט אים פון איין אָרט אויפן אַנדערן לויט זײַן ווילדן באַראָט... אויף רוסיש איז פאַראַן פאַר דעם אַ טרעפלעכער נאָמען: „פּערעקאַטיפּאָליע”...
מיט אַ שווערן געמיט האָט ער געטראַכט וועגן דעם אַלץ, קוקנדיק אויף די מענטשן, וואָס האָבן אַלץ מער זיך דערווײַטערט פון אים איבערן פלי־פעלד. אַ פּאָר יונגעלײַט, — מיט לײַכטע רענצלעך אין די הענט זײַנען זיי געגאַנגען הינטער רימען, — האָבן עטוואָס

אָפּגעטראָטן אין א זײַט, און מיטאמאָל האָט ער באנאנד מיט דער טאָכטער דערזען ראָמיקן. זי האָט אים געפירט באם הענטל... איסאק מארקאָוויטשן האָט פארקלעמט באם הארצן... מיט זײַנע קליינע פיסעלעך האָט ער געשפאנט, ראָמיק, צוזאמען מיט זיי, מיט די דערוואקסענע... וווהין? דעם זיידן האָט מיטאמאָל זיך פארוואָלט אריבערשפּרינגען די פארצאמונג, אָניאָגן די אוועקגייענדיקע, ארויסרײַסן בא זיי דאָס אייניקל. איר פאָרט? — פאָרט! אָבער וואָס האָט איר צום קינד? וואָס פאר א גורל גרייט איר פאר אים דאָרט, אין דער פרעמד?.. ער ווייסט דאָך נאָך פון גאָרניט... און ער שפּאנט אויך מיט זײַנע קליינע פיסעלעך, ראָמיק, שפּאנט...

די טאָכטער און דאָס קינד האָט מען ווידער פארשטעלט פון זײַן בליק. זיי זײַנען שוין געווען ווײַט — אַן אויסגעמיש פון מענטשן און קורצע שאָטנס, ווי הויקערס, אפן זוניק־צעגליטן פלי־פעלד...

גוט, — האָט איסאק מארקאָוויטש א טראכט געטאָן, — וואָס בעלע האָט צו דעם ניט דערלעבט...

ער האָט צוגעטראָגן דאָס טיכל צו די אויגן, געשטאנען נאָך א ווײַלע און איז אוועק פונעם אעראָדראָם.

## 7

ס'איז שוין געווען שפּעט. דער הייסער זומערדיקער טאָג, ווי לאנג ער האָט זיך ניט געצויגן, האָט זיך פארענדיקט, איז ארײַנגעשוווּמען אין א קילן אָוונט. איסאק מארקאָוויטש איז נאָך אלץ געזעסן בא זײַן טיש, ווו די אופּראמערן האָט אים געלאָזט, מיט א שטארן בליק, געווענדט צו דער אנטקעגנדיקער וואנט. די סמעטע איז געלעגן ניט גערירט, דער אש־בעכער — פול מיט דערייכערטע ביזן שפּענט און ניט־דערייכערטע סיגארעטן. בייס דער ארבעט גייט מען ארויס רייכערן אין קאָרידאָר, איצט, איינער אליין, האָט איסאק מארקאָוויטש גערייכערט בא זײַן טיש און האָט זיך אליין פארכידעשט, דערזען מיטאמאָל אזא פולן אש־בעכער...

די מיטארבעטער האָבן הײַנט היפּש געהאט וואָס צו וווּנדערן זיך אף אים. ערשטנס, וואָס ער האָט פארשפּעטיקט. אזוינס איז מיט אים נאָך קיינמאָל ניט געשען. זיי ווייסן ניט, אז אהיימקומענדיק נעכטן פון אעראָדראָם, האָט ער זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען, אז די גאנצע נאכט האָט ער ניט צוגעמאכט מיט קיין אויג, און ערשט פארטאָג קוים אײַנגעזונקען אין א שווערן שלאָף... זיך אופגעכאפּט, איז שוין געווען נאָך אכט... און נאָך: אלעמאָל דערציילט ער זיי עפּעס וויכטיקס פון די וועלט־נײַס, וואָס ער הערט פארטאָג דורך ראַדיאָ. הײַנט איז ער די ראַדיאָ פארשלאָפן און האָט זיי גאָרניט דערציילט. כאָטש גראָד הײַנט וואָלט ער זיי געקאָנט דערציילן מער, ווי ווען־ניט־איז... עמעס, דאָס, וואָס ער וואָלט זיי הײַנט געקאָנט דערציילן, איז ניט קיין וועלט־נײַס, נאָר א נײַס, וואָס האָט א שײַכעס בלויז פערזענלעך צו אים. יעדע נײַס אין דער וועלט רופט זיך פרײַער אָדער שפּעטער אָפּ אין עמעצנס פערזענלעכן לעבן. הײַנט האָט זיך עס אָפּגערופן אין זײַנעם...

נאָך און נאָכאמאָל האָט ער פאר די שאָען, וואָס ער זיצט דאָ, ארומגעקלערט דאָס געשעענע און אלץ ניט געקאָנט קומען צו־זיך. שוין געמיינט — אויס, אלע אומגליקן — און געווען זײַנען זיי ניט ווייניק — אין אָוואר. גענוג! איז ניין, דערלאנגט דאָס לעבן דיר אומגעריכט א נײַעם קלאפּ, און מע ווייסט גאָרניט, פונוואנען ער איז געקומען... אמאָל האָט ער באדויערט, וואָס בעלע האָט ניט דערלעבט צו אן אייניקל. נאָר נעכטן, ווען ער האָט געזען, ווי מע האָט דאָס אייניקל געפירט איבערן פלי־פעלד, איז ער מעקאַנע געווען בעלען, וואָס זי האָט דערצו ניט דערלעבט...

די מיטארבעטער האָבן, פארשטייט זיך, באמערקט, אז מיט אים איז עפּעס געשען, גערואָרט, ער זאָל דערציילן. נאָר ער האָט געשוויגן, זיך געמאכט, ווי ס'איז גאָרניט געשען. און וועמען פון זיי קאָן ער גאָר וועגן דעם דערציילן? מאקאר מיכײַלאָוויטשן? ער ארבעט שוין מיט אים ניט איין יאָר, נאָר וואָס בא יענעם אין שארבן, אונטערן גלאנציקן פליך טוט זיך, איז אים אדהײַעם ניט באוווסט. מיראָנקינען? יענער דארף נאָר אופכאפּן א נײַס, וועט ער באלד אלעמען צעטראסקען און דערבײַ נאָך צוגעבן: „איך האָב אָבער געזאָגט, אז אזוי וועט זײַן!”.. ריטען? א קינד נאָך, זי וואָלט געקאָנט זײַן בא אים א פערטע טאָכטער. די ווילע, פריילעכע ריטע... א פארברעכן וואָלט זײַן צעבויטען איר דאָס ליכטיקע געמיט... מאריַע לעאָנטיעווונען? מיט וואָס פאר א ווירדע האָט זי איבערגעטראָגן און טראָגט איבער אירע אייגענע צאָרעס! דער מאן האָט זיך ניט צוריקגעקערט פון דער מילכאָמע. דעם איינציקן זון האָט זי דערצויגן אליין, געגעבן אים בילדונג, ער האָט כאסענע געהאט, זי

האָט שוין א היפש אייניקל. נאָר עפּעס הויזט זי ניט מיט דער שנור. אליין באַקלאָגט זי זיך דערויף קיינמאָל ניט, ס'איז באַוווּסט פון א זײַט. פאַר איר וואָלט ער, מעגלעך, אויסגעגאָסן זײַן ביטער האַרץ... ווי גיט מען איר אָבער צו פאַרשטיין דאָס, וואָס ער קאָן נאָך אַליין ניט באַגרײַפן? און טאַקע — וויאַזוי האָט אַזוינס געקאָנט געשען? ער — פון די וויקעלעך א סאָוועטישער מענטש. א פּיאָנער געווען, א קאָמיוגיסט. פון דער שול־באַנק — אָפּן פראָנט. אין פּאַרטיי איז ער אַנגעקומען אין די שווערסטע כאַדאָשים — בא סטאַלינגראַד. די מילכאָמע פאַרענדיקט אַלס קאַפּיטאַן, מיט באַלוינונגען. נאָך דער מילכאָמע געאַרבעט א צײַט אף א זאַוואָד, דערנאָך ביז איצט — אין זאַוואָד־פאַרוואַלטונג. בא אים איז א באַשיי־דענע שטעלע — אַן עלטערער פּלאַנירער, — נאָר זײַנע פליכטן פילט ער אויס אָרנטלעך, מע שעצט אים. און אָט — זײַן בלוט און פלייש, זײַנע א לײַבלעכע טאָכטער האָט פאַרלאָזט אים, פאַרלאָזט אירע שוועסטער, פאַרלאָזט איר שטאָט און איר לאַנד און אַוועק מעיווער־לעיאַם... אַוועק, כאָטש זי האָט זיך ניט געקליבן עס טאָן, און אַוועקגעפירט מיט זיך דאָס אייניקל — זײַן העמשעך...

ווי קאָן מען דאָס אַלץ דערקלערן און וואָס וואָלט זאָגן דערויף א פּאָשעטע רוסישע פרוי? ניין, ער וועט מאַריַע לעאָנטיעוונען אויך ניט דערציילן. קיינעם קאָן ער גאָרניט דערציילן. ס'איז א ווייטעק מיט א ביזאָיען — זײַן ווייטעק און זײַן ביזאָיען.

איסאַק מאַרקאָוויטש האָט אָנגעקלונגען אהיים.

— מאַשע?

— יאָ, טאַטע. ווו ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן?

— מירע איז אויך אין דער היים?

— מיר זײַנען ביידע אין דער היים, טאַטע. ווו ביסטו? מיר האָבן זיך שוין באַאוּמרוּיִקט, ניט געוווּסט וווהין צו קלינגען.

— כ'האָב זיך פאַרהאַלטן אף דער אַרבעט. באַלד וועל איך קומען.

— גיכער קום! מיר וואַרטן.

די יינגערע טעכטער זײַנע ווייסט ער אויך ניט וואָס צו זאָגן. אים איז שווער איצט צו קוקן זיי אין די אויגן. אים דעט אויס, ווי זיי זאָלן א צווייט מאָל בלײַבן פאַריאָסעמט...

די סמעטע האָט ער באַהאַלטן אין טיש־קעסטל, דעם פולן אש־בעכער אויסגעשאָטן אין קוישל און איז אַרויסגעגאַנגען.

אין גאַס האָבן, לויכטנדיק מיט די ברייטע העלע פענצטער, געיאָגט אווטאָבוסן און טראָליבוסן. קעגנאיבער האָט געשײַנט דער אַרײַנגאַנג אין מעטראָ. ער האָט געקאָנט פאָרן מיט אַן אווטאָבוס אָדער מיט דער מעטראָ. א ווײַלע איז איסאַק מאַרקאָוויטש געשטאַנען אין פאַרלעגנהײַט, יישעווענדיק זיך מיט זיך, פאַרייכערט און האָט פּאַמעלעך צופוס אַוועק־געשפּאַנט אהיים...





## אווראָם גאָנטאַר

# פונעם בוך „נעגינע"

### דער קרײַז פון געוויסן

איך זאָג זיך ניט אָפּ
ניט פון גוטן און שלעכטן,
איך זאָג זיך ניט אָפּ
ניט פון הײַנט, ניט פון נעכטן.
פאַר דעם, וואָס באַגיין וועל איך
שפּעטער צי מאָרגן,
כ׳וועל אויך זיך צעצאָלן —
כ׳וועל גאָרניט פאַרבאָרגן.

נאָר וואָס וועט געשען,
כ׳וואָלט א באַלן זײַן וויסן,
ווו ליגט ער באַהאַלטן,
פון מאַזל דער שליסל,
ווו וועל איך געפינען,
ווו וועל איך פאַרלירן,
און וואָס פאַר א שעד
וועט מיך פירן־פאַרפירן?

דער פויגל, ער ווייסט,
אַז זײַן קרײַז איז געשלאָסן.
די היים וועט ער שטענדיק
אין האַרבסט־צײַט פאַרלאָזן
און פרילינג זיך אומקערן
וועט ער צוריק,
אַזאַ איז זײַן גורל,
זײַן אומגליק, זײַן גליק.

איך ווייס ניט, איך ווייס ניט,
איך קאָן דאָס ניט וויסן,
ווו שליסט זיך דער קרײַז
פונעם עכטן געוויסן.
נאָר זאָרגזאַם איך וועל זײַ,
די זינד מײַנע, קלײַבן,
איך זאָל קיין באַלכויווו
בא דער וועלט ניט פאַרבלײַבן.

* * *

פאַר גוטס איך וועל מיט גוטס באַצאָלן,
דערפאַר־אָ רים איך אין מײַן ליד
די רו, וואָס דרעמלט אין די טאָלן,
די וועל, וואָס לויטערט דעם געמיט;

די בערג, וואָס פירן אין די הייכן
דורך קאַלטער ווײַסקייט פון קרישטאָל,

די סטעזשקעס, וואָס אין לויף דערגרייכן
צו דעם פאַרנעפּלטן אַמאָל

ביז צו דער צוקונפט צו דער ווײַטער,
ביז צו דער אויסגעטרוימטער שוועל,
ביז צו דער וואַרעמקײַט פון שײַטער,
וואָס וועט מיר שטענדיק לײַכטן העל.

* * *

דאָס גראָז וואָלט ניט ווייך זײַן,
ווי סאַמעט, ווי זײַד,
ווען ס׳וואָלט זיך מײַן קינד
דאָ ניט שפּילן פאַרשײַט.
דער טוי וואָלט ניט פינקלען
אויף דלאָניע פון בלאַט,
ווען ס׳אויג וואָלט דערפון ניט
קיין נאַכעס געהאַט.

ווען איך וואָלט ניט דאַרפן
דעם פויגלס געזאַנג,
ווען דו וואָלסט ניט דאַרפן
דעם רויש פונעם זאַנג,
ס׳וואָלט קיינער געמיט זיך
פון פרי ביז צו פרי,
און הייליק ניט זײַן וואָלט
די הייליקע מי.

# זוך מיך

און אויב דו מיינסט,
כ'וועל ווערן בעסער,
ווערסטו אנטוישן זיך געוויס.
איך וועל ניט קליגער ווערן
און ניט גרעסער —
זאָל זײַן אזוי־אָ
ווי עס איז.

ניט זוך אין מיר קיין אנדערן —
אומזיסט די טירכע,
געפינען אָט דעם, דעם עכטן,
וואָס איך בין.
ווערסט קיין כאַראַטע האָבן,
איך בין זיכער.
דו זוך מיך, זוך מיך — ס'האָט א זין.

* * *

ווי דו שטייסט, ווי דו גייסט,
כ'וועל, מײַן לעבן, דיך נעמען,
כאָטש איך ווייס און דו ווייסט,
אז איך נעם זיך דעם גענעם.

נאָר ווײַזט אויס, ס'איז באשערט, —
איז ניטאָ וואָס צו ריידן.
ס'וועט דער גענעם, דו הערסט,
פאַר מיר זײַן א גאַניידן.

* * *

אָט דאָ האָב איך מײַן ערשטן טראָט געשטעלט,
פונדאנען האָבן טויזנט וועגן
א דאַרשטיקן געפירט מיך אין דער וועלט,
געפינען זאָל איך מײַן פארמעגן.

כ'זאָל נעמען אלץ, וואָס אופהייבן איך קען,
עס וועט מיר קיינער ניט פארבאָטן.
א וועלט כ'בין פארן לעבן אויסגעוועזן,
ווו איז דאָס סטעזשקעלע,
וואָס איך האָב אויסגעטראָטן?

* * *

דער לעצטער בליק מײַנער זאָל פאלן
אין הייך, אין הימל־טיף, אין בלוי,
אף פלאַטערדיקן גלי פון שטראַלן,
אף ציטערדיקער שײַן פון טוי.

וועט גרינגער זײַן מיר צו פארלאָזן
די ווייכקײַט פון דער הארטער ערד,
דאָס שעמעוודיקע זײַד פון גראָזן,
וואָס מײַנע ליבע־טפילעס האָט געהערט.

נאָר זאָגן וועל איך ניט קיין ווידע
פאַר אָט די מענטשלעכע און פּראָסטע זינד.
כ'וועל רויִק צומאכן די אויגן מידע,
וואָס זײַנען אָפט געווען פון ליבע בלינד.

* * *

ווען אף מײַן טראָט וואָלט קיינער ניט געוואַרט,
מיט אומגעדולד ניט קוקן אין די שויבן,
איך וואָלט אין ליבע און אין גוטסקײַט, ווי מיר דאכט,
אף אייביק אָנווערן דעם גלויבן.

א שטיינדעלע א קליינס אין וועג
וואָלט שווער געווען מיר אופצוהייבן,
נאָר בײַקומען איך וועל אין יעטווידן געשלעג,
ביז כ'וועל אין ליבע און אין גוטסקײַט גלייבן.

# קאַקטעבעל

כ'פלעג אהערצו פאָרן
קלײַבן שײנע שטײנדעלעך,
איצט, נאָך לאַנגע יאָרן, —
װאַרעמען די בײנדעלעך.

ס'האָבן נאָך די כװאַליעס
זײערס ניט פאַרענדיקט,
קושן זײ די סקאַלעס,
פונקט אַזױ װי שטענדיק.

פונקט אַזױ װי שטענדיק,
װי עס פלעגט זיך פירן —
בונטעװען זיך בלענדיק
קאָלערליי קאָלירן.

אפן כאַמעלעאָן-באַרג
זײַנען בלױ די גראָזן,
אפן כאַמעלעאָן-קאַרק —
אײַנגעטונקט אין ראָזן.

שטױן איך, װי געװײנלעך, —
כאַטש ס'איז אַלץ פאַריבער,
איז דער יאַם, די שטײנדלעך
טױזנט מאָל נאָך ליבער.

* * *

אָט איז װידער דער יאַם,
און די שטײנער,
און דו ביסט װידער באַנאַנד —
מײַן אײדעלער טרױם, מײַן רײנער
זאָל קומען צו שטאַנד.

איצט װעל איך שױן גאָרניט באַדאַרפן,
און ניט בענקען נאָך קײנעם איך װעל.
די שטײנער די האַרטע זיך שאַרפן
אין דער װײַכקײַט פון װעל.

געװיס װעט זיך שטילן דער װײטעק,
װאָס קאַיעט אין טיפקײַט שױן לאַנג.
דערפאַר איז נאָך מערער פון נײטיק,
זאָלסט זײַן דאָ באַנאַנד.

זאָלסט מורמלען דעם זינלאָזן ניגון —
פון קינדהײַט דעם רײנעם געשאַנק,
די װעל זאָל אַלײן זיך פאַרװיגן
אין איר װילדן געזאַנג.

און איך װעל פאַרזשמורען די אױגן
און קוקן אין טיפקײַט פון בלױ.
אַף אײביק די װײַל כ'װאָלט פאַרצױגן —
ס'זאָל שטענדיק שױן בלײַבן אַזױ.

* * *

שװימט דער מױלעד אַ צעגליטער —
דער געניטער סודע-היטער.
אַלץ, װאָס טוט זיך אינעם װאַלד,
אין געהײמעניש ער האַלט.
װאָס פאַרטײַעט ס'האָט דער קוסט,
איז דעם מױלעד אױך באַװוּסט.
װען זײַן שײַן עס טוט אַ שפּריץ,
שנײַדט דעם װאָלקן דורך אַ בליץ.
יעדער בערגל, יעדער שאָטן
אין אַ כײַע װערט געראָטן.
װען דער מױלעד שאַרפט זײַן מעסער,
װערט דער פּאַכעד שטאַרקער, גרעסער.
און מײַן ייִנגעלע, מײַן ברעקל,
פאַר דער כאַשכעס נעמט זיך שרעקן.
נאַרעלע, ס'װעט באַלד שױן טאָגן,
ס'װעט אַ שטראַל די נאַכט פאַריאָגן.
יעדער בלעטל אַף די צװײַגן
װעט די דלאָניע דיר באַװײַזן,
אַז זײ האָבן דאָרט באַהאַלטן
בלױז אַ טראָפּן טױ אַ קאַלטן,
װי אַ זױבער-רײנער פּערל
אַף צו אָנפּאָיען אַ שפּערל.

## עפל

די גלאַנצנדיקע הויט
מיט רויטע שטריפֿן,
די ווייכע רונדיקײַט
פֿון זון געשליפֿן,

די שווערע ווײַניקײַט
די צווײַגן בויגן,
מיט גאָלד זײַ שימערן
אין מײַנע אויגן.

אין גראָז א שיקערער
עס פֿאַלט אן עפּל,
אן אויסגעוואַשענער
אין אָסיען־נעפּל.

מיט טויזנט טאַמען
עס שמעקט דער דרויסן,
מיט טויזנט רײַכעס
די פֿולע קוישן.

די הענט פֿאַרבראַנזעט שוין
פֿון זון און ווינטן,
פֿון טײַנער זאַטע שוין —
פֿון לוין פֿאַרדינטן.

## א באָכער א ברען

איך ווייס ניט פּאַרוואָס
און איך ווייס ניט פּאַרווען,
עס רופֿן מיך אלע
א באָכער א ברען.

עס קלאָגט זיך די מאַמע:
— ערשט הײַנטיקע וואָך
געקויפֿט אים די שיכלעך,
און שוין מיט א לאָך.

און ס'העלפֿט איר די באָבע:
— א שפּאָגל־נײַ העמד
און פֿונקט, ווי אין פֿײַער
פֿאַרסאַרפּעט, פֿאַרברענט!

דער טאַטע פֿאַרצווייפֿלט
צעפֿירט מיט די הענט:
— וואָס איז דער כידעש,
אַז אַלץ אויף אים ברענט!

נאָר איינער — דער זיידע —
די באָרד האָט צעקעמט
און רויִק געמאָלדן:
— כ'האָב ליב, אַז עס ברענט!

* * *

כ'וועל עפּשער גאָר קיין שפּור ניט לאָזן,
ווי ס'לאָזט אין יאַם קיין שפּור די שיף,
צי ווי דאָס וואָלקנדל דאָס ראָזע
אין הימל־טיף.

נאָר אויב ס'וועט עמעץ פֿאַרגעדענקען
א ליד מײַנע, צי בלויז א גראַם,
וועט ער די אייביקײַט מיר שענקען
און ניט פֿאַרשטיין עס מינאַסטאַם.



## פּובליציסטיק


טאמאר גאָזשאַנסקע

(ייִסראָעל)


# סאָקאָנע פון פאַשיזם אין ייִסראָעל: די אולטראַ־רעכטע שטרעמונגען אין דער מעדינע

די געזעלשאַפטלעך־עקאָנאָמישע אנטוויקלונג אין ייִסראָעל פאר די לעצטע יאָרן (נאָך דער יון־מילכאָמע פון 1967) קומט פאָר אין באַדינגונגען, ווען עס ווערט אַלץ שטארקער די גרויסבורזשואַזיע, וועלכע האָט אָנגעזשעברעוועט קאָלאָסאַלע אויצרעס פון דער מיליטאַריזירונג פון דער עקאָנאָמיק און פונעם עקאָנאָמישן אופשטייַג. אייַנער פון די בולטע סימאָנים פון אַזאַ פאַרשטארקונג איז — דער וווּקס פון דער קאָנצענטראַציע פון דער פּראָדוקציע.

לויט די אָנגאַבן פון דער צענטראַלער סטאַטיסטישער ביוראָ פון ייִסראָעל זייַנען אין 1965 געווען באַשעפטיקט אין די אונטערנעמונגען, ווו עס אַרבעטן צו 300 און מער מענטשן, אַרום 20 פּראָצ. פון דער גאַנצער צאָל אַרבעטנדיקע אין דער געגעבענער צווייַג, אין 1972 — אַרום 35 פּראָצ.

אין רעזולטאַט פון דער קאָנצענטראַציע פונעם קאַפּיטאַל הערשן הייַנט אין דער ייִסראָעל־ווירטשאַפט עטלעכע פינאַנץ־גרופּעס, וועלכע זייַנען ענג פאַרבונדן מיטן אויסלענדישן קאַפּיטאַל און מיטן מעלוכע־סעקטאָר. די דאָזיקע גרופּעס — צווישן זיי די גרופּע „באַנקאַ לעומי" (נאַציאָנאַלער באַנק), די גרופּע פונעם באַנק „דיסקאָנט", די גרופּע „קלאַל" — האַלטן אין זייערע הענט די צענטראַלע פּאָזיציעס אין דער אינדוסטריע, אין די פינאַנצן, אינעם אינערן־ און אויסערן־האַנדל.

די קאָנצענטראַציע פון דער פּראָדוקציע און פונעם קאַפּיטאַל, די וואַקסנדיקע קראַפט פון דער פינאַנץ־בורזשואַזיע — דאָס איז דער געזעלשאַפטלעך־עקאָנאָמישער באַזיס, אויף וועלכן עס נעמען זיך אָן מיט קראַפט די רעאַקציאָנערע טענדענצן אין דער ייִסראָעל־געזעלשאַפט און אין דער ייִסראָעל־פּאָליטיק. די פינאַנץ־בורזשואַזיע איז פאַרינטערעסירט דערין, אַז די אַראַבישע טעריטאָריעס, וועלכע זייַנען אָקופּירט געוואָרן אין יוני 1967, זאָלן פאַרבלייַבן אונטער דער אָקופּאַציע אויך אויף ווייַטער, זי איז פאַרינטערעסירט אין פאַרזעצן די פּאָליטיק פון קריעך, אין האַמעוון די דעמאָקראַטישע פרייַהייַטן, עס זאָל פאַלן אַלץ נידעריקער דער לעבנס־ניוואָ פונעם האַרעפּאַשנעם פאָלק, עס זאָלן אייַנגעפירט ווערן אַלץ גרעסערע באַגרענעצונגען פאַר דעם קאַמף פונעם אַרבעטער־קלאַס, עס זאָל אַלץ ברייטער געפירט ווערן די אַנטיסאָוועטישע און אַנטיקאָמוניסטישע קאַמפּאַניע.

וואָס שייַעך דעם אַרבעטער־קלאַס פון ייִסראָעל, זייַנען אין אים די לעצטע יאָרן פאָרגעקומען ענדערונגען אין העסקעם מיט די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען. אָביעקטיוו האָט די קאָנצענטראַציע פון דער פּראָדוקציע געשאַפן גינסטיקערע באַדינגונגען אויף צו פירן דעם פּראָפאַריינישן קאַמף און האָט געבראַכט דערצו, אַז די ניט געהערטע אין דער פאַרגאַנגענהייַט קלאַסן־ווידערשפּרוכן זייַנען געוואָרן נאָך שאַרפער. אין דער זעלבער צייַט אָבער פאַרמאָגט ייִסראָעל אַן אַרבעטער־אַריסטאָקראַטיע און אַן אַרבעטער־ביוראָקראַטיע, עס הערשן דאָ קליינבירגערלעכע שטימונגען, וועלכע זייַנען פאַרשפּרייט צווישן די ברייטע שיכטן אַרבעטער, דאָ איז אייַנגעוואָרצלט דער שאָוויניסטישער צוגאַנג, עס פעלט דאָ ניט אויס קיין „ביליקע אַרבעטס־קראַפט" (געמיינט די מי פון די אַראַבישע אַרבעטער אויף די אָקופּירטע טעריטאָריעס און אין ייִסראָעל גופא), עס האָט אַ שטאַרקע ווירקונג דער קאָהאָל־צוגאַנג און דער אייַנפלוס פון דער ציִעניסטישער אידעאָלאָגיע אינעם נוסעך פון דער רעכטער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

די קליינבורזשואַזיע בילדעט אויך איצט אַ היפּשן שיכט אין ייִסראָעל, ניט געקוקט דערויף, וואָס די קאָנצענטראַציע פונעם קאַפּיטאַל ווערט אַלץ שטאַרקער. אין 1973 זייַנען אין דער מעדינע געווען בערעך 150 טויזנט קליינע אונטערנעמער — האַנטווערקער און קאָאָפּעראַטיוו־

מיטגלידער, בעערעך 7 פּראָצענט פון דער גאַנצער צאָל באַשעפטיקטע. זייער נייגונג צו עקסטרעמיסטישע האַנדלונגען, די ייִעש־שטימונגען שטאַמען פון עקאָנאָמישער און אָרגאַניזאַציאָנעלער צעשפּליטערטקײַט, פון דעם דרוק פון דער גרויסבורזשואַזיע. די קליינע באַלעבעסלעך פאַלן לײַכטער אַרונטער אונטער דער סאָציאַלער און פּאָליטישער דעמאַגאָגיע פון די עקסטרעם־רעכטע.

דער צווייטער געזעלשאַפטלעכער שיכט, וואָס זײַנע פאַרשטייער ווערן קאָרבאָנעס פון דער פּראָפּאַגאַנדע פון די אולטראַ־רעכטע, איז די יוגנט, וואָס לעבט איבער אַ דעפּרעסיע־צושטאַנד איבער די עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען, וועלכע געפינען ניט קיין לייזונג; די יוגנט פאַרמאָגט ניט קיין דערפאַרונג פון סאָציאַלן קאַמף. אַ טייל פון דער יוגנט זײַנען די אָרדינאַרע מיליטער־לײַט, וואָס באַם דעמאָביליזירן זיך פון דער אַרמיי געפינען זיי ניט קיין אָרט אין דער געזעלשאַפט און דאָס פאַרביטערט זייער לעבן. אַ היפּשע צאָל פון אָט די יוגנטלעכע האָבן בעשײַטע אַנטיילגענומען אין די פּראָטעסט־באַוועגונגען נאָך דער יאָמקיפּער־מילכאָמע אין 1973.

צום געזאָגטן דאַרף מען צוגעבן, אַז דער אײַנפלוס פון די עקסטרעם־רעכטע טענדענצן ווערט פאַרשטאַרקט איבער דעם אימפּעריאַליסטישן פּאָליטישן קורס פון די רעגירנדיקע קרײַזן פון ייִסראָעל, איבער דעם, וואָס עס ווערט פאַרגעזעצט דער מילכאָמע־צושטאַנד און עס ווערט אַלץ טיפער דער געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער קריזיס.

די אולטראַ־רעכטע קאָנצעפּציעס אין ייִסראָעל ציִען זייער יעניקע אין אַ היפּשער מאָס פון דער ציִעניסטישער גרונט־אידעאָלאָגיע, פון די טעזיסן, אַז עס איז פאַראַן אַן עקסטעריטאָריעלע ייִדישע וועלט־נאַציע, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז אייביק, אַז די טעריטאָריעלע קאָנצענטראַציע אין ייִסראָעל איז די איינציקע לייזונג פון דער ייִדן־פראַגע און אַז די באַגריפן ייִדן און ייִסרעיילים זײַנען איינע און די זעלבע. די דאָזיקע און אַנדערע ציִעניסטישע קאָנצעפּציעס זײַנען צוגעפּראַוועט געוואָרן מיט עקסטרעם־רעכטע אידייען, אַפילו מיט פאַשיסטישע.

### 1. ד ע ר ר אַ ס י ס ט י ש ע ר צ ו ג אַ נ ג

די ציִעניסטישע טעאָרעטיקער, וועלכע האָבן געפּרוווט געפינען אַ דעפיניציע פאַרן באַגריף „ייִדישע וועלט־נאַציע", האָבן געשטעלט דעם טראָפּ אויף פאַרשיידענע סימאָנים. זיי האָבן אָנגעוויזן, אַז עס איז פאַראַן אַן „אַלגעמיינער סווינע" (ט. הערצל), עס עקזיסטירט אַן „איינציקע אין איר אַרט היסטאָרישע געמיינזאַמקײַט" (נ. גאָלדמאַן) אָדער אַ „געמיינזאַמע זאָרג וועגן ציִען" (י. נאַיסנער). דאָס אַלץ האָט באַדאַרפט דערווײַזן, אַז עס איז פאַראַן אַ ייִדישע וועלט־נאַציע.

די עקסטרעם־רעכטע שיטע אינעם ציִוניזם האָט אַרײַנגעבראַכט אין אָט דער פראַגע אַ ראַסיסטישן צוגאַנג. זעייוו זשאַבאָטינסקי (1880—1940), וועלכער ווערט גערעכנט פאַר איינעם פון די אָוועס פון דער עקסטרעם־רעכטער שיטע, איז שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דער אינטעגראַציע פון די ייִדן צווישן די פעלקער פון די לענדער, ווו זיי לעבן, און אַפילו קעגן געבן די ייִדן פולע בירגער־רעכט, ווײַל — אַזאַ טראַט וועט פאַרשטאַרקן די אַסימיליאַציע דורך געמישטע כאַסענעס צווישן ייִדן און ניט־ייִדן. ז. זשאַבאָטינסקי האָט געשריבן אין זײַן אַרטיקל „אַ בריוו וועגן אויטאָנאָמיזם":

„דאָס וועט ברענגען צו דער פולער אַסימיליאַציע פון דער ראַסע צווישן דער פרעמדער מערהײַט. און אַף וויפל דער זעלבשטענדיקער נאַציִאָנאַלער גײַסטיקער כאַראַקטער קאָן עקזיסטירן בלויז אין באַדינגונגען, ווען עס ווערט פאַרהיט דער פיזישער ראַסן־טיפּ, וועט מיטן גאַנג פון דער פיזישער אַסימיליאַציע פון די ייִדן צווישן דער ניט־ייִדישער מערהײַט פאַרשווינדן אויך דער זעלבשטענדיקער ייִדישער כאַראַקטער אַלס ספּעציפישער נאַציִאָנאַל־קולטורעלער מאַסיוו".

און ווײַטער דערגייט זשאַבאָטינסקי דערצו, אַז ער נוצט אויס דעם פאַשיסטיש־נאַציסטישן באַגריף „ריינקײַט פון דער ראַסע". ער שרײַבט: „אײַנהייטן די נאַציִאָנאַלע זעלבשטענדיקײַט איז מעגלעך בלויז אין די באַדינגונגען פון פאַרהיטן די ריינקײַט פון דער ראַסע, דעריבער איז אונדז נייטיק אַן אייגענע טעריטאָריע, ווו אונדזער פאָלק וועט בילדן די איבערוועגנדיקע מערהײַט". (מײַן קורסיוו. — ט. ג.).

דער אולטראַ־רעכטער צוגאַנג, וואָס איז באַזירט אַף די באַגריפן „ראַסע" און „בלוט", קומט צום אויסדרוק אין די באַהויפּטונגען וועגן דעם פאַרצוג פונעם ייִדישן פאָלק און וועגן דעם, אַז דאָס ייִדישע פאָלק שאַפט די וועלט־געשיכטע. אונטערפירנדיק אַ סאַכאַקל פון די אַנדערהאַלבן יאָר, וועלכע זײַנען פאַרלאָפן נאָך דער יאָמקיפּער־מילכאָמע פון 1973, האָט איינער פון די טרעגער פון די עקסטרעם־רעכטע קאָנצעפּציעס אין ייִסראָעל יאָסעף דאַן געשריבן: „אין 1974... האָט דאָס פאָלק פון ייִסראָעל זיך געפונען אין צענטער פון דער וועלט־געשיכטע". די יאָמקיפּער־מילכאָמע איז „געוואָרן די צענטראַלע און עפּשער די אַנטשיידנדיקע דערשײַנונג אין דער גאַנצער וועלט־געשיכטע". י. דאַנען האָט אַפילו ניט געקימערט דער לאָגישער ווידערשפּרוך: אויב די יאָמקיפּער־מילכאָמע פון 1973 איז בעעמעס געווען אַ „צענטראַלע דערשײַנונג אין דער וועלט־געשיכטע", דערווײַזט עס דאָך, אַז גראָד די אַראַבישע פעלקער, וואָס האָבן אָנגעהויבן די מילכאָמע, קעדיי באַפרײַען די טעריטאָריעס, וועלכע ייִסראָעל האָט אָקופּירט אין 1967, זײַנען, לויט זײַן מיסטישער קוואַליפיקאַציע, געוואָרן „איינער פון די פאַקטאָרן, וועלכע באַשטימען דעם גוירל פון דער מענטשהײַט".

## 2. דער קאַטאַסטראָפאַלער צוגאַנג

די אולטראַ־רעכטע שיטע שטעלט באַזונדערס דעם טראָפּ אַפן ציִעניסטישן טעזיס, וועלכן עס האָט בעשײַטע אַרויסגערוקט ט. הערצל און וועלכער באַהויפּט, אַז די סינע צו ייִדן איז אַ נאַטירלעכער און אומפאַרמײַדלעכער יעסאָד פון יעטווידער געזעלשאַפט, פון יעדן פאָלק. נאָר אויך אין אָט דעם צוגאַנג זײַנען די אולטראַ־רעכטע דערגאַנגען ביז עקסטרעמיסטישע אויספירן.

ז. זשאַבאָטינסקי האָט אין זײַן אַרויסטרעטונג אַף דער קיניגלעכער קאָמיסיע (די פּיל־קאָמיסיע. לאָנדאָן, 1937) געזאָגט, אַז די סיבע פון די ייִדישע ליידן באַשטייט ניט אַזוי אינעם אַנטיסעמיטיזם מיצאַד מענטשן, וועלכע געהערן צו אַנדערע פעלקער, ווי אינעם „אַנטיסעמיטיזם פון די זאַכן, אין דער אינערלעכער סינע צו פרעמדע, אַ סינע, וועלכע עס פילט יעדער געזעלשאַפטלעכער אָדער עקאָנאָמישער אָרגאַניזם, און דערפון לײַדן מיר". און אַף וויפל אָט די סיבע, ווי זשאַבאָטינסקי האָט געהאַלטן, קאָן ניט אויסגעהיילט ווערן, לעבן די ייִדן איבער אַ „שטענדיקע און נאָכאַנאַנדיקע ערדציטערניש".

אין העסקעם מיט אַזאַ צוגאַנג איז דער עצעם פאַקט, וואָס ייִדן לעבן צווישן אַנדערע פעלקער, די סיבע פון אומגליקן, וועלכע טרעפן די ייִדן, די סיבע פון דעם, וואָס ווערט גערופן מיטן נאָמען „קאַטאַסטראָפעס".

און צו וואָס פירט אַזאַ צוגאַנג?

לויט דער מיינונג פון יאָסעף דאַן, וועלכע ער האָט אַרויסגעזאָגט, אַשטייגער, אינעם דערמאָנטן אַרטיקל, זײַנען די אָשוועַנטשימער אויוונס ניט איינע פון די שרעקלעכע דערשײַנונגען פונעם כײַישן נאַציסטישן רעזשים, נאָר אַ רעזולטאַט פון דער „פּאַסיווקײַט פונעם ייִדישן פאָלק", אַ רעזולטאַט פון די פּרוּוון פון די ייִדן צו נעמען אָן אָנטייל אינעם לעבן פון די לענדער, וווּ זיי האָבן געוווינט. ריידנדיק מיט די ווערטער פון יאָסעף דאַן, האָבן „די אָשוועַנטשימער אויוונס סימבאָליזירט דעמלט און זיי סימבאָליזירן איצט דעם סאָף פון פּאַסיווקײַט, דעם אומפאַרמײַדלעכן רעזולטאַט פון דעם „פרידנס־אָפּרו" באַ די טײַך־ברעגן פון דער געשיכטע".

אין אַזאַ גײַסט, אָבער נאָך קלאָרער, האָט אַרויסגעזאָגט די דאָזיקע אידיי עליִעזער ליוונע, אַ געוועזענער דעפּוטאַט פון מאַפּאַי אין קנעסעט, וועלכער איז אַריבער צו די עקסטרעם־רעכטע. ריידנדיק וועגן דעם, ווי־אַזוי דער נאַציזם איז געקומען צו דער מאַכט אין דײַטשלאַנד, האַלט ליוונע, אַז צוגלײַך מיט די היסטאָרישע באַדינגונגען פון דײַטשלאַנד, „טאָר מען ניט פאַרזען אויך דעם באַזונדערן טיפּ פונעם ייִדיש־דײַטשישן סימביִאָז אין XIX און אין אָנהייב XX יה., דעם פאַקטאָר פונעם וווּקס פון דער נאַציסטישער רעאַקציע" (מײַן קורסיוו. — ט. גאָזשאַנסקע). ווײַטער דערקלערט ע. ליוונע, אין וואָס עס באַשטייט דער דאָזיקער „סימביִאָז", — דערין, וואָס ייִדן האָבן אין דײַטשלאַנד זיך אויסגעטיילט אין די אינפאָרמאַציע־מיטלען און אין די קולטור־צווײַגן, און דאָס האָט געבראַכט צו אַ „קאָלאָסאַלן אינערלעכן ווידערשטאַנד פון די דײַטשן".

מיר זעען, אַז די עקסטרעם־רעכטע ציִעניסטישע שיטע, וואָס באַזירט זיך אַף אַ ראַסיסטישן, קלוימערשט פּראָ־ייִדישן צוגאַנג, דערגייט דערצו, אַז זי באַרעכטיקט דעם אַנטיסעמיטיזם און וואַרפט אַרויף די שולד פאַר אויסראָטן די ייִדן אַף די ייִדן גופע.

## 3. די עוואַקואַציע־פאָדערונג

דאָס אָפּלייקענען יעטווידע מעגלעכקײַט, אַז ייִדן זאָלן לעבן צווישן די אַנדערע פעלקער אין שאָלעם און זיכערהײַט (דערבײַ אומאָפּהענגיק פון דעם, וועלכע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג עס עקזיסטירט אין דעם אָדער אַנדערן לאַנד), האָט געבוירן די פאָדערונג פון די אולטראַ־רעכטע, מע זאָל „ליקווידירן דעם גאָלעס", דה. מע זאָל אַלע ייִדן אַרויספירן פון די ערטער, וווּ זיי וווינען, און קאָנצענטרירן זיי אין פּאַלעסטינע. אָט די פאָדערונג, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען „עוואַקואַציע־פאָדערונג", איז געווען איינער פון די יעסוידעס פון זשאַבאָטינסקיס וועלט־אָנשויונג און פון זײַן טעטיקײַט. אַרויסטרעטנדיק אַף דער קיניגלעכער קאָמיסיע, האָט ער געמאַכט אַזאַ פאָרשלאָג מיקויעך לייזן די פּראָבלעמען וועגן דער נויט פון די ייִדן: „אַרויספירן פון גאָלעס יענע אַלע טיילן, וועלכע וועלן שוין קיין לעבן ניט קאָנען מאַכן, וועלכע האָבן ניט קיין שום האָפענונג אַף עקזיסטענץ־מיטלען, און אָט די אַלע טיילן פונעם גאָלעס צונויפנעמען אין איין אָרט, וואָס וועט שוין באַטײַטן — אויס גאָלעס..."

ווי זאָל אָבער זײַן, אויב די ייִדן אין די פאַרשיידענע לענדער נעמען ניט אָן אָט דעם עקסטרעמיסטישן צוגאַנג און זיי ווילן ניט פאַרלאָזן די ערטער, וווּ זיי לעבן? איז אינעם רעאַקציאָנערן אַרסענאַל פון דער אולטראַ־רעכטער שיטע געפונען געוואָרן אַן ענטפער אויך אַף אַזאַ צופאַל. דער ציִעניסטישער טוער אוורהאָם שאַראָן (1883—1957) האָט אַרויסגערוקט אַ פאָרשלאָג, פון וועלכן דאָס בלוט ווערט פאַרגליווערט: „איך בין זיך מודע און איך שעם זיך ניט: ווען דאָס זאָל זײַן אין מײַנע קויכעס און אַף וויפל דאָס אַנטשפּרעכט מײַן פאַרלאַנג, וואָלט איך טייקעף צונויפגענומען עטלעכע צענדליק דרייסטע יאַטן — קלוגע און ווירדיקע, וועלכע זײַנען טרײַ אונדזער גײַסטיקן ענטוזיאַזם און ברענען מיטן פאַרלאַנג צו העלפן ראַטעווען די ייִדן — און וואָלט זיי אַוועקגעשיקט אין די לענדער, וווּ מיר לעבן אין זינדיקער זאָרגלאָזיקײַט. דאָרטן וואָלטן אָט די גוטע יאַטן באַדאַרפט פאַרשטעלן זיך פאַר עמעסע גאָיִם און לויטן באַפעל פונעם אומדערבאַרעמדיקן ציִעניזם דערגיין די יאָרן די ייִדן דורך רופן זיי קעסיידער און אָן אופהער מיט די נימעסע

7*

צונעמענישן „שמוציקער ייִדן!“, „ייִדן קיין פּאַלעסטינע!“. די אימיגראַציע וואָלט גראָד דערפון געוואונען אין צען טויזנט מאָל מער, איידער פון די מיסיעס פון טויזנטער שעליכים און עמיסאַרן, וואָס זייער פרײדיקונג טרעפט פּראַקטיש אָן אַף טויבע אויערן“.

א. שאַראָן איז אַזויאַרום מוידע, אַז דער רוף צו די ייִדן, זיי זאָלן פאַרלאָזן די לענדער, ווו זיי וווינען, טרעפט אָן אַף „טויבע אויערן“. אָבער, ווי אַן „אומדערבאַרעמדיקער ציִעניסט“ קאָן ער ניט שאָלעם מאַכן דערמיט, און ער איז גרייט צו צעצינדן די אַנטיסעמיטישע לײַדנשאַפטן, שאַפן אומדערטרעגלעך שווערע באַדינגונגען פאַר די ייִדן אין די אַנדערע לענדער, אַבי נאָר עס זאָל וואַקסן די אימיגראַציע קיין פּאַלעסטינע.

## 4. דער פּרינציפּ פון אַן „איינהײַטלעכער פּאָן“

ראַסיסטישער צוגאַנג, קאַטאַסטראָפאַלער צוגאַנג און עוואַקואַציע־פּאָדערונג — דאָס אַלץ צוזאַמען ווערט בא די עקסטרעם־רעכטע פאַרוואַנדלט אין דער קאָנצעפּציע, וואָס האָט באַקומען דעם נאָמען „איינהײַטלעכע פּאָן“ און איז איינער פון די ווינקלשטיינער פון דער וועלט־אָנשויונג פון ז. זשאַבאָטינסקי און זײַנע נאָכפּאָלגער. איינער פון זשאַבאָטינסקיס כסידים, יעהוישוא יעיווין, האָט אויסגעטײַטשט דעם פּרינציפּ „איינהײַטלעכע פּאָן“ מיט פּאָלגנדיקע ווערטער:

„איינהײַטלעכע פּאָן“ באַטײַט, אַז אַלע פּאָנען ווערן צונויפגעוויקלט, ווען עס ווערט אויסגעהאַנגען די פּאָן פון דער נאַציע; דערפון איז דער אויספיר, אַז אַלע „הייליקטימער“ ווערן אָפּגעשאַפן, אויסער דאָס הייליקטום פון דער נאַציע; דאָס באַטײַט, אַז אויך אַלע הײַנטיקע הייליקטימער ווערן אָפּגעשאַפן, אַשטייגער די הייליקײַט פון אַ שטרײַק, ווי עס פאַריידיקן זי די סאָציִאַליסטן; דאָס באַטײַט, אַז יעדער אַרבעטס־קאָנפליקט ווערט רעגולירט אָן אַ שטרײַק, דורך אַן אַרביטראַזש און אַ קאָמפּראָמיס. „איינהײַטלעכע פּאָן“ באַטײַט, אַז דאָס, וואָס ברענגט צום אויפבלי פונעם פאָלק און העלפט מיט דער בויונג פון דער מעלוכע, — גראָד דאָס איז פאַר אונדז הייליק. און אויב די אינדוסטריע איז בעקויעך צו פאַרגיכערן די בויונג פון דער מעלוכע, דאַרף מען אַנטוויקלען די אינדוסטריע, פאַרגרעסערן און פאַרשטאַרקן זי, ווען דאָס איז אַפילע פאַרבונדן מיטן אָפּשוואַכן די לאַנדווירטשאַפט (וואָס איז אויך „הייליק“)“.

דער פּרינציפּ פון אַן „איינהײַטלעכער פּאָן“ איז אַזויאַרום אַ קאָנצענטרירטער אויסדרוק פונעם עקסטרעם־נאַציִאָנאַליסטישן צוגאַנג, ווען אַלע „פּאָנען“, אַלע „הייליקטימער“ ווערן ליקווידירט לעשעם דעם, וואָס טראָגט דעם נאָמען „הייליקטום פון דער נאַציע“. דער קלאַסן־טאָך פון אָט דעם אולטראַ־נאַציִאָנאַליסטישן צוגאַנג געפינט זײַן אַבסאָליוט קלאָרן אויסדרוק אינעם געבראַכטן טײַטש פון יע. יעיווין: דורך דעם „הייליקטום פון דער נאַציע“ ווערט אָפּגעשאַפן קוידעמקאָל די „הייליקײַט פון שטרײַק“, וואָס איז אַ לעבנסוויכטיקער אינסטרומענט אינעם פּראָפאַריינישן קאַמף פון די אַרבעטער. דערפון איז געדרונגען, אַז ווידעראַמאָל לעשעם דעם „הייליקטום פון דער נאַציע“ דאַרפן די לוין־אַרבעטער מאַסקים זײַן אַף אַ געצוווּנגענעם אַרביטראַזש. פון דער צווייטער זײַט, פאַרפליכטעט דער פּרינציפּ פון אַן „איינהײַטלעכער פּאָן“ צו אַנטוויקלען די אינדוסטריע — אָן שטרײַקן, מיט אַ געצוווּנגענעם אַרביטראַזש, דה. סטימולירן די אינדוסטריִעלער. די אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אַפן כעזשבן פון אָפּשוואַכן די לאַנדווירטשאַפט איז אַ פּויעל־יויצע דערפון, וואָס די לעצטע (די לאַנדווירטשאַפט) איז געוויינלעך פאַרבונדן מיט דער היסטאַדרוט, און אָט דער אומשטאַנד פאַרוואַנדלט די לאַנדווירטשאַפט, לויט יעיווינס מיינונג, אין אַ „הייליקטום, וואָס ווערט ליקווידירט“, ווען זי שטויסט זיך צונויף מיטן „הייליקטום פון דער נאַציע“.

די אויבן געבראַכטע האַנאָכעס פון די אולטראַ־רעכטע קאָנצעפּציעס שטעלן מיט זיך פאָר דעם איקער שעל קאָל האָיִקרים פון דער ציִעניסטישער וועלט־אָנשויונג. גלײַכצײַטיק ווערט דער עקסטרעם־רעכטער ציִעניסטישער צוגאַנג, ווי עס איז אָפּגעמערקט געוואָרן אין אָנהייב פון דעם דאָזיקן קאַפּיטל, צונויפגעגאָסן מיט די יעסוידעס פון דער וועלט־אָנשויונג פון די רעכטע בורזשואַזע און אַפילע פאַשיסטישע ריכטונגען אין דער וועלט. וועגן אייניקע פון די דאָזיקע אַלגעמיינע יעסוידעס וועלן מיר ריידן ווײַטער.

## 5. דער מיליטאַריסטישער צוגאַנג

די אולטראַ־רעכטע שיטע אין ייִסראָעל האָט פאַנאַנדערגעאַרבעט פאַר זיך דעם מיליטאַריסטישן צוגאַנג — דעם מיליטערישן קולט. די אָנהענגער פון דער דאָזיקער שיטע האַלטן, אַז די נייטיקײַט צו לאָזן אין גאַנג געווער ווערט אַרויסגערופן ניט דורך באַשטימטע באַדינגונגען, ניט אַלס מיטל, וואָס זײַן ציל איז צו דערגאַנצן די פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע אַקציעס, נאָר אַלס נייטיקער באַדינג, וואָס ווערט באַצייכנט מיטן נאָמען „מעלוכע־אופלעבונג“.

א סאַך שפּורן פון אָט דער קאָנצעפּציע לאָזן זיך מערקן סײַ אין דער פּראַקטיק פון די מאַכט־אָרגאַנען פון דער מעדינע, סײַ אין די אַרויסטרעטונגען פון די אָנהענגער פונעם עקסטרעם־רעכטן קורס. די שטרעבונג צו פאַרשטאַרקן די זיכערהײַט פונעם לאַנד דורך שאַפן אַ פרײַוויליקע „ציווילע שוץ“, דורך אָרגאַניזירן צווישן דער יוגנט די מיליטערישע לער, צעטיילן געווער צווישן דער ציווילער באַפעלקערונג, צווינגען די עלטערן צו נעמען אַן אָנטייל אינעם אָפּהיטן די לערן־אַנשטאַלטן, — דאָס אַלץ איז אויך גענומען פון דער אולטראַ־רעכטער קאָנ־

צעפּציע, וועלכע זאָגט, אַז שיסערײַ איז דער „וויקטיקסטער באַדינג" פאַר דער „מעלוכישער אויפלעבונג".

דעם קנעסעט־דעפּוטאַט שמועל טאַמיר, ליטדער פונעם „פרײַען צענטער", וועלכער גייט אַרײַן אינעם עקסטרעם־רעכטן בלאָק „ליקוד", איז ווייניק די עקזיסטענץ פון פרײַוויליקע ציווילע פּאַטרולן. אין איינער פון זײַנע אַרויסטרעטונגען האָט ער גערופן צו „שאַפן אַ סיסטעם פון ציווילער שוץ אין אַלמעלוכישן מאַסשטאַב, און די דאָזיקע סיסטעם זאָל פאַרייניקן אין אירע רייען אַלע בירגער אין עלטער פון 16 ביז 60 יאָר, וועלכע זײַנען ניט מאָביליזירט אין דער אַרמיי און זײַנען ניט קיין רעזערוויסטן. די סיסטעם זאָל האָבן איר אייגענע קאָמאַנדשאַפט, איר אייגענע לערן־פּראָגראַם און מאַנעוורען". אַלגעמיינע מאָביליזאַציע פון ציווילער באַפעלקערונג — אָנהייבנדיק פון ייִנגלעך אין די גימנאַזיעס און ביז באָבעס פון 50—60 יאָר, — אָט דאָס איז דער מיליטאַריסטישער רעצעפּט, וועלכן עס לייגט פאָר ש. טאַמיר אף צו לייזן די פּאָליטישע און מיליטערישע פּראָבלעמען פון ייִסראָעל. און טאַקע בעעמעס, צוליב וואָס קעמפן פאַר שאָלעם, אויב מע קאָן פּראָסט־פּאָשעט צעטיילן דאָס געווער צווישן קינדער, פרויען און אַלטע לײַט?

## 6. דער קולט פון טויט און מעסירעסנעפעש

דער מילכאָמע־קולט איז פאַרבונדן מיטן קולט פון טויט. מעסירעסנעפעש לעשעם דער „הייליקײַט פון דער נאַציע", לעשעם „רעטונג", לעשעם „נאַציאָנאַלן קיִעם" — דאָס אַלץ פאַרבלײַבט ביז הײַנט אַ טייל פון די יעסוידעס אין דער דערציִונג פון דער ייִסראָעל־יוגנט. דאָס, וואָס דער נאַטירלעכער דראַנג צו לעבן ווערט באַגלייט מיטן פאַרשפּרייטן צווישן דער יוגנט די שרעק, אַז, קלוימערשט, צס שטייט איר פאָר אַ זיכערער אומקום, — טעמפּט אָפּ די מויכעס פון דער יוגנט, שטערט צו פאַרשפּרייטן רעאַליסטישע אָנשויונגען, וועלכע זײַנען באַזירט אפן פאַרשטיין די אָביעקטיווע קויכעס־פאַרהעלטענישן אפן נאָענטן מיזרעך און אין דער וועלט ביכלאַל.

אָט פאַרוואָס עס ברענגען אַזויפיל שאָדן די פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַלן אין דער פּרעסע, אַזעלכע ווי דאָס אַרטיקל פונעם שרײַבער מוישע שאַמיר, וואָס פּאָדערט: „באָמבע־באַהעלטענישן אָנשטאָט פּאַלאַצן, פאַרפּעסטיקונגען אָנשטאָט קאָמפּאָרטאַבעלע האָטעלן; טיפער פאַרגראָבן די לעבנס־ווערטן אָנשטאָט אופהייבן דעם לעבנס־ניוואָ".

די טעאָריע פון מעסירעסנעפעש איז, אַזוי־אַרום, אַ טעאָריע פון ביטערן ייִעש, אַ טעאָריע וועגן דערפירן די פּאָלקסמאַסן צו דאַלעס, אַ טעאָריע פון אייביקער סינע צווישן די ייִדן און די אַראַבער אין אָט דעם לאַנד און אין אָט דעם ראַיאָן. דעריבער דאַרף מען אַזאַ טעאָריע קוואַליפיצירן אַלס „אויסגעשפּראָכן אַנטיהומאַנע, אַלס גײַסטיקן סאַם.

## 7. אין עגאָיִסטישע נאַציאָנאַלע מאָראַל

די אולטראַ־רעכטע טעאָריעס, דערונטער אויך די פּאַשיסטישע, האָבן אַנטוויקלט אַן עגאָיִסטישן צוגאַנג צו דער מאָראַל. אָט דער צוגאַנג לערנט, אַז מאָראַליש איז דאָס, וואָס איז נוצלעך פאַר דער געגעבענער באַוועגונג אָדער פאַרן געגעבענעם מענטשן. די רעדלפירער פון דער אולטראַ־רעכטער שיטע אין ייִסראָעל האָבן אויך אויסגעאַרבעט זייערע אייגענע מאָראַליש־עגאָיִסטישע קריטעריען.

אין איינעם פון זײַנע פריִיִקע אַרטיקלען האָט זשאַבאָטינסקי געשריבן:

„און אויב דער ציִעניזם איז מאָראַליש, ד.ה. יוישערדיק, דאַרף ער דעם דאָזיקן יוישער פאַרווירקלעכן, ניט רעכענענדיק זיך מיט דעם, צי איז דער אָדער יענער מאַסקים אָדער ניט מאַסקים. און אויב A, B אָדער C וועלן מיט דער הילף פון קויעך שטערן צו פאַרווירקלעכן דעם יוישער, ווײַל זיי האַלטן, אַז אַזאַ פאַרווירקלעכונג איז פאַר זיי ניט באַקוועם, דאַרף מען זיי שטערן דערין, ווידער טאַקע מיט דער הילף פון קויעך, אַזאַ איז די טעאָריע פון מאָראַל, קיין שום אַנדער מאָראַל איז ניטאָ" (מײַן קורסיוו. — ט. ג.)

מיר זעען אַזוי־אַרום, אַז די מאָראַל פונעם ציִעניזם ווערט דעפינירט ווילקירלעך, אַזוי ווי עס האָט באַשלאָסן ז. זשאַבאָטינסקי. ער, זשאַבאָטינסקי, האַלט, אַז דער ציִעניזם איז מאָראַליש, בעמיילע — יוישערדיק. דאָס ברענגט אים צו אַזאַ אויספיר: פּרווון פאַרווירקלעכן דעם ציִעניזם מיט דער הילף פון קויעך, דערונטער דורך אָנטאָן עמעצן שאָדן. דאָס איז ניט פּאָשעט אַ מאָראַלישער אַקט, — „דאָס איז די טעאָריע (ציִעניסטישע) פון מאָראַל".

און אויב זשאַבאָטינסקי פאַרבינדט אין איין גאַנצעס ציִעניזם און מאָראַל, קומט זײַן שילער געולע קאָהען (אַ דעפּוטאַט פון קנעסעט, פאַרשטייער פון דער פּאַרטיי „ליקוד") און זאָגט, אַז שוין דער פאַקט, וואָס אַ ייִד געהערט צום ייִדישן פּאָלק, מאַכט אים פאַר אַ מאָראַלישן מענטשן, אײַנגאַנצן אומאָפּהענגיק פון זײַנע האַנדלונגען. אין איר שמועס מיט דאַראָן ראָזנבלום („הארעץ" פון 1 פעברואַל 1974) האָט ג. קאָהען געזאָגט אַזוי: „איך דאַרף זײַן מאָראַליש? הומאַניש? עס איז גענוג, אַז איך בין אַ ייִדישע טאָכטער, בין איך שוין די סאַמע מאָראַלישע פרוי אין דער וועלט"...

## 8. ווי אַזוי עס ווערט דעמאַגאָגיש אויסגענוצט דאָס דערהויבענע אין די פּאָלקס־טראַדיציעס

ג. דימיטראָוו האָט אין זײַן אַרויסטרעטונג אפן VII קאָנגרעס פון קאָמינטערן געזאָגט, אַז דער „פּאַשיזם באַגרענעצט זיך ניט מיט פאַר־

שפּרייטן אָבערגלויבנס, וועלכע האָבן זיך טיף אײַנגעוואָרצלט אין די מאסן; ער נוצט אויס די סאמע דערהויבענע געפילן פון די מאסן, זייער געפיל פון יושער, און צומאָל אפילע די רעוואָלוציאָנערע טראדיציעס... די פאשיסטן גריבלען זיך אין דער געשיכטע פון יעדן פאָלק, קעדיי ארויסשטעלן זיך ווי די יאָרשים און פאָרזעצער פון אלץ, וואָס איז דערהויבן און ווירדיק אין זײַן פארגאנגענהײַט”.

די אולטרא־רעכטע אין ייִסראָעל זײַנען אויך טרײַ דעם דאָזיקן דעמאגאָגישן קורס. דער עקסטרעם־רעכטער ציִעניזם ווערט ארויסגעשטעלט אלס דער פאָרזעצער פון דער ווונדערלעכער פארגאנגענהײַט — פונעם קאמף פאר באפרײַען דאָס לאנד פון אונטערן יאָך פון די רוימער אינעם צווייטן יאָרהונדערט פון אונדזער צײַטרעכענונג. עס ווערט געמאכט א פּרוּוו צו שטעלן אף איין ברעט די אולטרא־רעכטע שיטע מיט די העראָישע קעמפער אין דער געשיכטע פון די ייִדן.

עס איז ניט צופעליק אויך דאָס, וואָס דער אולטרא־רעכטער יוגנט־באוועגונג האָט מען געגעבן אזא נאָמען, וואָס אנטשפּרעכט דעם נאָמען פון דער פעסטונג אין די צײַטן פון באר־קאָכבא, וועלכע איז געפאלן די לעצטע בייס דעם אופשטאנד קעגן די רוימער, — בייטאר.

## 9. סאָציִאלע דעמאגאָגיע

דער עקסטרעם־רעכטער פליגל פונעם ציִעניזם נעמט ארײַן אין זײַן ארסענאל אויך די סאָציִאלע דעמאגאָגיע, וואָס איר ציל איז צו מאָלן אים אלס אויסדריקער פון די עמעסע אינטערעסן פון די ארבעטער און פון אנדערע פאָלקס־שיכטן.

ארויסטרעטנדיק אין די אָרגאנען פון היסטאדרוט אָדער פאר די ארבעטנדיקע, גיבן זיך אָן די פאָרשטייער פון דער עקסטרעם־רעכטער שיטע אלס די ריטערס פונעם געזעלשאפטלעכן פּראָטעסט קעגן עקספּלואטאציע און דיסקרימינאציע, קעגן דאלעס און אמעראצעס. זיי ריידן זייער שיין וועגן דער שווערער לאגע אין די קווארטאלן, וווּ עס וווינט די אָרעמשאפט, זיי פּראָטעסטירן קעגן דעם וווּקס פון די פּרײַזן און קעגן אראָפּזעצן דעם לעבנס־ניוואָ.

פארוואָס זײַנען די דאָזיקע ארויסטרעטונגען דעמאגאָגישע? ערשטנס, ווײַל די אולטרא־רעכטע שיטע טרעט ארויס פאר אײַנהיטן אף ווײַטער די עקזיסטענץ פון דער קאפּיטאליסטישער אָרדענונג, קעגן דעם, מע זאָל איבערגעבן די מאכט אין די הענט פונעם ארבעטער־קלאס. ז. זשאבאָטינסקי, וואָס האָט גערעדט וועגן דעם אָרעמען מענטשן און „זײַנע קלאסן־אינטערעסן”, איז ארויסגעטראָטן פאר אײַנהיטן אף אייביק די קאפּיטאליסטישע אָרדענונג, ער האָט געמאָלט די דאָזיקע אָרדענונג אלס אזא, וואָס איז פייִק צו פארווירקלעכן אין לעבן די געזעלשאפטלעכע אידעאלן.

צווייטנס, ווײַל די עקסטרעם־רעכטע טרעטן קאָנסעקווענט ארויס קעגן דעם קלאסנקאמף, וועלכן די לוין־ארבעטער פירן פאר זייערע טאָגטעגלעכע פאָדערונגען. אפן XI צוזאמענפאָר פון היסטאדרוט האָט דער פאָרשטייער פון „גאכאל” דאוויד יעשי, בארירנדיק די פראגע וועגן דעם געזעלשאפטלעכן טהאָם צווישן די רײַכע און די אָרעמע, געזאָגט: „עס איז פאראן א מעלוכע און עס איז פאראן א געזעצגעבונג; עס זײַנען פאראן מיטלען אף צו פארבעסערן די לאגע פון יענע, וועלכע לײַדן איבער דער עקזיסטענץ פון אזא טהאָם, עס איז נאָך אָבער ניט געקומען די צײַט פאר א מילכאָמע צווישן די קלאסן”.

דריטנס, ווײַל אין דער צײַט, ווען די לוין־ארבעטער פירן א טאָגטעגלעכן קאמף, טרעטן ארויס די עקסטרעם־רעכטע קעגן זיי. די עקסטרעם־רעכטע הערן ניט אוף צו פאָדערן א צוואנג־ארביטראזש, אין קנעסעט זאָגן זיי זיך ארויס דערפאר, מע זאָל אָנעמען א געזעץ, וואָס פארגרעסערט די שטײַערן־לאסט, וועלכע עס טראָגן די ארבעטנדיקע, א געזעץ, וואָס באגרענעצט זייערע סאָציִאלע רעכט און די פרײַהײַט פונעם פראָפאריינישן קאמף.

אין דעם זעלבן כוידעש, ווען די פארטיי „ליקוד” איז ארויסגעטראָטן קעגן פארקירצן די אסיגנירונגען אף די סאָציִאלע נויטן, האָט די „ליקוד”־פראקציע אין דער קנעסעט געפאָדערט צו פארגרעסערן די קריגס־הויצאָעס אין 1975/76־טן פינאנץ־יאָר אף א סומע פון צוויי מיליארד ייִסראָעל־לירעס און אָט די מיטלען שאפן דורך פארקירצן די ביודזשעטן פון די אנדערע מיניסטעריִומס אף דער אנטשפּרעכיקער סומע. ווי קאָן מען אָבער פארגרעסערן די קריגס־הויצאָעס, פארקירצן די ביודזשעטן פון אנדערע מיניסטעריִומס — און אין דער זעלבער צײַט פארגרעסערן די הילף פאר די נויטבאדערפטיקע באפעלקערונגס־שיכטן? שוין אין דעם איז צו זען, וואָס פאר א ווערט עס האָט די דעמאגאָגיע פון די אולטרא־רעכטע.

## 10. קעגן סאָציִאליזם, קעגן דעם סאָוועטנפארבאנד, קעגן די לינקע קרעפטן ביכלאל

די עקסטרעם־רעכטע פירן א קעסיידערדיקן אָנגריף קעגן סאָציִאליזם, קעגן דעם סאָוועטנפארבאנד, קעגן די לינקע קרעפטן ביכלאל.

די פרעסע־אויסגאבעס פון די עקסטרעם־רעכטע אין ייִסראָעל גיסן עמערס שמוץ אפן סאָוועטנפארבאנד, זיי שפּרייטן רעכילעס מיט אזא פארביסנקײַט, אז עס האָט קיין שום זין ניט צו דיסקוטירן מיט זיי. קעדיי באווײַזן אָט דעם עקסטרעמיסטיש־אנטיסאָוועטישן קורס, וועלן מיר זיך באנוגענען מיט די ווערטער פון מוישע שאמיר אין איינעם פון זײַנע פּראָגראם־ארטיקלען: „דאָס באוווסטזײַן, אז רוסלאנד, אזא, ווי עס איז הײַנט, איז א סוינע פון מײַן פאָלק, א סוינע פון מײַן לאנד און א סוינע פון דער פרײַ־

ער וועלט, — דאָס איז דער איקער אין מײַן הײַנטיקער וועלט־אָנשויונג".

דער האס צום וויסנשאפטלעכן סאָציִאליזם, צום סאָוועטנפארבאנד גיסט זיך צונויף מיט דער סינע צו די לינקע קויכעס ביכלאל, צו יעטווי־דער שיטע אָדער פארטיי פון א לינקער ריכ־טונג.

ארויסגייענדיק פון דעם, האָבן די עקסטרעם־רעכטע קרײַזן אײַנגעשלאָסן אין ארסענאל פון זייער מאסן־אינפאָרמאציע אזעלכע עטיקעט־קעס, ווי „קאפיטוליאנטן", „פארשוועכער פון דער נאציִאָנאלער מאָראל", „אראפאטס אגענטן". זיי קלעפן צו אָט די עטיקעטקעס ניט בלויז צו קאָמוניסטן, נאָר אויך צו יעדן איינעם, ווער עס דערוועגט זיך, אשטייגער, צו אונטערהאלטן די רעכט פונעם פאלעסטינער אראבישן פאָלק אף נאציִאָנאלן קיִעם, דערוועגט זיך צו שטרײַכן אָדער ביכלאל ארויסטרעטן מיט א קריטיק קעגן דעם פאָליטישן קורס פון דער רעגירונג, שטיי־ענדיק אף די פאָזיציעס פון פארטיידיקן דעם שאָלעם און דעם סאָציִאלן יוישער.

## 11. די באציִונג צו דער בורזשואזער דעמאָקראטיע

עס איז באוווּסט, אז דאָרט, וווּ די מאכט נע־מען אין זייערע הענט די עקסטרעם־רעכטע, קומט אוף א פאשיסטישע דיקטאטור (בײַשפילן: דאָס נאציסטישע דײַטשלאנד, שפאניע, טשילי), וועלכע ליקווידירט די בורזשואזע דעמאָקרא־טישע פרײַהײַטן, צעטרײַבט די דעמאָקראטישע אָרגאניזאציעס, דערונטער דעם פארלאמענט. ווען אָבער די מאכט געפינט זיך ניט אין די הענט פון די עקסטרעם־רעכטע און זיי לוינט נאָך ניט ארויסצוטרעטן אָפן קעגן די דעמאָקרא־טישע אָרגאניזאציעס, פירן זיי זיך אין אזעלכע פאלן אוף דעמאגאָגיש.

זיי טרעטן ארויס פאר „עכטער דעמאָקרא־טיע", זיי פארורטיילן קלוֹמערשט די קאָרופ־ציע, דאָס מיסברויכן מיט דער מאכט — קורץ, זיי זוכן צו געפינען כיין אין די אויגן פון די פאָלקסמאסן.

די פאָרשטייער פון די רעכטע עקסטרעמיסטן האָבן ליב ארויסצוטרעטן „אין נאָמען פונעם פאָלק", אין נאָמען פון „נאציִאָנאלער איינהײַט". שטרעבנדיק צו פאָרמירן א רעגירונג פון „נא־ציִאָנאלער איינהײַט", אין וועלכער עס זאָל ארײַן דער עקסטרעם־רעכטער „ליקוד", האָבן די דאָזיקע קרײַזן אין ייִסראָעל גערופן „דאָס פאָלק", עס זאָל ארויסטרעטן פאר אזא איינהײַט.

פון דער צווייטער זײַט, זאָגן זיי זיך אָפן ארויס פאר באגרענעצן די דעמאָקראטישע גרונט־פרײַהײַטן, קוידעמקאָל די פרײַהײַט פו־נעם פראָפארייניִשן קאמף און די פרײַהײַט פון וואָרט און געוויסן. באריִרנדיק די פראגע וועגן דעם פאראקשנטן און דויערנדיקן קאמף קעגן ארבעטסלאָזיקײַט, וועלכן די ארבעטער און אָנ־געשטעלטע פון דער נאפטלייטונג איילאט — אשקעלאָן האָבן געפירט אין די זומער־כאדאָ־



שים פונעם יאָר 1975, האָט שאלאָם ראָזענפעלד, איינער פון די רעדאקטאָרן פון דער צײַטונג „מאאריוו", געשריבן וועגן דער „העפקיירעס" און „ווילקיר", וועגן די „יונגע פארגוואלטי־קער", וועלכע נעמען פאָר אן „אטענטאט אף דער מעלוכע", ער האָט גערופן צו לאָזן אין גאנג קעגן די שטרײַקער „אלע פולמאכטן פון דער מעלוכע און פונעם געזעץ", דה. ברייט אויסנוצן די קראפט פון דער פאָליציי און אר־מיי, ווײַל דאָס געריכט און די טפיסעס האָט מען שוין אויסגענוצט פריִער.

אונטערפירנדיק דעם סאכאקל פון די אידעאָ־לאָגישע קאָנצעפציעס פון דער עקסטרעם־רעכ־טער שיטע אין ייִסראָעל, קאָן מען זאָגן, אז אין די גרונט־שטריכן זײַנען זיי ענלעך צו די עק־סטרעם־רעכטע קאָנצעפציעס אין די אנדערע קאפיטאליסטישע לענדער. סײַ דאָ, סײַ דאָרט פארנעמט דאָס צענטראלע אָרט דער עקסטרע־מער נאציִאָנאליזם, וואָס שטעלט קעגן „זײַן" פאָלק קעגן די אנדערע פעלקער; סײַ דאָ, סײַ דאָרט קאָן מען געפינען מיסטישע קאָנצעפציעס אין דער נאציִאָנאלער פראגע; סײַ דאָ, סײַ דאָרט ווערט ברייט געלאָזט אין גאנג די נאציִאָנאלע און סאָציִאלע דעמאגאָגיע; סײַ דאָ, סײַ דאָרט ווערן פאָרגענומען פרוּוון צו פאָרשטעלן די אידעאָלאָגיע פון די אולטרא־רעכטע אלס א רע־וואָליוציִאָנערע אידעאָלאָגיע, וואָס איז אימ־שטאנד אויסצוהיילן די סאָציִאלע און נאציִאָ־נאלע קרענק.

אויב ריידן וועגן דעם ספעציפישן כאראקטער פון דער אולטרא־רעכטער שיטע אין ייִסראָעל, דארף מען באטאָנען דעם פאקט, וואָס ער שטעלט דעם טראָפ אפן שאָוויניזם.

## דער פאָליטישער קורס פון די עקסטרעם־רעכטע קרײַזן

אין ייִסראָעל, ווי אין די אנדערע קאפיטאלי־סטישע לענדער, איז די אידעאָלאָגיע פון די עקסטרעם־רעכטע בארופן צו דינען א בא־שטימטן פאָליטישן קורס.

### 1. מיטן אימפעריִאליזם, קעגן די באפרײַונגס־באוועגונגען

אין די רעזאָליוציעס פונעם XVI צוזאמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פארטיי פון ייִסראָעל ווערט געזאָגט: „זינט ט. הערצל און די אנדערע ציִעניסטישע לידערס האָבן פארוואנדלט דעם ציִעניזם אין א פאָליטישער ריכטונג, האָט די ציִעניסטישע פאָליטיק זיך באזירט אף דער מיט־ארבעט מיט די רעאקציִאָנערע קרעפטן, מיט די אימפעריִאליסטישע מעלוכעס — קעגן דער רעוואָליוציִאָנערער סאָציִאליסטישער באוועגונג און קעגן דער נאציִאָנאלער באפרײַונגס־באווע־גונג".

דער באזונדערער „בײַטראָג" אין אָט דעם פאָ־ליטישן קורס פונעם ציִעניזם מיצאד דער עקס־טרעם־רעכטער שיטע באשטייט אין פארשפרייטן

סיבע און צעצינדן האַס צו דער נאַציאָנאַלער באַפרייַונגס־באַוועגונג — ניט בלויז פון די אַראַבישע פעלקער, נאָר אויך פון אַלע אונטערדריקטע פעלקער, פון אַלע פעלקער פון די קאָלאָניעס און אָפהענגיקע לענדער. אין דער צייַט, ווען די אַנדערע ריכטונגען האָבן זיך געפרוווט צוקלעפן דעם ציִוניזם די עטיקעטקע „נאַציִאָנאַלע באַפרייַונגס־באַוועגונג", האָט די אולטראַ־רעכטע שיטע אָפן דעמאָנסטרירט איר פאַרלאַנג, אַז די הערשאַפט פון די אימפעריִאַליסטישע מעלוכעס זאָל דויערן ווייַטער, דעריקער די הערשאַפט פון בריטאַניע אין אַזיע און אין אַפריקע.

אבא אכימעיִר, איינער פון די הויפט־אידעאָלאָגן פון „בייטאַר", האָט געשריבן אין 1930: „אין יעדן קאָנפליקט צווישן מייַרעוו און מיזרעך האַלטן מיר שטענדיק דעם צאַד פון מייַרעוו, ווייַל שוין טויזנט יאָר (זינט די מאָנגאָלן האָבן אַראָפגעוואָרפן דעם באַגדאַדער כאַליפאַט), ווי דער מייַרעוו סימבאָליזירט אַ מענטשלעכע געזעלשאַפט, וואָס שטייט העכער פונעם מיזרעך. בריטאַניע פילט אויס די פּיאָנערישע מיסיע פונעם מייַרעוו אויפן מיזרעך... לויט אונדזער מיינונג, איז די פאָדערונג פון אינדיע, מע זאָל איר געבן אומאָפהענגיקייַט, אַ פרעכע. דאָס איז אומדאַנקבאַרקייט בענעגייע בריטאַניע..." (מייַן קורסיוו. — ט. ג.).

די אָנהענגער פון דער עקסטרעם־רעכטער שיטע האַלטן זיך אויך הייַנט באַם פאָליטישן קורס פון פולער אייניקייַט מיטן אימפעריִאַליזם. זיי האָבן פאַרגאָסן ביטערע טרערן, ווען די אַמעריקאַנער זייַנען אַוועק פון דאָרעם־מיזרעך־אַזיע, ווען אין אַ ריי לענדער פון אַזיע און אַפריקע זייַנען ליקווידירט געוואָרן די קריגס־באַזעס פון פשא און בריטאַניע.

די אולטראַ־רעכטע שיטע האָט אַלע יאָרן פון איר עקזיסטענץ געזוכט מיטצואַרבעטן מיט די סאַמע רעאַקציאָנערע קרייַזן פון דער אימפעריִאַליסטישער בורזשואַזיע, אייַנגעשלאָסן די פאַשיסטישע קרייַזן און פאַשיסטישע רעזשימען.

בייַס דער אָקטיאַבער־רעוואָלוציע פון 1917 און בייַס דעם בירגערקריג אין סאָוועטן־רוסלאַנד האָבן זשאַבאָטינסקי און זייַנע אָנהענגער געזוכט וועגן צו מיטאַרבעטן מיט די ווייַסע אַרמייען אין קאַמף קעגן דער סאָוועטן־רעגירונג. זשאַבאָטינסקיס קאָלעגע י. טרומפעלדאָר האָט אין אָקטיאַבער 1917 פאָרגעלייגט דער „סאַמאָסטויִנער אוקראַיִנישער רעפובליק" (וועלכע האָט געקעמפט קעגן אייַנשטעלן אויף אוקראַיִנע די סאָוועטנמאַכט) צו שאַפן ייִדישע אַרמיי־פאָלקן. פעטליורע, וועלכער איז דעמאָלט געווען קריגס־מיניסטער פון דער דאָזיקער „אוקראַיִנישער רעפובליק", דער זעלבער פעטליורע, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די ייִדישע פאָגראָמען, האָט מאַסקים געווען מיט טרומפעלדאָרס פאָרשלאָג. צוליב פאַרשיידענע סיבעס איז דער דאָזיקער פלאַן ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

אין סעפטעמבער 1921, ווען די פעטליורע־אַרמיי, וואָס האָט געהאַט די שטיצע פון די אימפעריִאַליסטישע מעלוכעס, האָט זיך געגרייט צו אַ נייַעם אָנפאַל אויף אוקראַיִנע (דער גרעסטער טייל פון אוקראַיִנע איז שוין געווען באַפרייַט דורך דער רויטער אַרמיי), האָט זשאַבאָטינסקי זיך געטראָפן מיט סלאַווינסקין (דעם הויפט פון דער דעלעגאַציע פון דער אוקראַיִנישער רעפובליק, וועלכער האָט געוויילט אין טשעכאָסלאָוואַקיע) און אונטערגעשריבן מיט אים אַ פאַרשטענדיקונג וועגן מיטאַרבעט. דער הויפט־אָסקן פון דער דאָזיקער פאַרשטענדיקונג איז געווען דער ענגלישער פאָלקאָווניק פעטערסאָן, וואָס איז געווען קאָמאַנדיר פון די אַזויגערופענע „איווריט־פאָלקן" אין דער ערשטער וועלט־מילכאָמע.

די פאַרשטענדיקונג מיט דער פעטליורע־רעגירונג איז ניט אויסגעפילט געוואָרן מאַכמעס דער מאַפאָלע, וואָס אָט די רעגירונג האָט געליטן אין אירע פלענער קעגן דער סאָוועטנמאַכט. ווי וויכטיק אָבער די דאָזיקע פאַרשטענדיקונג איז געווען פאַר זשאַבאָטינסקין, איז צו זען פון די ווערטער, וואָס מע האַלט, אַז ער האָט זיי אַנומלטן געזאָגט: „אַז איך וועל שטאַרבן, מעגט איר אָנשרייַבן אויף מייַן מאַצייווע: „דאָס איז דער מענטש, וואָס האָט אונטערגעשריבן אַ פאַרשטענדיקונג מיט פעטליורען".

פאַראַלעל מיט זייַן טעטיקייַט אויפן צאַד פון די קאָנטררעוואָלוציאָנערע קרעפטן אין רוסלאַנד האָט זשאַבאָטינסקי פאָרגעלייגט זייַן מיטאַרבעט דעם בריטישן אימפעריִאַליזם. לויט זשאַבאָטינסקיס איניציאַטיוו זייַנען געשאַפן געוואָרן די „איווריט־פאָלקן", און דער ערשטער פון אָט די פאָלקן איז אַרויסגעטראָטן אויף דער זייַט פון אַלענביס אַרמיי בייַס דער קאַמפאַניע פון די ענגלענדער אין 1918 פאַר אַוועקנעמען פּאַלעסטינע בא טערקייַ.

ווי די אַנדערע ציִוניסטישע לידערס, האָט זשאַבאָטינסקי געהאַלטן די מיטאַרבעט מיט דער מאַנדאַט־מאַכט פאַר דער גאַראַנטיע צו פאַרווירקלעכן די שטרעבונג פון די ציִוניסטן, אַז די מערהייַט אין פּאַלעסטינע זאָל באַשטיין פון ייִדן, דעריבער פלעגט ער זאָגן אָפן: „איך פערזענלעך באַצי זיך מיט סימפאַטיע צום בריטישן אימפעריִאַליזם..." און ווען אין טאָג־סיידער איז געשטעלט געוואָרן די פראַגע וועגן דער אומאָפהענגיקייַט פונעם לאַנד, האָט זשאַבאָטינסקי ווידער באַשטעטיקט זייַן טרייַהייַט צו די בריטישע מאַכט־אָרגאַנען. אין זייַן רעדע פאַר די מיטגלידער פונעם ענגלישן פאַרלאַמענט (אין 1937) האָט ער געזאָגט:

„מיר, די רעוויזיאָניסטן אָדער די מיטגלידער פון דער נייַער ציִוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן פאָרגעלייגט דעם קיניגרייַך אַן אַקטיוו פאַר דער מאַנדאַט־מאַכט, אַ גוטן ייִדישן שוטעף, וועלכער באַוואַכט די וויכטיקסטע וועגן פונעם קיניגרייַך (און איצט געפינען זיי זיך עפשער אין דער גרעסטער געפאַר)".

זשאַבאָטינסקי איז געווען מאַלע־סימכע פון דעם, וואָס עס זייַנען אייַנגעשטעלט געוואָרן

פאשיסטישע רעזשימען אין איטאליע (מוסאָליני), דײַטשלאַנד (היטלער), פוילן (פּילסודסקי), און ער האָט זיך גענומען זוכן פארבינדונגען מיט די דאָזיקע שטרעמונגען, פון וועלכע ער האָט געשעפּט אינטעלעקטועלע און פּאָליטישע באַגײַסטערונג. זשאבאָטינסקי און זײַנע אָנהענגער האָבן אײַנגעשטעלט קאָנטאקטן מיט מוסאָליניס פאָרשטייער, ווענדיק שאפן אין איטאליע שולן פאר דער צוגרייטונג (פאקטיש מיליטערישער צוגרייטונג) פון אינסטרוקטאָרן פאר „בייטאר", און שפּעטער אפילע פאר די מיליטערישע טיילן, וועלכע וועלן מיטארבעטן מיט מוסאָליניס ארמיי.

ווען היטלער איז געקומען צו דער מאכט, האָבן זשאבאָטינסקי און זײַנע אָנהענגער געפּרוווט אײַנשטעלן א מיטארבעט אויך מיט דעם דאָזיקן רעזשים. זשאבאָטינסקי איז פערזענלעך געפאָרן קיין בערלין, זײַנע אָנהענגער האָבן געפירט א קאמף קעגן די אנדערע ריכטונגען אינצווישן דער יִדישער באפעלקערונג, לעשעם דעם „קאמף קעגן מארקסיזם".

ווי־אזוי האָבן די אולטרא־רעכטע קרײַזן דערקלערט זייער גרייטקײַט צו אײַנשטעלן פארבינדונגען אָדער אפילע מיטארבעטן מיט די פאשיסטישע רעזשימען? אווראהאם שטערן, וואָס איז געווען איינער פון די אָנפירער פון „אירגון צוואַי לעומי" (געשאפן מיצאד דער זשאבאָטינסקי־באוועגונג), האָט געזאָגט אין 1940: „עס זײַנען פאראן אָביעקטיווע סיבעס אף צו פּרוּוון אײַנשטעלן א פארבינדונג מיט די סאָנים פון בריטאניע. ערשטנס, די עצעם שטרעבונג צו אָפּשוואכן די אימפּעריע, צעצינדן א פײַער אין אירע ראמען; צווייטנס, איינע פון די שטרעבונגען, וועלכע זיי (די פאשיסטן. — ט.ג.) האָבן פּראָקלאמירט, — צו מאכן איירָאָפּע, און עפּשער אויך די אנדערע קאָנטינענטן „יודענריין"... אָט וואָס מע דארף טאָן: איבערצײַגן די דײַטשן, אז די טעריטאָריעלע קאָנצענטראציע דארף פאָרקומען ניט אין מאדאגאסקאר, נאָר אין פּאלעסטינע; און אז דאָס דארפן טאָן ניט זיי, ווען זיי וועלן אָקופּירן דאָס אפריקאנער אינדזל, נאָר מיר, טייקעף".

די פּאָזיציע פון די רעכטע עקסטרעמיסטן איז, אזויארום, באשטאנען דערין, אז מע זאָל פּרוּוון „איבערצײַגן די דײַטשן", היטלערס נאציסטישן רעזשים, אז דאָס איז פאר זיי א „לויבבאר געשעפט", ווײַל אין רעזולטאט פון דעם וועט איירָאָפּע אָפּגערייניקט ווערן פון די יִדן. און קעדיי זיי זאָלן האָבן א פּאָנעם פון „קעמפער פאר דער פרײַהײַט", האָבן די אולטרא־רעכטע דערקלערט זייערע פּראָפאשיסטישע טענדענצן דערמיט, וואָס דאָס נאציסטישע דײַטשלאַנד איז א סוינע פון בריטאניע, און בריטאניע איז דאָך א סוינע פון דער יִדישער באפעלקערונג[1].

די עקסטרעם־רעכטע קרײַזן האָבן ניט בלויז גערופן צו אײַנשטעלן פארבינדונגען מיט די פאשיסטישע רעזשימען, זיי האָבן אפילע געשיקט אהין פאָרשטייער און פאָרגעלייגט אָט די רעזשימען פארשטענדיקונגען, אפילע באקומען בא זיי אומזיסט געווער און א מעגלעכקײַט צו אויסשולן מיליטעריש זייערע מענטשן (אשטייגער, אין פּילסודסקי־פוילן).

די אולטרא־רעכטע שיטע אינעם ציִעניזם, וועלכע איז אידייִש און לויט דער קלאסן־אַנגעהעריקײַט געווען נאָענט מיט די אנטיסעמיטישע קרײַזן אין פוילן און מיטן פאשיסטישן רעזשים אינעם נאצי־דײַטשלאַנד, האָט צו זיי געזאָגט בעערעך אזוי: איר האָט פײַנט די יִדן, איר ווילט בא זיי אָפּנעמען די עקאָנאָמישע און געזעלשאפטלעכע פּאָזיציעס, — זײַנען מיר גרייט אליין אָפּטאָן פאר אײַך אָט די ארבעט, מיר וועלן „באפרײַען" פוילן און אפילע גאנץ איירָאָפּע און די אנדערע קאָנטינענטן פון די מיליאָנען יִדן, וועלכע וווינען דאָרט.

## 2. קעגן דער לינדערונג פון שפּאנונג

די עקסטרעם־רעכטע קרײַזן פירן א קאמפּאניע קעגן דער לינדערונג פון דער צווישנפעלקערלעכער שפּאנונג און טרעטן ארויס אף דער זײַט פון די אמערסטן מיליטאריסטישע קרײַזן פונעם אימפּעריאַליסטישן לאגער, קעגן יענע בורזשואזע קרײַזן, וואָס ווײַזן ארויס א געוויסע מאָס פּאָליטישן רעאליזם.

א באדײַטנדיקע ראָליע אין דער דאָזיקער פּאָליטישער קאמפּאניע נעמט אף זיך דער אָרגאן פון דער „באוועגונג פאר א גרויס יִסראָעל" — „זאָט האארעץ". די אווטאָרן פון די ארטיקלען אין דער דאָזיקער עקסטרעם־רעכטער וואָכנשריפט באטראכטן די ענדערונג פון די קויכעס־פארהעלטענישן אין דער וועלט אלס פּראָצעס פון „אײַנשטעלן די הערשאפט פון שווארצע קויכעס איבער דער מענטשהײַט" און די לינדערונג אלס „נארישקײַט און אילוזיע, צוליב וועלכע ס'איז געבראכט געוואָרן אלס קאָרבן דער יִסראָעלדיקער זיג אין דער מילכאָמע".

---

[1] אף וויפל דער פאשיזם קאָן זיך קליידן אין פארשיידענע נאציאָנאלע בעגאָדים און בלײַבן פאשיזם, איז צו זען פון דעם פאקט, וואָס די פּראָפאשיסטישע קרײַזן אין דער אראבישער וועלט האָבן אין יענעם פּעריאָד גענוצט די זעלבע פאָרמולירונג — „דער סוינע פון אונדזער סוינע" (זע דאָס ארטיקל פון כ. מאָכי א. דין אינעם זשורנאל „פּראָבלעמען פון שאָלעם און סאָציאַליזם", נום. 5 פארן 1975 יאָר).

(פאָרזעצונג קומט)

■ ■ ■

## בלעטערנדיק זשורנאַלן און צײַטונגען

אין דער ניו־יאָרקער צײַטונג „מאָרגן־פרײַהײַט“ טרעפן זיך די לייענער אַלץ אָפטער אָן מיט אָנפאַלן אַף דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פשא, נעמלעך, אין די פראַגן, וואָס האָבן אַ שײַכעס צו דער ייִדישער סוויווע.

קעדיי אונדזערע לייענער זאָלן באַקומען אינפאָרמאַציע פונעם ערשטן קוואַל, דרוקן מיר דאָ איבער פון דעם זשורנאַל „דזשויִש אַפּערס“ די רעזאָליוציע וועגן די דאָזיקע פראַגן, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרן אַפן XXI צוזאַמענפאָר פון דער אַמעריקאַנער קאָמפּאַרטיי.

# רעזאָליוציע וועגן דער אַרבעט צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג, אָנגענומען אַף דעם XXI צוזאַמענפאָר פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע

אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע לעבן אַן ערעך 6 מיליאָן ייִדן. די אַמעריקאַנער ייִדישע געמיינדע איז די סאַמע גרעסטע אין דער וועלט, זי איז קאָנצענטרירט אין די גרויסע שטעט פונעם לאַנד (באַ אַ העלפט ייִדן לעבן אין ניו־יאָרק). דאָס איז אַ קאָמפּאַקטע, הויך אָרגאַניזירטע געמיינדע, וווּ עס איז באַדײַטנדיק די קולטורעלע און רעליגיִעזע טעטיקײַט צווישן די ייִדן, וואָס ריידן אַף ענגליש, און אייניצײַטיק לעבט זיך דער עלטערער דאָר אויס אַף ייִדיש.

דער קלאַסן־באַשטאַנד פון דער ייִדישער געמיינדע שפּיגלט אָפּ דעם קלאַסן־באַשטאַנד פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט אינגאַנצן גענומען. אַף איין פּאָליוס — די ייִדישע גרויסבורזשואַזיע, וועלכע האָט אירע פאָרשטייער צווישן די קאַרפּן־קעפּ פונעם אַמעריקאַנער פינאַנץ־קאַפּיטאַל, אַף דעם צווייטן פּאָליוס — באַ 15 פּראָצענט ייִדישע מישפּאָכעס, וועלכע זײַנען אָפיציִעל פאַררעכנט צו דער קאַטעגאָריע אָרעמע. די מערהײַט אָבער אַמעריקאַנער ייִדן זײַנען אַרבעטער און אָנגעשטעלטע (דערבײַ, אין אונטערשייד פון דער פאַרגאַנגענהײַט, זײַנען זיי הײַנט ניט פאַרנומען הויפּטזאַכלעך אין דער ניי־אינדוסטריע און אין אַנדערע געביטן פון דער אינדוסטריע פון דער „טראַדיציִאָנעלער“ שווייסטרײַבנדיקער סיסטעם). זיי ווערן פּונקט אַזוי עקספּלואַטירט און שטויסן זיך אָן אַף די זעלבע פּראָבלעמען, ווי אַלע אַנדערע אַרבעטנדיקע. הײַנט לײַדן זיי, אַזוי ווי אַנדערע, פון אַרבעטסלאָזיקײַט און אינפלאַציע, און זיי ווערן — אויך צוזאַמען מיט אַנדערע — אַרײַנגעצויגן אינעם קאַמף. אָט צו די דאָזיקע אַרבעטנדיקע ייִדן דאַרף זיך עס ווענדן אונדזער פּאַרטיי. אונדזערע אָנשטרענגונגען דאַרפן זײַן קאָנצענטרירט אַף דער אַרבעט צווישן דער האָרעפּאַשנער באַפעלקערונג.

אין דער לעצטער צײַט האָבן די ייִדן געשפּילט אַ באַדײַטנדיקע ראָל אינעם קאַמף פון די אַרבעטער פאַר זייערע רעכט, אין דעמאָקראַטישן, אַנטימאָנאָפּאָליסטישן קאַמף באַ אונדז אין לאַנד. ייִדן — אַרבעטער און פּראָפעסיִאָנעלע אָנפירער האָבן זיך אויסגעצייכנט אין פילצאָליקע פּראָפעסיִאָנעלע שטרײַטן. די ייִדישע אָרגאַניזאַציעס און גרופּעס האָבן זיך געפונען אַף דעם פאָדערשטן ראַנד פונעם קאַמף פאַר שאָלעם, זיי האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל און פיל בײַגעטראָגן אין די גרויסע שלאַכטן פון די 60־ער יאָרן פאַר בירגערלעכע רעכט. מע דאַרף אָנערקענען, אַז די ייִדישע מאַסן זײַנען אַ מעכטיקע קראַפט אין קאַמף פאַר פּראָגרעס, אַז זיי זײַנען אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דעם אַנטימאָנאָפּאָליסטישן קאַמף, אַ פאַקטאָר, וועלכן מ׳דאַרף אין זינען האָבן.

די ייִדן פון די פאַראייניקטע שטאַטן זײַנען קאָרבאָנעס פונעם אַנטיסעמיטיזם, וועלכער שטעלט מיט זיך פאָר — ווי אַנדערע פאָרמען פון ראַסיזם און שאָוויניזם — אַ מיטל, מיט דער הילף פון וועלכן דער מאָנאָפּאָליסטישער קאַפּיטאַל שיידט פונאַנדער דעם אַרבעטער־קלאַס און פאַרשטאַרקט די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציע און אונטערדריקונג. די ייִדן ווערן דיסקרימינירט באַם אײַנאָרדענען זיך אַף אַרבעט, באַם באַפרידיקט ווערן מיט וווינונגען, בילדונג, אָפּרו אאַוו. די סינאַגאָגעס און אַנדערע ייִדישע אַנשטאַלטן ווערן אַלץ אָפטער אָביעקטן פון וואַנדאַליזם. אַף ייִדן גיסן אויס די צעיושעטע

אולטראַס אומענדלעכע שטראָמען פון ראַסיסטישע זידלערײַען. און דער גרויסער ליגן פון די צאַרישע פאַלשיוועקעס אונטערן נאָמען „פּראָטאָקאָלן פון די זיקניי־ציִען", אין וועלכע עס רעדט זיך וועגן אַ קלוימערשטער פאַרשווערונג פון די „ייִדישע באַנקירן" מיטן ציל צו דערשלאָגן זיך אַ וועלט־הערשונג, ווערט, ווי פריִער, ברייט אַנערקענט ניט נאָר מיצאַד די אולטראַ־רעכטע, נאָר אויך אין „רעספּעקטאַבעלע" בורזשואַזע קרײַזן. אַזויאַרום, דאַרף דאָס גרינטלעכע אינעם קאַמף פאַר די אינטערעסן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג זײַן דער קאַמף קעגן ווירוס פון אַנטיסעמיטיזם און דאָס פאָדערן פולע דעמאָקראַטישע רעכט און אַלזײַטיקע גלײַכהײַט פאַר ייִדן.

אָט דער קאַמף דאַרף זיך פאַנאַנדערוויקלען אויפן באַזיס פון פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם — אויף דער פאַרייניקונג מיט אַלע אַרבעטנדיקע — אין קאַמף קעגן יעטווידער נאַציאָנאַלער און ראַסעווער אונטערדריקונג. איבערהויפּט דאַרף ער זיך באַזירן אויף דער אייניקײַט פון ייִדן און נעגערן, באַזונדערס אויפן גיוווער זײַן די ראַסיסטישע שטימונגען צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג.

דער קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם פאָדערט צו דעמאַסקירן און געבן אַ ווידערשטאַנד דער פאַרסאַמטער אידעאָלאָגיע פונעם ציִעניזם, וועלכע באַהויפּטעט, אַז אַנטיסעמיטיזם וועט עקזיסטירן אייביק, אַז די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פונעם ייִדישן פאָלק זײַנען אין קעגנזאַץ צו די אינטערעסן פון אַנדערע פעלקער און אַז די ייִדישע אַרבעטנדיקע האָבן אַלגעמיינס ניט מיט די אַרבעטנדיקע פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, נאָר מיט אַנדערע ייִדן, אײַנשליסנדיק די גרויסע ייִדישע קאַפּיטאַליסטן.

אידענטיפיצירנדיק דעם אַנטיציִעניזם מיט אַנטיסעמיטיזם, באַמיִען זיך די ציִעניסטן צו שאַפן פאַלשע ציל־ברעטלעך פון דעם אַזויגערופענעם „לינקן אַנטיסעמיטיזם" און „שוואַרצן אַנטיסעמיטיזם", אָפּוועגנדיק, אַזויאַרום, די ייִדישע באַפעלקערונג פונעם קאַמף קעגן איר קלאַסנסוינע — דעם ווירקלעכן קוואַל פון אַנטיסעמיטיזם, אַראָפּפירנדיק זי אויף דעם פאַלשן וועג פון ראַסיזם און אַנטיסאָוועטיזם. זיי רופן „געדולדיק זיך באַגיין" מיטן אַנטיסעמיטיזם פון די רייגאַנען, באַקלי און פון די גענעראַלן בראַונס[1], מאָטיווירנדיק דאָס דערמיט, וואָס די דאָזיקע אַנטיסעמיטן זײַנען „פרײַנט פון ייִסראָעל". זיי שטעלן זיך קעגן באַליביקע מאָסמיטלען, וועלכע זײַנען געווענדט צו גיוווער זײַן די פאָלגן פון דער דוירעסדיקער דיסקרימינאַציע פון נעגערן און פון אַנדערע אונטערדריקטע פעלקער און אויך פון פרויען, אָנרופנדיק אַזעלכע טריט „דיסקרימינאַציע אויף פאַרקערט".

דאָס אַלץ שטערט דעם קאַמף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם, וועמענס וווּקס אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע רופט אַרויס אַן אומרו. די אָפּוועזנהײַט פון אַן ערנסטן קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם אין פּשאַ, אין דער צײַט, ווען די ציִעניסטישע קויכעס זײַנען קאָנצענטרירט אַרום דעם פאַלשן מאַרש פאַר „באַפרײַען" די סאָוועטישע ייִדן, מונטערט אונטער די קויכעס פון ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם און ברענגט צו דעם, אַז עס ווערט אויסבאַהאַלטן דער עמעס וועגן דער ווירקלעכער לאַגע פון די ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, ווו דער אַנטיסעמיטיזם איז פאַקטיש פאַרניכטעט. מיר רופן צו אַן אַנטשיידענעם אָנגריף קעגן דעם אַנטיסעמיטיזם אין פּשאַ. אַן ערשטראַנגיקע פליכט פון אונדזער פּאַרטיי איז — אַרויסווײַזן איניציאַטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע פון אַזאַ קאַמפּאַניע.

דער באַשליסנדיקער מאָמענט אין אונדזער אַרבעט צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג איז דער קאַמף קעגן דער פאַרדאַרבערישער ווירקונג פונעם ציִעניזם אין דער ייִדישער געמיינדע פון אונדזער לאַנד. נאָך דער מילכאָמע פון 1967 אויפן נאָענטן מיזרעך, וועלכע האָט מיט אַ היפּשער עמאָציאָנעלער קראַפט זיך אָפּגערופן אויף אַ סך ייִדן, איז די ווירקונג פונעם ציִעניזם שטאַרק אויסגעוואַקסן. אין אָט דעם פּעריִאָד איז די ציִעניסטישע באַוועגונג אין אַן אַלץ שטײַגנדיקער מאַדרייגע געוואָרן דער אָנשפּאַר פון דער רעאַקציע צווישן די ייִדן.

אין די בורזשואַזע ייִדישע קרײַזן איז מערקבאַר אַ בולטע טענדענץ אויף רעכטס. די סימאָנים דערפון: 1. די פאַרשטאַרקונג פון דער פאַרבינדונג מיט די רעכטע פּאָליטישע עלעמענטן און דאָס איבערגיין פון אַ טייל שטימען פון דער ייִדישער באַפעלקערונג לעטויוועס ניקסאָנען בייס די וואַלן אין 1972; 2. די שאַרפע אויפלעבונג פונעם ראַסיזם אין דער ייִדישער געמיינדע, וועגן וואָס עס זאָגט איידעס די קאַמפּאַניע פון קאַמף קעגן דעם אַזויגערופענעם „שוואַרצן אַנטיסעמיטיזם"; די פירנדיקע ראָל פון די ייִדישע אָרגאַניזאַציעס אינעם פּראָטעסט קעגן דער סיסטעם פון פּרעפערענצן באַם אָנעמען אויף אַרבעט נעגערן און קעגן די עפנטלעכע פאַרבײַט־וואַקאַנסיעס; אַזעלכע אויסברוכן פון ראַסיזם, ווי אין פאָרעסט כיל און אין קאַנאַרסי (ניו־יאָרק), און אויך דער וווּקס פון שענקעריזם אין פּראָפעסיאָנעלן פאַרײַן פון די לערער; 3. דער וווּקס פון אַנטיסאָוועטיזם און די קאַמפּאַניע, וועלכע די גרעסטע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס האָבן אָנגעהויבן מיטן ציל צו אויסנוצן די ייִדישע באַפעלקערונג אַלס אַ פאָדערשטן אָטריאַד אינעם קאַמף קעגן דער צווישנפעלקערלעכער אָנטשפּאַנונג, אין נאָמען

---

[1] ר ײ ג אַ ן — אַ געוועזענער גובערנאַטאָר פון קאַליפאָרניע, אַ באַוווּסטער רעאַקציאָנער. איצט פּרעטענדירט ער צו אויסגעווײלט ווערן אַלס קאַנדידאַט פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי אויפן פּאָסט פונעם מעלוכע־פּרעזידענט. א ו. ב אַ ק ל י — אַ סענאַטאָר־רעפּובליקאַנער, איינער פון די הויפּט־קעגנער פון דער צווישנפעלקערלעכער אָנטשפּאַנונג. גענעראַל ד זש. ב ר אַ ו ן — פאָרזיצער פונעם פאַראייניקטן קאָמיטעט פון די שטאַב־שעפן פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי. די אָנגערופענע פּאָליטיקער זײַנען ניט נאָר פאַרביסענע אַנטיקאָמוניסטן און סאָוועטן־פרעסער, נאָר אויך אויסגעשפּראָכענע אַנטיסעמיטן (באַמערקונג פונעם איבערזעצער).

פונעם קאַמף מיט דעם קלוימערשטיקן „סאָוועטישן אַנטיסעמיטיזם“; 4. דאָס באַווײַזן זיך פון אַ באַנדע פאַשיסטישע בויאַנעס, וועלכע רופן זיך „ייִדישע פאַרטיידיקונגס־ליגע“.

דער ראַסיזם פון שענקערן[1] און פון אַזעלכע ווי ער איז אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פון דער רעכטער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכע איז אינגאַנצן אָנגעשטעקט מיטן גײַסט פון קלאַסעווער מיטאַרבעט, פון ראַסיזם, פּראָציאָניזם און צעיושעטן אַנטיסאָוועטיזם. ס'איז זייער וויכטיק צו פירן אַ קאַמף קעגן איר ווירקונג צווישן די ייִדישע אַרבעטער.

קעמפנדיק קעגן ציִעניזם, דאַרפן מיר האָבן אין זינען, אַז די פולע מערהײַט ייִדן זײַנען ניט קיין ציִעניסטן, נאָר זיי ווערן גיכער פון אַלץ אָנגערעגט פון דעם געפיל פון נאַציאָנאַלן שטאָלץ און זיי זאָרגן זיך, אַז עס זאָלן ניט לײַדן די אינטערעסן פון די ייִדן אין ייִשראָעל. אַזעלכע געפילן סטאַרען זיך די ציִעניסטן פאַרקריפּלען צוליב זייערע צילן. פון דעם געזאָגטן דרינגט, אַז די ייִדישע מאַסן קאָן מען באַפרײַען פון דער ציִעניסטישער ווירקונג, און די אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי איז — קעמפן פאַר דעם. כּוץ דעם, איז בײַ די ייִדישע אַרבעטנדיקע אויך פאַראַן אַן אַלטע טראַדיציע פון קאַמף און פון שטיצן דעם פּראָגרעס און דעם סאָציאַליזם. די דובינסקיס[2], די שענקערס און ענלעכע צו זיי וואָלטן שטאַרק געוואָלט די דאָזיקע טראַדיציע פאַרניכטן. אונדזער אויפגאַבע — קעמפן פאַר דעם, זי זאָל אויפגעשטעלט ווערן, פּראָפּאַגאַנדירן זי, ווי אַ לעבנס־שעפערישע קראַפט אין דער סוויווע פון די ייִדישע אַרבעטנדיקע. און ווירקלעך, אין דער איצטיקער צײַט שאַפן זיך באַדינגונגען אויף צו פאַרשטאַרקן אונדזער טעטיקייט אין דעם געביט.

די אָקטיאַבער־מילכאָמע פון 1973, וועלכע האָט געשאַפן אַ נײַע קריזיס־צעשטעלונג אויף דעם נאָענטן מיזרעך און צעווייעט די אילוזיעס, אַז דאָס, וואָס ייִשראָעל איז מיליטעריש שטאַרקער, און די טעריטאָריעלע פאַרכאַפּונגען קאָנען, קלוימערשט, זיכערן די געפאַרלאָזיקייט פון דער ייִשראָעלדיקער באַפעלקערונג, האָט געבראַכט דערצו, אַז אין די ציִעניסטישע לאָזונגען האָבן אָנגעהויבן צווייפלען אַלץ מערער מענטשן אין ייִשראָעל, אַזוי אויך אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער ווערט קריטיקירט די פּאָליטיק פון דער ייִשראָעל־רעגירונג.

די דאָזיקע פּאָליטיק, צוזאַמען מיט קיסינדזשערס מאַנעוורען, איז געריכטעט אויף צו פאַרהיטן דעם סטאַטוס־קוואָ, ד.ה. אויף צו דערגרייכן אַ „טיילווײַזע“ און „עטאַפּנווײַזע“ אײַנרעגולירונג — אָפּטרעטן געוויסע טיילן פון דער פאַרכאַפּטער טעריטאָריע אַלס בײַט אויף דער קאַפּיטולאַציע פון די אַראַבער און אויף אָפּוואַרפן די גערעכטע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען פון דעם אַראַבישן פאָלק פון פּאַלעסטינע. אָט די אָנשטרענגונגען האָבן געליטן אַ מאַפּאָלע. הײַנט־צו־טאָג איז קלאָרער ווי ווען־ניט־איז פריִער דער פאַקט, אַז אַ גערעכטער און פעסטער שאָלעם אויפן נאָענטן מיזרעך קאָן דערגרייכט ווערן נאָר בײַ די באַדינגונגען, ווען עס וועלן באַנײַט ווערן די אונטערהאַנדלונגען אין זשענעווע, ס'וועט ווערן פולקום פאַרווירקלעכט אין לעבן די רעזאָליוציע פונעם געפאַרלאָזיקײַט־ראַט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס נומ. 242 און עס וועלן באַפרידיקט ווערן די רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג פון דעם אַראַבישן פאָלק פון פּאַלעסטינע, וועלכן עס שטעלט פאָר די אָרגאַניזאַציע פאַר באַפרײַען פּאַלעסטינע.

אויב פריִער האָט דער קאַמף פון אונדזער פּאַרטיי קעגן דער אַגרעסיווער, אַנעקסיאָניסטישער פּאָליטיק פון דער ייִשראָעל־רעגירונג, קעגן דער אונטערשטיצונג פון דער דאָזיקער פּאָליטיק מיצאַד דער אַמעריקאַנער רעגירונג קימאַט ניט געפונען קיין אָנהענגער צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג, האָבן איצט זיך אָנגעמערקט געוויסע ענדערונגען אין דער פּאָזיטיווער ריכטונג. אין ייִשראָעל, אַזוי אויך אין די פאַראייניקטע שטאַטן לאָזן זיך הערן אַלץ העכער און העכער די שטימען פון יענע — אײַנשליסנדיק באַזונדערע אָנגעזעענע טוער און אָרגאַניזאַציעס, ייִדן און ניט־ייִדן, — וואָר עס טרעט ארויס פאַר אָפּזאָגן זיך פון אַזאַ פּאָליטיק, וואָס זי קאָן ברענגען נאָר צו מילכאָמע און אומגליקן. אַזויאַרום, אַנטשטייט אַ מעגלעכקײַט צו שאַפן אַ ברייטע באַוועגונג, און, נעמלעך, צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג, אויף צו אונטערהאַלטן דעם איינציק עכטן וועג צום שאָלעם אויפן נאָענטן מיזרעך, ווו די איצטיקע לאַגע איז דער וויכטיקסטער פּאָטענציעלער קוואַל פאַרן אויפקום פון אַ נײַער וועלט־מילכאָמע. ס'איז נייטיק אומבאַדינגט אָרגאַניזירן אַזאַ באַוועגונג, און די אויפגאַבן פון אונדזער פּאַרטיי איז שטעלן די געהעריקע טריט אין אָט דער ריכטונג.

אונדזער אַרבעט צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג האָט ערנסט געליטן פון דער אידעאָלאָגישער שפּאַלטונג, וועלכע איז פאָרגעקומען אין דער פּאַרטיי און אין דער פּראָגרעסיווער ייִדישער סוויווע, אַ שפּאַלטונג, וואָס איז פאָרגעקומען איבער דער אָפּאָרטוניסטישער טעטיקײַט פון איייניקע אָנפירער אין אָט דער סוויווע, וועלכע האָבן געפּרוווט, אויסנוצנדיק זייער ווירקונג אין די פּראָגרעסיווע ייִדישע אויסגאַבעס און אָרגאַניזאַציעס, אוועקפירן די פּראָגרעסיווע ייִדישע מאַסן אויף דעם וועג פונעם רעאַקציאָנערן ייִדישן נאַציאָנאַליזם, ראַסיזם און רעכטן אָפּאָרטוניזם. דאָס האָט געפאָדערט אַ שווערן אידעאָלאָגישן קאַמף צו פאַרטיידיקן די מאַרקסיסטיש־לענינישע ליניע אין דער ייִדישער

[1] אַ. שענקער — פאָרזיצער פונעם פּראָפאַריין פון לערער אין פשאַ. אַ רעאַקציאָנערער פּאָליטיקער פון אַ רעכט־סאָציאַליסטישן טאָלק (באַמערקונג פונעם איבערזעצער).

[2] ד. דובינסקי — אַ רעאַקציאָנערער פּראָפאַריין־טוער. לאַנגע יאָרן געשטאַנען בעראָש פון דעם פאַריין פון פרויען־שנײַדער (באַמערקונג פונעם איבערזעצער).

פּראַגע. אין דעם דאָזיקן קאַמף האָבן מיר געמאַכט אַ באַדײַטנדיקן טראָט פאָרויס און האָבן זיך דערשלאָגן אַן ערנסטע שטיצע פון דער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי אין דעם געביט. אָבער די שלאַכט איז נאָך ווײַט ניט געוווּנען. די רעדאַקטאָרן פון דער צײַטונג „מאָרגן־פרײַהײַט" האָבן קימאַט אינגאַנצן זיך אַריבערגעפירט אין לאַגער פון די פּראָצ׳יעניסטן און אַנטיסאָוועטישע קױכעס און זיך אַלץ ענגער פאַרבונדן מיט די רענעגאַטן פון מאקי אין ייִסראָעל און פון „דזשויִש קאַרענטס"[1] בײַ אונדז אין לאַנד, וועלכע האָט שוין פון לאַנג קיין שום אַלגעמיינס ניט מיטן פּראָגרעס.

דער זשורנאַל „דזשויִש אַפּערס" איז אַ ווירקזאַמער אינסטרומענט אין אונדזער קאַמף. דאָס איז אַן עפעקטיווע אויסגאַבע, אָבער פיל שטייט נאָך פאָר אָפּצוטאָן, קעדיי צו מאַכן זי בעסער. דערווײַל ווערט אָט דער זשורנאַל פאַרשפרייט צווישן אַ פאַרהעלטנישמעסיק ניט גרויסער אַאודיטאָריע, און דער באַשטאַנד פון זײַנע מיטאַרבעטער אַנטשפּרעכט ניט גענוג די באַדערפענישן. מע דאַרף — און ס׳איז מעגלעך — מאַכן אַזוי, אַז „דזשויִש אַפּערס" זאָל צוצי׳ען אַ גרויסע צאָל לייענער. קעדיי דאָס צו דערגרייכן, איז נייטיק קאָנצענטרירן אַלע מעגלעכע אָנשטרענגונגען.

דער צווייטער ווירקזאַמער אינסטרומענט אין אונדזער קאַמף — דאָס איז דער קאָמיטעט פאַר אַ גערעכטן שאָלעם אויף דעם נאָענטן מיזרעך, וועלכער געפינט זיך אין ניו־יאָרק. דער דאָזיקער קאָמיטעט איז געוואָרן אַ וויכטיקע באַזע פון אונדזער קאַמף (עפנטלעכע מיטינגען, פאַרשפרייטונג פון ליטעראַטור, דעמאָנסטראַציעס, רעקלאַמע אאַוו.), מיר נוצן אים אויך אויס אויף אײַנשטעלן קאָנטאַקטן מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. אָן שום ספק — דאָס איז אַ לינקע אָרגאַניזאַציע, נאָר מיט אַ פאַרהעלטנישמעסיק שמאָלער באַזע. די באַזע אָבער קאָן פאַרברייטערט ווערן. די טעטיקײַט פונעם קאָמיטעט איז וויכטיק צוליב דער שאַפונג פון אַ מער ברייטערער שאָלעם־אָרגאַניזאַציע.

די אַלע דערגרייכונגען זײַנען אַ רעזולטאַט פון דער טעטיקײַט פון דער נאַצי׳אָנאַלער קאָמיסיע איבער די פראַגן וועגן ייִדן[2], וועלכע האָט געפירט אַ קאָנסעקווענטע אַרבעט אין דעם געביט. אין איר אַרבעט אָבער זײַנען פאַראַן געוויסע שוואַכקײַטן, וועלכע זײַנען שוין פון לאַנג פאַראַן אין אונדזער טעטיקײַט צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג. אונדזער אַקטיווקײַט און די קאָנטאַקטן זײַנען קימאַט אינגאַנצן אײַנגעשלאָסן בלויז צווישן די באַיאָרטע מענטשן, וועלכע ריידן אויף ייִדיש. מיר זײַנען נאָך אָפּגעווײַטערט פון די, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר די מערהײַט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג בײַ אונדז אין לאַנד — פון די ענגליש־ריידנדיקע ייִדן, ווי אויך פון דער ייִדישער יוגנט. אין רעזולטאַט דערפון זײַנען בײַ אונדז ניט פאַראַן קיין קאָנטאַקטן מיט די נײַ־געשאַפענע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע טרעטן אַרויס פאַר שאָלעם, און ס׳איז ניטאָ די נייטיקע באַזע אויף צו שאַפן אַן אײנהײַטלעכן פראָנט פון שאָלעם פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס מיט דער קאָמפּאַרטיי אַלס אַן אָנערקענטן אָנטיילנעמער. מיר זײַנען אָפּגעזונדערט פון דעם קאַמף פאַר אײניקײַט צווישן ייִדן און נעגערן, וועלכער ווערט שוין געפירט גאַנץ ברייט, ווי אויך פון דעם קאַמף אַרום דער אַזויגערופענער פראַגע וועגן „קוואָטעס"[1]. מע דאַרף ערנסט צוגיין צו דער פראַגע וועגן גיכער זײַן אונדזער סעקטאַנטישקײַט אין דעם געביט.

ס׳איז נייטיק פאַרשטאַרקן די נאַצי׳אָנאַלע קאָמיסיע איבער די אָנגעלעגנהײַטן פון די ייִדן מיט פאָרשטייער פון די פראָפאַריינען, פון דער יוגנט, ווי אויך מיט די קױכעס, וועלכע נעמען אָן אָנטייל אין אַנדערע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס. מע דאַרף אויסטיילן פאַר אָט דער אַרבעט אַ באַפרײַטן פונקצי׳אָנער, וועלכער וואָלט געקאָנט אָפּט אַרומפאָרן, אײַנשטעלן קאָנטאַקטן, העלפן „דזשויִש אַפּערס", זי זאָל ווערן אַ מער עפעקטיווע אויסגאַבע און אויך אָרגאַניזאַצי׳אָנעל קאָאָרדינירן די אָנשטרענגונג פון דער פּאַרטיי אין אָט דער ריכטונג.

ס׳איז נייטיק, מיר זאָלן אידעאָלאָגיש זיך פאַרפעסטיקן, קלאָרער מאַכן אונדזער שטאַנדפּונקט אויף דער ייִדישער פראַגע, אויף דעם טאָך פונעם צי׳עניזם, אויף דעם כאַראַקטער פון דער ייִדישער געמיינדע און דער נויטווענדיקײַט צו פאַרשטאַרקן די פּאַרטיי דורך צוצי׳ען אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער. דער גאַנצער פּאַרטיי איז נייטיק קלאָר מאַכן די וויכטיקײַט פונעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם, קעגן צי׳עניזם, קעגן די מאַנעוורען פון די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע און פון ייִסראָעל אויפן נאָענטן מיזרעך, ווי אויך קעגן ראַסיזם און רעאַקציע גופא אין דער ייִדישער סוויווע.

„דזשויִש אַפּערס" (ניו־יאָרק).

---

[1] מאקי — אַזוי האָט זיך גערופן די גרופּע רענעגאַטן, וועלכע האָט אין דער מיט פון די 60־ער יאָרן געפירט פאַרכאַפּן די אָנפירונג אין דער ייִסראָעלדיקער קאָמפּאַרטיי מיטן ציל צו פאַרוואַנדלען זי אין אַ פּראָצ׳יעניסטישער, רעכט־אָפּאָרטוניסטישער אָרגאַניזאַציע. לעצטנס האָט מאקי זיך פאַרייניקט מיט דער לינק־צי׳עניסטישער באַוועגונג „בלוי־רויט". „דזשויִש קאַרענטס" — אַ זשורנאַל אין דער ענגלישער שפּראַך, וועלכער איז אין דער פאַרגאַנגענהײַט אַרויסגעטראָטן פון פּראָגרעסיווע פּאָזיציעס און איצט האַלט ער זיך אַלץ מערער און מערער בײַ אַ פּראָצ׳יעניסטישן קורס (באַמערקונג פון דעם איבערזעצער).

[2] די נאַצי׳אָנאַלע קאָמיסיע איבער די פראַגן וועגן ייִדן — אַ ספּעצי׳עלער אָרגאַן אין דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּשאַ, וועלכער פאַרווירקלעכט די אַרבעט צווישן דער פּראָגרעסיווער ייִדישער באַפעלקערונג פונעם לאַנד.

[1] עס גייט דאָ די רייד וועגן די קוואָטעס בײַם אָננעמען אויף אַרבעט פאָרשטייער פון דער ניט־ווײַסער באַפעלקערונג אין באַזונדערע צווײַגן פון דער אינדוסטריע אין אייניקע שטאַטן.

■ ■ ■

# עס ווערט פאַרגעזעצט דער שמועס, וואָס «סאָוועטיש היימלאַנד» האָט אָנגעהויבן

## „דער דענקמאָל אין באַבי יאָר וועט שטיין לעדוירעס"

אינעם נומ. 6 פון „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרן פאַריקן יאָר איז געווען אָפּגעדרוקט א רעפּאָרטאַזש פון קיעוו וועגן דער אַרבעט, וואָס ווערט געפירט אַף צו פאַרייביקן דעם אָנדענק פון די קאָרבאָנעס אין באַבי יאָר. לעצטנס איז אין א ריי צײַטונגען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אן אַרטיקל פונעם קאָרעספּאָנדענט פון דער פּרעסע־אַגענטור „נאָוואָסטי" יע. ריבינא „די לעצטע טעג פון באַבי יאָר". מיר דרוקן איבער, עטוואָס געקירצט, דאָס דאָזיקע אַרטיקל.

### די לעצטע טעג פון באַבי יאָר

ווען די היטלערישע כאַיאָלעס האָבן אונטער די קלעפּ פון דער סאָוועטישער אַרמיי זיך אָנגעהויבן אָפּקײַקלען אַף מײַרעוו, האָבן די פאַשיסטן, פּרוּווגדיק פאַרווישן די שפּורן פון זייערע פאַרברעכנס, געשאַפן אין באַבי יאָר א קאַצעטן־לאַגער פון פאַרורטיילטע אַף טויט מענטשן, וועלכע האָבן געדאַרפט פאַרברענען די מייסים.

330 זײַנען זיי געווען. 329 זײַנען גרייט געווען זיך מאַקריעוו צו זײַן, אַבי איינער זאָל זיך ראַטעווען, און ער זאָל קאָנען דערציילן דעם עמעס וועגן באַבי יאָר. א גרופּע סאָוועטישע קריגסגעפאַנגענע, אויסגעצערטע און פאַרשמידטע אין קייטן, וועלכע האָבן אויסגעזען פּונקט שוין ווי אומבאַהאָלפענע קעגן דער גוט אויסגעשולטער היטלערישער מאַשין פון מאַסן־פאַרניכטונג, האָט צוגעגרייט און פאַרווירקלעכט אן אומדערהערטן העלדנטאַט — דאָס אַנטלויפן פונעם לאַגער. לעבן געבליבן זײַנען 15. אָט זײַנען די גווּיעס־איידעס פון פיר פון זיי וועגן די לעצטע טעג פון דער טראַגעדיע אין באַבי יאָר.

וולאַדימיר דאַווידאָוו, בוי־אינזשעניער:

— דעם 18 אווגוסט 1943 האָט מען אין סירעצקער לאַגער, פונוואַנען קיינער פלעגט ניט אַרויס א לעבעדיקער, אָפּגעקליבן 100 „געפערלעכסטע פאַרברעכער" און זיי אָפּגעפירט אין באַבי יאָר. אין גערדאַנק האָבן מיר זיך שוין געזעגנט מיטן לעבן. אָבער אונדז האָט מען ניט געפירט אַף צו דערשיסן. מע האָט אונדז פאַרשמידט אין קייטן און געהייסן צעגראָבן די ערד, וואָס איז געווען פאַרוואַקסן מיט גראָז. מיט דער אַרבעט האָט אָנגעפירט דער עסעסאָוועץ טאָפּײַדע. דער דאָזיקער מערדער האָט גוט געוווּסט, ווו עס ליגן פיל צענדליקער טויזנטער מענטשן, וועלכע מע האָט דערשאָסן דעם 29 און 30 סענטיאַבער 1941. דאָס איז געווען דער סאָד פון דער דײַטשישער אימפּעריע, און דער דאָזיקער סאָד האָט געדאַרפט שטאַרבן צוזאַמען מיט אונדז. באַגלייט דורך אווטאָמאַטלער און הינט, זײַנען מיר אַרויס צום באַבי יאָר און דאָרט פון גאַנצפרי ביז שפּעט אין אָוונט געשלעפּט פון ריזיקע גריבער מייסים. די, וועלכע זײַנען געלעגן פון אויבן, האָט מען נאָך געקענט, פאַרטשעפּענדיק מיט א האַקן, אָפּשלעפּן צום אויוון. ווי־ניט־איז האָט מען נאָך געקאָנט אָפּגראָבן דעם מיטעלן שיכט ערד, ווו די מייסים זײַנען געווען אָנגעטאָן אין גרעט. נאָר אינעם אונטערשטן שיכט, דעם סאַמע דיקן, זײַנען געווען אויסשליסלעך קערפּערס פון גרוי־ערדישן קאָליר. זיי זײַנען געווען אַזוי אײַנגעלעגערט און צונויפגעפלאָכטן, אַז עס איז שווער געווען אָפּצורײַסן איין מעס פון דעם אַנדערן. אַף א סאַך קינדערשע קערפּערלעך איז ניט געווען קיין איין ווונד: מע האָט זיי באַגראָבן לעבעדיקערהייט.

דאַוויד בודניק, בוי־אינזשעניער:

— די קערפּערס האָט מען אַף די אויוונס צונויפגעלייגט אין שטאַבעלן, עטלעכע מעטער די הייך, זיי באַגאָסן מיט ברענשטאָף און אונטערגעצונדן. די אויוונס האָט מען געבויט פון די שטיינער אַף מאַצייוועס און שטאַכעטן, געבראַכטע פונעם בעסוילעם, און פון רעלסן. די עסעסאָווצעס זײַנען געשטאַנען בא די אויוונס און אַכטונג געגעבן, מע זאָל פון די מייסים אַראָפּנעמען דאָס צירונג, וואָס עס האָט זיך ניט אײַנגעגעבן צו געפינען מיט צוויי יאָר צוריק.

זאַכאַר טרובאַקאָוו, שעף פון א צעך אין דער פאַבריק „אינדפּאָשיוו“:

— אויסער דעם, פלעגן צום באַבי יאַר אַלע טאָג קומען צו פאָרן „דושעגובקעס“. מיר האָבן אויסגעלאָדן די שווייסיקע, נאָך וואַרעמע קערפּערס און אָפּגעטראָגן זיי צום שײַטער. אַפן שײַטער פלעגן זיי זיך פּלוצעם אויפהייבן, ווי געקרייציקטע, פונעם פײַער, פונקט ווי זיי וואָלטן פאַרשאָלטן די וועלט, וועלכע האָט געקאָנט געבוירן אַזאַ אַכזאָריעסדיקײַט. דאָס האָט מען מאַמעש ניט געקאָנט איבערטראָגן. אַלע טאָג פלעגן צוויי־דרײַ מענטשן אַראָפּגיין פון זינען. העכער 30 יאָר פאַרפאָלגן מיך אָט די קאָשמאַרן. איך כאַפּ זיך אויף אינמיטן נאַכט מיט שוידער...

יאַקאָוו קאַפּער, סטאָליער אינעם מעדיצינישן אינסטיטוט:

— מע האָט אונדז געהאַלטן פאַר וואַזשנע פאַרברעכער, און די פאַשיסטן אַליין האָבן אונדז גערופן „אַרומשפּאַנענדיקע מייסים“. אַף דער וואָך זײַנען געשטאָנען בלויז אָפּיצערן. ווען די שײַטערס האָבן דערברענט, פלעגן זיי אונדז באַפעלן איבערמאָלן די ניט אויסגעברענטע ביינער, זיי דורכזיפּן און פאַנאַנדערוואַרפן איבער די דערבײַיִקע גערטנער, דערנאָך פאַרפולן נײַע אויוונס. פון פרי ביז שפּעט איז דער הימל איבערן באַבי יאַר געווען פאַרצויגן מיט קנוילן געדיכטן שוואַרצן רויך.

וולאַדימיר דאַווידאָוו:

— אין לאַגער האָט זיך באַוויזן פיאָדאָר יערשאָוו. „אויב צוזאַמען מיט די מייסים וועלן מיר אויך פאַרברענט ווערן, — האָט ער געזאָגט, — וועט ניט זײַן, ווער עס זאָל וועגן דעם דערציילן. מיר דאַרפן אַנטלויפן“. דאָס איז געווען אויסערגעוויינלעך שווער. אַף יעדן אונדזער פינפטל איז אויסגעקומען אַן אווטאָמאַטלער מיט אַ הונט. ניט געקוקט דערויף, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער פלייטע.

יאַקאָוו קאַפּער:

— מיר פלעגן אונטערזוכן די מייסים — דאָס האָט מען אונדז געצוווּנגען צו טאָן — און אָפט געפונען שליסלען, שערלעך, אַנדערע זאַכן. די מענטשן האָבן דאָך ניט געוווּסט, אַז מע פירט זיי צום טויט, האָבן זיי גענומען מיט זיך דאָס סאַמע נייטיקסטע. איך האָב איבערגעקליבן אַ סאַך שליסלען און, ענדלעך, געפונען: איינער איז צוגעגאַנגען צום ריזיקן שלאָס, מיט וועלכן מע פלעגט פאַרשפּאַרן אונדזער זעמליאַנקע.

דאַוויד בודניק:

— די היטלעראָווצעס האָבן זיך געאײַלט. פון יענער זײַט דניעפּער האָבן זיך דערטראָגן קאַנאָנאַדעס. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז עס דערנעענטערט זיך די צײַט, ווען מיר וועלן דאַרפן צעטיילן דעם גורל פון די קאָרבאָנעס פונעם באַבי יאַר. די לעצטע קוואָרים ווערן אויסגעליידיקט. דעם 29 סענטיאַבער באַטאָג איז צו פיאָדאָר יערשאָוון געקומען יאַקאָוו סטעיוק: „פעדיע, דער לעצטער אויוון איז צוגעגרייט פאַר אונדז. טאָפּײַדע האָט געזאָגט, מע זאָל אים ניט אָנלאָדן... מאָרגן דאַרפן זיי פונדאַנען נעלעם ווערן“...

זאַכאַר טרובאַקאָוו:

— אָפּדערנאַכט האָבן די וועכטער אַרײַנגעטראָגן אין קעלער אַ גרויסן באַק מיט געקאָכטע קאַרטאָפל, אויסרעכענענדיק, אַז דאָס גרויסאַרטיקע מײַכל וועט אָפּטעמפּן די וואַכזאַמקײַט פון די קאַצעטלער. קיינער האָט זיך ניט געטאָרט אָנשטויסן, אַז דאָס איז די לעצטע אין אונדזער לעבן וועטשערע. ווען די שקִיע איז צוגעפאַלן, האָט יערשאָוו קורץ געמאָלדן: „מיר טרעטן אַרויס הײַנט“. די גרעסטע פאַראַנטוואָרטלעכקײַט איז אַרופגעלייגט געוואָרן אַפן שלאָסער וויאַטשעסלאַוו קוקליא. ער האָט געדאַרפט דורכרוקן די האַנט צווישן די פּרענטעס פון דער רעשאָטקע און פאָרזיכטיק עפענען דעם שלאָס. דער שליסל איז אַרײַן אינעם שפּאַלט אָן קיין שום רויש. א דריי — און ס'האָט זיך דערהערט אַ שאַרפער מעטאַלישער קלאַנג. קוקליא האָט באַוויזן אַרויסרײַסן דעם שליסל און זיך צושפּאַרן צו דער וואַנט. אין דעם זעלבן מאָמענט האָט אַ בלייכער שטראַל פון אַ לאַמטערנדל באַלויכטן די טיר. דער וועכטער האָט אויך דערהערט דעם קלאַנג.

יאַקאָוו קאַפּער:

— פון 12 אַזייגער באַנאַכט ביז פיר פאַרטאָג האָט קוקליא זיך פאַרנומען מיט עפענען דעם שלאָס. אונדזערע נערוון זײַנען געווען שרעקלעך אָנגעשטרענגט. און ווען דער שלאָס האָט זיך, ענדלעך, געעפנט, זײַנען מיר עטלעכע רעגעס געשטאַנען שווײַגנדיק. פיאָדאָר האָט באַפוילן: „נעמט אַראָפּ די קייטן!“. און די זעמליאַנקע האָט זיך פאַרפולט מיט אַן אויסערגעוויינלעכן גערויש. „וואָס טוט זיך עס דאָרטן בא אײַך?“ — האָט אַ געשריי געטאָן פון אויבן דער וואַכמאַן. „מע האָט זיך צעשלאָגן איבער די קאַרטאָפל“, — האָט רויִק געענטפערט סטעיוק.

וולאַדימיר דאַווידאָוו:

— אין עטלעכע מינוט אַרום האָט דער געשריי פון מענטשן, דאָס בילערײַ פון הינט, די שיסערײַ זיך דערטראָגן שוין ווײַט הינטערן לאַגער. אומבאַוואָפנטע מענטשן האָבן געריסן די מײַלער פון ריזיקע הינט, געוואָרגן מיט די הוילע הענט באַוואָפנטע עסעסאָווצעס, געטאָפּטשעט אין דער ערד די וואַכלײַט. דאָס ערשטע מאָל האָט זיך אין באַבי יאַר געגאָסן בלוט פון די הענקער — פריִער האָט זיך דאָ געגאָסן בלויז בלוט פון זייערע קאָרבאָנעס. אַרויסגעשפּרונגען פונעם יאַר, האָב איך זיך דערקליבן צום יִשעוו סירעץ. דאָרט האָב איך זיך געטראָפן מיט די שוועסטער אַנטאָנינע און נאַטאַליע פּעטרענקאָ. אַן אויסזען האָב איך געהאַט פון אַ טײַוול: 40 טעג זיך ניט געוואַשן, ניט געגאָלט זיך, ניט געביטן די קליידער, ס'האָט פון מיר געטראָגן אַ רייעך פונעם קייווער. די פּעטרענקאָס האָבן מיך אויסבאַהאַלטן. אינגיכן זײַנען געקומען אונדזערע...

דאַוויד בודניק:

— די גאַנצע קִיעווער פּאָליציי, די געסטאַפּאָ און אייניקע מיליטער־טיילן האָט מען געוואָרפן אַף אָפּזוכן די אַנטלאָפענע פונעם לאַגער. די פאַשיסטן האָבן צוגעזאָגט פאַר אונדזערע קעפּ אַ סאַך געלט, זיי האָבן געדראָעט מיט טויט פאַר יעטווידער הילף אונדז. אָבער קיינער האָט אונדז ניט אויסגעגעבן. די פאַשיסטן האָבן געכאַפּט 15 צופעליקע מאַנצבלען, וועלכע זײַנען זיי געקומען אונטער דער האַנט, און זיי צעשאָסן. דער נאַטשאַלסטווע האָט מען מיטגעטיילט: קיין איין איידעס איז ניט געבליבן לעבן.

פיאָדאָר יערשאָוו איז געווען גערעכט: יענע פון אונדז, וועמען עס האָט זיך איַינגעגעבן צו ראַטעווען זיך פונעם באַבי יאַר, האָבן דערציילט פאַר דער וועלט דעם עמעס וועגן אָט דעם שרעקלעכן פאַרברעכן פונעם פאַשיזם. א שאָד, פיאָדאָר האָט ניט דערלעבט... לאַנג האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן מיט דער הילף פון איינעם א כאָווער, מישען (זיַין פאַמיליע־נאָמען האָט ער, צום באַדויערן, ניט אָנגערופן), אין די ליוקן און טרויבן פון א ציגל־זאַוואָד. מישעס זון פלעגט אונדז ברענגען שפּיַיז און וואַסער. און ווען מע האָט אין א כוידעש אַרום באַפריַיט קיִעוו, האָבן אונדזערע סאָלדאַטן אונדז אַרויסגעשלעפּט: גיין האָבן מיר שוין ניט געקאָנט, די פיס זיַינען געווען געשוואָלן פון די קייטן.

וולאַדימיר דאַווידאָוו:
— אָף די פיס זיַינען פאַרבליבן אָפן גאַנצן לעבן אָט די סימאָנים...

עס קייטלט זיך א יאָר נאָך א יאָר, עס לויפן שוין דורך יאָרצענדליקער. אין דער פאַרגאַנגענהיַיט ווערן פאַרשווונדן געשעענישן, מענטשן. אָבער קיינמאָל וועלן ניט אויסגעמעקט ווערן פונעם זיקאָרן יענע טעג, מיט בלוט פאַרבאַקטע אינעם האַרצן. דער אָנדענק פון די פאַרמוטשעטע אין באַבי יאַר איז איצט פאַרייביקט אין בראָנזע און גראַניט, ס'איז אויפגעשטעלט א פיַערלעך־טרויעריקער מעמאָריאַל.

יע. ריבינא

---

# כראָניק

**ליאָן פויכטוואַנגערס ראָמאַן אין דער יוגאָסלאַווישער טעלעוויזיע**

די טעלעוויזיע אין ליובלאַנאַ (יוגאָסלאַוויע) האָט געוויזן א פילם לויטן ראָמאַן פון ליאָן פויכטוואַנגער „די ברידער לאַוטענסאַק".

אין שיַיכעס מיט דער טעלעוויזיע־פּראָגראַם האָט די אָרטיקע צייַטונג „יעלאָ" פאַרעפנטלעכט א פראָגראַם, געווידמעט פויכטוואַנגערס לעבן און שאַפן.

**צום אָנדענק פון ב. קאָוונער און לייב אָליצקי**

אין ייִסראָעל איז אין עלטער פון 78 יאָר געשטאָרבן לייב אָליצקי, דער אוטאָר פון פיל זאַמלונגען לידער, דערציילונגען און מעשאָלים.

לייב אָליצקי איז געבוירן געוואָרן אין ברעסט. געווען אין פוילן א לערער.

אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע האָט ער געלעבט אין ראַטנפאַרבאַנד, אין באַשקיריע. נאָך דער מילכאָמע זיך ווידער אומגעקערט קיין פוילן און דאָרט געווען א מיטאַרבעטער פונעם פאַרלאַג „ייִדיש בוך".

לייב אָליצקי האָט איבערגעזעצט אין ייִדיש פּושקינען און קרילאָוון.

* * *

אין עלטער פון 102 יאָר איז אין פלאָרידע (פאַרייניקטע שטאַטן) געשטאָרבן דער דיכטער און הומאָריסט ב. קאָוונער (י. אַדלער).

■ ■ ■

## אווראָם קאַצעוו





די רעדקאָלעגיע און די רעדאַקציע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" באַגריסן האַרציק דעם דיכטער אווראָם קאַצעוו אין צוזאַמענהאַנג מיט זײַן 60־טן געבורטסטאָג.

מיר ווינטשן א. קאַצעוון פֿיל געזונט און נײַע שעפֿערישע דערפֿאָלגן.

# נײַ־ע לידער

## אַ רעגן

ס'איז נאַכט, און מע שלאָפֿט, נאָר סע שלאָפֿט ניט דער רעגן:
ער גיסט, און באַגיסט און באַגליקט אונדזער געגנט.

אַ מאָזלדיק יאָר! ס'וועט געראָטן, געבאָרן
דער טאָל און דער באַרג, דער בוים און דער דאָרן.

אַ בוים, שוין אַ טרוכלע, וועט אופֿציִען באָרן,
און זאַפּטיקע עפּל — אַ בוים, שוין אַ דאַרער.

דאָס ברויט וועט מען שנײַדן, דערנאָך וועט מען זייען,
ביז האַרבסט וועט מען דרעשן — דאָס האַרץ וועט זיך פֿרייען.

ס'איז נאַכט, און מע שלאָפֿט, נאָר סע שלאָפֿט ניט דער רעגן:
ער גיסט, און באַגיסט און באַגליקט אונדזער געגנט.

## אין שליכעס

גייסטו אין שליכעס, איז ווייס פֿון אַכרײַעס,
ווייס, אַז ס'איז העכער פֿון אייגענעם כּײַעס.

מעג זײַן דער וועג דײַנער פֿינצטער און גליטשיק —
גיי מיט געזאַנג, ווי אַף סטרונעס דער סמיטשיק.

גלײַך זאָלסטו גיין, ווי די קויל גייט איר וועג,
ווייס ניט פֿון מידקײַט, ווייס ניט פֿון שרעק,

ווייס ניט פֿון אָפּטריט, פֿון גנייווע, פֿון גזיילע,
כאַפּ זיך ניט צו, ווי דער ראָב, צו נעווײַלע.

## א יונג הארץ

ווען ס׳האָט דאָס הארץ מיך הײַנט געטאָן א כאַפּ,
דאָן האָב איך זיך דערמאַנט,
ווי כ׳האָב די טעג געלייענט,
אַז ערגעץ אין א ווײַטן לאַנד
האָט מען אַן אַלטן מאַן
אַרײַנגעפלאַנצט א הארץ פון א צעניאָריק מיידל,
און כאָטש דער ריטם בײַ ביידע הערצער איז פאַרשיידן,
מונטערט אים דאָס יונגע הארץ
און ס׳ע דערהאַלט באַם לעבן.

ווען ס׳האָט דאָס הארץ מיך הײַנט געטאָן א כאַפּ...

## דער טשאַבאַן

אין סטעפּ אין דעם ברייטן — א הויכער קורגאַן.
וואָס טראַכט דער טשאַבאַן דאָרט? וואָס טרוימט דער טשאַבאַן?

ער טרוימט פון א ראַכוועס אָן װעלף, אָן געוויטערס,
ווו שטיל און באַרוזקט די סטאַדע זיך פּיטערט,

ווו אָזערעס פינקלען מיט ריינעם קרישטאָל,
ווו זאַפטיק דאָס פלייש איז, געדיכט איז די וואָל.

אין הימלשן רוים, אין דער ראַכוועס פון פעלד
ער שטייט בײַ זײַן טרוים אויף דער וואַך, ווי א פעלדז.

## ווילסטו זײַן א פייגעלע — זײַ

— אַרבעט, מײַן מיידעלע, האָרעווע, קינד.
— כ׳וויל זײַן א פייגעלע — פרײַ פון אַלצדינג.

— ס׳פייגעלע פוילט זיך ניט: בויט זיך א נעסט,
גייט אָפּ מיט שוויס, ביז עס רוט, ביז עס עסט.

אַרבעט, מײַן מיידעלע, ריר זיך, מײַן קינד —
פונקט ווי דאָס פייגעלע, גיך און געשווינד.

## די עלטער

פאַרגעניגן פון א מײַכל, פון א גוט געטראַנק,
פון אַרומפאָרן, פון ליבע, פון א בליץ־געדאַנק, —

מ׳זאָגט, — עס האָט א יונגער מענטש בלויז, ווער עס איז געזונט,
ווער ס׳איז לעבעדיק און לוסטיק, ווער ס׳איז פריש און יונג.

מעג דער אלטער מענטש זיך לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט —
ער וועט קיינמאָל ניט דערגרייכן צו דער יונגער פֿרייד.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איידער זײַן צו שפּאָט, זיך בעריען, ווײַזן, וואָס ער קען,
זאָל ער אין דער רײַפֿער עלטער פֿאַרגעניגן זען!

## דער זון און די מוטער

באלאדע

מע האָט אים צעשניטן און טייקעף פֿארבײַט.
ער האָט צו דער עמעסער וועלט זיך געגרייט.

די מוטער לעם אים ווי א ליכט האָט געצאנקט.
מיט אָפֿענע אויגן, מיט קלאָרן געדאנק.

געפֿרעגט האָט דער זון שטערבלעך־שטיל, אָבער הארב:
— דער עמעס ווו איז? כ'בין דײַן קינד — און איך שטארב?

צום הארצן די מוטער פֿארפֿרעסט האָט די הענט:
— פֿארלייגט כ'וואָלט דײַן גרוב, ווען אין מיר איז געווענדט.

א גוואלדיקן קוי'ך האָט דער מוטערס א וואָרט —
א גליקלעכע פֿאלט זי דאָ גלײַך אָפּן אָרט.

דער זון הייבט זיך אוף, ס'איז א ווונדער געשען!
נאָר ניכע דאָס לעבן איז אים ניט געווען.

## פֿון ראסול גאמזאטאָוון

אויב הונדערט האָבן ליב דיך,
דײַן קאָס פֿון גליק איז פֿול,
איז ווייס, אז צווישן הונדערט
איז דאָ גאמזאט ראסול.

אויב דו געפֿעלסט נאָר איינעם,
איז אַלץ דערווײַל נאָך גלאַט:
פֿאַרליבט איז ניט קיין אנדערער,
נאָר איך — ראסול גאמזאט.

נאָר אויב סע דאַרף דיך קיינער ניט
און ביסט פֿון ווייטעק דול,
איז ווייס, אז ס'איז אָף יענער־וועלט
פֿון לאַנג גאמזאט ראסול.

## צעשטרײַטקײַט

זאכן,
ווען זיי דערוויסן זיך פֿון דײַן צעשטרײַטקײַט,
נעמען זיי דיר אָפּטאָן שפּיצלעך:
זיי באהאלטן זיך פֿון דיר.
זיי קוקן פֿון אַן ערטעלע דיר נאָך,
ווי'אזוי דו קערסט אין שטוב אַלץ הארע־קאָרע,
און קײַכן פֿון געלעכטער.

און ס'טרעפט נאָך בעסער:
זיי ליגן פאַר די אויגן דיר און שווײַגן.

נאָר איך בין איצט געוואָרן קליגער.
איך זאָג דער זאַך, וואָס טוט מיר אַפּצולאַכעס, —
דעם הענטל־פֿען, דעם בייגעלע פּאַפּיר, דעם
שטעקשוך:

— אַליין זיך זוך.
ביז דו זיך וועסט געפינען,
איך האָב אַ קליינע דײַגע...

## אַ ביוראָקראַט

עס טרעפט, אַז איך זע אים: ער זיצט אַף זײַן אָרט
פאַרוואָרצלט, צעצווײַגט! דוכט זיך, גאָט באַ דער באָרד

געכאַפּט האָט דער מענטש. און דעם ריז, און דעם דעמב
אַ וואַלגער מע טוט, און אין קלעמען מע נעמט,

און מע פירט אים אַוועק, און ער ווערט אַנטרינען —
און איך זוך אים מיט ליכט, און איך קען ניט געפינען.

## פון פראַנצויזיש

איך בלאַנקע אום אין סאַד. די רויז האָט זיך צעבליט.
דער שאָטן פון דער בלום אַף די שטאַכעטן ליגט.
כ'גיי שטילערהייט אַרײַן אין שאָטן פון דער רויז:
ווי גרינג מיר איז, ווי ליב איר שאָטן אַף מײַן שויס.



# פון יעכעזקל דאָברושינס אַרכיוו

**צו מוישע כאַשטשעוואַצקין**

1. אַלושטע, 28 יון 1916

איך בין ניט קאָמפּעטענט עפּעס־וואָס באַשטימט זאָגן וועגן אײַערע לידער אַף רוסיש. די רוסישע דיכטונג האָט איצט דערגרייכט געוויסע טעכנישע און טאָנאַלע הייכן. אַזוי עלעמענטאַר, ווי־אַזוי איר שרײַבט, — טאָר מען ניט.

איר פאַרמאָגט אָבער אַ דיכטערישע „וואַרעמקײַט", נאָר ניט איך דאַרף רעקאָמענדירן „טאַלאַנט" פאַר „יעווריסקאַיאַ זשיזן" און „נאָווי פּוט"[1]. ווענדעט זיך דירעקט צו אָט די אָנגערופענע זשורנאַלן. באַמיט זיך מאַכן קאָמפּליצירטער און שטײַפער דעם געדאַנק, די שפּראַך. וועגן באַגאַבונג איז, לויט מײַן מיינונג, נאָך פרי צו ריידן. צי האָט איר געפּרוּווט שרײַבן אַף ייִדיש?

מיט אַכטונג

**כ. דאָברושין**

2. 2 אויגוסט 1916, אַלושטע

אײַערע ייִדישע לידער האָב איך איבערגעלייענט. אַ סך אינטערעסאַנטער, איידער די רוסישע. ווייניקער הילפלאָזע. און די שפּראַך — אײַערע. אָבער... דער זעלבער מאַנגל אין קאָמפּליצירטן, פאַרטיפטן. אונדזער ליריק איז שוין אויך אַרויס פון די וויקעלעך, פון דער אַזוי־גערופענער „פאָלקסטימלעכקײַט"[2], און דאַרף פאַרטיפערן די לעבנס־אויפפאַסונג, די איבערלעבונגען. אײַער „האַרבסט־מאָטיוו" מאַכט אַ ניט שלעכטן אײַנדרוק, נאָר דער סאָף איז באַנאַל.

דער „סאָנעט" איז שפּילעוודיק, אָבער אָנגעשריבן נעפּלדיק. אײַער גראַם איז ניט קלינגעוודיק, עס שטערט אים די אויסשפּראַך: „אומעט" און „טאָמיד", לעמאָשל. אין דער ליד „ליבע" זײַנען פאַראַן צו פיל „אַלגעמיינע" געפילן. „עלעגיע" און „צום כאַוער" זײַנען מינדערווערטיק. מע דאַרף עפּעס זאָגן, יעדע ליד דאַרף עפּעס אַנטדעקן. מענטשן גלייבן שוין איצט ניט בלויז דעם ריטם און דעם גראַם. אין דעם אַזוי־גערופענעם „רייזין־פּעריאָד"[3] פון אונדזער ליטעראַטור וואָלטן עפּשער אײַערע לידער געווען גילטיק, אָבער נאָך דעם שטרענגדענקערישן איינהאָרן[4], לירישן אימבער[5], באַזונדערס נאָך די אַמעריקאַנער דיכטער (זע „שריפטן"[6], 1־טער און 2־טער בענדער) האָבן מיר די רעכט צו פאָדערן פון אונדזער פּאָעזיע אַ מער קאָמפּליצירטע פאַרבן־גאַמע, נײַע קאָלטור־הייכן אַאוו. אויב איר זײַנט יונג, איז אַרבעט, לייענט אַ סאַך פון די אייראָפּעיִשע דיכטער, מאַכט שטײַפער אײַער אייגענעם „איך", שטרעבט צום „נײַעם" אין געביט פון לעבנס־דערקענטעניש און פאַרבן. די דאָזיקע לידער אײַערע זײַנען, אַלנפאַלס, ניט רײַפע. ווען איר וועט זיך שוין פילן באַרײַכערטער, פּרוּווט צושיקן אין רעדאַקציע.

**כ. דאָברושין**

דאָס, וואָס איר האָט צוגעשיקט בערגעלסאָנען, האָב איך דורכגעלייענט און אָפּגעשיקט קיין קיִעוו.

3. אַלושטע, 15 אויגוסט 1916

איר ווילט פון מיר צופיל. איך האָב ניט ניט יענע ליטעראַרישע דערפאַרונג, ניט יענע דרייסטקײַט. מיך פרייט אָבער, וואָס איר זײַנט אַלט אינגאַנצן צוואַנציק יאָר. אײַער „מירל" איז בלויז אַ גוטער און פּראָווינציִעלער רעפּעראַט. נאָר איר פאַרמאָגט אַ פייִקײַט זיך צו פאַרטראַכטן. איר פאַרשטייט, מיר איז שווער פאָרויסצוזאָגן, נאָר מיר דוכט זיך, אַז איר דאַרפט שרײַבן. איין מאָל וועט מען אײַך, ווײַזט אויס, אָפּדרוקן. לייענט אַ סאַך, לערנט זיך. די ייִדישע ליטעראַטור נייטיקט זיך איצט אין אינטעלעקטועלע קרעפטן. זאַפּט אײַן זיך אײַן וואָס מער געדאַנקען, געפינט



8—2957



י. דאָברושין (רעכטס), זײַן שוועסטער און דער סקולפּטאָר י. טשײַקאָוו (דרײַסיקער יאָרן)

די פאָרם. באַקאַנט זיך נעענטער מיט דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור און קונסט. איר זײַנט פאַרהעלטניסמעסיק יונג. איר דאַרפט אויך פאַרפולקומען די ייִדישע שפּראַך. „מירל" איז אָנגעשריבן מיט א נעבעכדיקן סטיל. אַרבעט, וויִאַזוי נאָר איר ווילט, נאָר אַרבעט. אָט אַזאַ איז אײַך מײַן דיִאַגנאָז. ווענדעט זיך צו מער באַהאַוונטע. בערגעלסאָן געפינט זיך איצט צו־גאַסט בײַ זײַנע אייגענע, מיר איז נאָך ניט באַוווּסט, ווּהין וועט ער פון דאָרטן אַוועקפאָרן. ניגערן שרײַבט אויפן אַדרעס פון דער רעדאַקציע פון „טאָג"[7] קיין פּעטראָגראַד. ער איז דער רעדאַקטאָר פון זאַמלביכער. אויב, איך וועל אײַך קאָנען מיט עפּעס קומען צוהילף, ווענדעט זיך צו מיר. איך האָב וועגן אײַך א גוטע מיינונג, נאָר דאָס אַלץ — אין דער צוקונפט.

— מיט גרוס —

**כ. דאָברושין**

4. (אַן ערעך אָנהייב 1923)

**ליבער כ' כאַשטשעוואַצקי!**

**וועגן אײַערע לידער האָב איך געשריבן דורך רעזניקן[8]. מיר דרוקן איין ליד (מיטן קינד אויפן יאָמטעוו)[9], און אין נאָמען פון רעדאַקציע און אין מײַן נאָמען, אויב איר גלייבט מיר נאָך, — בעט איך אײַך ניט שטעלן אונדז קיין מעסערס צום האַלדז. אָן אולטימאַטומען. מיר האָבן פון אַלעמען יעסורים. און מוזן אַלעמען דרוקן. האָבן מיר באַשלאָסן געבן צו איין זײַטל. אין קומענדיקן, 5־טן נומער, וועלן מיר געבן מער פּלאַץ. און וועגן אײַערע פּאָעמעס[10] מוז איך אײַך אָנשרײַבן מער פּראָטימדיק. איר האָט מיך מיט די זאַכן פאַרינטערעסירט. אָבער איר שטייט ניט אויף א ריכטיקן וועג. פון אויסלענדערן האָב איך אײַערע לידער רעדאַקטירטע ניט באַקומען.**

**אײַער י. דאָברושין.**

5. 12 יול 1928

**ליבער מוישע.**

**איך בין שוין א יעווּפּאַטאָריער און האָב צו אײַך א באַקאָשע. אין „שול און בוך" דאַרף אַרויסגיין מײַן „אַרום א בײַדל"[11], בעט איך אײַך נעמען פאַר מיר צוויי ביכלעך און אָפּשיקן אויף מײַן אַדרעס קיין יעווּפּאַטאָריע. עפּשער וועט דער פאַרלאַג וועלן אָפּשיקן מיר אַהער אַלע מעכאַבערישע עקזעמפּליאַרן, איז אַוודאי רעכט. בעט זיי אין מײַן נאָמען.**

**דאָ איז זון, ייִדן און לאַנגווײַל, אויסער די פאָנדן (אומגעפאָרן שוין), ווו ס'איז פאַרשייִדענע שעפערישע צאָרעס[12].**

**אײַער י. דאָברושין**

**צו דער רעדאַקציע**
**פונעם אַלמאַנאַך „היימלאַנד"**

(אַן ערעך יון 1948)

**ליבע כאַווײרים פון „היימלאַנד"!**

**כ'בין צופרידן, וואָס גובניצקיס „פּאַראָם"[13] געפעלט אײַך. א זאַפטיקע זאַך. א נײַע טעמע. די פינאַלע שורע, דאַכט מיר, דאַרף מען ענדערן, ניט „אָנהייב לעבן" (צו אַלגעמיין), נאָר דער זעלבער געדאַנק, אויסגעדריקט שטייגעריש־בילדעריש. מיט איין וואָרט — ס'איז גוט, וואָס מיר וואַקסן.**

**זײַט מיר געזונט.**

**י. דאָברושין**


ליבע רעדאַקציע פון „היימלאַנד"

מיט איין וואָרט — ס'איז גוט, וואָס מיר וואַקסן

פאַקסימילע פון י. דאָברושינס א בריוו

## באַמערקונגען און קאָמענטאַרן

„סאָוועטיש היימלאַנד" האָט שוין פאַרעפנטלעכט צוויי בריוו פונעם באַוווּסטן סאָוועטישן קריטיקער און ליטעראַטור־פאָרשער, דראַמאַטורג און דיכטער יעכעזקל דאָברושין (1883—1953) צום דיכטער מוישע כאַשטשעוואַצקי (זע נומ. 9 פאַרן 1965). איצט האָבן מיר אָפּגעזוכט נאָך אייניקע מאַטעריאַלן פון י. דאָברושינס עפּיסטאָלאַרישער ירושע, דערונטער 5 בריוו צו דעם זעלבן מ. כאַשטשעוואַצקין און איין בריוו אין דער רעדאַקציע פונעם ליטעראַריש־קינסטלערישן אַלמאַנאַך „היימלאַנד", וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין מאָסקווע אין די יאָרן 1947—1948.

די ערשטע דרײַ בריוו, דאַטירט אין יוני — אויגוסט 1916, זײַנען געשריבן אויף רוסיש און ווערן דאָ געגעבן אין דער איבערזעצונג אויף ייִדיש. יעכעזקל דאָברושין איז שוין צו יענער צײַט געווען דער אויטאָר פון א זאַמלונג לידער, איינאַקטערס און בילדער „בענקנדע נעשאָמעס" (ווילנע, 1912), פון א פּראָזע־בוך „עסטערקע" (קיִעוו, 1914), פון די דראַמאַטישע ווערק „ווען געפילן וואַכן" (ווילנע, 1914) און „אין גאָרטן" (פּעטערבורג, 1916) און פון א ריי קריטישע עטיודן איבער פראַגן פון ייִדישער ליטעראַטור. דערײַבער איז קיין וווּנדער ניט, וואָס דער ליטעראַטור־אָנפאַנגער מוישע כאַשטשעוואַצקי האָט געפונען פאַר נייטיק זיך צו ווענדן נאָך אן אייצע מיקויעך זײַנע ערשטע דיכטערישע פּרוּוון גראָד צו יעכעזקל דאָברושינען. פּערזענלעך זײַנען זיי נאָך דעמלט ניט געווען באַקאַנט צווישן זיך, און דאָברושין האָט אַפילע ניט געוווּסט, וויפל עס איז אַלט זײַן יונגער קאָרעספּאָנדענט (זע בריוו 2 און 3). דער פערטער בריוו געהערט שוין צו דער צײַט, ווען מוישע כאַשטשעוואַצקי האָט באַקומען אין דער ליטעראַטור־סוויווע אנערקענונג אַלס דיכטער, און ענדלעך, דער פינפטער — ווען ביידע שרײַבער האָבן זיך באַפרײַנדעט און געוואָרן גאַנץ נאָענט צווישן זיך.

די בריוו, וועלכע י. דאָברושין האָט אַדרעסירט דעם יונגן אָנפאַנגער מ. כאַשטשעוואַצקין, זײַנען איבערטראַסאַנט דערמיט, וואָס זיי באַווײַזן, וואָס פאַר אן אכרײַעס עס האָט אַרויסגעוויזן זייער מעכאַבער פאַר דער אופשטײַגנדיקער ייִדישער ליטעראַטור און וואָס פאַרא פאָדערונגען ער שטעלט אַרויס צו אירע שעפער. ס'איז שוין אין אָנצוהערעניש וועגן יענעם יעכעזקל דאָברושין, וועמען ס'האָבן דערנאָך געהאַט צו פאַרדאַנקען פאַר דער ריכטיקער ליטעראַריש־עסטעטישער און אידייִשער אָריענטירונג, אין סאַמע אָנהייב פון זייער שעפערישן וועג, ניט ווייניק שרײַבער.

דעם געפיל פון אכרײַעס פאַר יעדן ווערק, וואָס ווערט געשאַפן אין דער ליטעראַטור, פאַרהיט י. דאָברושין אַפן גאַנצן לעבן, וועגן דעם זאָגט איידעס אויך דער לעצטער בריוו, וואָס מיר דרוקן הײַנט. צו אונדז איז צופעליק דערגאַנגען דאָס רעגיסטראַציע־בוך פונעם אַלמאַנאַך „היימלאַנד", פון וועלכן עס איז צו זען, אַז די רעדאַקציע האָט דערהאַלטן אַלעקסאַנדער גוביניצקיס דערציילונג „באַם פּאַראָם" דעם 15 יוני 1948, אָבער דער רעדאַקטאָר, וועמען מע האָט איבערגעגעבן דעם מאַנוסקריפּט, האָט צוערשט אים אָפּגעוואָרפן, ניט פאַנאַנדערקלײַבנדיק זיך אין דער עמעסער ווערט פון דער דערציילונג. עס געדויערט עטוואָס ווייניקער פון צוויי וואָכן—און „באַם פּאַראָם" ווערט באַווילקט צום דרוק. דאָברושינס קורץ בריוול אין דער רעדאַקציע פונעם אַלמאַנאַך באַווײַזט, אַז דער גורל פון דעם טאַלאַנטפולן ווערק איז געלײַזט געוואָרן צו גונסטן דעם יונגן שרײַבער ניט אָן דער פאַרינטערעסירטער אַרײַנמישונג פונעם באַוווּסטן קריטיקער. און ווען מיר לייענען די לעצטע שורעס פון דעם בריוו: „מיט איין וואָרט — ס'איז גוט, וואָס מיר וואַקסן", — דערזעען מיר דעם זעלבן דאָברושינען, דעם האַרציקן, האגאַם זייער ערנסטן, אַכרײַעספולן דערציִער פון יונגע שעפערישע טאַלאַנטן.

**צום בריוו 1.**

[1] „יעווריייסקאיא זשיזן" (אַזוי האָט דעמלט זיך אָנגערופן דער „ראַססוועט") און „נאָווי פּוט" — ייִדישע בורזשואַזע זשורנאַלן אויף רוסיש, וועלכע זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין פּעטראָגראַד.

**צום בריוו 2.**

[2] י. דאָברושין געברויכט דעם טערמין „פּאָלקסטימלעכקײַט" אין איראָנישן זין און נעמט דאָס וואָרט אין גענדזנפיסלעך. דאָס באַטײַט ניט לאַכלוטן, אַז דער שרײַבער איז געווען א קעגנער פון פאָלקסטימלעכן סטיל אין דער ליטעראַטור, — ער טרעט אַרויס קעגן יענער נאָכמאַכונג פונעם פאָלקסטימלעכן נוסעך, אונטער וועלכן אייניקע שרײַבער פּרוּוון באַהאַלטן זייער איינפאַכע באַנאַלקײַט און אומבאַהאָלפנקײַט. אין א צײַט אַרום, שרײַבנדיק וועגן מאַני לייבס דיכטונג, שטרײַכט דאָברושין אונטער:

„מיט פאָלקסטימלעכקײַט האָבן, עמעס, באַ אונדז געזינדיקט א סאַך און פאַרשיידענע ליריקער, אָבער זיי אַלע... האָבן דעם באַדכאָנישן מאָטיוו אָנגענומען פאַרן פאָלקס־טאָן און אָנשטאָט די אייגנאַרטיקע וואָרט־שטימונג פון דעם ייִדישן פּרימיטיוו געגעבן אונדז פאַרגראַמטע פּאַשטעס פונעם עלעמענטאַרדיכטערישן סייכל־האַיאַשער" (זע י. דאָברושין. מאַני לייב. זשורנ. „שטראָם", 1922, נומ. 3, ז. 50). און ווײַטער:

„די באהעפטונג, די פרוכטבאר־קינסטלערישע באהעפטונג מיט דער פאָלקס־ליד האָט זיך בא אונדז אין רוסלאנד אָנגעהויבן אָקאָרשט דאָ ניט לאנג צוזאמען מיט דער אופוואכונגס־פּאָעזיע פון דעם מאָדערנעם פעריָאָד. די שפּעטערישע אנטפלעקונג פון די נײַ־געקומענע אופלעבנדיקע פאָלקס־שיכטן האָט מיט זיך פונעם פאָלקס־דעק ארופגעבראכט די פארבאהאלטענע ביז אהער פאָלקלאָר־קלאנגען, די פאָלקלאָר־אראָמאטן, וואָס האָבן מיט ווײַטן ליבלעבן עכאָ אָנגעפילט די שורעס פון דער נײַער דיכטונג. מיט ווײַטן ליבלעכן עכאָ — און ניט מער. ווײַל צו אנדערש: נײַ און בלענדנד איז געוואָרן די ארומיקע פּאָעטישע אידייען־סוויווע, די אופגעקומענע פאָלקס־שיכטן האָבן דאָך בעשאסמײַסע געשמידט גאָר נײַע עכט־וועלטישע קולטור־ווערטן, און די אלטע פאָלקס־טעווע האָט זיך, ווי פארגאנגענער זונענגאָלד, געלייגט נאָר אינעם הינטערגרונט פונעם אופגעוואכטן פּאָעטישן וואָרט" (דאָרט).

וועגן פאלשער אופאסונג פון „פאָלקסטימלעכקײַט" האָט י. דאָברושין געוואָרנט זײַן יונגן קאָרעספּאָנדענט, דעם שרײַבער־אָנפאנגער.

[3] י. דאָברושין, וועלכער האָט אין יענער צײַט אליין געשריבן לידער אין „מאָדערן־סטיל", האָט זיך דעמלט געהאלטן בא דער מיינונג פון פארשיידענע פײַנשמעקער, וועמען עס האָט ניט אימפּאָנירט די פּאשטעס פון א. רייזענס פאָלקס־מאָטיוון. שפּעטער האָט דער קריטיקער זיך אָפּגעזאָגט פון אזא ביטדערשאצונג פון רייזענס שפּעטערישן סטיל.

[4] דאָוויד אײַנהאָרן (1886) — ייִדישער דיכטער, געלעבט און געשאפן אין רוסלאנד, דערנאָך אין אמעריקע.

[5] שמועל־יאנקעוו אימבער (1889—1942) — ייִדישער דיכטער, געלעבט און געשאפן אין פוילן, אומגעקומען אין געטאָ.

[6] „שריפטן" — דרײַכאדאָשימדיקער אלמאנאך, דערשינען אין מעשעך פון א ריי יאָרן אין אמעריקע.

צום בריוו 3.

[7] „דער טאָג" — ייִדישע צײַטונג, דערשינען אין פּעטערבורג אין די יאָרן פאר דער רעוואָליוציע.

צום בריוו 4.

[8] ליפּע רעזניק (1895—1944) — סאָוועטישער ייִדישער דיכטער און דראמאטורג.

[9] „מיטן קינד אפן יאָמטעוו" — געמיינט מ. כאשטשעוואצקיס ליד „יאָמטעוו און פרילינג", וועלכע איז אָפּגעדרוקט אינעם נומ. 4 פונעם זשורנאל „שטראָם" פארן 1923.

[10] געמיינט: מ. כאשטשעוואצקיס באלאדעס. י. דאָברושין האָט וועגן זיי אויספירלעך געשריבן צו מ. כאשטשעוואצקין אין זײַן בריוו, וועלכן ער האָט אים ארויסגעשיקט אין עטלעכע טעג ארום (דער דאָזיקער בריוו איז פארעפנטלעכט אין „סאָוועטיש היימלאנד", 1965, נומ. 9, ז. 146—147).

צום בריוו 5.

[11] „ארום א בײַדל" — „אגראָ־פּיעסע אין 2 בילדער", דערשינען אין פארלאג „שול און בוך" אין 1928. איינע פון די ערשטע פּיעסעס אין דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור, אין וועלכע עס ווערט געשילדערט דאָס לעבן פון די איבערוואנדערער אין קרים. דאָס ערשטע מאָל אופגעפירט געוואָרן אינעם מאָסקווער ייִדישן ארבעטער־קלוב „קאָמוניסט". די פּרעסע האָט וועגן דער פּיעסע געשריבן, אז „דער אווטאָר דאָברושין האָט געגעבן א קרעפּטיקע און זאפטיקע אגיטקע אין בעסטן זין פון וואָרט. אין בעסטן, ווײַל זי אנטהאלט אײַנצײַטיק אגיטאציע־מאטעריאל און קינסטלערישע איבערצײַגעוודיקײַט. דו גלייבסט איר... דער אווטאָר האָט באוויזן לעבעדיקע מענטשן, פארשיידענע לויט זייערע געפילן און געדאנקען, נאָר אײַנהײַטלעכע אינעם ווילן צו בויען א נײַ לעבן „ארום א בײַדל" (זשורנאל „טריבונא", 1928, נומ. 4, ז. 13—14).

[12] „דאָ איז זון, ייִדן און לאנגווײַל, אויסער די פּאָנדן (אומגעפּאָרן שוין), ווו ס'איז פארשיידענע שעפערישע צאָרעס" — געמיינט די אָרדנטלעכע רײַזע קיין יעווּפּאטאָריע, ווו עס האָבן זיך אף די אויסגעטיילטע ערד־פּאָנדן אָנגעהויבן אָרגאניזירן נײַע ייִדישע קאָלווירטן. י. דאָברושין פלעגט אָפּט באזוכן די ראיאָנען פון ייִדישער ערד־אײַנאָרדענונג, און יעדע רײַזע פלעגט אים געבן א סאך אײַנדרוקן פאר זײַנע קינסטלערישע ווערק — פּיעסן, דערציילונגען, פארצייכענונגען. אין דעם פראט איז אינטערעסאנט צו ברענגען אייניקע אויסצוגן פון זײַנע פארצייכענונגען, אײַנגעשלאָסענע אין דער זאמלונג „ערד־לעבן" (כארקאָוו, 1929), וועלכע ער האָט אָנגעשריבן גלײַך נאָך זײַן באזוך אין יעווּפּאטאָריע, וועגן וואָס עס גייט א רייד אין זײַן בריוו צו מ. כאשטשעוואצקין:

„באטאָגיקע גליי־זון האָט געגאָסן טונען־היץ — עמעסע מידבער־היץ...

זון, גרויסע הייסע קרימער זון אף ראכוועסדיקע אָנסאָפיקע יעווּפּאטאָריער פעלד־סטעפּעס. און אין מיטן דער זוניקער ראכוועס פריש אויסגעלייגט אין רייען בוי־ברעטער און ליים־ציגל.

אָט דאָ וועט מען בויען א ייִדישן גרעסערן ייִשעוו אין יעווּפּאטאָריער געגנט. העכער זיבעציק הײַזער וועט מען אוועקשטעלן, און א דאָרפס־הויז פארן ייִדישן דאָרפס־ראט, און א קינדער־שול וועט מען אויסבויען, און אן אָרט פארן ראדיאָ־שפּרעכער איז אָנגעגרייט.

איז הײַנט אן אָפּיציעלער יאָמטעוו — מע לייגט דעם ערשטן שטיין פון דער ערשטער געבײַדע. זײַנען אהער געקומען פאָרשטייער פון די פּארטייִשע אָרגאניזאציעס, פון דער ייִדישער געזעלשאפטלעכקײַט און אָרכים — פּויערים פון די ארומיקע דערפער — רוסישע, דײַטשישע, טאָטערישע. א גרויסער פּויערשער אוילעם האָט זיך אהער פארזאמלט, גענומען אָנטייל אין דער סימכע פון די ייִדישע איבערוואנדערער...

זיי הערן אויך וועגן דער ייִדישער ליטעראטור, וואָס איז בלוטיק פארינטערעסירט אין דער ערד־אײַנאָרדענונג און האָפּט וואקסן צוזאמען מיטן ווּוקס פון דעם דאָזיקן געזונטן ערדישן נאטור־לעבן" (ז. 38—39).

אף אָט דעם יאָמטעוו איז אויך געווען, אלס דירעקטער פאָרשטייער פון דער ייִדישער ליטעראטור, יעכעזקל דאָברושין. אזויארום באקומען א גענויע פארקערפערונג די עטלעכע שורעס אין דעם בריוו זײַנעם, וואָס מיר האָבן אויבן ציטירט.

ווײַזט אויס, צו יענער צײַט געהערט אויך דאָברושינס פּאָרטרעט, געצייכנט פונעם באוווסטן קינסט־



אױף קרימער ערד. געמעל פֿון נ. אַלטמאַן

לער נאַטאַן אַלטמאַן. װעגן דעם, אַז דער קינסטלער איז געװען אין די נײַע ייִדישע קאָלאָניעס אין יעװ־פּאַטאָריער ראַיאָן צוזאַמען מיט י. דאָברושינען, זאָגט אײדעס אַן אַנדער אָרט אין דער זעלבער פּאַרצײַכענונג.

„פֿונדערװײַטן זעט מען שװאַרצע פּינטעלעך, װאָס פּויזען אום איבערן אומענדלעכן סטעפּישן יאַם — פֿון דער נאָענט װאַקסט אױס אַ ייִד מיט אַ פּאָר אָקסן, אײַנגעשפּאַנט אינעם אַקער־אײַזן...

און בעשאַס דער קינסטלער אַלטמאַן, װאָס איז דאָ געװען צװישן די מאָסקװער, האָט צוגעגרייט זײַן פּאַפּיר און בלײַפֿען אױף צו מאַכן אַ פּאָר צײַכענונגען פֿון דער אַקער־אַרבעט, האָט גראָד דער ערשטער זיך אַרױסגערופֿן אָט דער עלטערער איבערװאַנדערער. ער האָט פֿלינק אַ טרײַב געטאָן די אָקסן און גאַנץ געשיקט אױפֿגעגראָבן אַ לאַנגע ערד־שורע.

— סאָפּקאָלסאָף איז עס ניט מער װי אַ רעגי־לעס, — האָט ער פֿרײלעך געשריִען פֿונדערװײַטן. אַלע האָבן באַלד דערנאָכדעם באַװוּנדערט די ענ־לעכקײַט פֿון דער אַלטמאַנישער אַפּדערגיך געמאַכ־טער פֿעלד־צײַכענונג.

— זע, דײַן געשפּאַן, אַלטער, און דו אַלײן, אַן עמעסער פּויער!

— טאַקע געראָטן אין אַ פּויער, — האָט ער זיך אַלײן געכידעשט, דער אַלטער, קוקנדיק אױף דער צײַכענונג" (ז. 29—31).

(באַ דער געלעגנהײַט ברענגען מיר אױך די רע־פּראָדוקציע פֿון נאַטאַן אַלטמאַנס צײַכענונג, װעגן װעלכער עס דערציילט י. דאָברושין).

**צום בריװ אין רעדאַקציע פֿונעם אַלמאַנאַך „הײמלאַנד".**

[13] אַלעקסאַנדער גובניצקיס דערציילונג „באַם פּאַ־ראָם" איז אָפּגעדרוקט אינעם אַלמאַנאַך „הײמלאַנד", 1948, נומ. 6.

צוגעגרייט צום דרוק און קאָמענטאַרן — כ. בײדער



# פאר קליין און גרויס

## עסנווארג

יעדער איינער
קאָן פארגעסן
ווען וואָס
צו געבן עסן.

ווען האָבער,
ווען היי,
ווען פעטרישקע
מיט טיי.

מיש איך אויס
פאר אלע
דאָס עסנווארג
אין באַליע.

קאַטשקעס, הענער,
גענדז און ציגן,
נאָט אײַך, עסט
מיט פארגעניגן.

אָבער קיינער
וויל ניט עסן,
ווײַל כ׳האָב צוזאלצן
פארגעסן.

## וויאַזוי כ׳האָב געוואַשן דעם קאָטער

אַזוי ווי מײַן מאמע,
קימאט יעדע וואָך,
ווייקט פריִער וועש
און זשמיקעט דערנאָך, —
האָב איך אויך געגרייט
א באַליע מיט וואסער
און אײַנגעווייקט מײַן קאָטער,
ער זאָל ווערן א נאסער.
צום אָנהייב טוקט ער זיך
פריילעך און פײַן, —
אָפּאָנעם, געפעלן אים
אײַנגעווייקט זײַן,
אָבער ווי נאָר איך האָב
זיך גענומען אים זייפן,
בלאָזט ער זיך אָן
און ווערט ווי א רייפל.
טוט זיך א דריי,
אָהער און אַהין
און רײַסט זיך אַנטלויפן
ווער ווייסט עס וווהין.
זאָג איך אים: קאָטערל,
אויב ס׳גלוסט זיך דיר נאַשן,
דאַרף איך פאַרפריִער
דיך צוואָגן און וואַשן.
הײַנט וואָס זשע מאַכסטו
דאָס וואַשן מיר קאַליע
און רײַסט זיך אַנטלויפן
גאָר פון דער באַליע?
ווו האָסטו געזען,
אַז אַן אָנגעזייפט קלייד
זאָל אַרויסשפּרינגען פון באַליע
ניט געזשמיקעטערהייט?
ענטפערט ער: מיאַו!
און פארגיסט זיך מיט טרערן,
טו איך מיר מײַנס
און וויל אים ניט הערן,
שרײַט ער אַלץ: מיאַו!
און הייבט אָן צו ניסן.
איך טו/מיר מײַנס
און וויל גאָרניט וויסן.
קוויטשעט ער: מיאַו!
און נעמט זיך גאָר היקען.

[1] פון דער ליטעראַרישער ירושה.

איך טו אלץ מײַנס,
זשמיקע אים, זשמיקע...
מיינט איר דאָך — פּאַרטיק?
מיינט איר דאָך — פּאָטער?
ווען איך האָב שוין געהאַלטן
באַם אויסדרייען דעם קאָטער,
טוט ער א שפּרונג —
ווי פון זינען אַראָפּ, —
מיט נעגל מיט שאַרפע
גלײַך אַף מײַן קאָפּ...

— — — — — — — — —

איך ווייס ניט פאַרווען,
און איך ווייס ניט פאַרוואָס,
איך דאַרף איצט אַרומגיין
מיט א צעדראַפּעטער נאָז.

## אַריקעלע ביקעלע

דאָס ביקעלע — אריקעלע
רײַסט זיך אָפּ פון שטריקעלע.

טוט א שפּרונג, טוט א לויף,
האָפּ־האָפּ איבערן הויף.

רופט זיך אָנעט ריקל:
— אַריקל, מײַן ביקל!

שמיץ ניט מיטן פּיסל
אונדזער רויטע שיסל.

כ׳האָב דאָך פונעם קעמערל
דיר געבראַכט אַן עמערל,

שיינע ריינע קלײַען
צום קאַרעטקעלע נײַעם.

— מר־מר־מו, — עס זאָגט דאָס ביקל, —
כ׳וויל ניט אַפּן האַלדז קיין שטריקל!

כ׳האָב שוין לאַנג
פאַרגעסן,
וואָס איך האָב געגעסן.

וויל איך נאָר אַן עמערל
קלײַען פונעם קעמערל.

— אַריקעלע, דו ביקעלע! —
רופט זיך אָנעט ריקעלע! —

גיי, דו מעגסט זיך
שעמען,
ווו זאָל איך דיר נעמען?

בעסער מיטן פּיסל
שמיץ ניט אונדזער שיסל.

בלאָז ניט אויס די קלײַען,
וועט דיר שטענדיק סטײַען.

## א ציילעניש

איינער האָט געאַקערט,
איינער האָט געזייט,
איינער האָט געבאַקן...
טײלט, קינדער, טײלט.

איינער האָט געבויט,
איינע האָט גענייט,
איינער האָט געדראָשן...
טײלט, קינדער, טײלט.

איינער איז א פּעפער,
פּאָפּט ער ווי א שטיין,
גיט אים ניט קיין ברעקל...
ניין, קינדער, ניין.

## וואָס איך וויל מיר, טראַכט איך מיר

אָנגעשפּילט זיך,
אָנגעלאָפן,
לאַנג שוין צײַט
געשמאַק צו שלאָפן.
נאָר איך ליג מיר
אין דער שטיל
און איך טראַכט מיר,
וואָס איך וויל.
וויל איך, טראַכט איך
וועגן בערן,

וועגן נאַכט
און וועגן שטערן.
וועגן וועווריקעס
און פוקסן,
וועגן ציגעלעך
א פּאָר.
וועגן דעם,
וואָס קען זיך טרעפן
איין מאָל נאָר
אין טויזנט יאָר.

* * *

געקויפט האָט מיר די מאמע
א ליאַלקעלע א פּראַכט.
די אויגן פאַרצעלײַענע
זי עפנט און פאַרמאַכט.

נאָר בעט איך איר דאָס בעטל
און וויל זי לייגן שלאָפן,
טוט זי אַפּצולאָכעס
און האַלט די אויגן אָפן.

## עטלעכע ווערטער צו מײַנע לייענער

וואָס פאַר א דיכטער
וואָלט ניט וועלן,
אז זײַנע לידער
זאָלן געפעלן.

וואָס פאַר א דיכטער
וויל ניט וויסן,
אז עפּעס קאָן מען
פון זײַן שרײַבן געניסן.

ער זאָל וויסן,
אז אויסנווייניק
קאָנען די קינדער
„די בריוו צו זײַן אייניק”,

אז דער, וואָס ער לייענט עס,
פאַרטיפט זיך אזוי,
דערלאַנג — וועט ער קײַען
א פּאַראַיאָריקע שטרוי.

„דאָס ליד פונעם שלײַפער”,
„דאָס ליד פונעם שמידער”,
דאָס גאַנצע ביכל
מיט זײַנע לידער.

פונדעסטוועגן מיין איך,
אז עס איז גאָרניט קעדײַ,
איר זאָלט לייענען מײַן ביכל,
ווען איר זיצט אין טראַמוויַי.

וויסן, אז ניט אומזיסט
ער קויפט אָן א שיר
מעקערס און קלעקערס
און טינט מיט פּאַפּיר.

בעסער ניט וויסן
פון מײַן ביכל קיין וואָרט,
נאָר אָפּטרעטן אָפּטער
א באַיאַרטן דאָס אָרט.

## אוועק וועט דערווינטער

אוועק וועט דער ווינטער,
אנטרונען די קעלט,
וועט ווידער זײַן זומער
בא אונדז אף דער וועלט.

וועל איך באשטעלן,
פון מײַן אײביקן טרוים,
א גרינעם גארטניטער
און ווערן א בוים...

א בוים וועל איך ווערן
און ווארטן, און שווײַגן,
די הענט אופגעהויבן,
אזוי ווי די צווײַגן.

ביזוואנען א פויגל
וועט קומען פון ראכוועס
און זיך מאכן א נעסט
אונטער מײַנע פאכוועס.

## וויגליד

דער, וואָס האלט די אויגן אָפן,
דער, וואָס וויל באנאכט ניט שלאָפן,
שטערט דעם בוים א בלאט געבירן
און מיט צוויט די ערד באצירן,

שטערט די קווייטן דופטן מערן,
שטערט דעם גרעזל גרין צו ווערן,
שטערט דעם הירש בא וואסער קנײַען,
שטערט דעם הימל צו שארײַען.

* * *

— בוים, בוים,
שענק מיר א פלוים!
— נאריש ייִנגל
וואָס דו ביסט,

ווען א ניסעלע
דו ווילסט,
זאָל איך אזוי לעבן,
כ׳וואָלט עס דיר געגעבן.



# אויף די שפּורן פון געשעענעם

## אײנער פון מײַנע שילער

קאַלמען מאַראַנץ איז געווען אַ שילער פון דער 3־טער פּראָסקוראָווער זיבניאָריקער שול, ווו איך בין געווען קלאַסן־אָנפירער. שילער מײַנע באַגעגן איך אין גאַס זייער אָפט — אַמאָל שטעלן מיר זיך אָפּ, כאַפּן אַ שמועס, אַמאָל — גלאַט אַ שאָקל מיטן קאָפּ אַלס באַגריסונג, און יעדער גייט זיך זײַן וועג.

מיט קאַלמענען פּלעג איך זיך בלויז באַגריסן, קיינמאָל, דאַכט זיך, ניט אַנדערש. אַ מענטש אײַלט אויף דער אַרבעט, ווילט זיך ניט אים פאַרהאַלטן. וועגן דעם, אַז ער איז געווען אויפן פראָנט און זיך ניט איין מאָל אויסגעצייכנט אין די שלאַכטן, האָב איך דאַפּקע יאָ געוווּסט, ווײַל בײַס אַ יאָמטעוו פלעגט ער אָנטאָן אַלע זײַנע אָרדענס און מעדאַלן. אָבער אָנטיילנעמער פון דער גרויסער פּאַטעראָלענדישער מילכאָמע, געוועזענע מײַנע שילער, זײַנען געווען ניט ווייניק.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט אונדזער געגנטלעכע צײַטונג „ראַדיאַנסקאַ פּאָדיליא“ אָפּגעדרוקט אַ פאָטאָגראַפיע: דער מיליטער־קאָמיסאַר פון דער שטאָט דריקט די האַנט קאַלמען מאַראַנצן, און פון אויבן אַ קעפּל: „אַ באַלוינונג דעם העלד“.

וואָס עפּעס אַ מיליטערישע באַלוינונג אינמיטנדערינען, ווען קאַלמען איז שוין פון לאַנג, ווי מיר איז באַוווּסט, אַ ציווילער מענטש און ער אַרבעט אַלס סכוירע־קענער אין כמעלניצקער אײַזנבאַן־רעסטאָראַן?

לאָזט זיך אויס, אַז צו אַלע זײַנע אָרדענס און מעדאַלן, וועלכע ער האָט געהאַט ביז דעמאָלט, איז צוגעקומען נאָך איין באַלוינונג — אַן אָרדען פון דער רויטער פאָן, וואָס האָט אים געזוכט אין מעשעך פון העכער צוויי צענדליק יאָר!

דאָ ניט לאַנג בין איך אַוועק צו מײַן קאַלמענען, קעדיי זיך דערוויסן די פּראַטים פון אָט דער געשעעניש. האָט ער מיר דערציילט.

געווען איז דאָס אויפן באַוווּסטן קורסקער בויגן. אונדזערע טיילן האָבן דורכגעריסן דעם סוינעס שוץ־ליניע, אָבער די פאַשיסטן האָבן נאָך אַלץ אַרויסגעוויזן אַן אַקשאָנעסדיקן ווידערשטאַנד. צונויפגעזאַמלט מערערע קויכעס, האָבן זיי אַטאַקירט דאָס דאָרף קרוגלאַיע, ווו עס האָט זיך געפונען אונדזערער אַ לאַזאַרעט. זיי האָט זיך אײַנגעגעבן צו דערנענטערן זיך קימאַט אויף 200 מעטער צום דאָרף, און זיי האָבן עס באַגאָסן מיט פײַער פון אַלע מינים געווער. די געבײַדע פונעם לאַזאַרעט האָט זיך אָנגעצונדן — די פאַרוווּנדעטע און דער מעדיצינישער פּערסאָנאַל זײַנען געווען אין געפאַר, יעדע מינוט איז געווען טײַער. און דעמלט האָט זיך דערהערט אַ קאָמאַנדע:

— סאַמגוראַוו, נאָך מיר!

דאָס האָט דער שטעלפאַרטרעטער פונעם קאָמאַנדיר פון אַ ראָטע אווטאָמאַטלער קאַלמען מאַראַנץ, צוזאַמען מיט זײַן אָרדינאַרעץ, זיך געוואָרפן ראַטעווען די מענטשן פונעם לאַזאַרעט.

פאַרוואָרפנדיק דעם סוינע מיט גראַנאַטעס, האָבן מאַראַנץ און סאַמגוראַוו געגעבן אַ מעגלעכקייט עוואַקוירן די פאַרוווּנדעטע. העכער צוויי צענדליק פאַשיסטן האָבן די צוויי העלדן פאַרניכטעט, אָבער דער אָרדינאַרעץ איז אומגעקומען. פאַר העלדנמוט אין אָט דער שלאַכט זײַנען זיי ביידע באַלוינט געוואָרן מיטן אָרדען פון דער רויטער פאָן. באַקומען דעם אָרדען האָט מאַראַנץ ניט באַוויזן — מע האָט אים איבערגעפירט אין אַן אַנדערער טייל. און דער דאָזיקער אָרדען האָט אים אָפּגעזוכט אין אַ סאַך יאָרן אַרום.

נאָך דער שלאַכט אויפן קורסקער בויגן זײַנען בײַ קאַלמען מאַראַנצן געווען נאָך פיל קריגס־אָפּעראַציעס — אויפן צענטראַלן און אויפן 1־טן ווײַסרוסישן פראָנט, ער איז דערגאַנגען מיט זײַן טייל ביז דער עלבע. פאַר העלדנמוט אין דער שלאַכט אַרום קאָוועל האָט מען אים באַלוינט מיטן אָרדען פון דער פּאַטעראָלענדישער מילכאָמע 2־טע מאַדרייגע, פאַר פאַרסירן דעם אָדער און פאַרכאַפּן אַ פּלאַצדאַרם אויף די צוגאַנגען צו בערלין — מיטן צווייטן אָרדען פון דער רויטער פאָן.



דער כמעלניצקער שטאָטישער מיליטער־קאָמיסאר ס. קולעביאקין באגריסט קאלמען מאראנצן מיט דער באלוינונג

אוועק אין דעמיסיע אינעם ראנג פון א מאיאָר, האָט קאלמען מאראנץ ביז איצט ניט איבערגעריסן די פארבינדונגען מיט זײַנע געוועזענע שלאכט־כאווערים. מיט א סאך פון זיי — מיטן קאוואלער פון דרײַ אָרדענס פון רום דעם סיביריאק בעזסאָנאָוון, מיטן אָנטיילנעמער אינעם ניצאָכן־פאראד אין מאָסקווע, אויך א סיבירער טוישעוו שקראבאָוון און מיט אנדערע שרײַבט ער זיך איבער.

איצט ארבעט דער מאיאָר אין דעמיסיע קאלמען אזריִעלעוויטש מאראנץ אלס אינזשעניער פאר טעכנישער געפארלאָזיקײַט אפן אײַזנבאן־טראנספּאָרט. צו די שלאכט־באלוינונגען זײַנען צוגעקומען אויך אויסצייכענונגען פאר מעסירעסנפעשדיקער פרידלעכער מי.

הערשל געליבטערמאן
(כמעלניצקי)

# העלדן שטאַרבן ניט

ווער זשע איז ער געווען, אָט דער יונגער באָכער? אן אכצניאָריקער איז ער אוועק פרײַוויליק אפן פראָנט. פאר געוואגטקײַט און שרעקלאָזיקײַט אין די שלאכטן אפן דניעפּער איז אים אין א יאָר ארום צוגעייגנט געוואָרן דער טיטל העלד פון סאָוועטנפארבאנד. ווען אים איז נאָך ניט געווען קיין פולע צוואנציק יאָר, איז ער העלדיש אומגעקומען אפן שלאכטפעלד. איצט וואָלט ער אלט געווען עטוואָס מער פון פופציק, און געוויס וואָלט ער געווען א הויכקוואליפיצירטער אינזשעניער פון אײַזנבאן־ און טראנספּאָרט־בויונג — צו דעם דאָזיקן פאך האָט ער געשטרעבט, זײַענדיק נאָך א שילער...

זײַן ביִאָגראפיע איז קורץ און פּראָסט, ווי בא אנדערע טויזנטער יוגנטלעכע, וועלכע האָבן געענדיקט די מיטלשולן אין יון 1941.

יעפים סטערין איז געבוירן געוואָרן אין 1924 אין א קליינעם ייִשעוו פריגאָריע, ראָסלאוולער ראיאָן, סמאָלענסקער געגנט, אין א מישפּאָכע פון האָרעפּאשניקעס.

זײַן פאָטער עליע האָט פון קיין זאָרגלאָזער קינדהײַט און פון קיין ראָמאנטישער יוגנט ניט געוווּסט. ער איז געווען א מעשאָרעס בא די פריגאָריער וואלד־הענדלער, שווער געהאָרעוועט, באקומען גראָשנס. שפּעטער, שוין נאָך דער כאסענע, האָט ער זיך גענומען צו ערדארבעט. דער דאָרפסראט האָט אים אויסגעטיילט ערד, ער האָט געקויפט א בעהיימע, געצויגן פון דער ווירטשאפט די כאיונע. זײַן ווײַב, טעמע, האָט אים מיטגעהאָלפן. דערנאָך זײַנען זיי ארײַנגעטראָטן אינעם נײַ־אָרגאניזירטן קאָלווירט „פּאָרויס צום סאָציִאליזם", געארבעט אין דער געברויך־קאָאָפּעראציע.

זייער בכאָר, יעפים, איז געווען א געראָטענער, כיינעוודיקער יאט. די אָנפאנג־שול האָט ער פארענדיקט אף אויסגעצייכנט און איז אין 1935 אָנגעקומען אין דער ראָסלאוולער מיטלשול נומ. 1 — אין אָט דער שטאָט זײַנען דעמלט אריבערגעפאָרן זײַנע עלטערן. מע האָט אים אויסגעוויילט אלס פאָרזיצער פונעם פּיִאָנערן־ראט, דערנאָך אלס סעקרעטאר פון דעם שילערישן קאָמיוג־קעמערל. פימע האָט ארויסגעוויזן אינטערעס צו מאטעמאטיק, פיזיק און כימיע, גענומען אן אקטיוון אָנטייל אינעם ראדיִאָטעכנישן קרײַזל באם פּיִאָנערן־קלוב.

שאבעס, דעם 14 יון 1941, איז בא פימע סטערינען געווען א גרויסער יאָמטעוו — דער ארויסלאָז־טאָג פון דער שול. נאָך מיטיק האָט ער אָנגעטאָן זײַן נײַעם אָנצוג און א ווײַס אויבערהעמדל, וועלכע די עלטערן האָבן אים געקויפט צו דער סימכע, אין פּאָטאָ־אטעליע האָט ער זיך צוזאמען מיט די שילער פונעם ארויסלאָז־קלאס און מיט די לערער פּאָטאָגראפירט „פאר דער אייביקײַט".

אפן פײַערלעכן ארויסלאָז־אָוונט איז ער, אלס סעקרעטאר פונעם קאָמיוגישן קעמערל, געזעסן באם פּרעזידיום־טיש. איינעם פון די ערשטע האָט מען אים איבערגעגעבן דעם אטעסטאט וועגן פארענדיקן די מיטלשול. דערנאָך האָבן די ארויסלאָזניקעס זיך פארווײַלט, שפּאצירט



יעפים סטערין



מיכאיל אָסיפּאָוו

איבער דער שטאָט א גאַנצע נאַכט, ביזן סאמע באַגינען.

אף מאָרגן איז פימע צוגעטראָטן צו זאמלען די געהעריקע דאָקומענטן, קעדיי אָפּשיקן זיי אין לענינגראדער אינסטיטוט פון אינזשעניערן פונעם אײַזנבאַן־טראַנספּאָרט. ער האָט זיך גענומען גרייטן צו די עקזאמענעס.

זונטיק פארטאָג, דעם 22 יון 1941, זײַנען די דײַטשישע פאשיסטן אָנגעפאלן אפן סאָוועטנפארבאנד.

...פימע סטערין איז געשטאנען אין קאבינעט פונעם מיליטער־קאָמיסאר און זיך געבעטן, מע זאָל אים אָפּשיקן אפן פראָנט. דער פאָלקאָווניק, שוין ניט קיין יונגער, האָט געקוקט אפן באָכער מיטן בלייכן קינדערשן פּנעמל.

— וויפל ביסטו אלט?

— אינגיכן ווערט מיר זיבעצן, איך בין א קאָמיוגיסט, כ'האָב האיאָר געענדיקט די ראָסלאוולער מיטלשול. מײַן אָרט איז אפן פראָנט!

דער פאָלקאָווניק האָט אופמערקזאם אויסגעהערט פימען. צום באדויערן, קאָן ער זײַן ביטע ניט אויספילן: ניטאָ קיין אָנווײַזונג צו שיקן אפן פראָנט אלס פרײַוויליקע אזעלכע יונגע מענטשן.

אינדערהיים האָט פימע זיך דערוווּסט, אז דער טאטע האָט באקומען א „פּאָוועסטקע“ — דעם 24 יון, צו 9 אזייגער אינדערפרי שיקט מען אים אָפּ אפן פראָנט.

עליע סטערין האָט זיך געזעגנט מיטן ווײַב און מיט די דרײַ טעכטערלעך. אין מיליטער־קאָמיסאריאט איז ער אוועק אין דער באַגלייטונג פון זײַן זון פימע.

א גאַנצן טאָג איז פימע געשטאנען צווישן אנדערע באגלייטער באם קאָמיסאריאט, און ווען די סאָלדאטן האָבן מארשירט צו דער אײַזנבאַן, איז ער זיי נאָכגעגאנגען און איז ניט אוועק פון דער סטאנציע, ביזוואנען דער עשעלאָן האָט ניט פארלאָזט ראָסלאוול.

אין דעם זעלבן טאָג האָט דער פײַנט דאָס ערשטע מאָל באָמבארדירט די ראָסלאוולער אײַזנבאַן־ליניע, און אין צוויי טעג ארום איז פון דער סטאנציע אָפּגעגאנגען דער ערשטער צוג מיט עוואקויִרטע — אלטע מענטשן, פרויען און קינדער. צווישן זיי זײַנען אויך געווען פימע סטערין, זײַן מוטער און די שוועסטערלעך. אין די ערשטע טעג יול האָבן זיי זיך ארויסגעזעצט אף דער סטאנציע טשעליאבינסק.

פימע איז מיט א פּוטיאָווקע פונעם טשעליאבינסקער קאָמיוג אָנגעקומען ארבעטן אלס אינסטרוקטאָר פון קעגנלופט־שוץ.

אין מארט 1942 זײַנען אין געגנטקאָם פון קאָמיוג ארויסגערופן געוואָרן קאָמיוגיסטן מיט מיטעלער בילדונג, צווישן זיי אויך פימע. מע האָט זיי פאָרגעלייגט אָנקומען אין נאָוואָסיבירסקער אינסטיטוט פון אינזשעניערן פונעם אײַזנבאַן־טראַנספּאָרט, וועלכער האָט דאַן דערקלערט א צוגאָב־אופנעם אפן ערשטן קורס.

— און עפשער איז בעסער אונדז שיקן אפן פראָנט? — האָט געפרוּווט דערוווידערן פימע סטערין.

— מיר דאַרפן ספּעציאַליסטן אַף דער אײַזנבאַן, דאָס איז, זאָלט איר װיסן, א פראָנט...

און פּימע איז געװאָרן א סטודענט.

אין אױגוסט 1942 האָט א גרופּע סטודענטן פונעם נאָװאָסיבירסקער אינסטיטוט פון אינזשעניערן פון דעם אײַזנבאַן־טראַנספּאָרט זיך געװענדט מיט א שריפטלעכער מעלדונג אין נאָװאָסיבירסקער שטאָטישן מיליטער־קאָמיסאַריאַט. זיי האָבן געשריבן, אז זיי אַלע זײַנען שוין אַלט צו 18 יאָר, און געבעטן, מע זאָל זיי שיקן אַפן פראָנט.

דער מיליטער־קאָמיסאַר האָט געענטפערט, אז אַף װיפל די סאָװעטישע אַרמײ נייטיקט זיך אין אָפיצערן־אַרטילעריסטן, און נעמענדיק אין אַכט, אז די אױטאָרן פון דער מעלדונג זײַנען סטודענטן פון א הויכשול, װעלן זיי אַלע אָפּגעשיקט װערן אין א מיליטערישער שול אַף 9־כאָדאָשימדיקע קורסן, דערנאָך אַפן פראָנט אַלס קאָמאַנדירן.

אין מאַרט 1943 איז פאָרגעקומען דער אַרויסלאָז פון די יונגע אָפיצערן — לייטענאַנטן פון אַרטילעריע, צװישן זיי איז אױך געװען פּימע סטערין.

די ערשטע קאַמף־קרייצונג האָט דער לייטענאַנט סטערין באַקומען אַף דער כאַרקאָװער ריכטונג אַלס קאָמאַנדיר פון אַן אַרטילעריע־װזװאָד פון 76־מילימעטראָװע קאַנאָנען, אין באַשטאַנד פונעם 175־טן פּאָלק פון דער 58־טער שיסער־דיװיזיע. זײַן װזװאָד האָט באַשיצט די שיסער־ראָטע פונעם עלטערן לייטענאַנט מיכאַיל אָסיפּאָװ, מיט װעלכן יעפים האָט זיך באַפרײַנדעט אין די ערשטע טעג פונעם פראָנט־לעבן.

פון כאַרקאָװ ביזן דניעפּער האָבן סטערינס אַרטילעריע־װזװאָד און אָסיפּאָװס שיסער־ראָטע האַנט־באַ־האַנט אין בלוטיקע שלאַכטן געטריבן די פאַשיסטן. דער יונגער קאָמאַנדיר פונעם אַרטװזװאָד איז דעם 20 מײַ 1943 באַלױנט געװאָרן מיטן אָרדען „רויטער שטערן”. און אין אױגוסט 1943 האָט אַף זײַן ברוסט שוין געשײַנט אַן אָרדען פון דער פּאַטערלענדישער מילכאָמע פון דער 2־טער מאַדרייגע. מיט די זעלבע אָרדענס איז באַלױנט געװאָרן אױך דער קאָמאַנדיר פון דער שיסער־ראָטע מיכאַיִל אָסיפּאָװ. די גװאַרדיישע טיילן פונעם פּאָלק האָבן באַטאָג און באַנאַכט, ניט װיסנדיק פון קיין רו, געטריבן דעם סוינע. אין די לעצטע טעג פון סענטיאַבער זײַנען זיי צוגעקומען צום דניעפּער און, ניט פאַרהאַלטנדיק זיך, אים גענומען אַפגיך פאָרסירן.

באַגינען דעם 26 סענטיאַבער, װען די װאַסערן פונעם דניעפּער זײַנען נאָך געװען אײַנגעהילט אין א געדיכטן נעפל, זײַנען סטערין און אָסיפּאָװ אײנע פון די ערשטע בעשאָלעם איבערגעשװוּמען דעם טײַך און אָנגעהויבן זיך אַרויסזעצן אַפן פּושקאַריאָװער אינדזל. זינקענדיק אין טיפע זומפּן, האָט סטערינס קאָמאַנדע איבערגעטראָגן אַף די הענט די קאַנאָנען אַפן אינדזל און גלײַך געעפנט א פײַער, געבנדיק א מעגלעכקײַט אָסיפּאָװס שיסער־ראָטע זיך אַרויסזעצן און פאַרפעסטיקן זיך אַף דער קעגנבערדיקער זײַט פונעם אינדזל.

טעלעכע צענדליק פאַשיסטן האָבן זיך געװאָרפן אַף קליינעם הײַפל אַרטילעריסטן. דער נײַנצניאָריקער קאָמאַנדיר האָט זיך אָבער ניט פאַרלאָרן, ער האָט באַפוילן די אַרטילעריסטן צולאָזן דעם פײַנט נעענטער, עפענען א פײַער פון די אױטאָמאַטן און דערנאָך לאָזן אין גאַנג האַנט־גראַנאַטן.

די אַטאַקע איז אָפּגעשלאָגן געװאָרן. דער אַרטװזװאָד האָט זיך פאַרפעסטיקט אַפן קליינעם פּלאַצדאַרם פונעם אינדזל. דעם 10 אָקטיאַבער האָבן די פאַשיסטן נאָכאַמאָל געפּרוּװט אָנגרײַפן אַפן אַרטװזװאָד, נאָר די אַטאַקע איז װידעראַמאָל אָפּגעשלאָגן געװאָרן. דעם 15 אָקטיאַבער האָט דער סוינע אונטער א שוץ פון א סאַמאָכאָדקע דאָס דריטע מאָל זיך געלאָזט אין אַטאַקע. סטערין האָט באַפוילן די אַרטילעריסטן עפענען א פײַער פון אױטאָמאַטן און אַליין האָט ער זיך געשטעלט בא דעם קאַנאָן מיט נאָך אַן אַרטילעריסט. צוגעלאָזט די סאַמאָכאָדקע אַף א געװיסער דיסטאַנץ, האָט ער מיט צוויי סנאַריאַדן זי אונטערגעצונדן. דער פײַנט איז געצװוּנגען געװען אָפּגיין, איבערלאָזנדיק צענדליקער געהאַרגעטע און די ברענענדיקע סאַמאָכאָדקע.

סטערין מיט זײַן װזװאָד איז אין מעשעך פון דרײַ װאָכן, אײַנהאַלטנדיק דאָס אינדזל, אַף קיין איין טראָט ניט אָפּגעטראָטן פונעם פאַרפעסטיקטן פּלאַצדאַרם. און אַפן אַנדערן ראַנד פונעם אינדזל האָט א פאַרביטערטע שלאַכט געפירט דרײַ װאָכן דער גװאַרדיע עלטערער לייטענאַנט אָסיפּאָװ מיט זײַן שיסער־ראָטע. סטערינס און אָסיפּאָװס שלאַכטלײַט האָבן געגעבן די מעגלעכקײַט דעם פּאָלק און דער דיװיזיע אױסצופילן די באַפעלן פון דער קאָמאַנדשאַפט פון דער אַרמײ און פונעם פראָנט באַם פאָרסירן דעם דניעפּער און פאַרניכטן דעם אַרומגערינגלטן סוינע. פאַר העלדנמוט איז דעם 20 דעקאַבער 1943 צוגעייגנט געװאָרן דעם טיטל העלד פון סאָװעטנפאַרבאַנד דעם 19־יאָריקן יעפים סטערינען און דעם 21־יאָריקן מיכאַיִל אָסיפּאָװן.

אין די זעלטענע אָװנטן פון שטילקײַט, באַנאַכט אין בלינדאַזש, בא דער שײַן פון א קאַנעצל, געמאַכט פון א סנאַריאַד־הילזע, האָט סטערין געשריבן קורצע בריװעלעך דער מוטער און די שװעסטערלעך. װעגן טאַטן האָט ער לאַנג גאָרנישט ניט געװוּסט. דעם 29 אָקטיאַבער 1943 שרײַבט ער אין א בריװ צו דער מאַמען: „איך לעב און בין געזונט, אונדזער סאָװעטישע אַרמײ טרײַבט דעם פײַנט פון דער מענטשהײַט פון דער אוקראַיִנישער ערד”. ער בעט, אז די מאַמע זאָל זיך ניט באַמרויִקן. ער װעט זיך אומקערן אַהיים, װען ס'װעט פאַלן דאָס פאַשיסטישע כאַיִל.

אין אָנהייב מאַרט 1944 האָט די 37־טע אַרמײ אָנגעהויבן דעם אָנגריף אַף דער קיראָװאָגראַ־

דער ריכטונג. דער סוינע האָט דאָ אָרגאניזירט א שטארקע שוץ. בלוטיקע שלאכטן זייַנען פאָרגעקומען ארום דעם ראיאָנישן צענטער אוסטינאָװוקע. סטערינס ארטילעריע־באטארייע האָט באגאָסן מיט פייַער די פאשיסטישע טיילן, באשיצנדיק אָסיפּאָװס שיסער־ראָטע, װעלכע איז געגאנגען אין אנגריף.

עס איז זיי ביידן באשערט געװען צו פאלן אין איין שלאכט. דאָס איז געשען דעם 13 מארט 1944. יעפים סטערין און מיכאיל אָסיפּאָװ, װעלכע זייַנען האנט־בײַ־האנט דורכגעגאנגען זייער קאמפס־װעג פון כארקאָװ, דורך די סטעפּעס פון דניעפּראָפּעטראָװסק, איבער די װאסערן פונעם דניעפּער און ביז דער קיראָװאָגראדער געגנט, — זייַנען באערדיקט געװאָרן לעבן דער געבייַדע פון דער אוסטינאָװוקער מיטלשול.

אינעם קאמפס־זשורנאל פונעם 175־טן גװארדייִשן שיסער־פּאָלק איז דעם 13 מארט 1944 פארשריבן געװאָרן: „די ארטילערישע טיילן פון דער 58־טער גװארדייִשער שיסער־דיװיזיע האָבן אין מעשעך פון פינף מינוט סאליוטירט לעקאָװעד די געפאלענע העלדן, װען מ׳האָט זיי געבראכט צו קװורע. דאָס פייַער פון אלע קאנאָנען איז געװענדט געװען קעגן פייַנט״.

דער שטעלפארטרעטער פונעם שעף פון דער 37־טער ארמיי פּאָדפּאָלקאָװניק פּ. ס. טשערנין, קומענדיק קיין אוסטינאָװוקע, האָט ראפּאָרטירט דעם שעף פון שטאב, דעם גענעראל־מאיאָר בלאזשי, װעגן דער לאגע אפן פראָנט און װעגן דעם אומקום פון די העלדן פון סאָװעטנפארבאנד סטערין און אָסיפּאָװ. ער האָט ארויסגענומען פונעם פּלאנשעט א בייגעלע פּאפּיר, א צונויפגעלייגטס אינפּירן, און איבערגעגעבן עס דעם גענעראל. דאָס איז געװען א רעזאָליוציע פון די אָנטיילנעמער פונעם מיטינג לעקאָװעד די געפאלענע העלדן.

דער פּאָדפּאָלקאָװניק טשערנין האָט דערציילט, אז ניט געקוקט אפן שלאכטרעגן, האָט זיך באם קייװער פון די העלדן צונויפגעזאמלט א גרויסער אוילעם פון די ארומיקע באפרייַטע דערפער. אפן מיטינג זייַנען ארויסגעטראָטן סאָלדאטן, אָפיצערן, כאװיירים פון די העלדן. זיי האָבן געשװוירן ביזן לעצטן אָטעם קעמפן קעגן סוינע.

אין פיל יאָרן ארום האָט דער גענעראל־מאיאָר בלאזשי אין זייַנע מעמוארן „אין ארמייִשן שטאב״ געשריבן: „מיר איז אויסגעקומען זיך באגעגענען מיטן גװארדיע־לייטענאנט יעפים סטערין און מיטן עלטערן לייטענאנט מיכאיל אָסיפּאָװ. זיי זייַנען ביידע געװען אין באשטאנד פונעם 175־טן שיסער־פּאָלק, און ביידע יונגע אָפיצערן האָבן זיך אויסגעצייכנט אף די פראָנטן אין קאמף מיט די פאשיסטן. ביידע זייַנען זיי צװישן די ערשטע איבערגעשװומען דעם דניעפּער און זיך פארפעסטיקט אפן פּלאצדארם... דער אומקום פון די צװיי יונגע העלדן איז געװען א שװערער פארלוסט פאר אונדזער 37־טער ארמיי״.

סטערינס נאָמען איז ארייַנגעטראָגן אינעם ערן־בוך פון דער רויטפּאָניקער ארטילעריע־שול, אין װעלכער ער האָט זיך געלערנט פון אויגוסט 1942 ביז מארט 1943. לויטן אוקאז פונעם פּרעזידיום פון אויבער־סאָװעט פון דער רוסלענדישער פעדעראטיװער רעפּובליק איז די מיטלשול נום. 1 אין ראָסלאװל, װוּ סטערין האָט זיך געלערנט, אָנגערופן אף זייַן נאָמען. אין אָקטיאבער 1967 איז אף דער געבייַדע פון דער שול אויפגעהאנגען געװאָרן א מעמאָריאל־ברעט לעקאָװעד דעם העלד.

אין אוסטינאָװוקע, ארום דער מיטלשול, װוּ ס׳געפינט זיך דער קייװער פון סטערינען און אָסיפּאָװן, איז אויסגעװאקסן א שיינער סקװער. דאָ שטייט אן אָבעליסק, ארומגערינגלט מיט לעבעדיקע קװייטן.

סטערינס פּאָרטרעטן זייַנען ארויסגעשטעלט אין סמאָלענסקער מוזיי פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע, אין ראָסלאװלער מוזיי און אין דער גאלעריי פון די העלדן פון סאָװעטנפארבאנד אינעם ראָסלאװלער שטאָטישן סקװער.

איזיק שפּילבערג
(סמאָלענסק)

# באקוער הימל

ס׳איז געגאנגען דאָס 1942־טע יאָר, דאָס שװערסטע יאָר פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. די היטלערישע כאיאָלעס האָבן מעשוגענערװייַז זיך געריסן צו באקו, צו די קװאלן פון נאפט. אין די בערג פון קאװקאז זייַנען געגאנגען פארביטערטע שלאכטן, היטלער האָט אהער געװאָרפן זייַנע בעסטע אלפּישע און בארג־שיסערישע דיװיזיעס.

באקו האָט דעמלט געלעבט מיט אן אָנגעשטרענגט, אומרויִק לעבן, װאָס איז לאכלוטן ניט ענלעך געװען אפן לעבן פון א שטאָט, װעלכע געפינט זיך אין הינטערלאנד. אלע אונטערנעמונגען האָבן געארבעט פארן פראָנט, און אויך די אייַנװוינער זייַנען געװען גרייט זיך שטעלן קעגן סוינע, אויב ער װעט, כאָלילע, זיך דורכרייַסן. די דירעקטע געפאר האָט גע־



יעלענע לוצקאיא

קאָנט קומען קוידעמקאָל פונדערלופטן. דערפאר איז די אופמערקזאמקייט געווען געווענדעט אף באשיצן דעם הימל איבער באקו: יעדערער האָט פארשטאנען, וואָס עס וואָלט באטייט, ווען כאָטש איין באָמבע פאלט אראָפּ אף די נאפט־געווערבן.

איך געדענק, מיט וואָסערע אויגן פלעגן מיר, קינדער, באגלייטן די אעראָסטאטן פון דער לופט־שוץ. די דאָזיקע אויסערלעך אומגעלומפּערטע „געשפּענסטער", ענלעכע אף ריזיקע העלפאנדן, האָבן בא אונדז ארויסגערופן א גוואלדיקן נייגער. אלע אפדערנאכט פלעגן זיי זיך אקוראט אופהייבן אף א הייך פון 900 מעטער, באשיצנדיק די שטאָט פון די פאשיסטישע שפּארבערס. באדינט די אעראָסטאטן האָבן אויסשליסלעך מיידלעך — סאָלדאטן פון דער קעגנלופט־שוץ. צוויי דיוויזיאָנען, טויזנט מיידלעך. פיל פון זיי האָבן נאָרוואָס פארענדיקט די מיטלשול.

צווישן אָט די מיידלעך איז געווען אויך לענע לוצקאיא.

— אפן ארויסלאָז־אָוונט אין יון 1942 זיינען אונדזערע כעוורע שוין געקומען מיט פּאָוועסטקעס פונעם מיליטער־קאָמיסאריאט, — דערציילט זי, — אזויארום איז דאָס, אייגנטלעך, געווען א געזעגענונגס־אָוונט. אויך אונדז, מיידלעך, איז ניט לאנג אויסגעקומען זיך צו לערנען. דער גאנצער כעמישער פאקולטעט פונעם אזערביידזשאנישן מעלוכע־אוניווערסיטעט, ווו איך האָב זיך געלערנט, האָט אף א קאָמיוגישער פארזאמלונג באשלאָסן אָנגעבן א קאָלעקטיווע מעלדונג מיט א באקאָשע אונדז מאָביליזירן אין ארמיי. אין אפרעל 1942 בין איך שוין געווען א סאָלדאט פון דער קעגנלופט־שוץ, אין א יאָר ארום — געוואָרן דער שטעלפארטרעטער פונעם קאָמאנדיר פון דער טייל לויט פּאָליטישער ארבעט.

זיין א סאָלדאט איז ניט גרינג, ביפראט נאָך פאר א מיידל. און האגאם לענע לוצקאיא (איצט רופט מען זי יעלענע וואָלפאָוונע) דערמאָנט יענע יאָרן מיט א שמייכל, איז זי זיך מוידע, אז די מיידלעך האָבן געוווג געהאט אויסצושטיין. דאכט זיך, א קלייניקייט — אמוניציע, אָבער וויאזוי אָנטאָן די סאָלדאטקעס, עס זאָל זיי זיין סיי באקוועם און סיי לויטן ארמייישן סטאטוט?..

— מע האָט אונדז ארויסגעגעבן גרויסע מאנצבלשע שיך, וויקלשנורן, שינעלן, וואָס דערגרייכן ביז די פּיאטעס, און די ביקסן זיינען געווען אויך ניט פאר אונדזערע פלייצעס (אווטאָמאטן האָבן מיר באקומען שוין שפּעטער). אין אזא הוילעך און אונטער אזא לאסט האָבן מיר זיך קוים באוועגט. געלעבט האָבן מיר אין ערדשטיבלעך, אין הוילן סטעפּ (דאָס זיינען שוין איצט אויסגעוואקסן דאָרט מיקראָראיאָנען). קריגן וואסער איז געווען א פּראָבלעם, און עסן איז אויך ניט געווען וואָס — דער ווינטער פון צוויי־און־פערציקסטן איז געווען א באזונדערס שווערער, אפילע אין באקו. בעקיצער, אויב אלע אנדערע סאָלדאטן איז געווען ניט לייכט, איז דאָפּלט שווער געווען אונדז, די סאָלדאטקעס.

באטאָג האָבן זיי זיך געלערנט שיסן און זיך פארנומען מיט אנדערע מיליטערישע איבונגען, און די הויפּט־ארבעט האָט זיך אָנגעהויבן אפדערנאכט, ווען מע האָט געגרייט די אעראָסטאטן. דאָס איז געווען ניט נאָר איבער די קויכעס פיזיש, נאָר אויך געפערלעך: דער אעראָסטאט האָט זיך זיינע קאפּריזן — אזוי, דאכט זיך, איז ער קימאט אומבאוועגלעך, נאָר לאָז אים ארויס פון אויג — רייסט ער זיך אָפּ פון דעם שטאָלענעם טראָס און טראָגט זיך העגדום־פּעגדום אין דער הויך, פארכאפנדיק אמאָל אויך עמעצן פון די באדינער. דערפאר האָט מען טאקע געדארפט זיין זייער אופמערקזאם, בייס מע הייבט אים אוף: פאַרזיכטיק אים באפרייען פונעם באלאסט, פונעם אנקער, פּאמעלעך „לאָזן" דעם קאנאט. און אינדערפרי — די זעלבע פּראָצעדור, נאָר אלץ פארקערט.

— ס'איז שרעקלעך געווען?

יעלענע וואָלפאָוונע שמייכלט.

— מע איז דאָך ניט מער ווי לעבעדיקע מענטשן! נאָר דעם פּאכעד האָט מען געדארפט ביייקומען. — זי דערמאָנט זיך א פאל, ווען קיין באקו האָט זיך איינמאָל אין א לעוואָנעדיקער נאכט דורכגעריסן אן אויסשפּיר־אעראָפּלאָן:

— מיר האָבן, געוויינלעך, ניט געוווסט, אז דאָס איז אן אויסשפּירער, און געווארט: אָט־אָט וועלן זיך א שיט טאָן באָמבעס. נאָר מיר האָבן זיך ניט פארלוירן, אונדזערע אעראָסטאטן האָבן ניט געלאָזט דעם פאשיסטישן שפּארבער זיך אראָפּלאָזן נידעריקער, ער האָט מוירע געהאט זיך צו פארטשעפּען פאר די קאנאטן. האָט ער

זיך געדרייט און געדרייט איבער דער שטאָט און איז אוועקגעפלויגן מיט גאָרנישט. אָבער ווײַט אוועקפליִען האָט מען אים ניט געלאָזט — אויסער דער שטאָט האָבן אים אראָפּגעקלאפּט אונדזערע פארניכטלער.

די מיידלעך האָבן באגלייך מיט די סאָלדאטן־מאנצבלען פּאטרולירט דעם באנאכטיקן באקו. דאָס איז אויך געווען א שווערע ארבעט: זײַן אף דער וואך פון דער גרויסער שטאָט, לעם וועלכער עס גייען אומופהערלעך פארביטערטע שלאכטן.

פון דער ארמיי האָט זיך יעלענע לוצקאיא דעמאָביליזירט אין יול 1945, און כוץ אנדערע באלוינונגען, איז איר באזונדערס טײַער די מעדאל „פאר פארטיידיקן קאווקאז"...

זי איז א וועטעראן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע און לעבט אין דער זעלבער שטאָט, וועלכע זי האָט מיט העכער דרײַצענדליק יאָר צוריק פארטיידיקט פונעם סוינע. זי ארבעט אלס אינזשעניער־עקאָנאָמיסט אינעם טרעסט „אָרגטעכסטראָימאטעריאל".

גריגאָרי קיזעל
(באקו)

# א העלד א קרימטשאַק—יאַקאָוו טשאַפּיטשעוו

צוויי כאדאָשים האָט ער ניט דערלעבט צום טאָג פון ניצאָכן. דעם נײַנטן מארט 1945 איז ער געפאלן אין שלאכט לעבן ברעסלאוו (איצט — וורראָצלאוו).

יאקאָוו יודאָוויטש טשאפּיטשעוו האָט געהערט צום קלייניקן שייוועט קרימטשאקעס, וואָס זיבעציק פּראָצענט פון זיי איז פארניכטעט געוואָרן אין 1941, ווען די דײַטשן האָבן פארכאפּט דאָס קרימער האלב־אינדזל.

יאקאָוו טשאפּיטשעווס פאָטער איז געווען א שוסטער א לאטוטניק אפן מארק. א קאפּצן, א מעטופּל מיט קינדער, האָט ער זיך אוועקגעלאָזט מיט דער מישפּאָכע אין 1907 קיין אמעריקע זוכן גליקן. קיין אמעריקע זײַנען די טשאפּיטשעווס אָבער ניט דערפאָרן, געבליבן שטעקן אין פאריזש. דאָ איז אין 1909 געבוירן געוואָרן יאקאָוו. מיט א סאך יאָרן שפּעטער האָט די מישפּאָכע, מיט דער הילף פון סאָוועטישע קרויווים, זיך אומגעקערט קיין קרים, קיין דזשאנקאָי.

יאקאָוו האָט אָנגעהויבן ארבעטן אלס א שיק־יִינגל אין א פּריוואטער פאבריקמאכערײַ, דערנאָך אָנגעקומען אין דזשאנקאָיער אײַזנבאן־דעפּאָ, געווען א שווארצארבעטער, א געהילף־הייצער פון א לאָקאָמאָטיוו. אין 1931 איז ער גערופן געוואָרן אף מיליטערישער דינסט, מע האָט אים געשיקט אף פּאָליט־קורסן, ווו ער האָט באקומען מיליטעריש־פּאָליטישע בילדונג. נאָכן ענדיקן די דינסט האָט ער זיך אומגעקערט קיין דזשאנקאָי און פאָרגעזעצט ארבעטן אין אײַזנבאן־דעפּאָ.

פון 1940 איז טשאפּיטשעוו ווידער אין דער ארמיי, אלס פּאָליטרוק אין אן ארטילערישער באטארײ פון דער 3־טער קרימער דיוויזיע.

א לעבעדיקער און פריילעכער מענטש, א פייִקער און שארפזיניקער, מיט א שטענדיקן שמייכל אף די ליפּן, א צוגעלאָזטער, איז טשאפּיטשעוו געוואָרן דער ליבלינג פון די סאָלדאטן און קאָמאנדירן. דערצו האָט ער געהאט א שטארקע נייגונג צו ליטעראטור, ליב געהאט פּאָעזיע און אליין געשריבן לידער (זײַנע א לידער־זאמלונג איז דערשינען אין 1939 אין קרימער פארלאג).

ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע פאָטערלענדישע מילכאָמע, איז טשאפּיטשעוו אוועק אפן לענינגראדער פראָנט. ווי א פּאָליט־געהילף פונעם קאָמאנדיר פון א טאנקען־באַטאליאָן האָט ער דורכגעמאכט א גרויסן שלאכט־וועג אפן וואָלכאָווער, צאָפּן־קאווקאַזער, 1־טן און 3־טן אוקראַיִנישע פראָנטן, דרײַ מאָל פארוואונדעט געוואָרן. שטענדיק מיט די סאָלדאטן, האָט טשאפּיטשעוו געוווּסט דעם סאָד, וויאַזוי אונטערמונטערן די מידע און שוואכע. אין געציילטע מינוטן, ווען די סאָלדאטן האָבן גערוט, פלעגט ער אויסזוכן אן אָפּגעזונדערט ווינקעלע און מאכן פארנאָטירונגען אין נאָטיץ־ביכל, פארשרײַבן עפּיזאָדן פון סאָלדאטישער גווורע. דאָס אלץ פלעגט זיך דערנאָך אויספורעמען אין געטאָקטע פערזן. זײַנע נאָטיצן פלעגן אָפט זיך דרוקן אין דער דיוויזיע־צײַטונג.

צושטעלנדיק טשאפּיטשעוון צו דער באלוינונג מיטן טיטל העלד פון סאָוועטנפארבאנד, האָט די קאָמאנדשאפט געשריבן: „אין די שלאכטן מיט די דײַטשישע אָקופּאנטן האָט טשאפּיטשעוו ארויסגעוויזן העלדנמוט און איז געווען א מוסטער פארן גאנצן פאָלק. ניט איין מאָל האָט ער געפירט די שלאכטלײַט אין אטאקע. א שווערע שלאכט האָט זיך צעפלאקערט פאר דער סטאנציע האלשמילען. דער סוינע האָט אָנגעגריפן אף אונדזער שיסער־ראָטע מיט איבערוועגנדיקע קויכעס. ווען אין די פאָדערשטע רייען האָט זיך באוויזן טשאפּיטשעוו, האָט זיך בא די שלאכטלײַט אופגעהויבן די שטי־



יאַקאָוו טשאפיטשעוו

מונג. טשאפיטשעוו האָט באמערקט, ווי א מעטער 40 פון דער פאָדער־ליניע האָט זיך אופגעשטעלט א דײַטשישער אָפיצער און גלײַך נאָך אים בא 100 דײַטשישע סאָלדאטן. מיט א רוף „פארן פאָטערלאנד, פאָרויס!” האָט טשאפיטשעוו אופגעהויבן זײַנע שלאכטלײַט אין אטאקע. בא 50 פײַנטלעכע סאָלדאטן זײַנען דערשאָסן געוואָרן, די איבעריקע זײַנען זיך צעלאָפן. אין דער שלאכט איז טשאפיטשעוו פארוווּנדעט געוואָרן, נאָר די פאָדערליניע ניט פארלאָזט.

דעם 9 מארט 1945 איז אין ברעסלאוו געגאנגען א שלאכט פאר איינעם א זאוואָד. טשאפיטשעוו מיט נאָך א שלאכטמאן האָבן זיך ארויסגעריסן פאָרויס און פארניכטעט 8 פאשיסטן. ער פערזענלעך האָט גענומען אין געפאנגענשאפט צוויי סאָלדאטן. באם צוגאנג צו א צווייטן זאוואָד האָט דער באטאליאָן אָנגעטראָפן אף א באזונדערס באפעסטיקט הויז. דער באטאליאָן האָט געפרווּווט דאָס הויז פארכאפן, אָבער אָן דערפאָלג. און דאָ האָט זיך באוויזן טשאפיטשעוו. צוזאמען מיט נאָך אָן אויסשפירער האָט ער זיך א וואָרף געטאָן אונטערן פײַער, פארוואָרפן מיט גראנאטן דעם דײַטשישן פארפעסטיקטן פונקט. די ראָטע האָט זיך געלאָזט נאָך זיי און איז ארײַן אין הויז, אין די קעלערן. טשאפיטשעוו מיט זײַן כאווער האָבן זיך ארײַנגעריסן אין א צימער, אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען 9 דײַטשישע סאָלדאטן. זעקס האָבן זיי פארניכטעט אין א האנט־געפעכט, דרײַ האָבן גענומען אָפטרעטן, ניט אופהערנדיק צו שיסן. א קויל האָט געטראָפן אין טשאפיטשעוון. ער איז געפאלן א טויטער”.

יאַקאָוו טשאפיטשעוו איז באערדיקט אין ווראָצלאוו, ווו ער איז אומגעקומען. אין טאָג פון זײַן יאָרצײַט קומט צו דעם קייווער דער פּיאָנערן־אָטריאד, וואָס טראָגט זײַן נאָמען. די פּיאָנערן שטעלן זיך אוועק באם קייווער אין אָן ערן־וואך.

אווראָם פריבלודע

(מאָסקווע)

# בראָניק

## ביראָבידזשאנער נײַס

### פארן ווילשטאנד פון פאָלק

אין דער צײַטונג „ביראָבידזשאנער שטערן” פארן 5 דעקאבער פאָריקס יאָר איז פארעפנטלעכט געוואָרן אָן ארטיקל פונעם פארוואלטער מיטן אָפטייל פון סאָציאלער סטראכירונג באם געגנטלעכן פראָפפאריין־ראט ל. שקאָליאר. אינטערעסאנטע אָנגאבן וועגן די מאָסמיטלען צו העכערן דעם ווילשטאנד פון די ארבעטער זײַנען פארווירקלעכט געוואָרן אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט פאר די יאָרן פונעם נײַנטן פינפיאָר.

העכער 9 טויזנט ארבעטנדיקע פון דער געגנט האָבן זיך פאר אָט דער צײַט געהיילט אין פארשיידענע סאנאטאָריעס פונעם לאנד. 8 טויזנט האָבן פארבראכט זייער אורלויב אין אָפרו־הײַזער. עס זײַנען פארברייטערט געוואָרן די היילונגס־קאָמפלעקסן פונעם באוויסטן קוראָרט „קולדור”, וועלכער געפינט זיך אף דער טעריטאָריע פון דער געגנט. אין פארגאנגענעם יאָר האָבן זיך דאָרט געהיילט בא 17 טויזנט מענטשן. איצט בויט זיך אף דער טעריטאָריע פונעם קוראָרט דער נײַער קאָמפלעקס „זשעמטשוזשינא”, ספעציעל פאר מוטערס מיט קינדער.

אויסער דעם, טיילן אויס די פראָפפאריינען־אָרגאניזאציעס פון דער געגנט יערלעך העכער טויזנט פוטיאָווקעס פאר די ליבהאָבער פון טוריזם.

צוליב פארבעסערן דעם געזונטצושטאנד פון די ארבעטנדיקע ווערן אין דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט אײַנגעאָרדנט פראָפילאקטישע סאנאטאָריעס. אלע זומער רוען אָפּ אין די פּיאָנערלאגערן, אף די טוריסטישע באזעס העכער 10 טויזנט קינדער.

### לויט טוריסטישע פוטיאָווקעס

מיט יעדער יאָר וואקסן און פעסטיקן זיך די אינטערנאציאָנאלע פארבינדונגען פון דער ביראָבידזשאנער יוגנט. לויט קאָמיוגישע טוריסטישע פוטיאָווקעס זײַנען לעצטנס געוועזן אין אויסלאנד בא 50 ייִנגלעך און מיידלעך.

די ביראָבידזשאנער טוריסטן האָבן באזוכט די שטעט פון אונגארן, פוילן, יוגאָסלאוויע, פראנקרײַך, אלזשיר, איטאליע אא.

סאכאקל זײַנען פון אָנהייב יאָר אין די צווישנפעלקערלעכע לאגערן פון אָפרו און אין אויסלענדישע טוריסטישע רײַזעס געוועזן בא 500 יונגע וואנגארדיסטן פון די אונטערנעמונגען.

■

# מאָסקווער קינסטלער — דעם XXV פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר

(אין צענטראַלן אויסשטעלונג־זאַל)

ו. אי. לענין אין פאַריינען־הויז. קינסטלער — ו. ציפּלאַקאָוו





**פּאָעטן.** קינסטלער — א. ניקיטש

**הארבסט אפן טײַך מעדען.** קינסטלער — וו. פּאָפּקאָוו





כאווערטעס (פון דער סעריע „בויער פון קאמאז")
קינסטלער — ק. מאקסימאָוו

שלאָפט, קינדער, שלאָפט... קינסטלער — וו. וועטשערסקי



צוויי סקולפּטור־ווערק פון וו. ציגאַל:
**פּאָרטרעט פונעם קינסטלערן. ראַבינאָוויטש.**
**די פּישפּאַנגערן סערקאָווא**





כאַים טאַמאַרקין

# זייער מישפּאָכע=שטאַם

אין 1922 יאָר איז אין מאָסקווער זשורנאַל „שטראָם" אָפּגעדרוקט געווען דאָוויד האָפּשטיינס שורעס:

פון מאָסקווע דער הויפּטשטאָט אין פריִיקע
פלאַמען
א גרוס דיר, מײַן טײַערע, אלטינקע מאמע.
ווי טוט עס אין שטיל דאָרט דײַן הארץ איצטער
שלאָגן,
דײַן הארץ, אונטער וועלכן האָסט עלעף
געטראָגן.

אין א קליין שטעטל אף אוקראַיִנע האָט געלעבט א פּאָרפאָלק שאמע דער סטאָליער און גיטל די באָבע. האָבן זיי געהאט איין־און־אײַנציקן זון נעכעמיע, וועלכער האָט געווינט אין א דאָרף ניט ווײַט פונעם שטעטל. ער איז געווען דער פאָטער פון עלף קינדער — זין און טעכטער. דרײַען פון די עלף האָב איך געקענט. געווען מיט זיי באפרײַנדעט.

דער עלטערער פון די דרײַ איז מיט זײַנע ערשטע לידער בארימט געוואָרן, און שוין אין אָנהייב רעוואָליוציע האָט ער פארנומען דאָס אָנגעזעענסטע אָרט אין דער ייִדישער סאָוועטישער פּאָעזיע. אין דער פריִער דערמאָנטער ליד שרײַבט ער:

צי איז דאָס דײַן הארץ שוין געוואָרן
געווירע —
דײַן בכאָר איז א דיכטער בא ייִדן געבוירן
און אז מיט דײַן מילך, וואָס ווי ווײַן האָט
צעברויזט זיך,
אף וועלטישער סודע מײַן גײַסט איצטער
גרויסט זיך.

מיר האָבן געלייענט און נאָכאמאָל געלייענט די פילאָסאָפיש־לירישע לידער, וועלכע האָבן באַרײַכערט דעם גײַסט פון לייענער און באוויזן געפערלטע מוסטערן פארן ייִנגערן דאָר ייִדישע סאָוועטישע דיכטער.

מיר אלע האָבן זיך געגרויסט מיטן בכאָר דאָוויד האָפּשטיין, וואָס איז בא אונדז א דיכטער געוואָרן.

פאר מיר איז פארבליבן אף אייביק ניט נאָר דאָוויד האָפּשטיין דער גרויסער דיכטער, נאָר אויך דאָס מענטשלעכע אין זײַן אָריגינעלער פּערזענלעכקײַט מיט די אלע באזונדערע שטריכן און אייגנשאפטן.

דער צווייטער פון דעם שטאם איז וועלי האָפּשטיין, דער ייִנגערער פון דאָווידן אף צוויי יאָר. ווער סע האָט זיי ביידן געקענט, האָט באוווּנדערט און איז צופרידן געווען, וואָס וועלי איז אזוי געראָטן אין דאָווידן. אויב מע האָט אים ניט געקענט, איז מען אף א ווײַלע שטיין געבליבן, פארכידעשט געקוקט אף וועלין, זעענדיק די ענלעכקײַט מיט דאָווידן אין די מאַנירן, זשעסטן און אין ארט ריידן; און ערשט א ביסל שפּעטער האָט מען זיך אָנגעשטויסן, אז וועלי איז דער לויטערער אָפּשײַן פון זײַן עלטערן ברודער.

זײַן גאנץ לעבן האָט וועלי האָפּשטיין אומדערמידלעך און פרוכטבאר געארבעט אין געביט פון ייִדישער שפראך און ליטעראטור. ער איז געווען א האָרעפּאשניק, וועלכער האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון קיין שום ארבעט, אויב זי איז נייטיק געווען. א קאָרעקטאָר, א רעדאקטאָר, אָבער דעריקער אַן איבערזעצער. פון דער רוסישער קלאסישער פּאָעזיע האָט ער איבערזעצט פּושקינען, לערמאָנטאָוון, נעקראסאָוון און אנד., פון אוקראַיִניש — שעווטשענקאָן, טיטשינען, פּערוואָמײַסקין. פון די רוסישע סאָוועטישע דיכטער האָט ער איבערזעצט טיכאָנאָוון, סורקאָוון, פּראָקאָפּיעוון, ווערא אינבער, אָלגא בערגאָלץ, מארגאריטא אליגער. אויב איר האָט געלייענט אנטאָקאָלסקיס פּאָעמע „דער זון" פריִער אין אָריגינאל און איצט אין וועלי האָפּשטיינס איבערזעצונג, — פילט איר, אז איר האָט קימאט גאָרניט פארלאָרן.

אונטער א ריי איבערזעצונגען איז אונטער־געכאסמעט וו. עלינג. עס פֿאלט אײַך גלײַך ניט אײַן, אז דאָס זײַנען ראַשעטייװעס פֿונעם אייגע־נעם נאָמען, פֿון דעם פֿאָטערס נאָמען און פֿון דער פֿאמיליע פֿונעם איבערזעצער. קימאַט ווי בא די אמאָליקע טאלמודיסטישע מעכאברים. אויב איר נעמט פֿאנאנדערקלײַבן דעם באטײַט פֿון וו. עלינג, צעפֿאלן זיך די בוכשטאבן און עס באקומט זיך: וועלי — נעכעמיעס — גאָפּשטיין (קעדיי דער פֿען־נאָמען זאָל קלינגען נאָרמאַל, מוז ער זיך פֿארענדיקן ניט מיט א „ה", נאָר, ווי אַף רוסיש, מיט „ג"). אין פֿארשיידענע צײַטן איז וועלי געווען א מיטארבעטער אין רעדאַק־ציעס, פֿארלאגן, זשורנאלן, צײַטונגען, אים האָבן געקענט און עס זײַנען געווען מיט אים באַ־פֿרײַנדעט שרײַבער, דיכטער, קולטור־טוער. א גרויסע פֿרײַנטשאפֿט האָט אים פֿארבונדן מיט אַרן קושניראָוו, מיט שמועל האלקינען.

ער האָט זייער ווינציק געריידט וועגן זיך, וועגן זײַן ארבעט. מער געשוויגן. שפּאַרעוודיק געענטפֿערט, ניט געווען קיין באריידעוודיקער.

שוין פֿינף יאָר, ווי ער איז געשטאָרבן. גע־בליבן נאָך אים איז אַן ארכיוו — איבערגעבונד־דענע דיקע העפֿטן, פֿארשריבענע מיט דער האַנט און איבערגעדרוקטע אַף א מאשינקע, זײַנע פֿילצאָליקע איבערזעצונגען. זעלטן ווער עס ווייסט שוין, וואָס פֿון דעם אלעמען איז געדרוקט געווען און וואָס עס איז אזוי שווײַגנ־דיק פֿארבליבן...

ער איז מיר געווען זייער סימפּאַטיש — מיט זײַנע אײַנגעבאָרענע אייגנשאפֿטן, טיף באהאלטן אין זיך, און מיט די בולעטע סימאָנים פֿון אָנגעהעריקײַט צו זײַן מישפּאָכע־שטאַם.

די דריטע, די שוועסטער פֿון די צוויי עלטערע ברידער האָפּשטיין, די דיכטערן שיפֿרע כאַלאָ־דענקאָ, איז געשטאָרבן אין די מיטלסטע כאדאָ־שים פֿונעם 1974. זינט איך בין געווען אַף איר לעווײַע, טראַכט איך אָפֿט וועגן איר, לייען אָפּסנײַ אירע לידער, דערמאָן זיך די צענדליקער יאָרן פֿון אונדזער פֿרײַנטשאפֿט, אָנהייבנדיק פֿון אירע ערשטע לידער, ביז דעם לעצטן כוי־דעש פֿון איר לעבן.

זייער ריידן שאמע דעם סטאָליער און די באָבע גיטל געדענק איך פֿון די קינדער־יאָרן; דאָס אלטע פֿאָרפֿאָלק איז פֿארבליבן אין מײַן פֿאָרשטעלונג, ווי אויסגעטיילטע פֿון די ארומיקע אנדערע באלמעלאָכעס, אָרעמעלײַט. די באגאַב־טע אייניקלעך דאָוויד, וועלי, שיפֿרע האָבן גע־יאָרשנט פֿון זיי באזונדערע כאראַקטער־שטריכן און אויסערלעכע מאנירן.

ווען שיפֿרע האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן, האָט זי גענומען איר מאמעס פֿאמיליע כאַלאָדענקאָ, ווײַל האָפּשטיין איז געווען איר בארימטער ברודער. זי איז באוווסט געוואָרן מיט איר אייגענער דיכטערישער פֿאמיליע — שיפֿרע כאַלאָדענקאָ.

איך האָב קעסיידער געטראַכט, ווי זי איז גע־ראָטן מיט איר קאָל און אינטאָנאַציעס אין איר באָבע גיטל. וויפֿל יאָרן עס זײַנען אריבער, אָבער אז איך האָב געהערט שיפֿרען רעדן, האָט זיך מיר דערמאָנט איר באָבע גיטלס קאָל. איך האָב איר איינמאָל געזאָגט וועגן דעם, האָט זי געלאכט און געדאַנקט, וואָס איך געדענק איר באָבעס קאָל. טאַקע מאַמעש, ווי איבערגעגאָסן פֿון איין קיילע אין א צווייטער...

ווען שיפֿרע האָט זיך דערנענטערט, ווי א שעפֿערישע פּערזענלעכקײַט, צו אירע ברידער דאָוויד און וועלי, האָט מען באלד דערפֿילט, ווי זי איז געקניפּט און געבונדן מיט זיי, און איינ־צײַטיק שיידט זי זיך פֿון זיי אונטער.

שיפֿרע אלס דיכטערן איז געוויס געווען אונ־טער דער ווירקונג פֿון דאָוויד האָפּשטיינען. איר דיכטערישע מײַסטערשאפֿט, די פֿילאָסאָ־פֿיש־לירישע געוועדנטקײַט פֿון איר ליד ציט זיך אוואדע צו אָט דעם רײַכן קוואל. זי האָט אָבער געשאפֿן אייגענע לידער, פֿון איר נעשאָמע, אויסדריקנדיק איר פּערזענלעכע שטימונג, אירע זעונגען און דימיוינעס.

שיפֿרע כאַלאָדענקאָס לעצטע לידער, אָפּגע־דרוקטע אין 7־טן נומער „סאָוועטיש היימלאנד" פֿאַרן 1974 יאָר, האַלט איך פֿאַר באַדײַטנדיקע מוסטערן פֿון פּאָעטישן שאפֿן. מיט טיפֿער ליר־רישקײַט איז אויסגעדריקט זייער הארציקער פֿארלאַנג: „עס ווילט זיך מיר לעבן". א שווע־רער פֿאָרגעפֿיל, נאָר ניט קיין געבראָכן געמיט פֿון געזעגענען זיך מיט דער וועלט. די באזונ־דערקײַט פֿון כאַלאָדענקאָס ליריק, די פֿאָלקס־טימלעכע שפּראַך איז, ווײַזט מיר אויס, יוערט א הויכע אָפּשאַצונג.

שיפֿרע כאַלאָדענקאָס ליד „כאַווע", וועלכע איז פֿארעפֿנטלעכט אין „סאָוועטיש היימלאנד" נומ. 4 פֿארן 1971 יאָר, איז ניט קיין מישפּאָכע־ליד; זי האָט אָבער א באזונדערע שײַכעס צו דעם בכאָר פֿון דער מישפּאָכע — צו דאָוויד האָפּשטייינען, צו זײַנע קינדער און צו דער שוועסטער כאַווע.

רײַך איז די צעוואַקסענע קרוין פֿון דעם האָפּ־שטיינישן מישפּאָכע־שטאַם.



**יאשע רוביאן**

# דרײַ פּלעשער ווײַן

אַקוראַט טאַמעז, פּונקט אין די נײַן טעג, דעם 12־טן יוני 1909 יאָר, איז אין שטעטעלע סאָקאָ־לאָווקע (יוסטינגראַד), געוועזענער קיִעווער גובערניע, נאָענט באַם טײַך און ניט ווײַט פון מאַרק, אין א שיוורע ליים־שטיבל, א געדעקטס מיט שטרוי און מיט אַן אויסגעפּליקטן פּידאָ־שעק, באַם פּריוואַטן לערער פון דיקדעק מיכל־בענציִענס, אָדער, ווי מע פלעגט אים דאָ רופן, מיכל ליבע־לייעס, געבוירן געוואָרן א זון.

ס׳איז געווען דאָס צווייטע קינד בא די על־טערן, אויב מע זאָל ניט רעכענען בענטשיקן, וואָס איז מיט דער הילף פונעם היגן פעלדשער געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר פריִער.

די בובע זלאַטע־נעכאַמע האָט אים קוים אײַנ־געהאַלטן, ער זאָל ניט אַרויסשפּרינגען פון אירע הענט, און איבערגעבנדיק אים דער באָבע ליבע־לייע, זי זאָל אים אויסבאָדן, געזאָגט:

— כאַפּט נאָר א קוק, וואָס פאַר א בלויע אויגן איז בא אים, און א קוטשמע — כאָטש פאַרפלעכט אים צעפּ. געקומען אַף דער וועלט מיט א געשריי, געעפנט א געמבע, פּונקט ווי ער וואָלט זיך צעשריגן אַפן טאַטן. נו, א יונ־גאַטש מיט ביינער!

מיט פערלדיקע אויסיִעס האָט דער טאַטע אָנגעשריבן שירהאַמײַלעס־קוויטלען און זיי צוגעקלעפּט צום קוימען, צו די טירן און פענצ־טער, כּדיי די ניטגוטע זאָלן קיין שליטה ניט האָבן אַף דער געווינערן.

אפן פידיען־האַבען זײַנען זיך צונויפגעקומען אַלע אייגענע, פרײַנט, געסט. מ׳האָט געטרונקען מאַשקע און זיך מעסאַמייעך געווען. דער טאַטע האָט געזונגען כאַזאָנישע שטיקלעך, פאָלקס־לידער און גלאַט ניגונים. דער איין־און־זעכ־ציקיאָריקער זיידע שלוימע, דער מאַמעס טאַטע, האָט צעקעמט זײַן לאַנגע ווײַסע באָרד, אַראָפּ־געוואָרפן די קאַפּאָטע מיטן פּידזשאַקל, געכאַפּט דאָס קינד און אין איין העמד געטאַנצט אוירא. אַלע זינגען און פּליעסקען:

לאָמיר אַלע אינײינעם, אינײינעם
מאָטעלען מעקאַבל־פּאָנעם זײַן,
לאָמיר אַלע אינײינעם
לאָמיר אַלע אינײינעם
נעמען צו ביסעלעך ווײַן!

אָט איז אַרויס אַנטקעגן דעם זיידן די באָבע ליבע־לייע און דער טאַטע אין א טאַנץ, און אַלע זינגען שוין „ייִסמעכו, וועיִסמעכו״.

דער טאַטע מיכל איז געווען ניט נאָר א הײַנט־וועלטיקער, נאָר אויך א קלוגער מענטש. ער האָט אויסגעדריקט די פרייד אַף זײַן שטייגער. שוין אפן צווייטן טאָג נאָך דער סימכע איז דער טאַטע מיטן זיידן אַוועק אין היגן ווײַן־קעלער, אויסגעקליבן דעם בעסטן ווײַן און גענומען דרײַפערטל־עמער־פלעשער, פאַרפּעטשאַטעוועט אין געפלאָכטענע קוישלעך. געבראַכט דעם ווײַן אַהיים, האָט דער טאַטע געזאָגט:

— אָט די דרײַ פלעשער רויטן גוִטן זיסן ווײַן וועלן מיר איצטער פאַרגראָבן, באַהאַלטן בא אונדז אין קעלער, און אויסגראָבן און עפענען וועלן מיר זיי נאָר צו מאָטלס כאַסענע.

דער זיידע האָט א זיפץ געטאָן, און בא דער מאַמען האָבן שוין געפינקלט טרערן.

— ווער ווייסט, צי איך וועל דערלעבן זײַן כאַסענע, — האָט זי געזאָגט, — ס׳וועלן נאָך גענוג וואַסערן איבערלויפן, ביז מיר וועלן אים אופציִען און דערלעבן צו זײַן כאַסענע, — און זי האָט זיך באַגאָסן מיט טרערן.

דער טאַטע מיטן זיידן האָבן אַרײַנגעשטעלט די פלעשער אין בלעכענע קיילים, גענומען די לאָפּעטע און זיך אַראָפּגעלאָזט אין קעלער אַרײַן. מאָטעלע האָט א וויין געטאָן, האָט די מאַמע אים גענומען וויגן:

שלאָף, מײַן קינד, מײַן זון מײַן שיינער,
שלאָף זשע, ליו, ליו, ליו...

גערעכט איז געווען די מאַמע, זי האָט ניט דערלעבט צו מאָטלס כאַסענע.

אין דער צווייטער העלפט פון די דרײַסיקער יאָרן האָב איך נאָכן פאַרענדיקן דעם אָדעסער פּעדינסטיטוט גאָר אומגעריכט באַקומען א שטעלע פאַר א לערער אין דער ניט פולער מיטלשול אין מײַן געבורט־שטעטעלע סאָקאָ־לאָווקע. ס׳האָט מיך באַגעגנט דער זעלבער טײַך מיט די לעוואַדעס, די זעלבע וואַסערמיל און אפילע דער זעלבער שליאַך, נאָר אָנגעטאָן אין שטיין. ס׳זײַנען בלויז פאַרשוווּנדן דער ווײַ־סער קלויסטער מיטן טויבן גאַלעך, דער אַלטער העקדעש און די קלויז, די לעדערוואַרגער, די גווירים און דער שטעטלשער מעלאַמעד מיט

די פינף פאַרזעסענע מיידן. דאָס גאַנצע שטעטל איז אין קאַלווירט. א נײַ לעבן האָט געררישט. און איך האָב זיך געפילט ווי נײַ־געבוירן.

פונעם שטעטעלע טאַקע בין איך דערנאָך אוועק אַפן פראָנט. מיר האָט אָפּגעגליקט: פּרנעם בלוטיקן געראַנגל, וואָס האָט זיך געצויגן גאַנצע פיר יאָר, בין איך אַרויס א לעבעדיקער, אינגאַנצן צוויי מאָל פאַרוווּנדעט, דערבײַ אַפילע קיין קאַליקע ניט געבליבן. נאָר פון אונדזער גרויסער מישפּאָכע זײַנען מיר געבליבן איך און מאָטל. ערגעץ אָף דער וועלט לעבט נאָך א פלעמעניצע שיינדעלע, דער מומע ריווקעס א טאָכטער.

אין גרויען שינעל, אין זעלנערישע שטיוול האָב איך זיך אומגעקערט אהיים, נאָר פון מײַן סאָקאָלאָווקע איז געבליבן גאַנץ נאָר דער טײַך, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט פאַרברענען, און פון די לעוואַדעס זײַנען געבליבן געציילטע זקיינים. צו א בוים א קאַליקע איז צוגעשלאָגן א ברעטל „יוסטינגראַד", כאָטש גוט, וואָס דער נאָמען איז ניט פאַרגעסן. האָבן טאַקע די לערער זיך אײַנגעשפּאַנט אין דער אַרבעט, אינאיינעם מיט די קאָלווירטניקעס געהאָרעוועט און כאַטע נאָך כאַטע, גאַס נאָך גאַס אופגעשטעלט. גלײַכע, שיינע, קלאָרע הײַזער, פּונקט ווי איין מאַמע האָט זיי געהאַט. נאָר די שול איז נאָך געווען געדעקט מיט שטרוי און זיך געפונען אין צוויי ליים־שטיבלעך.

און אָט זײַנען פאַריבער גאַנצע דרײַסיק יאָר נאָך דער מילכאָמע. מײַן שטעטעלע איז שוין ניט צו דערקענען, דער סאָווירט איז דאָ א קרעפּטיקער, מיט גרויסע וואַרשטאַטן, א נײַעם שפּיטאָל, א טעאַטער, קינדערגערטנער, א סטאַדיאָן. ערשט איצט איז מען צוגעטראָטן בויען א נײַע פירשטאָקיקע געבײַדע פאַר דער מיטלשול. אין א הייסן יון־טאָג, פּונקט ווען בא די לערער איז שניט־צײַט און זיי זײַנען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט, ס'גייען די עקזאַמענעס, מיר פירן אונטער דעם סאַכאַקל פון לערניאָר. און אינמיטנדערינען הערן מיר: עס האָט זיך צעגראַגערט אַן עקסקאַוואַטאָר, אַראָפּ פון דער בריק און פאַרקערעוועט צום גרינעם שעטעך ניט ווײַט פונעם טײַך. אָף אָט דעם יאָמטעוו זײַנען געקומען די אָנפירער פון דאָרף, צווישן זיי אויך דער אינזשעניער פון דער בויונג, טאַקע אַן אונדזעריקער, פונעם שטעטל (זײַן טאַטע איז געווען א באָנדער). ס'האָבן זיך א לאָז געטאָן צום אָרט די לערער און גלאַט אײַנוווינער.

די שווערע מאַשין שטעקט אַרײַן די ברייטע שטאָלענע לאָפּעטע־ציין אין באָדן און רײַסט די ערד, ווי א פאַרדאַרטן פידפּאָלעק, פאַר איין מאָל נעמט אָן דער טיפער שטאָלענער לעפל א האַלבן קובאָמעטער ערד. נאָר אָט האָט א קריץ געטאָן צווישן די ציין עפּעס א פאַרזשאַווערט בלעך. ס'האָט א פינקל געטאָן גלאָז קעגן דער זון. דער מאַשיניסט איז אַראָפּ, צעשאַרט די ערד מיט די הענט און אַרויסגעשלעפּט איינע נאָך דער צווייטער דרײַ גרויסע פלעשער מיט א געדיכטער שוואַרצער פליסיקײַט. פאַרכידעשט האָבן אַלע געקוקט: וואָס איז דאָס פאַרא פלעשער? מינאַסטאַם האָט א פאָרעץ אָדער א גוויר אַמאָל דאָ געהאַט א ווײַנקעלער. מיר איז אַפילע אַפן זינען ניט געקומען, נאָר ווען דער מאַשיניסט איז אַוועק מיט א פאָר כעוורע אָפּטראָגן די פלעשער אהיים און ווען עמעצער האָט מיך א רוף געטאָן באַם טאַטנס נאָמען, האָב איך זיך דערמאָנט: ס'איז דאָך דעם טאַטנס פלעשער!

איך בין אַוועק צום מאַשיניסט און אויסגעבעטן מיר אומקערן מײַן טאַטנס יערושע. ער האָט זיך געקווענקלט, נאָר דערנאָך אײַנגעגאַנגען. אין אָוונט האָב איך פאַרבעטן צו זיך די לערער, פרײַנט, כאַווײרים, אויך דעם מאַשיניסט פון עקסקאַוואַטאָר האָב איך פאַרבעטן.

די געסט האָבן אינאיינעם מיט מיר אָפּגעמערקט מאָטלס 65־יאָריקן געבורטסטאָג דעם 12 יון 1974 יאָר. איך האָב געשטעלט בראַנפן און ווײַן, געטרונקען פאַר זײַן ליכטיקן אָנדענק. אָבער יענע דרײַ פלעשער האָבן מיר ניט געטשעפּעט...

איך קוק איצט אָף די דרײַ פלעשער ווײַן און דערמאָן זיך, אַז איך האָב אַמאָל געהאַט א טאַטן מיכל, וועלכער האָט געלעבט באַם ברעג טײַך אין א ליימענעם שטיבל מיט אַן אויסגעפליקטן פּידאַשעק, אונטער א שטרויענעם דאַך. איך האָב אַמאָל געהאַט א מאַמע כאַנעדווירע, וואָס האָט געבוירן זעקס קינדער, און צווישן זיי דעם ייִדישן דיכטער מאָטל גרוביאַן, מײַן ברודער.



## ה. בעריאָזקין

# האַרץ און וועלט

ווען מע לייגט מיר, לעמאָשל, פֿאָר אויסצוזוכן אין די אוצרות פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג אַ ליד, אַ סטראָפֿע, אַ בינטל שורות, וואָס זאָלן אַמבוילעטסטן פֿאַרקערפּערן אין זיך דעם עצם פֿענאָמען — פּאָעזיע, די ספּעציפֿיש־געלײַטערטע בילדערישקײַט פֿון איר שפּראַך, איר באַשטענדיקע נייגונג צום גײַסטלעך־מאָראַלישן, דערהויבענעם, קימאַט סימבאָלישן, וואָלט איך, באַגלײַך מיט די בעסטע מוסטערן פֿון האָפּשטיינען אָדער האַלקינען, געבראַכט אויך אַזאַ מין פֿערז פֿון מאָטל גרוביאַן:

צווישן מײַן זײַן
און מײַן ניט ווערן
זוך איך אַ שטערן
פֿול מיט שײַן,
וואָס זאָל פֿאַרלאָשן
ניט ווערן,
ווען איך וועל ניט זײַן...

רײַכקײַט אין לאָשן איז אָן שום ספֿק אַ ביז גאָר וויכטיקע מײַלע פֿון יעטווידן דיכטער. אָבער אין רעשוס פֿון דער דיכטונג זײַנען פֿאַראַן אויך אַזעלכע פֿאַלן און סיטואַציעס, וואָס פֿאַרלאַנגען גראָדע דאָס אויסערלעך פֿאַרקערטע צו רײַכקײַט — דאָס זאָרגזאַם אָפּגעקליבענע, אַפֿילו דאָס איבערגעכאַזערטע. און זעט, אַשטייגער, ווי מײַסטערהאַפֿט „אָרעם" איז גרוביאַן אינעם ציטירטן ליד, ווי שטרענג און באַזיניקט לאָזט ער זיך צו פֿאַרקישעפֿן פֿון עטלעכע געציילטע, איידל און רײַך אינטאָנירטע ווערטער־באַגריפֿן: זײַן — ווערן — שטערן — שײַן. און ווי דאָס שפּאָרעוודיק־אָפּגעהיטע וואָרט האָט זיך אונטערגעוואָרפֿן דעם אויסערגעוויינלעכן ערנסט פֿונעם געזאָגטן: גרוביאַן רעדט וועגן אַזאַ מין עטישן געפֿיל, וואָס איז ווערט צו קרוינען אַ בעעמעס־הומאַנישע, נאָבעלע אינדיווידואַליטעט — אַ געפֿיל פֿון פֿרײַנטלעכער אופֿגעלייגטקײַט צו אַן איבערגעלאָזטער וועלט, צו אַ וועלט אָן מיר און נאָך מיר...

אַזעלכע אָדער ענלעכע באַטראַכטונגען און געדאַנקען ווירקן בײַ גרוביאַנען באַזונדערס איבערצײַגעוודיק צוליב דעם, וואָס זיי זײַנען פֿאַרטרויט אַ מענטשלעכער עקזיסטענץ מיט אַ מערקווירדיק שטאַרקן לעבנסווילן און לעבנסדורשט. גרוביאַנס פּאָעזיע איז מאַמעש אָנגעבראַקנעט מיט לעבן, מיט פֿרײַער, אַלמעכטיקער און ניט באַשיצטער נאַטור־אָרגאַניק, „מיט יוגנט, מיט זון און מיט קראַפֿט און מיט ראַכוועס". יעטווידע באַגעגעניש פֿונעם דיכטער מיט אָט דער וועלט פֿלעגט געבוירן ניט קיין „נייטראַלע" נאַטור־פֿאַרצייכענונג, נאָר אַן אינערלעך אָנגעשטרענגטע לירישע איבערלעבונג, אַ שאַרף עמאָציאָנעלע נעשאָמע־געשעעניש: „אַרומגענומען כ'וואָלט זיך איצט מיט דער וועלט און געטאָן זיך אַ וואַלגער מיט איר אין קאָרן טיפֿן, פֿערעלעך טוי זאָלן טריפֿן, טריפֿן! און געשמאַק זאָל אין האַרצן אַרײַן מיר דאָס פֿעלד..."

אין גרוביאַנס לידער האָט „אינמיטנדערינען אַ בוים זיך פֿאַרכלינעט מיט פֿרישן רעגן" און עס האָבן זיך מילד צעשײַנט „פֿרישע בלעטער פֿון יונגן ווײַנשלבוים", אַ שלאַנקן הירש, וואָס אײַלט צו „העכסטן באַרג־שפּיץ", לויפֿט „אַנטקעגן, צעשטערנט", אַן אומענדלעכער הימל; אַ קליין, צעשטראַלט כמאַרעלע האָט זיך, ווי אַ לאָשעקל, צעשפּילט אין דער הייך... ריינקײַט, וואַרעמקײַט, פֿרישקײַט!

מיט אַלע זיבן כיינען ווינקט אונדז גרוביאַנס אַ שורע — אַ ווענדונג צום רײַפֿן זאַנג: „כ'וועל דיך אַרײַנפֿלעכטן אין קאָשעקל פֿון פּרוכט, וואָס איך טראָג צו מײַן געליבטער פֿרוי". ביכלאַל מוז ווערן אָפּגעצייכנט די אומיטלבאַרקײַט פֿון גרוביאַנס ליבע־לידער, ווו איבערגעגעבנקײַט און טרײַשאַפֿט גייען באַנאַנד מיט אַ ווויליונגעריש פֿאַרשײַטער גרייטקײַט „די גרענעץ פֿון קלאָרן סייכל אַריבער".

אַ זעלבסטפֿאַרטיפֿטער און ברויזנדיקער ליבעגעפֿיל, וואָס מאַיאַקאָווסקי האָט אים אַמאָל קוואַליפֿיצירט אַלס „פֿרײַען פֿאַרמעסט מיט דער גאַנצער וועלט", איז בײַ גרוביאַנען אָפּטמאָל דער גרונט־פֿאַרמיטלער צווישן אים, דעם פּאָעט, און דעם איבערגעפֿולטן מיט קאָלערליי וווּנדער און מיט נײַס אומויסשעפּלעכן אַרום. ס'איז אַ ניט־געטיילטער, אַלגעמיינער אַרום, און ווען דער דיכטער שרײַבט, אַשטייגער: „צו מײַן פֿענצטער האָט געטראָפֿן אַזאַ ריינער טראָפּן פֿרילינג", אָדער „אין הימל גייט אויף אַ פֿילמאַזלדיקע זונען־קויל", אָדער „מײַן לעבעדיקער, שיינער מאָרגן", איז עס אין אַ גרויסער מאָס אויך דיקטירט פֿון ליבע, פֿון אַ פּרינציפּיעל ניט עגאָיִסטישער קאַוואָנע טיילן גליק פֿון דערקענטן און באַוווּנדערטן מיט אַ צווייטן, מיט אַ נאָענטן.

בא גרוביאַנען איז דאָ אַן אויסערסט געראָ־טענע ליד „א פֿאַסטעך אָן א פּײַפֿל": „א פֿאַסטעך אָן א פּײַפֿל, ווי געזען האָסטו אַזאַ מין פֿאַסטעך? א פֿאַסטעך אָן לאַפּטשעס, ווי געזען האָסטו אַזאַ מין פֿאַסטעך? א פֿאַסטעך אָן א טאָרבע, ווי געזען האָסטו אַזאַ מין פֿאַסטעך?"

ס'איז פֿון יענע לידער גרוביאַנס, וועלכע ווערן אין דער קריטיק געוויינלעך אָפּגעשאַצט ווי ווייניק געווונטשענע פֿאָלקלאָר־סטיליזאַציע. גרוביאַן איז געווען טראַדיציאָנעל־פֿאָלקסטימ־לעך אַף אַזויפֿיל, אַף וויפֿל דאָס „ניט קולטי־ווירטע" פֿאָלקסליד איז נאָענט צום אורשפּרינג־לעך־נאַיוון, קינדעריש „ניט־באַהאַוונטן". און ניט צופֿעליק זײַנען די באַליבטסטע דיכטער גרוביאַנס געווען טאַקע די, וואָס האָבן אופֿגע־האַלטן און פֿארהיט דאָס פֿאָלקסטימלעך־פּראָסטע און באַהעפֿט עס מיט ראַפֿינירטער קולטור, צומאָל מיט הויכן טראַגיזם. גאַרסיאַ לאָרקע, צום בײַשפּיל, וועמעס פּרעכטיקע שורעס וועגן דעם האַרץ — אַן „אין ערגעץ פֿאַרוואָרפֿן אינדזל", אָדער וועגן דער לעוואָנע, וואָס גייט געצערעמט מיט א ייִנגעלע פֿון אַנדאַלוזיע, האָבן עפּשער אומדירעקט, אָבער באַשײַמפּערלעך זיך אָפּגערופֿן אין גרוביאַנס פּילצאָליקע האַרץ־און לעוואָנע־מעטאַפֿאָרן: „א שטיין איז מײַן האַרץ אינדערמיט פֿון טײַך", פֿאַרליבטע האָבן „מיט די הענט אַראָפּגענומען די לעוואָנע פֿון יעדן פֿײַכטן בלעטל" אאַוו. ווען איך טרעף בא גרוביאַנען: „דער שטויב פֿון שמעטערלינגען זיצט אַף מײַנע ווִיעס", דערמאָן איך זיך כלעב־ניקאָוון, זײַנע אויסגעמורמלטע שורעס וועגן זיך, א שמעטערלינג, וואָס לאָזט איבער דעם „קסאָוו פֿון זײַן שטויב" אַף די פֿענצטער פֿונעם „מענטשלעכן לעבן".

„א פֿאַסטעך אָן א פּײַפֿל" איז א ביז גאָר כאַ־ראַקטעריסטיש ליד בא גרוביאַנען. און ניט נאָר צוליב דעם פֿאָלקסטימלעך־נאַיוון כיין און פֿאַש־טעס — צוליב דער דיכטערישער אידיי, וואָס די „נאַיווע" פֿאָרם אַנטהאַלט: מע קען ניט, מע טאָר ניט אָוועקנעמען בא דעם פֿאַסטעכל זײַן פּײַפֿל און זײַנע לאַפּטשעס; מע טאָר ניט צעגלי־דערן און „צעשרויפֿן" דאָס גאַנצע, וואָס איז בעשום־אויפֿן ניט קיין מעכאַנישער סכום פֿון פּריוואַטע איינצלהײַטן אָדער בלוטלאָז־אַב־סטראַקטע „עלעמענטן", נאָר אַן אָרגאַנישע איינהײַטלעכקײַט, א יאָדערדיקע סטרוקטור, א באַרופֿענער צו פּולער פֿאַרווירקלעכונג ניט באַאוולטער לעבנס־באַשטאַנד און לעבנס־קויעך.

מאָטל גרוביאַן איז קוידעמקאָל שטאַרק גע־ווען אין זײַן שאַפֿונג מיט דעם ניט קענען און ניט וועלן „אויסשיילן" הוילע „סאַכאַקלען", מיט דעם קלאָרן פֿאַרשטאַנד פֿון אַלגעמיינער גע־בונדנקײַט, מיטן טיפֿן מענטשלעכן אָפּשײַ צו גאַנצקײַט, וואָס אָן איר שליטע פֿאַרלירט דעם מינדסטן באַטײַט יעטווידע איזאָלירט באַטראַכ־טע לעבנס־ און וועלט־אַנטפּלעקונג.

„ניט די פֿעל, נאָר דאָס פֿיקסעלע א לעבעדיקס דאַרפֿן מיר", — פּראָקלאַמירן די מעטאַפֿאָרן בא גרוביאַנען זײַן אייגענע אײַנשטעלונג אַף סינ־טעז, וואָס ווערט אין זײַן גאַנצער מאַמאָשעסדי־קײַט, אין זײַן פֿרײַ צעשפּרייטער לענג און ברייט, גאָרן צו גאָרן, רינג צו רינג, אָנגעשלאָסן אַלס אָנטיילנעמער און אײדעס צום יאָכידעס אינ־דיווידועלער וועלט: „מעסט אויס די שטילקײַט און קייפֿל זי אַף דער טיפֿקײַט פֿון אָט דער שטערנדיקער נאַכט; נעם אַראָפּ א פּערטל פֿון דעם נעפּל, וואָס אומזעבאַר דעם גאָרטן מאַכט; גיב צו די וואָג פֿון די עפּל, וואָס האָבן צו דער ערד אַלע ביימער נאָכן רעגן אָנגעבויגן, און דערנאָך צעטייל פֿאַר אַלע בלעטער מײַנע טרערן פֿון די אויגן, — וועסטו באַקומען אין סאַכאַקל מײַן יונגן, פֿרישן גאָרטן. כ'האָב הײַנט געקושט זי דאָרטן".

און ווי זשע אַנדערש, אויב ניט אין דער אַט־מאָספֿער פֿון אַזאַ מין גאָרטן, דורך אים גע־שטיצט און גענערט, האָבן געקענט אַנטשטיין און זיך אָנגיסן מיט באַצווינגענדיק־עכטער קראַפֿט יענע לעבנסבאַשטעטיקנדיקע שטימונגען און מאָ־טיוון, וואָס זעטיקן גרוביאַנס מאַכשאָוועס אַפֿילע וועגן דעם אומפֿאַרמײַדלעכן, טראַגישן, שווערן?

„איך גלייב אין מײַן סאָף ניט, טײַערע, מײַן אָנהייב דעם סאָף האָט איבערגעלעבט!" — א לירישע איבערפֿראַזירונג פֿונעם זעלבן געדאַנק וועגן נאַטירלעך געשלאָסענעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס. „כ'וועל שטאַרבן מיט א גוט וואָרט... און וועל ציטערן פֿון יענער זײַט לעבן דאָרט פֿאַר א טראָפּנדל זון אַף א צווײַגל מיט שניי" — אַן איידעלע, מיט לײַכטן טרויער שאַטירטע וועלט־עמפּפֿינדונג, וואָס א לעבעדיקע דיכטונג קען זיך ווינטשן. „אייביקײַט! ווער ביסטו? — א וואָגן פֿריש געקאָסעט היי, און צו דיר מע קומט כאַפּן דעם גוטן דרימל?"... ניין, בעסער אַזוי:

איביקײַט! שאַנעווע מײַן מי!
מיט פֿלאַם־פּײַער אַף די ליפּן
בעט איך, עפּשער
דאַרף מען אין מיר
פֿאַרצערעווען, פֿאַרוועבן,
איז טו דאָס איצט,
בלויז מיט ליכט
און בלויז באַם לעבן.

און ווי א געזעצמעסיק פֿאַראַלגעמיינערנדי־קער אויספֿיר — א צוויייט ליד: „נאָר באַם לעבן, נאָר באַם לעבן שאַלט און וועקט דער הירשן־האָרן, וואָלקנס גייען, כמאַרעס שוועבן, קומט א צאָרע, קאָנסטו זי איבערלעבן — נאָר באַם לעבן, נאָר באַם לעבן!.."

איך דערמאָן זיך מינסק 1934 יאָר. די שטאָט איז קליין און געמיטלעך־היימיש. מײַן נײַער פֿרײַנט, דער ניט לאַנג אָנגעקומענער פֿון אוקראַינע מאָטל גרוביאַן, וועמענס ערשט ביכעלע „פֿון קעלער אַף דער זון" איז נאָרוואָס אוועק אין זאַץ, לייענט מיר פֿרישע לידער און צווישן אַנדערע — וועגן דעם פֿריצײַטיק פֿאַרשטאָר־בענעם דיכטער כאַים לאַסקער: „ווען דו וואָלסט וויסן, א פֿענצטער וואָלסטו אין שפּיטאָל צע־

בראָכן און ערגעץ אין דער וועלט אריַין אוועק״,
„פאַרוואָס האָט עס דער טויט כאַטש נאָר אַף
איינע צען יאָר ניט פאַרשפּעטיקט? עפּשער
וועלן שוין מענטשן אינגאַנצן ניט שטאַרבן...״

אין אַכט און דריַיסיק יאָר אַרום, אין שפּיטאָל,
שוין קימאַט אַף „יענער זיַיט לעבן״, האָט גרו־
ביאַן פאַרשריבן מיט אַן אומבאַהאָלפן־מאַכט־
לאָזער האַנט עטלעכע שורעס — אַ דערשיטערנ־
דיקן מוסטער פון מענטשלעכן לעבנסווילן:
„אַזאַ מין לעבן, מע טראָגט מיר זויערשטאָף־
קישלעך אַ גאַנצע נאַכט, אָבער איך לעב נאָך,
מיר דוכט: עפּעס שעפּטשען די ליפּן — איך
פיל, די נאָדל צווינגט צו לעבן, פאַר די אויגן
טיַיבעלעך וויַיסע שוועבן. דער דאָקטער זאָגט,
כ׳וועל לעבן, ניט איך וועל, נאָר איך וויל...״

ס׳איז פּיַינלעך צו לייענען. און גליַיכציַיטיק
באַפריַיט עס דעם לייענער פון די אַנגסטן, עס
פאַרהאַרטעוועט די ווירדע און דעם שטאָלץ.

יאָ, מאָטל גרוביאַן איז געווען אַ דיכטער פון
אַ לעבנסלוסטיקן און לעבנסליבנדיקן טאַלאַנט.
אַנומלטן האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ
זשעסט, וואָס איז ווערט פאָלסטאַפן: „פאַרן
שטאַרבן אַ שמייכל טאָן וועל איך צו דער וועלט
מיטן פולן מויל, עס אויסווישן מיטן אַרבל, ווי
נאָך אַ גוטן פולן קופל ביר״.

ווי באַוווּסט, איז דער גרויסער ביר־טרינקער
סער דזשאָן פאָלסטאַף — אַ העלד פון שעקס־
פּירס היסטאָרישע כראָניקעס. יענע „היסטאָרישע
כראָניק״, וועלכע ס׳האָט, צוזאַמען מיט זיַין
דאָר, מיטן פאָלק און לאַנד, מיט שווייס און
מיט בלוט געשריבן גרוביאַן, ווייסט ניט קיין
גליַיכן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהיַיט,
און אירע טראַגישע מערק־צייכנס האָבן זיך,
ווי טיפע שראַמען, אריַינגעשניטן אין סאַמע
ליַיב פון גרוביאַנס פּאָעזיע, אין איר אינגעוויד,
אין איר האַרצן.

„איך האָב געוואָרט אַף אַ גאָלדענעם
האַרבסט—און געטראָפן בלוט אַפן שניי״,—איז
זיך אין די פופציקער יאָרן מודיע געווען גרו־
ביאַן. וויַיטעקפולע דערמאָנונגען וועגן „בלוט
אַפן שניי״ האָבן שוין נאָכגעפאָלגט דעם דיכטער
אין סאַמע אָנהייב פון זיַין וועג. שוין אין דער
ערשטער זאַמלונג „פון קעלער אַף דער זון״
(אַגעוו, באַ אַלע שוואַכקיַיטן אירע, אַזוינע, ווי
גראָדליניקיַיט און פּראָזאַאַרטיקע דערציילעריש־
קיַיט, האָט זי געצייכנט אַן אייגנאַרטיקן ליריש־
סוזשעטישן גאַנג) האָבן זיך געפלאָכטן פאַר־
בונדענע מיטן בירגערקריג אין אוקראַיִנע מאָ־
טיוון אי פון הערויִק, אי פון טראַגיק: דאָס
אויסגעמוטשעטע פון ווילדע פּאָגראָמשטשיקעס
ייִדישע שטעטל באַגעגנט מיט פרייד און באַ־
גיַיסטערונג די רעטערן — די רויטע אַרמיי.

אין 1940 איז דערשינען גרוביאַנס צווייט
ביכל — „ליריק״, וואָס איז געווען לעגאַבע זיַין
ערשטלינג אַ באַדיַיטנדיקער טראָט פאָרויס. דאָ
האָט זיך מערקבאַר פאַרשטאַרקט דער שעפע־
ריש־סוביעקטיווער מאָמענט, די אייגנטימלעכע
פאַר גרוביאַנען נעטיִע צום באַדינגלעך־אַסאָ־
ציִאַטיוון...

„אַף דער לעוואַנע, וואָס קוקט אין מיַין שויב,
טוט זיך אַ שאָטן וויגן. שוין זשע וועט זיַין אַ
ליקע־לעוואַנע... ס׳וועט אַ מילכאָמע זיַין, דער
שאָלעם אַרויסגעפאַלן איז פון וויגל״ און „נאַ־
קעט, פאַרבלוטיקט, ער קויקלט זיך אום פון
איין גרענעץ צום צווייטן״. אַזוינס האָט מאָטל
גרוביאַן פריִער ניט געשריבן, און ניט נאָר דער־
פאַר, וואָס עס האָט זיך אַזוי שאַרף ניט געפילט
די סאַקאָנע פון קריג (מיר שפּאַצירן מיט מאָט־
לען איבער ביאַליסטאָק; די שטאָט איז פאַר־
פלייצט פון פוילישע פליִטים, און אין די אויגן
זייערע איז גרויל און פאַרצווייפלונג...), נאָר
אויך דערפאַר, וואָס קיינמאָל פריִער האָט גרו־
ביאַן ניט געוווּסט פון אַזאַ מין אויסטערליש־
קאַפּריזער פאָרם־שפּיל.

פאַרטיפט און באַריַיכערט פונעם סוביעקטיוון,
האָט דער דיכטער אין דער זאַמלונג „ליריק״
זיך ניט אָפּגעזאָגט פונעם פּאַבולדיקן, סיפּער־
האַמיַיסעדיקן, און דאָס האָט ווידעראַמאָל זיך
אַמערסטן געפילט אין די קינדער־דערמאָנונגען
פונעם בירגערקריג.

„דעם וויַיסן אָפיצער האָט זיך געוואָלט אַ
ייִדיש מיידל פאַר אַ וויַיב, און הייסן זאָל זי
ראָכל, איז ער פון שטוב צו שטוב געגאַנגען און
האָט דערוויַיל די פענצטער געבראָכן״... פּראָזע,
עמעסדיקע „געדיכטע״ פּראָזע, — וועט איר
זאָגן, און איר וועט זיַין פולקאָם גערעכט.
כ׳וועל זיך אָבער דערלויבן זאָגן אַנדערש:
שוישפּיל, טעאַטער. די פיגור פון דער צעיושע־
טער כיַיע־ראָע האָט אין זיך לעצאָנעס און בו־
פאָנאַדע און איז קינסטלעריש מיזאַנסצענירט.
מע קאָן עס פאָרשטעלן, שפּילן, ווי אין אַן עכט
טעאַטער־שטיק. ס׳איז גליַיכציַיטיק סיַי ווירק־
לעכקיַיט, סיַי ספּעקטאַקל — געשטאַלט און
איבערגעשטאַלטונג.

בכלל האָט זיך גרוביאַן דער דיכטער גע־
פילט היימיש אין דער אַטמאָספער פון טעאַטער
און בינע. אין אַ ליד, געווידמעט אַ ייִדישן פּאָעט
און אַקטיאָר, האָט ער מיט פיַינער רעליעפקיַיט
און זיכערער אינטויִציע פאַרהויבן דעם פאָר־
האַנג איבער גאָלדפאַדענס שפּרודלדיקער קאַר־
נאַוואַלן־וועלט, און מיר האָבן טייקעף דערזען
דעם גלאַוונעם קישעפמאַכער, וועלכער וועט
„באַלד אַרויסלאָזן די שטערן און די לעוואָנע״,
אַז דער אוילעם וועט אַזש פון די קיילים אַרויס,
מיר האָבן דערפילט האַצמאַכס האַוויַיע, וואָס
„באַם האַרץ שניַידט״, דערהערט „די גלעקעלעך
פון פורימשפּילער, מיט זילבער געצוימטע״, אאַוו.

דאָ איז טעאַטער — דירעקטע טעמע און
שטאָף. נעם איך טעמעס, וואָס לויט דער עצם
„מאַטעריע״ זייערער, לויט דעם נאַקעטן אָפּ־
שוידערנדיקן טאָך („בלוט אַף שניי״!) פאַרדיַיען
זיי ניט, דאַכט זיך, קיין מינדסטן באַריר פונעם
באַדינגלעכן און היפּערטראָפירטן. איז אָבער
גרוביאַן אויך דאָ טריַי זיַין אייגענער סטיליס־
טיק פון עטוואָס טעאַטראַליזירטער איבערפאַר־
וואַנדלונג און טראַנספאָרמאַציע. דערביַי ווערט
אַף קיין האָר ניט געפעלשט די היסטאָריש־סאָ־
ציִאַלע דראַמאַטיק פונעם דערציילטן. פאַרקערט,

זי ווערט קאָנצענטרירט, צוזאַמענגעקליבן אין אַ שטאַרקער בילדעריש־עמאָציאָנעלער ליניע דורך אַ לײַדנשאַפטלעך־פאַרשנדיקן געמיט, וואָס איז קיינמאָל ניט „טעכניק", נאָר איבערלעבונג, קיינמאָל ניט „האַנטשריפט", נאָר „האַרצשריפט" און „אָטעמשריפט".

איך רייד שוין ניט וועגן אַזאַ ליד, ווי „דאָס געטאָ־קינד", ווו דער פאַרטרערט פונעם גערוי־דעפטן און געפּלאָגטן ייִנגעלע („איין ברעם... זעט אויס, ווי זי וואָלט ערגעץ געלאָפן, די צווייטע, ווי זײַן טאַטנס פּלייצע, אויסגעבויגן, ווען מ'האָט אים צום אויוון געטריבן") מאַכט אַן אײַנדרוק פון דיכטעריש געמעל — און אַ וואָרט־פּאַראַלעל צו מיכאַעלסעס טראַגישן גרים. נאָר אָט איז אַ דערציילעריש ליד „דער טאַטע" — אַ שטריך, אַ שפּליטער פון דער ייִדי־שער פאָלקס־אויסקומעניש און פּסיכאָלאָגיע אין צאַרישן רוסלאַנד.

„אויפן העמד אַ זשיליעט, אויף דעם זשיליעט אַ קוצעווייקע, אויף דער קוצעווייקע אַ סערדעט, אונטערן סערדעט אַ פּליושן רעקל אויף וואַטין, און אַלפּאַגענע קאָפּטע אויף סאַטין, אַ פּורכאַלאַט פון ברעזענט..." — אַ לאַנגע און אויספירלעכע רעשימע פון בגדים, וואָס דער טאַטע טאַטע האָט אָנגעהורט אויף זיך, ווען „אויף ביין־האַזמאַנים זיך געלאָזט"... ניין, ס'איז ניט קיין עטנאָגראַפיש־שטייגערישער עטיוד און ניט דאָס וועלן זיך איבערנעמען מיט פּינקטלעכן וויסן פון קאָלער־ליי קעגנשטאַנדן און זאַכן פון אַ גאַנצער וואָך. די בגדים־רעשימע, איר גענויקייט איז טראַגיש באַגרינדעט: „ס'האָט געמיינט דער טאַטע: אין די בגדים איז געווייינלעך בעסער, טאָמער אַ מעסער, דערלאַנגט ער נישט ביזן סאָף". האָט אים דאָס מעסער יאָ געטראָפן. און ס'צעוויקלט זיך די צווייטע העלפט פונעם ליד — די זעלבע, אָבער שוין מיט בלוט פאַרפלעקטע רעשימע: „נישטאָ אויפן העמד נישט די קוצעווייקע, נישט דער סערדעט, נישט דאָס פּליושן רעקל אויף סאַטין..." — און נאָר „אַ מאַכנע וואָראַנעס מאַכן דעם שנייִ שוואַרץ".

פּאַרזיכטיק, טאַקטיש, סטאַרענדיק זיך ניט באַליידיקן מיט בעקיוונדיק־פּרעטענציעזער „מאַניר" דעם שטילן און טויבן שוידער פון דער געשעעניש, ברויכט גרוביאַן אויך דאָ אַזוי־נע שעפעריש אַקטיווע מיטלען פון פאָרעמען די ווירקלעכקייט, וואָס דער אָפּשטאַם זייערער איז אויך אינעם פאָלקסטימלעך־טעאַטראַליזירטן גילגול און מעטאַמאָרפאָזע.

און נאָך אַ ליד, און שוין אינגאַנצן פון אַן אַנדער שניט — די געשריבענע בעשאַס דער מילכאָמע „שטרויענע הוט": „כ'האָב מוירע צו קויפן אַ שטרויענע הוט, דער סאָף זאָל דערפון זיך אַ קער טאָן ניט גוט... וואָס טויג זי מיר איצט, די שטרויענע הוט, דער שטאָלענער העלם זיצט אויף מיר גוט".

גרוביאַן האָט ניט אַנערקענט קיין „דרויסנ־דיקע", אַבסטראַקטע טעמעס, וואָס זאָלן זיך ניט וואָרצלען אין אַ פּילזײַטיק ניואַנסירטער אַסאָ־ציאַציע — אין וואָרט־קאָנטעקסט. די שטרויענע הוט, וועלכע פּאַסט שוין לאַכלוטן ניט דעם הײַנ־טיקן שלאַכטמאַן, זײַן אַנטשלאָסן און געוואַגט גיין אין פלאַם, איז אַרומגערינגלט מיט „שטרוי־ענע" פּראָטים־סימבאָלן פון דעם הילפלאָזן ניט קענען בײַשטיין אײַזן און בראַנד: מיט אַ „שטרויענעם דאַך" פון אַ פאַרברענטער שטוב, מיט אַ קנײַלעכל שטרוי „אָן וואַג, אָן געוויכט", וואָס דער פּראַקטיקער ווינט טרײַבט עס איבערן סטעפּ, אַוועק.

באַ בערטאָלט ברעכטן איז דאָ אַ ליד „דער רעקוויזיט פון עלענא ווייגעל" (דעם דיכטערס פרוי, אַ באַרימטע דײַטשישע אַקטריסע): „ווי דער אַגראָנאָם, זייענדיק פּראָסע אויף אַ פּרווו־פעלד, קלײַבט אויף די וואָגיקע קערנער,... אַזוי קלײַבט זי אויף קעגנשטאַנדן, וועלכע גייען נאָך אויף דער בינע אירע פּערסאָנאַזשן, — די צינענע לעפל, וואָס די מוטער קוראַזש טראָגט אין לאַץ פון איר וואַטאָווער קורטקע, דער פּאַרטיי־בילעט פון דער גוטפּרײַנטלעכער וולאַסאָוונע, אָדער די פישנעץ פון אַ צווייטער, אַ שפּאַנישער, מו־טער, אָדער אַנטיגאָנעס בראָנזענע אורנע, וווּהין זי זאַמלט דעם אַש פון די טויטע..."

גרוביאַן האָט אויך גענוצט אַ שטרענג און צילבאַוווּסט אָפּגעקליבענעם „רעקוויזיט". ווען־ניט־ווען פלעגט עס אויסזען עטוואָס פּאַרעסטע־טיזירט: „אין דעם רעכטן קעשענקעלע פון מײַן פראַק פון גרויען אַש האָב איך אַרײַנגעשטעלט דאָס בלוטיקע בלימל". די איבערגעשטאַלטונג, דאָס טוישן די שטרויענע הוט אויף אַ שטאָלענעם העלם טראָגט אויף זיך אַ באַשטימטע האַשפּאָע פון שוישפּיל, נאָר באַגלײַך דערמיט איז עס רײַך מיט אָביעקטיווער לעבנס־דערקענטעניש, מיט הארבער וואָר.

„די שטרויענע הוט" האָט געעפנט גרוביאַנס דריטע לידער־זאַמלונג „געזאַנג וועגן מוט" (1947). דאָרטאָוו לידער אינעם בוך איז געוווּנן געוווידמעט דעם קריג, די איבערלעבונגען פון אירן אַן אומיטלבאַרן אָנטיילנעמער, אַ סאָלדאַט, אַן איבערגעגעבענעם זון פון זײַן לאַנד, וועלכער שלאָגט זיך מעסירעסנעפעשדיק פאַר דער פרײַ־הײַט און פאַר דער צוקונפט פון דער סאָוועטי־שער היים.

אָט איז איינס פון די שטאַרקסטע מילכאָמע־לידער גרוביאַנס — „דאָס טעלערל זאַלץ":

אונדז האָט גאָרניט געפעלט,
געהאַט מיר האָבן אַלץ:
סײַ ברויט
און סײַ פּאַטראָנעס —

דאָס עלעמענטאַר־נויטווענדיקסטע פאַר אַ קריגער אין שלאַכט: ברויט אויף שטילן דעם הונגער און וואָפן אויף אויספּילן די פליכט.

און אין פעלד, אין דער הייד,
ווי אַ טעלערל זאַלץ,
האָט זיך איבערגעקערט
די לעוואָנע.

וואָס איז עס: אָרנאַמענט, פייזאַזש, שטרעבונג צו מאַכן „אָנגענעמער" און „שענער" די אומ־

ראכמאָנעסדיק־הארטע וואָר? ניין, דער מאנגל, די נויט אין זאלץ האָבן אויסגעדיכטעט אזא לעוואָנע און אזא שניי, וואָס סקריפּעט אונטער די שטיוול, און אזא נאכט אין סטעפּ, א שוועבנדיקע, אן אײַזיק־בלויע, א דורכגעשליפענע מיט לעוואָנע, באגנעט און קאַלטע קרישטאָליקלעך זאלץ, וואָס פעלן דעם סאָלדאט אין אָקאָפּ „פארן קעסעלע זופּ"... גאנצקײַט פון מאָלערישן און עמאָציאָנעלן קאָלאָריט איז א וויכטיקע, קאָמפּליצירטע קונסט, און מאָטל גרוביאן האָט זי באהערשט.

אומדערמידלעכע זאָרג צו פארבלײַבן קינסטלער, פאָעט האָט אים ניט איבערגעלאָזט אין די סאמע ניט־גינסטיקע אומשטענדן, ווען דאָס פײַנלעך־גרויזאמע איז אים געקומען ביז איבערן האלדז, ווײַל „נישטאָ קיין לידער, בין איך נישטאָ". גרוביאן איז פון יענע דיכטער, וועגן וועלכע מע קאָן זאָגן: זיי שרײַבן דאָס ליד אין דער זעלבער מאָס, וואָס דאָס ליד „שרײַבט" זיי, זייערע גוירלעס, זייער אינערלעכע וועלט.

גרוביאנס מילכאָמע־לידער רעגן מיט א געפיל פון א טיפן און רויִק־נאטירלעכן אינטערנאציאָנאליזם. עס האָט זיך פארגעדענקט דאָס ליד „ארום אָריאָל" — וועגן דער רוסישער פויערטע, וואָס האָט אים, דעם באפרײַער, „באגעגנט מיט א טעלער פיש" און „צו דער שוועל מיט א בראָכע באגלייט". אָדער דאָס ליד וועגן א כאַווער, א טאָטער, וועלכער האָט אים א שווער־פארוווּנדעטן ארויסגעטראָגן פון פלאם. אָדער דאָס היסלײַוועסדיק פרימאָרגן־ליד וועגן ווײַסרוסלאנד: „פון אלע דײַנע יאגעדעס ווײַנען געשטעלט, מיט אלע דײַנע קרײַטעכצער דעם קאָפּ געצוואָגן, מיט אלע דײַנע דערפעלעך, טײַכן און שטעט דיך באם הארצן געטראָגן".

דאָרט, אין ווײַסרוסלאנד, אין מינסק, האָבן די נאצי־הענקער אומגעבראכט דעם דיכטערס ווײַב און קינד. דאָס אָנגעשריבענע פון גרוביאנען וועגן דעם געהערט צו די סאמע מענטשלעך־ און דיכטעריש־באווירקנדיקע זײַטלעך אין דער ייִדישער פּאָעטישער מארטיראָלאָגיע — אזויפיל אײַנגעהאלטענער געשריי איז אין דעם, אזויפיל נאָגעניש און ביטערע שטוינונג: „איך האָב פארלוירן א וויג־ליד, א קינד און א ניגן, זיץ איך אף א שטיין מיר אָנגעבויגן. ווי אמאָל פארטאָג דאָס וויגל, הוידעט זיך די גרוב פאר מײַנע אויגן".

אייניקע קריטיקער האָבן אופגעוואָרפן גרוביאנען: ער איז ארכאִיש אין זײַנע „שטעטלדיקע" כורבן־לידער. איך מיין, אז דער דיכטער האָט די טײַנעס ניט פארדינט. דער צום טויט פארורטיילטער ייִדישער מאָקעם האָט ארויסגעווײַנט דאָס הארץ אין טראדיציאָנעלע קולטור־שטייגערישע פאָרמען, און דאָס איז געווען פונקט אזוי געזעצמעסיק, ווי די מערקבארע אקטיוויזירונג פון טראדיציאָנעל־נאציאָנאלע שטימונגען אין דער מילכאָמע־דיכטונג פון אלע סאָוועטישע פעלקער. וויכטיק איז, אז אויך אין די דאָזיקע פאָרמען האָט גרוביאן געשטרעבט צו באטאָנען דעם ווידערשטאנד־ווילן פון די פארורטיילטע: „קאלעניו־קאלע, האלט אײַן דײַן געוויין, פאָלג נאָך, וואָס אין פעלד געטאָן האָט דײַן ליבער, ברעך זיך אָפּ פון דער מיידלשער וואנט, דעם האלדז באם דײַטש בײַס איבער".

דאָס ליד איז אָנגעשריבן אין 1942, אין פעלד, בא דער שײַן פון הארמאטן־פײַער און פון אונטערגעצונדענע רוסישע דערפער. און ווײַל דער אויספרווו איז געווען אזוי אומדערטרעגלעך שווער, דער גרויל — אומויסשעפלעך און דער צאָרן — פלאמיק און אומגעדולדיק, האָט מיט אזא ראכוועסדיקער פּאטעטיק ארויסגעהילכט פון גרוביאנס א ליד דער געגארטער, אין טויט־קאמף דערוואָרבענער זיג:

מײַן גאָלדענער גלאָק פון ניצאָכן!
איך גיי נאָך דײַן ציטער — אין פעלדער און וועלדער
דײַן ווידערקאָל הערן...
געקניט שטייט דער פײַנט, באזיגט און פארלאָרן,
צעמאָלט און צעבראָכן.
מײַן גאָלדענער גלאָק פון ניצאָכן!

דער דיכטער דערציילט פון זײַן ברודער, וואָס „געהאט האָט אין שלאכטן האצלאָכע... און קויעך געפונען אהיים זיך דערקלײַבן... צום קוואליקן וואסער אין טיפקײַט פון ברונעם, צום אָצעפּ... צום עמער צום פולן אין האנט בא דעם שאָכן..." אזוי, אין אזוינע טיף־אָטעמדיקע שירים־געזאנגען, האָט שווארצמאן גערימט אן אופגעריכטע רעוואָליוציע־וועלט. אזוי פלעגט פינינבערג דערהייבן ביז צעפלאטערטער פײַערלעכקײַט דעם פּראָסטן מענטשלעכן אויסקום...

א באדײַטנדיקער צײַט־איבערײַס — גאנצע דרײַ און צוואנציק יאָר! — האָבן דערווײַטערט די פערטע זאמלונג גרוביאנס „אומרויִקער ווינט" (1970) פון זײַן פאָריק בוך. אינצווישן זײַנען ארויס א ביכל „לויט די שפּורן פון קריג" (1947) אין א ווײַסרוסישער איבערזעצונג און די זאמלונגען: „כ'האָב דיך גערופן, לעבן!" (1958), „קוואלן" (1962) און שפּעטער „דאָס שיפל און דער שטראָם" (1967), איבערגעזעצטע אין רוסיש.

אין זײַנע לעצטע ביכער אנטשטייט גרוביאן אין דער גאנצער פילגעפרווּוטער מענטשלעכער רײַפקײַט.

רײַפקײַט באזיצט א טײַערע אייגנשאפט צו אומקערן דער פּערזענלעכקײַט דאָס פארגאנגענע און דורכגעמאכטע, קעדיי אפדאָסנײַ, מיט נײַער אומיטלבארקײַט, איבערלעבן פארשיידנארטיקע אָנפאנג־זעונגען און אָנפאנג־געפילן. אלנפאלס, מיט גרוביאנען איז עס געשען, און ווען ער דערקלערט: „מײַן דריטע ליד האָב איך פארשריבן אף נײַע ווענט, אף פרישן שטיין. קומט אויך די ערשטע ליד צו גיין" א פארשרײַבענע „אף אן אָנגעשנייטער שויב", — איז עס ניט אזוי א באווײַז פון „היפשן שעפערישן ווּוקס", ווי ס'האָט זיך אויסגעדאכט איינעם א קריטיקער, ווי א מעטאפאָריזירטער אויסדרוק פון מענטשלעכער רײַפקײַט.

און אָט איז „יוגנט" — אַן אויסגעצייכנט ליד, אַן אייגנטימלעכס פּאַר מאָטל גרוביאַנען לויטן טעמפּעראַמענט און לויט אַן אויגנבליקלעכן אויפבליץ פון דרייסטע, שיר ניט פאנטאסטישע אײַנפאַלן:

כ'האָב אויסגעטאָן די שיך
און נאָך דײַן שאָטן געלאָפן
טיף אין סטעפּ.
אפן ווינט האָבן געברענט
דײַנע בלאָנדע צעפּ.
איין שוך צו דער לעוואָנע
געטאָן כ'האָב א וואָרף,
דעם צווייטן צום הילצערנעם
ברונעם אין דאָרף.
ס'איז פונקט ווי א כאָלעם
יאָגט נאָך א כאָלעם...
אף מײַן ערד איז שאָלעם,
און מיר זײַנען יונג,
און הויך, ביז דער לעוואָנע,
שטייען אין סטעפּ
אונדזערע ווייצענע סטויגן —
מיר ניורען אין זיי די קעפּ.

ס'איז אַן אייגנאַרטיק מין פּאָעטיש דענקען, געגרינדעט אַף דער מעטאַפאָר, וואָס גרוביאַנס באַליבטער גאַרסיאַ לאָרקע האָט עס אַמאָל דעפינירט אַלס א „קעגנזײַטיקן אויסטויש פון פאַרשיידענע נאַטור־קעגנשטאַנדן און נאַטור־אידייען" און עס פאַרגליכן מיט א „טעאָרעם, ווו מע שפּרינגט אַריבער גלײַך פונעם פאָרבאַדינג צו די אויספירן".

בעעמעס, אויב פון דער קינדהײַט האָט זיך פאַרגעדענקט דאָס אַריבערשווימען א טײַכל מיט די קליידער אף די הענט, קאָן מען הײַנט, אין פופציק יאָר אַרום, נאָכפאָלגנדיק די מעטאַפאָרןלאָגיק, זיך דערזען א שווימענדיקן מיט דער קינדהײַט, אַן אופגעהויבענע איבערן גרײַזן קאָפּ. אויב די יוגנט־דערמאָנונג האָט זיך אַף אייביק פאַרקניפּט מיט דער געשטאַלט פון א מיידל, וועט שוין בעמיילע זײַן שעפעריש, פּסיכאָלאָגיש באַרעכטיקט דער „קעגנזײַטיקער אויסטויש" פון א „פיזיש"־קאָנקרעט מיידל־געשטאַלט מיט אַזאַ אַבסטראַקטן באַגריף, ווי יוגנט, און „אונדזערע ווייצענע סטויגן" אין סטעפּ וועלן שוין אין א גלײַכער מאָס געהערן סײַ דעם דיכטער, סײַ דעם מיידל און סײַ דער יוגנט, וואָס איז ניט אַנטרונען פונעם דיכטערס איצטיקן געפיל.

עמעס, טיילמאָל פלעגט גרוביאַן געשטרויכלט ווערן פון נעפּלהאַפטיקײַט, פון מעטושטעשע לעוואָנע־ און כאָלעם־„וויזיעס", פון אָריגינעלקײַט לעשעם אָריגינעלקײַט, אָבער אין טאָך גענומען איז עס געווען א שעפעריש רײַכע טענדענץ אין מעגלעכקײַטן און פּערספּעקטיוו, א העכסט אינטענסיווע טענדענץ צו אויסמײַדן פלאַכע אייַנדײַטיקײַט און סטאַטישקײַט, א טענדענץ צו אופלעבן און באַנײַען די פרישקײַט פון דער ערשטער שפּירונג, פונעם ערשטן באַריר מיט דער וועלט, וועלכע איז מיט איר גאַנצער שאַפונגס־קראַפט, מיט דער גאַנצער אַשירעס אַרײַנגעצויגן אין דער לײַדנשאַפטלעכער איבערלעבונג, אין „קעגנזײַטיקן אויסטויש".

און נאָך א טענדענץ האָט זיך פילבאַר געפעסטיקט אין „אומרוּיקן ווינט" און אין „דאָס אייביקע פײַער" — די טענדענץ צו אויסברייטערן די טעמאַטישע האָריזאָנטן פונעם ליד מיט מאָטיוון פון א פאַרגאַנגענער קולטור־היסטאָרישער סוויווע, מיט א דאַנקבאַרן יוירעש־געפיל בענעגייע פיל און פיל דוירעס פון באַלמעלאָכעס, קינסטלער, טרוימער.

איך האָב שוין אויבן דערמאָנט דאָס ליד, ווו גרוביאַן גיט איבער א ריי קאָלאָריטפולע שטריכן פונעם גאָלדפאַדען־טעאַטער. איך לייען א צווייטע ליד — „וועלוול זבאַרזשער". די פיגור פונעם פאָפּולערן פאָלקס־זינגער איז געשילדערט אין אַן איבערפלעכט פון פאָלקסטימלעך־שטייגערישע פאַרבן און פון שיר ניט נעווײַשער „אַזעס": „אויב גאָט וויל, אַז דאַפקע איך, וועלוול פון זבאַרזש, זאָל לידער שרײַבן און זינגען, טאָ זאָל ער... א זאַק מיט ציבל און קאַרטאָפל צו מיר אין שטוב ברענגען..." איין קורצער איבערגאַנג, און דער ייִכעס־פאָדעם ברענגט גרוביאַנען צו מענדעלען: „באַ דעם זיידנס מאַצייווע... שטיי איך און פלאַם, אויסגעצויגן, ווי א ליכט". און ווײַטער — דורך יאָרצענדליקער דערנידעריקונג, רעדיפעס און קאַמף, צום רעוואָליוציע־העלד, צו אָשער שוואַרצמאַנען: „אויב ס'איז באַשערט און אויב כ'בין עס ווערט — בעט איך מיר שענקען שוואַרצמאַנס פערד".

באַ גרוביאַנען איז דאָ א ליד „דער פּאַרקישעפטער שנײַדער" און א ליד „שאַגאַל". איך מיין, אַז טאַקע גרוביאַן מיט זײַן נאַטירלעכער נייגונג צום באַדינגלעכן, צו „מעשוגאַסן" (זײַנס א באַליבט ווערטל) איז געווען גלײַך ווי באַרופן פאַרקירצן די דיסטאַנץ צווישן שאָלעם־אַלייכעמס טרויעריקן קאָמיזם און שאַגאַלס ראָמאַנטיש־טרוימערישער פאַנטאַסטיק. אַלנפאַלס, באַ גרוביאַנען, אין אַזאַ מין, צום בײַשפּיל, געשטאַלט, ווי דער שנײַדער, וואָס גייט א קלייד פון א וואָלקן, טרעפן מיר בוילעטע סימאָנים פוןביידע קינסטלערישע סיסטעמען.

דאָס נאַציאָנאַלע באַ גרוביאַנען איז ניט קיין אָפּגעזונדערטע, אין זיך געשלאָסענע ספערע, און אין דעם הינזיכט זעצט ער פאָר די הערלעכסטע טראַדיציעס פון דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג. גרוביאַן האָט געהאַט גענוג מענטשלעכן פאַרשטאַנד און כוש צו באַווײַזן די „כאָדאָקעס" — רוסישע פויערים, „וואָס האָבן געבראַכט אין קרעמל", לענינען, „זשמיכע — ברויט א זעקל" „און אויגן פול מיט צאַר און אומעט". אין קאַזאַן האָט ער זיך טיף פאַרנייגט פאַר דעם אָנדענק פונעם בעקער־ייִנגל אַליאָשאַ פּעשקאָוו, וואָס האָט די וועלט „מיט ביכער פאַרפלייצט".

אין גרוביאַנס לעצטע זאַמלונגען האָט זיך היפּש פאַרברייטערט זײַן דיכטערישע „געאָגראַפיע", אָבער ניט קיין טראַפאַרעטע רײַזע־נאָטיצן טרעפן מיר דאָ, נאָר פולווערטיקע ליריק

מיט אן אָביעקטיוון און פאר גרויסע וועלטן צעפראלטן געמעל: „די קאָלסקער ערד ארויס איז מיט א פּײַקל באגעגענען די מאטראָסן” פון טוניס און מאראָקאָ, ווו אוראלטע שוואָטים „קאָוועז... פון האס און שטאָל א קאלטע שווערד” קעגן זייערע אונטערדריקער. אין גרוביאנס כידושים־פּאָעזיע האָט זיך אָרגאניש ארײַנגעפאסט דאָס „ווונדער־וועגעלע” אַף דער לעוואָנע, וואָס איז „די ערשטע קרעטשמע פאר אונדזער כאָלעם און פאר דעם אין טויער קלאַפּנדיקן פרימאָרגן...”

וואָס אמאָל בוילעטער, רײַפער און עכטער פלעגט מאָטל גרוביאן אנטשטיין פאר אונדז ווי א בלוטיק־אייגענער שוטעף צו אלע סימכעס און טרויערן אין דער וועלט. און, געמלעך, אין דעם דאָזיקן קרײַז געפילן און שפּירונגען פון לײַבלעכן שײַכעס צו אלעמענס פריידן און האָפענונגען, סאקאָנעס און דײַגעס האָט גרוביאנס דיכטונג דערגרייכט עפשער די העכסטע מאַדרייגע אירע. דאָ איז ער בעעמעס טראגיש איינעם איינציק פרוכטבארן פארשטיין טראגעדיע אלס אויסדרוק פון די העכסטע מענטשלעכע ווערטן אין זייער קאָנטאקט מיט געשיכטע און אקשאָנעסדיקן געראנגל מיט כוישעך און אומזין.

גרוביאן אלס יִדישער דיכטער טראָגט מיט זיך דעם טראגישן מאָטיוו. „כ'האָב אין האריגעיאָר מיט מײַן צעשאָסן פאָלק געגעכטיקט!”; „מײַן האלדז — דער קוימען, דורך וועלכן די נעשאָמעס זײַנען צום הימל געפלויגן”; „אַפן קאָפּ א וואגאָן אש פון יִדישע שטעטעלעך, די צעמאָלטע, געברענטע און פארטיליקטע!..” דאָס פארגאנגענע וויל ניט פארשווינדן, און דער איימעדיקער דאָרן־וועג פון זײַן פאָלק דויערט נאָך אינעם דיכטערס הארץ... אָפּהענטיקײַט, פאראָקסיזם, פארגליווערטקײַט? אין קיין שום פאל ניט. פארקערט, דער דיכטער ווארפט אָפּ געזעלשאפטלעכע פּאסיווקײַט, אנגסטלעכן וויי און צאר, וואָס שליסן אויער און אויג פאר נײַע פריידן און נײַע געפארן: „כ'וויל שוין מער ניט שלעפן אַף מײַנע אקסל קיין פארבלוטיקטן געטאָ־טויער...”, „לויף מיר ניט נאָך, פארגאנגענהײַט, מיט געטאָס, גאז־אויוונס און טלִיעס; איך ווארט אַף מײַן צוקונפט מיט אירע טיול־געוועבן אַף די אויגן, נאָר ניט מיט ארויפגעלאָזטע פײַער־ווִיעס!” דער אָנדענק וועגן דער גרויליקער פאָלקס־קאטאסטראָפע און דאָס ניט וועלן פון איר דעמאָראליזירט ווערן ריידן צו אונדז מיט דער זעלבער אינערלעכער קראפט, און דער „דינאמישער גלײַכגעוויכט” זייערער ברענגט ארויס זעוונגען און מאָטיוון פון גאָר־גאָר גרויסן באטײַט. אזא זעוונג איז, אשטייגער, די אויסגעצייכנטע „קראָ”, אויסגעהאלטן אין גרוביאנס געוויינלעכן סימבאָליש־באדינגלעכן (אָבער ניט אלעגאָרישן) נוסעך:

איך זיץ אָפּט נאָך אין יענער שטוב,
וואָס איז לאנג שוין ניטאָ,
איך קוק אפן שניי דורך דער שויב,
וואָס איז לאנג שוין ניטאָ.
נאָר עס שפרינגט אף אים, זע איך, א קראָ,
די קראָ איז דאָך אלעמאָל דאָ,
זי קען דאָך ניט לעבן אָן רויב
און ווארט אף דער בייזער שאָ.
איך זיץ אָפּט נאָך אין יענער שטוב,
וואָס איז לאנג שוין ניטאָ,
און הער, ווי די צײַט קלאפּט אפן שליאך,
ווי א פערד מיט די טלאָ,
און זאָג צו מײַן מאמען, וואָס איז מער ניטאָ:
מאמע, מע מוז ווידער זײַן וואך!
איך בין ניט קיין פאס ביזן הימל אָן א דנאָ,
גענוג פּאָיען און פּאָיען
די אייביק־פארשאָלטענע קראָ.

„מע מוז ווידער זײַן וואך!” — אָט וועגן וואָס עס האָבן געטײַנעט, געשריִען און געשעפּטשעט גרוביאנס לידער פון דער לעצטער צײַט, געשריבענע „מיט טינט און פעדער”, מיט „קויל און מיט קרײַד”, „מיט אש, מיט אייל און מיט אָכרע, מיט גאָלד און מיט זילבער”, „מיט א בליק צו די וואָלקנס”, „מיט א שטרוי פון ווייצן־פעלד”, „מיט אלע טײַכן, וואָס פליסן”, „מיט וויכער און פלאם”, „מיט לעבן און וועלט”, מיט „קלאנגען־געמיש פון הימל און ערד”. און נאָך — מיט „אין אלע געגנעם־שײַטערס געברענטע פליגל”, וואָס שוועבן „איבער דער ערד, ווי אייביקער גײַסט פון אלע דוירעס און צײַטן”.

דעם דיכטער האָט שטארק געקימערט די „קרומקײַט” פון דער וועלט, וואָס „טראָגט אלץ נאָך א רעכטן שטיוול אַף איר לינקן פוס” (גרוביאנס שוין באקאנטע עקסצענטריק!). אים האָט נאָך מער געקרענקט די פארדעכטיקגעפערלעכע קורצזיכטיקײַט פון יענע, וואָס פּרוּוון „צענעמען” די וועלט, „אזוי ווי אן אלטן כליוור”: „האָט איר דען, ראָצכים, אן אנדער וועלט?”, „אנדערע טירן און פענצטער, סע זאָל ארײַן דער טאָג?”

אזוי האָט זיך געקניפּט בא גרוביאנען דער ברענענדיק־אקטועלער פּאָליטישער מאָטיוו פון קעגנערשאפט און פאראכטונג צו מאָרד, פאשיזם און מילכאָמע מיט א טיף־לירישן מאָטיוו פון ניט אײַנגעבראָכענער איבערגעגעבנקײַט דעם לעבן און פון פארליבטקײַט אין דער ערד, וואָס איז איין־און־איינציק און האָט ניט אין דער אומוועלט קיין שום פארטרעטערנס אָדער „דובליקאטן”.

אזוי האָט ער, מאָטל גרוביאן, פארלאָזט די וועלט — ליבנדיק ביז וויי דעם „מיטאמאָל אין וואלד אנטפּלעקטן פרילינג”, „פון ערשטע פייגל דעם געשריי” און בענטשנדיק „א שטערן פול מיט שײַן”, וועלכער וועט „פארלאָשן ניט ווערן” פאר נײַע און נײַע מענטשלעכע דוירעס.

■ ■ ■

אורען גורעלניק

דאָקטאָר פון פילאָלאָגישע וויסנשאַפטן

# די מוזע פון פלאַמיקער סאַטירע

(צום 150־טן געבורטסטאָג פון מ. יע. סאַלטיקאָוו־שטשעדרין)



קיין איין גרויסער רוסישער שרײַבער פון דער פאַרגאַנגענהײַט האָט, מאַשמאָעס, ניט געהאַט אַזאַ באַדײַטנדיקע ווירקונג אָף דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער קלאַסישער ליטעראַטור, ווי מיכאַיִל יעווגראַפאָוויטש סאַלטיקאָוו־שטשעדרין (1826—1889). און אין דעם איז פאַראַן איר באַשײַמפּערלעכע לאָגיק. דער אווטאָר פון די „גובערניִאַלע פאַרצייכענונגען” און פון דער „געשיכטע פון איינער א שטאָט”, פון „די הערן גאָלאָווליאָווס” און „הײַנטצײַטיקער אידיליע”, פון „מײַסעלעך” און „קלייניקײַטן פון לעבן”, — ווערק, וואָס געהערן צו די הייכן פון דער קונסט פונעם קריטישן רעאַליזם, איז געווען א קינסטלער א סאַטיריקער. בא דער גאַנצער אייגנאַרטיקײַט פונעם שרײַבערס אינדיווידועלן געשטאַלט, פון דער אידייִש־עסטעטישער עוואָליוציע, ספּעציפישקײַט פון דער פּאָעטיק, האָט שטשעדרינס שאַפונג באַטײַט א גאַנצן עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון דער קינסטלערישער קולטור — ניט נאָר פון דער רוסישער.

ס׳איז פאַראַן, זעט אויס, איר אָביעקטיווע לאָגיק אין דעם, וואָס די נײַע רוסישע ליטעראַטור האָט זיך אָנגעהויבן אין טאָך פון די סאַטירעס פון קאַנטעמירן, א פּאָעט, וואָס האָט געלעבט אין דער עפּאָכע פון פּיאָטערס גראַנדיִעזע רעפאָרמעס. נאָך אים באַווײַזן זיך אין XVIII—XIX יאָרהונדערטער די רומפולע נעמען פון פאָנוויזין און קרילאָוו, גריבאָיעדאָוו און גאָגאָל, שטשעדרין און סוכאָוואָ־קאָבילין, לעסקאָוו און טשעכאָוו — שרײַבער, וואָס האָבן געמאַכט א קאָלאָסאַלן בײַטראָג אין דער קונסט פון רעאַליסטישער סאַטירע.

אַן אַנאַלאָגישער פּראָצעס איז פאָרגעקומען אויך אין דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן, האָט זיך פאָרמירט און צעבליט זיך — און לאַכלוטן ניט צופעליק — אָף דער רוסישער ערד. פון עטינגערס ערשטע נאַיִווע מעשאָלים און ביז לינעצקיס „דאָס פוילישע ייִנגל”, פון מענדעלעס קלאַסישע ראָמאַנען און ביז שאָלעם־אַלייכעמס נאָוועליסטישע ציקלען, וואָס זײַנען צעמענטירט מיט אַן איינהײַטלעכן פאַרטראַכט, — גייט די דאָזיקע ליניע פון אָנזאַמלען סאַטיריש „זאַלץ”. ס׳צעברענט זיך דאָס פײַער פון סאַטירישן צאָרן. אין די בעסערע ווערק פון די דעמאָקראַטישע שרײַבער — מאָסקילים און הומאַניסטן געפינען זייער אויסדרוק די געדאַנקען־וועלט, האָפענונגען און טרוימען פונעם ייִדישן פאָלק, זײַן האַס צו די אונטערדריקער — „אייגענע” און פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, דאָס גלויבן אין דער צוקונפט.

מיר האָבן רעכט זיך גרויסן מיט דעם, וואָס די ייִדישע ליטעראַטור האָט זיך אַנטוויקלט אונטער דער פאָן פון רעאַליסטישער סאַטירע, ווײַל גופא אין דעם דאָזיקן פאַקט ווערט אָפּגעשפּיגלט דאָס גײַסטיקע געזונט, די פייִקײַט צו זעלבסטפאַרפולקומונג, די שטרעבונג צו הויכע זיטלעכע אידעאַלן. ווי קאָן מען אין צוזאַמענהאַנג דערמיט ניט דערמאָנען וויסאַריאָן בעלינסקיס קלוגע ווערטער! דער גרויסער קריטיקער — רעוואָליוציאָנערער דעמאָקראַט האָט געשריבן: „וואָס שטאַרקער דער מענטש איז, אַלץ העכער איז ער מאָראַליש, אַלץ דרייסטער קוקט ער אָף

זײַנע שוואַכע זײַטן און כעסרוינעס. נאָך מער קאָן מען דאָס זאָגן וועגן פעלקער, וואָס לעבן ניט קיין מענטשלעכן עלטער, נאָר גאַנצע יאָרהונדערטער. אַ שוואַך פאָלק, אַ נישטיקס אָדער אַ פארעלטערטס, וואָס האָט זיך שוין אויסגעלעבט זײַן לעבן און קאָן שוין ניט גיין פאָרויס, אַזאַ פאָלק האָט ליב בלויז זיך לויבן און מער פון אַלץ האָט עס מוירע אַ קוק צו טאָן אָף זײַנע ווונדן: עס ווייסט, אַז פון זיי קאָן מען שטאַרבן, אַז זײַןווירקלעכקייַט איז ניט בעקויעך אים קיין שום פרייד פארשאַפן און אַז בלויז מיטן נאַרן זיך גופע קאָן עס געפינען יענע געפעלשטע טרייסט, צו וועלכער ס'זײַנען אַזוי גיריק שוואַכלינגען און צעבראָכענע שאַרבנס... ניט אַזאַ דאַרף זײַן אַ פאָלק אַ גרויס׳, וואָס איז פול מיט לעבן און קויעך: דאָס אַנערקענען זײַנע כעסרוינעס פירט ניט צו קיין אַנטוישונג און צו אַ צווייפל אין זײַנע קויכעס, פאַרקערט, עס גיט אים צו נײַע קויכעס, באַפליגלט אים אָף נײַער טעטיקײַט. אָט פאַרוואָס אונדזער ערשטער וועלטלעכער שרײַבער איז געווען אַ סאַטיריקער, און פון זײַן גרינגער האַנט איז די סאַטירע שטענדיק געגאַנגען געאַרעמט מיט אַנדערע מינים ליטעראַטור״[1].

די דאָזיקע ווערטער פונעם „פלאַמיקן וויסאַריאָן״ קאָן מען, לויט אונדזער מיינונג, מיט פולער רעכט באַנוצן אויך בענעגייע דער ייִדישער קלאַסישער ליטעראַטור, וואָס אירע סאַטיריש־קריטישע טראַדיציעס פלעכטן זיך אָפּן ענגסטן אויפן איבער מיט די טראַדיציעס פון דער וועלט־ליטעראַטור, און אין דער ערשטער ריי מיט דער רוסישער. לייענענדיק בעלינסקין, קומט אָפּן זינען שאָלעם־אַלייכעמס „שאָמערס מישפעט״: דער שרײַבער־דעמאָקראַט האָט שאַרף און אומקאָמפּראָמיסלעך פאַרורטיילט שאָמערן, וועלכער האָט געשאָטן מיט בולוואַרלייענעכץ, פאַרורטיילט אים דערפאַר, וואָס יענער האָט מיט זײַנע ווערק אָפּגעווענדט דעם לייענער פון די פּראָבלעמען פון דער ווירקלעכקײַט, געצווונגען אים שאָלעם מאַכן מיט די כעסרוינעס און שרײַענדיקע ווידערשפּרוכן פון דער סאָציאַלער סוויווע, דערצויגן בא אים אַ געשמאַק צו פאַסיווער „פאַרווײַלערישקײַט״. און פאַרקערט, די שאַפונג פון שאָלעם־אַלייכעמען גופע, ווי אויך פון מענדעלע מויכער־ספאָרים און פון אַנדערע עכטע ייִדישע קינסטלער, האָט אָביעקטיוו געדינט די נאַציאָנאַל־באַפרײַערישע צילן, דערצויגן אַ ניכטער־קריטישן קוק אָף דער וועלט, געשטויסן צו אַקטיווער טעטיקײַט, געוועקט פּראָטעסט.

ס'וועט ניט זײַן קיין גוזמע, אויב מיר וועלן זאָגן, אַז סאַלטיקאָוו־שטשעדרין געהערט — נאָך גאָגאָלן — צו די סאַמע ווירקזאַמע רוסישע פּראָגרעסיווע קינסטלער פון וואָרט, וועלכע האָבן אַ גרויסן כיילעק אין דער אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער קינסטלערישער קולטור אָף איינעם פון די איבער־

[1] В. Г. Белинский. ПСС, т. X, 1956, стр. 249—250.

בראָך־עטאַפּן אין איר געשיכטע (פאַריינס וועלן מיר אָפּמערקן, אַז דאָס זעלבע זאָגן, מיט פונקט אַזאַ גרונט דערצו, וועגן זייערע ליטעראַטורן אויך די פאָרשער פון דער אוקראַיִנישער, ווײַסרוסישער, אַזערבײַדזשאַנער און אַנדערע ליטעראַטורן פון די פעלקער פון פססר).

ס'וואָלט מיסטאַם קעדײַ געווען דורכפירן ספּעציעלע פאָרשונגען, געווידמעט דער דאָזיקער וויכטיקער פּראָבלעם: זיי וואָלטן אָף אַ נײַעם אויפן באַלויכטן פאַרשיידענע זײַטן סײַ פונעם אידייִשן אינהאַלט, סײַ פון דער פּאָעטיק פון מענדעלען, שאָלעם־אַלייכעמען, טיילווײַז פון פּערעצן. אָבער אויך איצט פאַרמאָגן מיר אין אונדזער רעשוס גענוג איבערצײַגעוודיקן מאַטעריאַל, וועלכער דערלויבט מיטן פולן מויל באַהויפּטן: דער אידייִש־שעפערישער איבערוף פון די קאָריפייען פון דער ייִדישער קלאַסישער ליטעראַטור מיטן גיגאַנט פון דער רוסישער רעוואָליוציאָנער־דעמאָקראַטישער סאַטירע סאַלטיקאָוו־שטשעדרין איז אַ רעאַלער פאַקט.

די דאָזיקע קרויווישאַפט דערקלערט זיך מיט אַ גאַנצן קאָמפּלעקס פון סיבעס — היסטאָרישע, סאָציאַלע, עסטעטישע. אַזוי, צום בײַשפּיל, איז די ייִדישע ליטעראַטור, ווי אויך די רוסישע ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, געווען פאַרקלעמט אין די אײַזערנע צוואַנגען פון דער אָפיציעלער צענזור, מעלוכישער און רעליגיִעזער. דער דאָזיקער קאַמף אײַנס אָף אײַנס מיט דער צענזור איז געווען ווײַט ניט קיין קלייִנער פאַקטאָר, וואָס האָט געצוווּנגען די קינסטלער־רעאַליסטן פון דער קריטישער ריכטונג זיך ווענדן צו עזאָפּישע פאָרמען און אויפאַנים פון אויסדריקן דעם געדאַנק. אַ גרויסע קונסט, אַ דערפינדערישע מײַסטערשאַפט האָט זיך געפאָדערט, קעדיי צו פאַרקערפערן אין געשטאַלטן דעם פאָלקס־פּראָטעסט קעגן די באַדינגונגען פון סאָציאַלער עקזיסטענץ, וואָס פאַרקריפּלען דעם מענטשן, קעגן די פאַרעלטערטע מאָראַלישע נאָרמעס, קעגן מינהאָגים און זיטן, וואָס פאַרהאַמעווען די שעפערישע איניציאַטיוו. גוט האָט געזאָגט וועגן דעם דאָזיקן איניען דער קריטיקער־באָלשעוויק, לעבינס נאָענטער מיטקעמפער אַנאַטאָלי וואַסיליעוויטש לונאַטשאַרסקי: „אָפן לאַכן טאָר מען דאָך ניט, די זאַכן טאָר מען דאָך ניט אָנרופן דירעקט מיט זייערע נעמען, מע האָט דאָך געדאַרפט אָנטאָן אָף די אידייען אַ מאַסקע. אָבער אַן אידיי אין אַ מאַסקע — דאָס איז איינע פון די העכסטע קונסט־פאָרמען. גראָד דאָס, וואָס זײַן דינסטן און גיפטיקסטן אַנאַליז פון דער רוסישער געזעלשאַפטלעכקײַט און מעלוכעשאַפט האָט שטשעדרין געקענט ווירטואָז אָנטאָן אין קונציקע מאַסקעס, האָט אים געראַטעוועט פון דער צענזור און געמאַכט אים פאַר אַ ווירטואָז פון דער קינסטלעריש־סאַטירישער פאָרם״[1].

בא שטשעדרינען האָבן זיך געלערנט די

[1] А. В. Луначарский. Собр. соч. в 8 тт., т. 1, 1963, стр. 280.

קונסט פון „אָנטאָן מאסקעס" די בארימטע ייִדישע שרײַבער — קריטישע רעאליסטן. לאָמיר דאָ ניט בארירן די טעמע „לינעצקי און שטשעדרין", זי נייטיקט זיך נאָך אין א ספעציִעלער פאָרשונג. נאָר בוכשטעבלעך פאר אונדזערע אויגן אנטפלעקן זיך די פאקטן, וויִאזוי דער „זיידע" פון דער ייִדישער ליטעראטור האָט באוווסטזיניק אויסגענוצט שטשעדרינס קינסטלערישע דערפינדונגען. ס'איז גענוג אָנצורופן כאָטשבי מענדעלעס „קליאטשע", זײַן פאראלגעמיינערט געשטאלט פון גלופסק, אנדערע געשטאלטן, וואָס רופן זיך איבער מיט שטשעדרינס „קאָניאגא", מיט גלופאָוו („געשיכטע פון איינער א שטאָט"). אנדערע שטשעדריניִשע טענער קלינגען אויך אין דער וווּנדערלעכער דערציילונג „מאסאָעס ביניאָמין האשלישי".

וואָס איז שײַעך שאָלעם־אלייכעמען, האָט ער אליין פיל מאָל עפנטלעך און דעמאָנסטראטיוו מוידיִע געווען, אז ער באציט זיך מיט גרויס אָפשײַ צו שטשעדרינס קינסטלערישן מעטאָד.

„סע געפעלט מיר, — לייענען מיר אין שאָלעם־אלייכעמס א בריוו צו לינעצקין (1888 יאָר), — די פאָרטרעטן אפן היינישן אויפן און די פאָלקס־שפראך אפן שטשעדרינישן". אינעם ארטיקל וועגן לינעצקין רופט זיך שאָלעם־אלייכעם פאָזיטיוו אָפ וועגן דער קינסטלערישער מאניר פון סאטירישער היפערבאָליזאציע אין שטשעדרינס שאפונג. שאָלעם־אלייכעם גופא האָט מיט דערפאָלג זיך באנוצט מיט דער דאָזיקער מאניר אין זײַן סאטירע. די ווירקונג פונעם רוסישן מיטברודער האָט זיך אָפגערופן אויך אין די באזונדערקײַטן פון דער טיפיזאציע. „נאָך שטשעדרינען, וואָס האָט געשאפן די שטאָט גלופאָוו, האָט שאָלעם־אלייכעם, — מערקט ריכטיק אָפ דער ליטעראטור־פאָרשער ה. רעמעניק, — געשאפן פונקט אזא פאראלגעמיינערט געשטאלט פונעם ייִדישן פאטריארכאלן שטעטל (מאזעפעווקע, קאסרילעווקע) און פון דער הײַנטצײַטיקער קאפיטאליסטישער שטאָט (יעהופעץ). עס איז אויך פאראן א באשטימטע קרויוועשאפט אין דער זשאנער־סטרוקטור באם רוסישן און ייִדישן שרײַבער. עס האנדלט זיך וועגן דעם אויפן פון שאפן א ציקל פארצייכענונגען און דערציילונגען, וועלכע זײַנען צווישן זיך געבונדן מיט דער טעמע, ווי אויך אידייִש־פסיכאָלאָגיש. ווי באוווּסט, איז אזא זשאנער־סטרוקטור כאראקטעריסטיש קימאט פאר אלע שטשעדרינס פראָזע־ווערק, אָנהייבנדיק פון „גובערנסקיִע אָטשערקי"...

ס'איז כאראקטעריסטיש, אז די ייִדישע בירגערלעכע ליטעראטור־קריטיק, וואָס טרעט ארויס קעגן רעאליזם און פאָלקסטימלעכקײַט פון דער ייִדישער ליטעראטור און שטרעבט צו פארטויבן איר קריטישן פאטאָס, איז מיט א באזונדער פלײַס ארויס אין א שלאכט גראָד קעגן דער סאטירע. וויפל גיפטיקע פײַלן זײַנען ארויסגעלאָזט געוואָרן אין מענדעלען און שאָלעם־אלייכעמען דערפאר, וואָס זיי האָבן פארייגנט און אנטוויקלט אָף דער נאציִאָנאלער באזע די בעסטע טראדיציעס פון דער שטשעדרינישער סאטירע! אזוי, צום בײַשפיל, האָט נאָך אין סאָף פון די 80־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט די רעאקציִאָנערע בורזשואזע ייִדישע פרעסע באשולדיקט די דעמאָקראטישע ליטעראטור... אין יודאָפאָביע, אָף דעם סמאך, זעט איר, וואָס די ליטעראטור האָט זיך אָפגעזאָגט פון דער סענטימענטאל־אידילישער פאָעטיזירונג פונעם אָפגעלעבטן „ייִדישן" שטייגער און זי לאכט אומבעראכמאָנסדיק אויס די „אייגענע" אונטערדריקער און בלוטזויגער.

באשולדיקנדיק שאָלעם־אלייכעמען אין נאציִאָנאלן ניהיליזם, צושרײַבנדיק אים אלע מעגלעכע זינד, האָט איינער פון די דעמלטיקע אײַנפלוסרײַכע קריטיקער מיט א פארביסענער איראָניע געשריבן: „אין קיִעוו איז דאָ א געווייסער שאָלעם־אלייכעם... וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אײַנצורעדן בעעמעס, אז ער איז א גרויסער מעכאבער. ער האָט געהערט זאָגנדיק, אז בא זיי ביניהם (בענייהעם) איז עפעס געווען א גאָגאָל, א שטשעדרין אדגל..., האָט ער אָנגעהויבן זיך אויך ארײַנצורעכענען צווישן די גרויסע סאטיריקער".

די הײַנטצײַטיקע רעאקציִאָנערן פון דער ליטעראטור וואגן ניט אזוי אָפן און כוצפעדיק ריידן וועגן דעם פאָלקס־שרײַבער. נאָר אין אייניקע זייערע אָפהאנדלונגען וועגן דער נאציִאָנאלער ספעציפיק און נאציִאָנאלן כאראקטער פון דער ייִדישער קינסטלערישער קולטור הערן זיך יענע אמאָליקע טענער. די צײַט האָט זיי, זעט אויס, ווייניק אָנגעלערנט...

אזויארום, פארדינט די טעמע „שטשעדרין און די ייִדישע ליטעראטור" די סאמע ערנסטע אויפמערקזאמקײַט. זי בלײַבט ביז הײַנטיקן טאָג אקטועל אין פיל אספעקטן. צום געזאָגטן וועלן מיר צוגעבן, אז דער גרויסער רוסישער שרײַבער, וועלכער איז אינאיינעם מיט נעקראסאָוון געשטאנען בעראָש פון דער רעדאקציע פונעם פאָרגעשריטענעם אָרגאן פון דער רוסישער רעוואָליוציִאָנערער דעמאָקראטיע „אָטעטשעסטוועניִע זאפיסקי", האָט שטענדיק ארויסגעוויזן אן אינטערעס און מיטגעפיל צו די ייִדישע מאסן אין רוסלאנד. ער האָט טעטיק אונטערגעהאלטן יענע ליטעראטן, קינסטלער און פובליציסטן, וועלכע האָבן אין זייערע ווערק דערציילט דעם עמעס וועגן דער שוידערלעכער לאגע פונעם ייִדישן פאָלק באם צארישן רעזשים. צווישן אנדערע, האָט ער גענומען אן אָנטייל אינעם פובליקירן באגראָווס „זאפיסקי יעווריא". אין סאלטיקאָוו־שטשעדרינס עפיסטאָלארישער ירושע, אינעם רעדאקציִאָנעלן ארכיוו פון די „אָטעטשעסטוועניִע זאפיסקי" קאָן מען געפינען דאָקומענטן, וואָס באשטעטיקן, אז אין אן אטמאָספער פון צעיושעטן אנטיסעמיטיזם און פון דער פאָגראָם־פאָליטיק פון דער זעלבסטהערשונג איז סאלטיקאָוו־שטשעדרין, באנאנד מיט די אנדערע בעסטע זין פונעם רוסישן פאָלק, געשטאנען אָף דער זײַט פון די גערוידעפטע און פארפאָלגטע.

שטשעדרין איז געווען א שרייַבער־אינטערנאציִאָנאליסט, אן עכטער פאטריִאָט פון זייַן פילגעליטענעם היימלאנד. „איך האָב ליב רוסלאנד מיטן גאנצן הארצן און קאָן זיך אפילע ניט פאָרשטעלן, איך זאָל זייַן ערגעץ אויסער רוסלאנד", — האָט ער געשריבן. די ליבע צום אייגענעם פאָלק און צום אייגענעם לאנד האָט צוגעגעבן קויעך דעם סאטיריקער, וועמענס שאפונג איז געווען אן עמעסער העלדנטאט צוליבן טריִומף פון די אידעאלן פון פרייַהייַט, גלייַכהייַט, ברידערשאפט צווישן מענטשן. די אופווירקונגס־קראפט פון דער שטשעדרינישער סאטירע, די קלעפ, וואָס ער האָט דערלאנגט די סאָנים פונעם פראָגרעס, די ראָל פון זייַן שאפונג אינעם קאמף קעגן אלערליי דערשייַנונגען פון רעאקציע — דאָס אלץ איז א רעזולטאט פון דער ענגסטער פארבינדונג פונעם קינסטלער מיט דער רעוואָליוציִאָנער־באפרייַערישער באוועגונג.

א זון פון א רייַכער און קאפריזער גוטבאזיצערן און לייַבייגנטימערן, א דערצויגלינג פונעם צארסקאָסעלסקער ליציי, האָט סאלטיקאָוו (שטשעדרין איז זייַן ליטערארישער פסעוודאָנים) פרי פארבונדן זייַן גורל מיט די „דערנידעריקטע און באליידיקטע". אין די 40־ער יאָרן איז ער פאר אָנטיילנעמען אין א קרייַזל פון סאָציִאליסטן־אוטאָפיסטן, לויטן „פעטראשעווסקי־איניען", פארמישפעט געוואָרן צו אכט יאָר פארשיקונג. אין דער עפאָכע פונעם רעוואָליוציִאָנערן אופשטייַג פון די 60־ער יאָרן ווערט סאלטיקאָוו־שטשעדרין, וואָס האָט צו יענער צייַט שוין דערגרייכט אן אָנגעזעענע לאגע לויט דער אמטלעכער ליניע, איינער פון די אקטיווסטע מיטארבעטער פון טשערנישעווסקיס און דאָבראָליובאָווס קאמפס־זשורנאל „סאָוורעמעניק", וועלכער האָט גערופן צו ענדערן אָף א רעוואָליוציִאָנערן אויפן די סאָציִאלע אָרדענונג אין רוסלאנד. אלס שרייַבער איז שטשעדרין דורכגעגאנגען בעלינסקיס שול, ער האָט זיך אנטוויקלט אונטער דער אָנדייִש־שעפערישער ווירקונג פון די פירער פון דער רעוואָליוציִאָנערער דעמאָקראטיע.

נאָך דאָבראָליובאָווס טויט און טשערנישעווסקיס ארעסט האלט שטשעדרין אינײנעם מיט נעקראסאָוון — אין די באדינגונגען פון דער אכזאָריעסדיקסטער פאָליטישער רעאקציע — הויך די פאָן פון דער פאָלקס־באפרייַערישער באוועגונג. מיטן גייַסט פון סינע צו אלע פאָרמען פון אונטערדריקונג אָטעמט יעדע שורע, וואָס שטשעדרין האָט אָנגעשריבן אין יענע הארבע יאָרן. גוואלדיק גרויס איז געווען די רעוואָליוציִאָניזירנדיקע ווירקונג אָף דער יוגנט פונעם פובליציסטישן וואָרט, פון די פייַערדיקע ארטיקלען, פאמפלעטן, דערציילונגען פונעם בארימטן סאטיריקער. אפילע די געשווירענע סאָנים פון דער דעמאָקראטיע זייַנען געצוווּנגען געווען זיך רעכענען מיט שטשעדרינס אוטאָריטעט.

אין סאָף פון די 60־ער יאָרן, אין די 70־ער און 80־ער יאָרן פארבלייַבט שטשעדרין, דאן שוין א שווער־קראנקער, אן אויסגעמאטערטער פון די אומופהערלעכע צוזאמענשטויסן מיט די צענזאָרן־יעזויִטן, אין דער ריי פון די שרייַבער־קעמפער און צעשיידט זיך ניט אָף קיין איין מינוט מיט דער פען — מיט זייַן שארף געווער. אין 1869 דערשייַנט אין א באזונדער אויסגאבע זייַן ווערק „צייַט־סימאָנים", אין 1869—1870 דרוקט ער די בארימטע „געשיכטע פון איינער א שטאָט" — א פארניכטנדיקע סאטירע אָף דער רוסלענדישער זעלבסטהערשונג און אָף אירע פאראָנדקעס. אין 1869—1872 באווייַזט זיך דער ציקל „די הערן טאשקענטצעס". אין 1874 פארענדיקט דער שרייַבער דעם בוך „פאָמפאדורן און פאָמפאדורשעס". אין די ווייַטערדיקע יאָרן האָט שטשעדרין פארעפנטלעכט זייַן געניִאלן ראָמאן „די הערן גאָלאָווליאָווס", ווי אויך די „פריצישע מעלאָדיעס", „די באהעלטעניש מאָנרעפאָ", „א קייַלעכיק יאָר", „אין אויסלאנד", „א הייַנטצייַטיקע אידיליע", „בונטע בריוו", „מייַסעלעך" און, ענדלעך, דאָס אוטאָביִאָגראפישע ווערק „דאָס פאָשעכאָנישע אלטערטום", וואָס ווערט דערמאָנט בא שאָלעם־אלייכעמען אין „פונעם יאריד".

די גרונטלייגער פונעם וויסנשאפטלעכן סאָציִאליזם מארקס און ענגעלס האָבן הויך געשאצט דעם רוסישן סאטיריקער, געלייענט אין אָריגינאל אייניקע זייַנע ווערק, געמאכט פארנאָטירונגען פון זייַנע ביכער. דער רוסישער פראָלעטאריאט, וואָס האָט אין יענע יאָרן אופגעוואכט צום באוווּסטזיניקן קלאסן־קאמף, האָט געפונען אין שטשעדרינען זייַנעם א פארבינדעטן און פרייַנט. זיך דערוווּסט וועגן טויט פונעם פאָלקס־שרייַבער, האָבן די ארבעטער פון טיפליס געשריבן: „מיכאיִל יעווגראפאָוויטשעס טויט האָט ארויסגערופן א טרויער בא אלע די, וואָס ווינטשן אופריכטיק גליק דעם היימלאנד. אין זייַן פערזאָן האָט רוסלאנד פארלאָרן איינעם פון די בעסטע, ערלעכע און ענערגישע פארטיידיקער פון עמעס און פרייַהייַט, א קעמפער קעגן רישעס, וואָס ער האָט דעם מיט זייַן שטארקן סייכל און וואָרט דערלאנגט קלעפ אין סאמע וואָרצל... מיר, ארבעטער, האָבן אים ליב געהאט און געשעצט".

אין לעניִנס געניִאלער פובליציסטיק האָבן די געשטאלטן, וואָס דער סאטיריקער האָט געשאפן, ווידער אופגעלעבט מיט א נייַ אקטיוו לעבן. איליטש האָט אומדערמידלעך גערופן די באָלשעוויקעס־ליטעראטן, זיי זאָלן דערמאָנען, ציטירן און אויסטייַטשן שטשעדרינען. קעמפנדיק מיט די אידעאָלאָגן פון דער רוסישער בורזשואזיע, וועלכע האָבן פאכדאָנעסדיק צוגעדעקט זייערע רויבערישע אינטערעסן מיט א צוויִעסדיקער מאסקע פון קעמפער פאר „פראָגרעס", האָט לענין דערמאָנט די אומבעראכמאָנעסדיקע פאָרמול, מיט וועלכער שטשעדרין האָט געשטעמפלט די ליבעראלן, וואָס האָבן געהאנדלט „צופאסנדיק זיך צו נידערטרעכטיקייַט". נאָך ביז דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט

לענין אויסגענוצט דאָס געשטאַלט, וואָס דער סאַטיריקער האָט געשאַפן אין „די הערן גאָלאָווליאָווס”, אָנרופנדיק דעם רענעגאַט טראָצקי „איודושקא טראָצקי”. שטשעדרינס סאַטירע האָט געהאָלפן אונדזער פּאַרטיי אַרויספירן אַף דער ליכטיקער שײַן די פײַנט, וואָס פלעגן מאַסקירן מיט בוימלדיקע פראַזן זייער האַס צום פאָלק, זייער שרעק פאַר רעוואָליוציאָנערע שריט.

שטשעדרין איז טײַער די סאָוועטישע מענטשן. ער איז מיט אונדז אין קאַמף קעגן דער מענטשנפרעסערישער פּראָפּאַגאַנדע פון מילכאָמע, ראַסעווע און נאַציאָנאַלע רײַסערײַען. קיינער האָט, דאַכט זיך, אַזוי אומבעראַכמאָנעסדיק ניט דעמאַסקירט דעם אַנטיפאָלקישן טאָך פון דער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע, ווי דער רוסישער סאַטיריקער, דער אַווטאָר פונעם באַרימטן ציקל „אין אויסלאַנד”. דער שרײַבער האָט באַזוכט מײַרעוו־אייראָפּע אין דער צווייטער העלפט פונעם פאָריקן יאָרהונדערט. הינטער דער פאַרשיידנאַרטיקײַט פון די מעטאָדן, פאָרמען און אויפאַנים פון עקספּלואַטאַציע און אָפּנאַרערײַ פון די מענטשן האָט שטשעדרין דערזען די רויבערישע נאַטור פונעם קאַפּיטאַליזם. אונדזער סאַטיריקער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די מײַרעוו־דעמאָקראַטיע, וואָס געפינט זיך אין די הענט פון דער בורזשואַזיע, איז ליגנעריש און צוויִעסדיק.

מיט פאַראַכטונג האָט שטשעדרין געשריבן וועגן דעם זאַטן, זעלבסטצופרידענעם לעבן פונעם מײַרעוו־אייראָפּעיִשן בורזשוא נאָך דער בלוטבאָד איבער דער פאַריזשער קאָמונע, וועגן דער אידייִש־זיטלעכער נישטיקײַט פון די אייגנטימערישע קלאַסן, וואָס זייער אופירונג ווערט באַשטימט פונעם „אינסטינקט פון אײַנהיטן די אייגענע פעל”, פון דעם „אינטערעס פונעם מאָגן”. „איך פאַרשטיי זייער גוט, — האָט שטשעדרין געשריבן אינעם בוך „אין אויסלאַנד”, — אַז... אין אַלע מײַרעוו־אייראָפּעיִשע לענדער שטייען פּאָנעם־על־פּאָנעם צוויי קלאַסן מענטשן, וואָס אונטערשיידן זיך ראַדיקאַל איינער פונעם צווייטן. די „אָנגעפירטע”, דאָס הייסט דער שטאָטישער פּראָלעטאַריאַט און דאָס האָרעפּאַשנע פּויערטום, גרייטן זיך צו אַנטשיידענע שלאַכטן. דער „פּרינציפּ פון זעלבסטפאַרהיטונג”, די שרעק פאַרן פאָלק שטויסן די בורזשואַזיע אַף די סאַמע עקלהאַפטע פאַרברעכנס”. שטשעדרין האָט, אַגעוו, געשאַפן אַ גלענצנדן פּאַמפלעט קעגן דעם דעמאָלטיקן פּרעטענדענט אַף אַ הערשער פון דער וועלט, היטלערס אַ פאָרגייער, דעם גרויסהאַלטערישן און אַגרעסיוון פּרײַסישן מיליטאַריזם.

ווען מיר לייענען שטשעדרינס ווערק הײַנט, אין הונדערט יאָר אַרום נאָך דעם, ווי זיי זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן, באַוווּנדערן מיר די ווײַטזיכטיקײַט פונעם שרײַבער, זײַן נעוויִיִשן טאַלאַנט. ניין, ס׳זײַנען נאָך ניט פאַרשוווּנדן געוואָרן פון דער וועלט די אוגריום־בורטשייעווס, כאָטש אייניקע פון זיי האָבן באַקומען אַ מער רעספּעקטאַבעלן אויסזען. ס׳לעבט נאָך אויך שטשעדרינס „העלד”, וועלכער האָט געפּריידיקט דאָס גרינדן אַן „אינסטיטוט פון אָפּגעקליבענע יונגע מענטשן”, קעדיי פאַרפּולקומען דעם דאָר, דורכפירנדיק אַן „אָפּקלײַב פון מענטשן, וועלכע זאָלן פאָרשטעלן מיט זיך אַן עמעסע גאַראַנטיע אין הינזיכט פון געזיכערטער געהאָרכזאַמקײַט”. שטשעדרינס סאַטירישע זאַלפן טרעפן שטענדיק אין ציל.

די שאַפונג פונעם רוסישן סאַטיריקער איז פול מיט היסטאָרישן אָפּטימיזם. לאָמיר דערמאָנען אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָס געשטאַלט פון אוגריום־בורטשייעוון אין דער „געשיכטע פון איינער אַ שטאָט”. דער דאָזיקער טיפּ פאַרקערפּערט מיט זיך העפקייִרעס און גוואַלדטאַט. זײַן טעמפּער ווילן האָט, דוכט זיך, ניט געוווּסט פון קיין גרענעץ. אָבער אויך אים האָט זיך ניט אײַנגעגעבן פאַרקערעווען דעם טײַך אַפּצוריקוועגס. דער טײַך — דאָס איז דער סימבאָל פונעם פאָלקס קויעך, וואָס באַזיגט אַלץ און וועלכן ס׳איז ניט מעגלעך צו פאַרניכטן. די הײַנטצײַטיקע אוגריום־בורטשייעווס וועלן האָבן דעם זעלבן גוירל, ווי זייער ליטעראַרישער פאָרגייער, וועלכן ס׳האָט געשילדערט דער רוסישער סאַטיריקער־רעאַליסט.

סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס טרוים וועגן אַ גליקלעך, פרײַ, מעכטיק היימלאַנד איז פאַרווירקלעכט געוואָרן. די בויער פונעם קאָמוניזם ברענגען הײַנט מיט דאַנקבאַרקײַט אַרויס דעם נאָמען פונעם גרויסן רוסישן שרײַבער, איינעם פון יענע קולטור־שעפער, וועלכע האָבן מיט זייער שאַפונג דורכגעלייגט אַ וועג צו דער צוקונפט.

ישעיע ליובאָמירסקי

# פּערעץ מאַרקישעס דראַמעס

פון העכער א צענדליק פּיעסן, וואָס פּערעץ מאַרקיש האָט אונדז איבערגעלאָזט בעיערושע, האָבן א העלפט זויכע געווען אָנצוקוקן די שײַן פון דער ראַמפּע. אייניקע פון זיי האָט מען אופגעפירט ניט נאָר אָף די בינעברעטער פונעם ראַטנפאַרבאַנד, נאָר אויך אין אויסלאַנד.

די סאַמע באַוווּסטע זײַנען: „ניט געדײַגעט" (סאָוועטישע ייִדן פאָרן אוועק פון די שטעטלעך קיין קרים און פאַרנעמען זיך דאָרט מיט ערדאַרבעט), „דער פינפטער האָריזאָנט" (די צײַט פון דער רעקאָנסטרוקציע אין דער קוילן־אינדוסטריע), „מישפּאָכע אָוואַדיס" (וועגן סאָוועטישן פּאַטריאָטיזם און פעלקער־פרײַנטשאַפט), „דער מאָלצײַט" (בילדער פונעם בירגערקריג אָף אוקראַיִנע), „רעב אַריע דער סויפער", אָדער „קאָלנידרע" (די האַנדלונג קומט פאָר בײַס דער באַפרײַונג פון מײַרעוו־אוקראַיִנע) און „אופשטאַנד אין געטאָ" (דער קאַמף פון די סאָוועטישע פּאַרטיזאַנער אין די בעלאָרוסישער וועלדער).

מאַרקישעס דראַמאַטורגיע צייכנט זיך אויס מיט אַקטועלקײַט. זײַנע דראַמעס האָבן, ווי א פילבאַרער באַראָמעטער, רעאַגירט אָף די וויכטיקסטע געשעענישן אין לעבן.

•

## „ניט געדײַגעט"

די פּיעסע „ניט געדײַגעט" איז געשאַפן געוואָרן אָפן גרונט פון דער פּאָעמע מיטן זעלבן נאָמען. דאָס איז געווען איינער פון די ערשטע פּרוּוון צו שילדערן דעם היסטאָרישן איבערבראָך אינעם לעבן פון די סאָוועטישע ייִדן, דעריקער — אין דעם שטייגער פון דער קליינשטעטלדיקער אָרעמשאַפט, וואָס איז גרייט געווען זיך א נעם טאָן צו פּראָדוקטיווער אַרבעט.

באַנאַנד דערמיט ווײַזט מאַרקיש אין דער פּיעסע די טראַגיקאָמישע קאָנוווּלסיעס פון די מענאַכעם־מענדלס, פון די געוועזענע סאָכרימלעך: ניטאָ קיין מעגלעכקײַט האַנדלען מיט וואַלד — האַנדלט מען מיט פּעניאָקעס...

מיר באַגעגענען אין דער פּיעסע סײַ די אָרעמשאַפט (איר פאָרשטייער איז מענדל, דער געוועזענער וואַסערפירער אין שטעטל), סײַ די פאַרמעגלעכע (קיווע דער וווּכערניק).

דער באַלעגוף קיווע מיט זײַנע פרײַנטלעך פּרוּוון אונטעררײַסן דעם אויטאָריטעט פון דער ראַטנמאַכט. צוליב דעם נוצן זיי אויס די שוועריקײַטן, וואָס די איבערוואַנדערער קומט אויס אויסצושטיין: די טריקעניש, וועלכע צווינגט גראָבן א סאַך באָדן און פײַנלעך זוכן וואַסער („קוואָרים האָט מען אונדז אהער געבראַכט גראָבן, קוואָרים!", — שרײַט קיווע), און אַנדערע סטיכישע אָנשיקענישן.

אַלס קעמפער קעגן די שעדיקער פיגורירן די פאָרשטייער פונעם קאָמיוג, וועלכע זײַנען אַקטיוו אינעם ייִשעוו־ראַט: דער פאַראַנטוואָרטלעכער באָלשעוויק ראָנדל און זײַן פרוי סאָרצי.

אין דער פּיעסע שפּיגלט זיך אויך אָפּ דער קאָלעקטיוויזאַציע־פּראָצעס, וואָס כאַפּט אַרום אַלץ מער און מער נײַע ייִדישע ייִשוווים. עמעס, דער דאָזיקער פּראָצעס באַגעגנט א ריי מעניעס איבער דעם, וואָס די אינדיווידואַליסטישע, קליינבירגערלעכע אידעאָלאָגיע איז נאָך ווירקבאַר צווישן א באַדײַטנדיקן טייל פון דער אָרעמשאַפט.

מאַרקישעס פּיעסע האָט צוגעצויגן די אופמערקזאַמקײַט פון א ריי טעאַטערן דערפאַר, וואָס אין איר זײַנען דײַטלעך געשילדערט סײַ די וואַקלונגען פון די איבערוואַנדערער, סײַ דאָס גלויבן אין א בעסערער צוקונפט. דער דראַמאַטורג שטרײַכט אונטער די ראָליע פון דער פּאַרטייִשער אָנפירונג אין דער גרויסער איבערבוי־אַרבעט.

באַגלײַך דערמיט האָבן זיך געלאָזט פילן אייניקע שוואַכקײַטן אינעם ווערק. דער צושויער איז געווען ניט צופרידן, וואָס דער אַלטער טיפּאַזש (מענדל, מענדעליכע, קיווע, קאַסריִעל) איז געגעבן געוואָרן זאַפטיקער, פאַרבנרײַכער, איידער די יוגנט (ראָנדל, סאָרצי, לוקאַצקי). ריכטיק האָט געשריבן איינער פון די קריטיקער, אַז אין טאָך האָט ראָנדל ניט וואָס צו טאָן אין דער פּיעסע. דאָס איז אויך מערקבאַר אין דעם סאָרצי־געשטאַלט.

א היפּשן טייל פון די בלויזן קאָן מען דערקלערן דערמיט, וואָס די פּיעסע איז א קאָנדענסירטער עקסטראַקט פון א גרויסער פּאָעמע: ס'איז פאַרלאָרן געגאַנגען די נייטיקע פּראָפּאָרץ אינעם מאָלן די געשטאַלטן, די דיסטאַנץ צווישן געשעענישן איז געענדערט געוואָרן, און דעריי־

בער האָט זיך אין אייניקע שטעלן אָפּגעשוואַכט די קינסטלערישע איבערצײַגטקײַט.

מע דאַרף אָבער געדענקען, אַז די שטעלונג פלעגט באַוויזן ווערן, אַזוי צו זאָגן, אַף די פרישע שפּורן פון די געשעענישן, דעריבער פלעגט זי שטענדיק אופגענומען ווערן מיט ענטוזיאַזם, איר אופווירקונג אַפּן צושויער איז געווען אַ באַשײַמפּערלעכע.

## „דער פינפטער האָריזאָנט"

דאָס אַרײַנדרינגען פון דעקלאַסירטע ייִדן אין דער אינדוסטריע האָט מאַרקישן אינטערעסירט ניט אין קיין קלענערער מאָס, ווי זייער איבערגאַנג צו ערדאַרבעט. דער שרײַבער האָט באַזוכט דאָנבאַס און אָנגעשריבן די דראַמע „דער פינפטער האָריזאָנט".

אינעם צײַט־אָפּשניט, וואָס ווערט אין אָט דער פיעסע באַלויכטן, איז אין דאָנבאַס פאָרגעקומען אַן אַקשאָנעסדיקער קאַמף פאַר דער מעכאַניזירונג פונעם קוילן־אַרויסבאַקום. מיר זעען, ווי אַ געוויסע צאָל שאַכטיאָרן האָבן פאַרלאָזט די שאַכטעס, און די פאַרוואַלטונג איז געווען געצווונגען צו פאַרבײַטן זיי מיט נײַע, ווייניקער קוואַליפיצירטע. צווישן די, וואָס זײַנען אַוועק, איז געווען אַ היפּש ביסל אָפּגעשטאַנענע, נאָך מער: אייניקע האָבן אין דער ניט ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט געדינט אין די באַנדעס, לעמאָשל, דער געוועזענער מאַכנאָוועץ גולײַ־בידאַ — אַ טיפּ פון אַ כוליגאַן.

איבער דער שעדיקערײַ פון די סאָנים פון דער ראַטנמאַכט איז די באַזאָרגונג פון די שאַכטעס מיט שפּײַז־פּראָדוקטן געווען אַ שלעכטע. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע אומצופרידנקײַט און האָט טאָרמאָזירט די שלאָגלערײַ. דער רעכילעסניק גולײַ־בידאַ טײַנעט: „מע עסט קאַדאָכעס — אַרבעט מען צעקראָכן". די כוליגאַנעס האָבן גערוידעפּט די נאַצמינד־אַרבעטער: די ייִדן, די טאָטערן, די ציגײַנערס.

אַ סאַמע וועזנטלעכע פּראָבלעם, וואָס מאַרקיש האָט דאָ אַרויסגערוקט אַפּן פאָדערגרונט, איז דאָס אַרײַנציִען די ייִדישע קליינשטעטלדיקע האָרעפּאַשניקעס אין דער קוילן־אינדוסטריע. דער דאָזיקער פּראָצעס איז געווען אַ פּײַנלעכער. איינעם אַ יונגן ייִדן, אַ פּאַרטאָרג, האָט מען דאָ דערהאַרגעט, אַ צווייטן ייִדן — שאַפּיראָן — האָט גולײַ־בידאַ זיך געגרייט אומברענגען, בלויז צופעליק איז עס ניט געשען.

אין וואָס, אייגנטלעך, באַשטייט דער טאָך פון דער פיעסע?

אין איינער פון די שאַכטעס האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אַ גרופּע ענטוזיאַסטן, וועלכע שטרעבן דערצו, אַז דער קוילן־אַרויסבאַקום זאָל דערגרייכן זײַן מאַקסימאַלע עפעקטיווקײַט. צו אָט דער גרופּע באַלאַנגען: דער הויפּט פון דעם געאָלאָגישן אויסשפּיר סאַביטאָוו, דער סעקרעטאַר פונעם קאָמקעמערל לעבעדיעוו און דער אַלטער קאַדראָווע שאַכטיאָר קאָנאָוואַלאָוו. אין שפּיץ פון דער גרופּע שטייט שורע. זי איז אַן אינזשעניער, אַ פּאַרטייִשע. די גרופּע האָט זיך געשטעלט אַ ציל — אַמשנעלסטן זיך דערגרונטעווען צום פינפטן האָריזאָנט, צו דעם אַזוי גערופענעם אַנאַטאָליעווער פּלאַסט, דעם בעסטן לויט דער קוואַליטעט.

מאַרקישן איז געלונגען צו שילדערן מיט גרויס פּערטיפּטקײַט אייניקע פּערזאָנען. אַזאַ איז, לעמאָשל, דער אַלטער שאַכטיאָר קאָנאָוואַלאָוו. דער אויטאָר דערלאַנגט אים אונדז מיט אַלע סטירעס, וואָס זײַנען אייגנטימלעך זײַן כאַראַקטער, אַנטפּלעקנדיק זײַן פּאַטאָס בײַ דער אַרבעט, די פאַרליבטקײַט אין דער שאַכטע. און דאָך איז פון אונדז ניט פאַרבאָרגן זײַן אָפּגעשטאַנענקײַט: נאָך אין סאַמע אָנהייב פון דער פיעסע ווערן מיר געוווירע, אַז קאָנאָוואַלאָוו איז אַ פּאַראַקשנטער קעגנער פון מעכאַניזירן דעם קוילן־אַרויסבאַקום. ער איז אָנגעשטעקט מיט אָבערגלויבנס.

איבערצײַגעוודיק איז געשילדערט שורע. אַף אַזעלכע ענערגישע, לעבנסלוסטיקע און באַדאַכטע מענטשן שפּאַרט זיך אָן די סטאַכאַנאָווישע באַוועגונג. שורע פירט נאָך זיך אירע כאַווײרים. זי באַזיצט אַ באַדײַטנדיקע אופווירקונגסקראַפט. סימפּאַטיש איז דער טאָטער סאַביטאָוו. ער איז ווײַט פון אינטעלעקטועלער ראַפינירטקײַט, און אין דער זעלבער צײַט קויפּט אונטער זײַן ענטוזיִאַזם. עס שפּירט זיך אין אים אַ קויעך, אַ טיפער גלויבן אין דער בויונג פונעם נײַעם לעבן.

אין שאַפּיראָן ווערט באַטאָנט זײַן מוטיקײַט. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז אַ הײַפל כוליגאַנעס איז גרייט טאָן אַלץ, וואָס נאָר מעגלעך, אַבי אים פאַרטרײַבן פון דער שאַכטע. גוטעפרײַנט וואָרענען אים וועגן דער סאַקאָנע. און דאָך שרעקט עס אים ניט אָפּ, ער ווייסט, אַז די כוליגאַנערײַען פון גולײַ־בידאַ און זײַן קנופּיע — דאָס איז אַ געראַנגל קעגן דער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי, פון דער ראַטנמאַכט.

אין דער שילדערונג פון די פאַרשוינען, באַזונדערס פון די פאָלקס־געשטאַלטן, נוצט מאַרקיש אויס דאָס האַמוינישע לאָשן. די פיעסע איז טראַגיש. אין דער זעלבער צײַט טרעפן מיר זיך אָן מיט בופאָנאַדע, ווי, לעמאָשל, אין דער סצענע, ווען די שאַכטיאָרן טוען אַ כאַפּ דעם לעבעדיקן גולײַ־בידאַ, לייגן אים אַוועק אַף אַ טראָגברעטל און אָרדענען אים אײַן אַ קאָמישע לוויִע. ניט ווייניק געלונגענע פאָלקס־רייד באַצייכנט דאָ די פיעסע.

אין מאָסקווע האָט דער וואַכטאַנגאָוו־טעאַטער אופגעפירט דעם „פינפטן האָריזאָנט". דער ספּעקטאַקל האָט אַ שטיק צײַט זיך געהאַלטן אַף די בינע־ברעטער פון אָט דעם באַרימטן רוסישן טעאַטער. דערצו האָט היפּש מיטגעהאָלפן די קינסטלערישע אויספורעמונג פון איסאַק ראַבינאָוויטשן. אַזוי בעריעש דערלאַנגען די שאַכטעס אין טעאַטראַלער דעקאָראַציע האָט זעלטן ווער געקענט...

## „מישפּאָכע אָוואַדיס“

דעם לעבנשטייגער אין ביראָבידזשאַן איז געווידמעט מאַרקישעס פּיעסע „מישפּאָכע אָוואַדיס“.

דאָס לעבן פון דער מישפּאָכע אָוואַדיס איז אַ מוסטער פון דער נײַער ווענדונג אינעם גורל פון אַ געוויסן טייל פון דער סאָוועטישער ייִדישער באַפעלקערונג. דער עלטסטער זון, מאָטקע אָוואַדיס, איז סעקרעטאַר פונעם ראַיאָנעם פּאַרטיי־קאָמיטעט. דער צווייטער זון, שלוימקע, דינט אינעם מיליטער, וואָס היט די גרענעץ; די טאָכטער בראָכע איז אַ פּליִערן — זי פּילאָטירט אַן אַעראָפּלאַן. דער דריטער זון, קאַלמען, איז, ווי דער פאָטער זײַנער זײַוול, אַ פּליטן־טרײַבער. פאַראַן אין דעם הויזגעזינד נאָך איין זון — שײַע. אָבער ער וווינט אין פּאַלעסטינע. עמעס, ער האָט שוין כאַראָטע און בעט אין זײַנע בריוו, מע זאָל אים העלפן זיך צוריקקערן אין ראַטנפאַרבאַנד.

— פערציק יאָר, — זאָגט זײַוול, — האָב איך געטריבן פּליטן אױף פרעמדע טײַכן, איצט זײַנען זיי מײַנע.

— יאָ, טרײַבן פּליטן צוליב דער בויונג פונעם ביראָבידזשאַנער וואָקזאַל איז פאַר מיר דאָס זעלבע, וואָס פאַר מײַן זון — באַוואַכן די גרענעץ פון אונדזער היימלאַנד, — מעלדעט ווײַטער מיט שטאָלץ זײַוול אָוואַדיס. אַ שטורעם, אַ שלאַקסרעגן, קיין זאַך שטעלט אים ניט אָפּ, און ניט נאָר אים — דער אַלטער זיידע, זײַן פאָטער, אײַלט אויך מיט יוגנטלעכן ברען צו די פּליטן.

מאַרקישן איז געלונגען קינסטלעריש איבערצײַגעוודיק צו באַלויכטן אין זײַן פּיעסע די געפילן פון סאָוועטישן פּאַטריִאָטיזם.

שפּילן זײַוולען איז אַן ערנסטע אויפגאַבע. דער אַקטיאָר דאַרף דערשפּירן זײַן שווערן ריטם, זײַן קנאַפּן, אָבער ברייטן זשעסט — סימאָנים פון אַ באַדײַטנדיקער פיזישער קראַפט: אַ מענטש האָט אַזויפיל יאָרן זיך געראַנגלט מיט דער קאַפּריזער סטיכיע... זײַוול דענקט פיל און רעדט קנאַפּ. דערפאַר איז יעדער וואָרט זײַנס וואָגיק. אָט דער אויסגעהאָרעוועטער מענטש איז שטרענג, אײַנגעשלאָסן אין זיך. אַ דאַנקבאַרער מאַטעריאַל פאַרן אַקטיאָר איז פאַרלייגט אינעם געשטאַלט פון דעם זיידן אוורום. אין אים ראַנגלט זיך דאָס אַלטע מיט דעם נײַעם נאָך מער, ווי אין זײַוולען.

זײַוול קאָן באַ זיך ניט פועלן, אַז זײַן פערטער זון, שײַקע, זאָל פאַרבלײַבן אָפּגעריסן פון טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער. אָבער מאָטקע, דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר, קאָן ניט מויכל זײַן שײַקען, וואָס יענער האָט פאַרלאָזט דעם ראַטנפאַרבאַנד און זיך באַזעצט אין פּאַלעסטינע. און ווען זײַוול בעט מאָטקען, ער זאָל שײַקען העלפן זיך צוריקקערן אַהיים, זאָגט מאָטקע דעם טאַטן קאַטעגאָריש אָפּ. אַזויאַרום קומט פאָר אַ קאָנפליקט צווישן פאָטער און זון. זײַוול פאַרשטייט, אַז פון פּאָליטישן שטאַנדפּונקט איז מאָטקע גערעכט, אָבער דעם טאַטנס האַרץ טוט וויי, עס קאָן זיך ניט באַרויִקן. אָט אַזעלכער איז איינער פון די קאָנפליקטן אין דער מישפּאָכע אָוואַדיס, און ס׳איז וויכטיק אונטערצושטרײַכן, אַז ער האָט אויך באַ הײַנטיקן טאָג ניט פאַרלאָרן זײַן אַקטועלקײַט און אידייִשע ווערט.

אין דריטן אַקט ווערט דערציילט, אַז שלוימקע איז געפאַלן אַ קאָרבן אין געראַנגל מיט אַ באַנדע דיווערסאַנטן, וועלכע פּרוווט זיך איבערגיין די גרענעץ. ווען אָט די וויסטע בסורע דערגרייכט צו דעם הויזגעזינד אָוואַדיס, מעלדעט זײַוולס זון קאַלמען, אַז ער איז גרייט פאַרבײַטן דעם ברודער שלוימקען און פאַרנעמען זײַן אָרט. נאַטירלעך, קאַלמען קוקט אַרויס אַף דער האַסקאָמע פון טאַטע־מאַמע. אין זײַוולען ראַנגלען זיך צוויי געפילן:

— איין זון האָט מען מיר אומגעבראַכט אַף דער גרענעץ־וואַך... מיט וואָס בין איך באַוואָרנט, אַז מע וועט מײַן קאַלמענען ניט אומברענגען?

און פון דער אַנדערער זײַט:

— ווער האָט דיך באַוואָרנט מיט אַ גליקלעך לעבן? דײַן היימלאַנד. מאַשמאָעס, ביסטו מעכויעוו ניט שאַנעווען זיך, ניט שאַנעווען דײַן אייגן קינד, ווען עס האַנדלט זיך וועגן באַשיצן דאָס, וואָס דיר איז ליב און טײַער.

שווער איז זײַוולען. ביטער איז סאָרען. אָן וואַקלונגען איז דאָ ניט שײַעך. אָבער סאָפּקאָלסאָף באַשליסט מען פײַערלעך באַגלייטן קאַלמענען אַף דער גרענעץ־וואַך.

## „דער מאָלצײַט“

אוואַדע ווערן מיר איבעראַשט, ווען אין „מישפּאָכע אָוואַדיס“ מעלדעט זײַוולס צווייטער זון, קאַלמען, אַז ער האָט באַשלאָסן פאַרבײַטן אַף דער גרענעץ־וואַך דעם ברודער שלוימקען, וועלכער איז אַף זײַן פּאָסטן אומגעקומען. אוואַדע ווערן מיר דערשיטערט פון דער גרייטקײַט פון אַזאַ יונגן באָכער זיך מאַפקיר זײַן פאַרן היימלאַנד.

אָבער ניט ווייניקער ווערן מיר איבעראַשט, ווען אַן עלטערער מענטש, אַ געוויינלעכער באָסערוואָדאָם, וועמען עס האָבן אַלע יאָרן געהאַלטן אין געפּענקעניש אָפּגעלעבטע מינהאָגים און אָנשויוּנגען, ווערט דורכגעדרונגען מיט די סאַמע פּראָגרעסיווע אידייען, וואָס לערנען, וויִאַזוי איבעראַנדערשן די גאָרע וועלט, מיט אידייען פון סאָציִאַליזם. אַזאַ מענטשן מאָלט אונדז מאַרקיש אין זײַן דראַמע „דער מאָלצײַט“.

ס׳איז אַ פּיעסע וועגן בירגערקריג. אין 1919 ווילדעווען אין די קליינע שטעטלעך, אין די דערפער ווײַסע באַנדעס: זיי ראַבעווען, זיי הארגענען. די געשעענישן, וועגן וועלכע עס ווערט אין דער פּיעסע דערציילט, פּאַסירן אין אַ קליין שטעטל, וואָס איז אַף אַ קורצער צײַט

געבליבן אַף העפקער. א באנדע איז דאָס שטעטל באפאלן, א באנדע, וואָס אָט־אָט טוט זי זיך א לאָז אויסקוילען די אײַנוווינער. די רויטע פארטיזאנער האָבן געמוזט אוועק אין וואלד. אַף א קורצער צײַט. אין א מעסלעס ארום באדארף דער אָטריאד זיך צוריקקערן אין שטעטל. מוז די באפעלקערונג ווי ווײַט מעגלעך מיט די אייגענע קרעפטן פארהאלטן די באנדיטן, ביז די רויטע וועלן זיך צוריקקערן. אין שטעטל איז א מעהומע — וואָס טוט מען? מע פאלט אַף אזא האמצאָע: אײַנאָרדענען א רײַכן מאָלצײַט און אײַנלאדן די באנדיטן. נאטירלעך, די באנדיטן וועלן פרעסן, זויפן אזוי לאנג, ביז די רויטע פארטיזאנער וועלן אָנקומען און פארניכטן די באנדע.

אַף אזא האמצאָע איז געפאלן דער אלטער מענדל, דער פאָטער פונעם רויטן פארטיזאן עזרע. און טאקע מענדל גופע גייט צום אטאמאן פון דער באנדע אײַנלאדן די „כעוורע״ אפן מאָלצײַט (דער שטאב פון דער באנדע איז היגנטערן שטאָט). נאָך איידער דאָס קומט פּאָר, באווײַזט אונדז מארקיש מענדלען ווי א העלד, וואָס איז גרייט זיך א לאָז טאָן אַף מעסירעסנעפעש. אין שטעטל ווערט מען געוווירע, אַז אַף יענער זײַט וואָקזאל וואלגערן זיך אין פעלד טויטע קערפּערס פון דרײַ באָלשעוויקעס, וואָס די באנדיטן האָבן דערשאָסן. זיי ברענגען אין שטעטל און מעקאבער זײַן איז געפערלעך. בלויז איין מענדל לאָזט זיך אוועק אַף קידעשהאשעם, קעדיי אויספילן זײַן מאָראלישן כויוו.

גלענצנד האָט מענדלען געשפילט אינעם מאָסקווער מעלוכישן ייִדישן טעאטער דער אקטיאָר מייער שטיימאן. פון די ערשטע מינוטן, ווען אָט דער אקטיאָר פלעגט זיך באווײַזן אַף דער בינע, האָט איר געגלייבט, אַז אין דעם באשיידענעם שטילן מענטשן שטעקט א גרויסע גײַסטיקע קראפט, א טיפער גלויבן, א פעסטע אנטשלאָסנקײַט. וויאַזוי האָט עס דער אקטיאָר דערגרייכט? אין שטיימאנס מענדלען האָט א שטארקן אײַנדרוק געמאכט זײַן געלאסנקײַט, זײַן קלוימערשטע רויִקײַט: נעמט ער ריידן אָדער זיך באוועגן, איז ניט געכאפּט, מיט ייִשעווו־האדאאס — מאכמעס דער גוואלדיקער אינערלעכער קאָנצענטרירטקײַט. דאָס אוועקלאָזן זיך אַף קידעשהאשעם נעמט זיך בא מענדלען פונעם טיפן גלויבן, אַז די באָלשעוויקעס וועלן באווײַזן ראטעווען דאָס שטעטל. נאָך מער — פונעם גלויבן, אַז סאָפקאָלסאָף מוז דאָס דערהויבענע, דאָס ליכטיקע, וואָס אינעם מענטשן, גויווער זײַן דאָס אומווירדיקע, דאָס מיִעסע. און מיט אָט דעם אָפּטימיזם איז דורכגעדרונגען דאָס מענדל־געשטאלט!

אין מענדלס אויסערלעכער געלאסנקײַט, ווי מארקיש מאָלט אים אין דער ערשטער העלפט פון דער פּיעסע, איז פארבאָרגן א גרויסע לײַדנשאפטלעכקײַט, א שטורמישער טעמפעראמענט. דער טעמפעראמענט פלאקערט מאמעש אויף, ווען מענדל נעמט אונטערטרײַבן די קלעזמער, זיי זאָלן ווי ווײַט מעגלעך ראשיק, דונערדיק שפילן אפן מאָלצײַט, קעדיי וואָס מער פארטשאדען, פריהלושען די קעפ פון די שיקערע באנדיטן.

צו אן אויסטערלישער פאטעטיק דערגרייכט מענדלס פארכושטקײַט, ווען ער שרײַט אין דער ארומרינגלונג פון די באנדיטן צו זייער אטאמאן:

— די ערד מײַדט דיך אויס, ווי א צאָראאס. דאָרט, ווו דײַן פוס וועט א טראָט טאָן, וועט קיין גראָז ניט וואקסן. טײַכן וועלן אויסטריקענען, קאָלזמאן דו וועסט צו זיי זיך דערנענטערן פון דאָרשט א פארכאלעשטער. איבער וועלדער וועסטו וואנדערן אָן א דאך, אָן א היים; א שטיין, ווען דו וועסט צו אים זיך ווענדן, וועט דיר אין פּארצעף זיך א שלײַדער טאָן...

אָט די פלאמיקע רייד רײַסן זיך ארויס פון מענדלס מויל, ווען ער האָט זיך שוין מאפקיר געווען. און דאָ טאקע באפאלן אים די צעירשעטע באנדיטן, און זיי טייטן אים.

אינטערעסאנט איז די עוואָליוציע, וואָס איז פאָרגעקומען אינעם באוווסטזײַן פונעם שוסטערס יונג מיידל בליומע. טכילעס מאָלט זי מארקיש, ווי א שרעקעוודיקע. מיט איין עמאָציע איז בליומע דורכגעדרונגען: פײַנלעכער פּאכעד! צום אלעם ערשטן לויפט זי אין איין אָטעם זיך אויסבאהאלטן פון די באנדיטן אפן בעסוילעם. עמעס, אין איר רײַפט שוין דער פארשטאנד פון גערעכטיקײַט, וואָס עס האָט אין איר באוווסטזײַן פארזייט מענדלס זון עזרע. ווען עמען זי איז ליב און טײַער. ס׳איז פאראן א מאָמענט אין דער פּיעסע, ווען עזרע פרעגט בליומען:

— דיר איז ניט שרעקלעך איצט פארבלײַבן אין שטאָט?

ב ל י ו מ ע. נו, וווהין זשע זאָל איך גיין?

ע ז ר ע. פאראן וווהין צו גיין, פאראן... איצט זײַנען די וועגן אָפן פאר אזעלכע, ווי איך און דו. דו זעסט אָט די כאָרעווע, צערויִנירטע הײַזקעס, די קעלערס, אָט דאָס כאשכעסדיקע, קאָפּצאָנישע לעבן? און טאקע דערפאר שלאָגן מיר זיך, בליומע, אַז מענטשן זאָלן ניט אומגיין אײַנגעהויקערט, ווי דײַן טאטע, מיט אן אויסגעטריקנטן גאָרגל, מיט אײַנגעשרומפּענע אויגן, אַז די מענטשן, וואָס האָבן פאר זיך געזען בלויז א טהאָם, אַז אָט די מענטשן זאָלן דערשפירן, וואָס אזוינס איז לעבן, וואָס אזוינס איז שיינקײַט און פרייד. אָט דעם וועג האָט פאר אונדז געעפנט לענין...

ב ל י ו מ ע. לענין?

ע ז ר ע. אונדזער שטעטל, בליומע, איז ניט דאָס איינציקע... ס׳איז ניט איינזאם. טויזנטער שטעטלעך און שטעט ראנגלען זיך, בליומע. קיינמאָל איז די ערד אזוי פּרעכטיק ניט געווען, ווי איצט. עס אָטעמט דאָך מיט פרײַהײַט. און דעריבער איז שטארבן פאר אָט דעם שוין ניט אזוי שווער...

און בליומע דערשטיקט אין זיך איינגיכן די מוירע — זי ווערט איבערצײַגט, אַז קאמף מיטן

סוינע איז דאָס בעסטע מיטל צו פאַרטרײַבן פון זיך דעם פּאַכעד.

ווען דער פאָטער אירער, קאַנאַריק, טוט א געשריי:

— קאַרג פונמײַנעטוועגן וועלוול!.. האָסטו זיך שוין אויך אָנגעשטעקט?

ענטפערט אים בליומע:

— דײַן „קראָם", טאַטעניו, דראָעט קיין שום סאַקאָנע. אומגיין אײַנגעהויקערט, ווי איצט, וועסטו אַלעמאָל באַווײַזן. באַגלייט אַרויס די מאַמע אַהיים און גיי אַרויס אין גאַס. א האַלבע שטאָט איז שוין אין דרויסן. מענטשן גלײַכן אויס די רוקנס... קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ!

ווי אַלע ייִדן אַרום אים, איז קאַנאַריק, נאַטירלעך, ניט זיכער מיטן לעבן. ער האָט מוירע. זײַן גאַנצער וועזן איז דורכגעדרונגען מיט פאָטער־ליבע. איז ער גרייט אָפּגעבן זײַן לעבן פאַר דער טאָכטער, פאַר בליומען. דאָס גאַנצע פלאַטערן זײַנס איז איבער איר. און דאַפקע אָט דאָס ציטערן געבירט מוט. ער ווערט סאָפּקאָל־סאָף א נײַער מענטש. א קעמפער, ווי זײַן וועלוול דער פאַרטיזאַן.

ווען מענדל גרייט זיך פירן בליומען צום טאַנץ אַפן מאָלצײַט, נעמט קאַנאַריק שאַרפן זײַן שוסטערשן מעסער און גיט אים אָפּ בליומען, וועלכע פאַרשטייט טכילעס ניט דעם טאַטנס קאַוואָנע. אין א מינוט אַרום ווערט בליומען קלאָר, וואָס דער טאַטע מיינט. און אָט דאָס מעסער שטעכט זי אַרײַן אין גאָרגל דעם אַטאַמאַן, וואָס האָט זיך געלאָזט מיט איר אין א טאַנץ און גרייט זיך צו פאַרגוואַלטיקן זי.

דער אוטאָר, וואָס רימט אין אָט דער פּיעסע דאָס מעסירעסנעפעש פון די, בא וועמען ס'איז שטענדיק וואַך דער געפיל פון מענטשן־ווירדע, געפינט אינטערעסאַנטע פאַרבן אויך פאַר נעגאַטיווע געשטאַלטן, וועלכע האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט צו דער לעצטער מאַדרייגע פון מאָראַלישער יערידע. אָט אַזאַ איז סענדער דער פעלהענדלער, א ייִד א גוויר. זײַן זשעדנעקײַט, גײַציקײַט איז אומגעהייער. אפילע ווען ער באַהאַלט זיך אויס פון די באַנדיטן אַפן בעסוילעם, הינטער די מאַציייוועס, ווייעט פון זײַן באַגיין זיך מיט די אַרומיקע מיט געמיינהײַט, מיט פרעכהײַט. שטרעבנדיק זיך ראַטעווען פון די באַנדיטן, איז ער גרייט דורך פּאַראַט קריגן כיין אין זייערע אויגן, און ער ווײַזט זיי אָן אַף בליומען: ער האָפט אַף אַזאַ מין אופן אָפּווענדן זייער גיריקײַט בענעגייע זיך און זײַן געשעפט.

## „רעב אַריע דער סויפער"

(קאָלנידרע)

אין דער פּיעסע „מאָלצײַט" האָט אונדז פּ. מאַרקיש דערציילט, ווי־אַזוי די יוגנט ווירקט אַף די טאַטעס און די עלטערן ווערן אַרײַנגעצויגן אינעם קאַמף פאַר א נײַ לעבן, אינעם גערודגל פאַר אײַנפלאַנצן די סאַמע פּראָגרעסיווע אײַדייען. גאָר אַן אַנדער סיטואַציע אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז, ווען מיר באַקאַנען זיך מיטן אײַנהאַלט פון דער פּיעסע „רעב אַריע סויפער" (קאָלנידרע). די געשעענישן וויקלען זיך דאָ פאַנאַנדער אַפן פאָן פון דער באַפרײַונג פון די פעלקער פון מײַרעוו־אוקראַיִנע, וועלכע עס האָט מיט זיך אַהער געבראַכט די העלדישע סאָוועטישע אַרמיי. דער נאָמען פון דער פּיעסע קלינגט אַלעגאָריש. די האַנדלונג דויערט איין מעסלעס — פונקט ווען ס'פאַלט אויס דער ייִדישער יאָם־האַדין (יאָמקיפּער). אינדערעמעסן איז עס טאַקע יאָם־האַדין. אין דעם טאָג ווערן געמישפּעט די געוועזענע אַדוינים פון מײַרעוו־אוקראַיִנע, די, וואָס האָבן אונטערדריקט די האָרעפּאַשנע מאַסן פון אָט דעם קאַנט (די ייִדן, די אוקראַיִנער, די פּאָליאַקן).

אין דער פּיעסע ווערט אַוועקגעשטעלט מיט דער גאַנצער קאַטעגאָרישקײַט די פּראָבלעם פון באַציִונג צום קעגנער, צום סוינע. אין צענטער פון די געשעענישן שטייט אַן אַלטער ייִד, דער סויפער רעב אַריע. ער האָט זיך פאַרפלאָנטערט אין די געבאָטן פון דער טראַדיציאָנעלער מאָראַל, וואָס אונדזערע כאַכאָמים האָבן אונדז געלאָזן בעירושע. פון איין זײַט, וואָרנט דעם אַלטן רעב אַריע דער באַוווּסטער הומאַנישער פּרינציפּ: ווער ס'איז זיך מוידע, אַז ער איז באַגאַנגען א פאַרברעכן און האָט כאַראָטע, באַדאַרף מען אַף אים ראַכמאָנעס האָבן. פון דער צווייטער זײַט, אַטאַקירט רעב אַריען דער קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו — אין רחמים בדין, דאָס הייסט — ניט שײַעך קיין ראַכמאָנעס, אַז מע מישפּעט א פאַרברעכער.

טראָגט אונטער דאָס קאָכיקע לעבן רעב אַריען א האַרבע שײַלע: אין דעם זעלבן מעסלעס, ווען ס'איז אַרײַן אין שטאָט די רויטע אַרמיי, קומט צו אים אין שטוב צו לויפן א פאַרסאָפּעטער דער געוועזענער פּוילישער וואָיעוואָדע פון דער שטאָט, גראַדולסקי, און בעט, ער זאָל אויסבאַהאַלטן אים בא זיך אין שטוב.

— איז אָט, — זאָגט דער וואָיעוואָדע, — בא אײַך איז די ברייררע: אָדער מאָרגן וועלן די אָרטיקע ייִדן זיך פאַרכלינען אינעם אייגענעם בלוט, אָדער איר וועט הײַנט מיך לאָזן בא אײַך איבערנעכטיקן. איך באַדאַרף בלויז איין נאַכט, בא אײַך זיך צו ראַטעווען. איך צווייפל ניט, אַז גאַנצפרי קריגן מיר הילף מיצאַד דער בריטישער אימפּעריע...

רעב אַריע איז נאָכגיביק — ער טרײַבט גראַדולסקין ניט אַרויס. און ניט נאָר צוליב דעם, וואָס אים שרעקן גראַדולסקיס דראָונגען. רעב אַריען טוט א שטויס צו ראַטעווען גראַדולסקין גאָר אַן אַנדער מאָטיוו. דאָס ווערט קלאָר פון זײַן אויסטײַנען זיך מיט דער טאָכטער האַדאַסע, וועלכע די רויטע אַרמיי האָט באַפרײַט פון טורמע.

ה א ד א ס ע. און דו האָסט אים דערלויבט איבערטרעטן די שוועל פון דײַן שטוב?

ר ע ב א ר י ע. ער איז דאָך איצט געפלעפּט. אין אים זיך איצט נויקעם זײַן? א ייִד איז אַזוי זיך ניט נויהעג.

האדאסע (אויסער־זיך). געפּלעפּט, טײַנעסטו. ווייסטו דען ניט, אַז די פּײַניקונגען, וואָס מיר האָבן געליטן אין טפיסע, דאָס איז זײַן אײַנפאַל? ווייסטו דען ניט, אַז דאָס האָט ער באַפוילן אונטער מײַנע נעגל נאָדלען אַרײַנשטעכן? אפילע כּײַעס אין וואַלד וואָלטן ניט דערלאָזט, ער זאָל צווישן זיי בלײַבן אומבארירלעך. און דו האָסט אים צו זיך אין שטוב אַרײַנגעלאָזן? זאָל זײַן, אַז ער האָט אַליין ברוטאַל זיך אַרײַנגעריסן — ביסטו מעכוּיעוו געווען וועגן דעם מעלדן דער קאָמענדאַטור פון דער סאָוועטישער אַרמײ!

רעב אריע. איך זאָל מעלדן? זאָל איך, הייסט עס, גיין אים מאַסערן? צי דען זײַנען ייִדן אַזוי זיך נויהעג? ווילסטו, הייסט עס, איך זאָל אים אין אַזאַ צושטאַנד זײַנעם אָפּגעבן אינעם רעשוס פון די זיגער? פאַר דײַנע צעשטאָכענע פינגער איז אַ מיצווע פּאָדערן פונעם היצעל אַן אָפּקומעניש ניט דעמלט, ווען דער אויסוווּרף איז געפּענטעט, נאָר דעמלט, ווען ער האַקט קעפּ. נעקאָמע, טאָכטער, דאַרף זײַן גרויזאַם. וועט מיר דען ווערן גרינגער, אויב מאָרגן וועט אָט דער וואָיעוואָדע, ווי אַ נעווייִלע, זיך וואַלגערן אין אַ קופּע מיסט? זאָל טאַקע אָט די נעווייִלע דערזען, ווי מיך עקלט צו האָבן מיט איר צו טאָן.

האדאסע פּאָדערט פון איר טאַטן, ער זאָל גיין צום רוסישן קאָמענדאַנט סעליוואַנאָוו: צו אים טוליען זיך אַלע געבראָכענע הערצער. רעב אריע קומט צו סעליוואַנאָוון. עמעס, זײַן ווענדונג איז בלויז אין די אינטערעסן פון דער ייִדישער רעליגיע: ער וויל הערן פון סעליוואַנאָווס מויל, אַז די ראַטנמאַכט וועט ניט פאַרכאַסמענען די באָטעמעדראָשים. אין זײַן שמועס מיט סעליוואַנאָוון ווערט רעב אריע געווירע, אַז ס'איז אַן אומזין ראַכמאָנעס צו האָבן אַפן סוינע, דעם סוינע באַדאַרף מען פאַרניכטן. אָט דער שמועס צווינגט אים זיך צו פאַרטראַכטן, צי ער האָט דאָס רעכט אויסבאַהאַלטן גראַדולסקין. פּײַנלעך קומט פאָר אָט דער פּראָצעס. זײַנע ספּייקעס פּלאַצן, ווען ער ווערט געווירע, אַז גראַדולסקי האָט פאַרטראַכט אַן אַטענטאַט אַף סעליוואַנאָוון. דאַן לאָזט ער זיך אַוועק צו סעליוואַנאָוון. זײַן קאַוואָנע איז — ראַטעווען דעם רוסישן קאָמענדאַנט.

דערווײַל קומט גראַדולסקי צום באַשלוס, אַז זיצן בא רעב אריען אין אַלקער פאַרבאָרגענערהייט, פאַרמאַסקירט איז ניט קיין טאַכלעס. פאַרבונדן אַ האַלב פּאָנעם מיט אַ פּאַטשיילע און מיט אַ ראַבאָנישן שטרײַמל אַפן קאָפּ, לויפט ער צו סעליוואַנאָוון, קעדיי זיך דערשלאָגן אַן אופנאַם. דאָ דערזעט ער רעב אריען, וועלכער איז געקומען אַהער ראַטעווען סעליוואַנאָוון.

„וואָס טוט דאָ רעב אריע? — פּליט דורך אַ געדאַנק אין גראַדולסקיס מויעך. — ניט אַנדערש, ווי אָפּגעבן מיך אין רעשוס פון סעליוואַנאָוון אַף אומקום. כ'וועל דאָ האָבן אַ וויסטן סאָף. טאָ לאָמיך זיך כאָטש קילן דאָס האַרץ...״

און ער דערשיסט רעב אריען.

רעב אריע איז די סאַמע קאָמפּליצירטע פיגור אין אָט דער פּיעסע. פון סאַמע אָנהייב דערלאַנגט מאַרקיש דעם דאָזיקן מענטשן אין אַזאַ באַלויכטונג, אַז ער ווערט אונדז ליב און טײַער. אין דער צײַט, ווען רעב אריעס מעקוראָווים — די ייִדישע סאָכרים, עלימעלעך און נאַפּטאָלע — זײַנען פּײַנטלעך געשטימט בענעגייע דער סאָוועטישער אַרמײ, בעשאַס עס באַמבלט זיך זיי אין קאָפּ, אַז די באָלשעוויקעס וועלן פאַרכאַסמענען די קלייטן, באַטראַכט רעב אריע די נײַע סיטואַציע גאָר פון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט.

ווען דער וואָיעוואָדע טוט רעב אריען אַ זאָג: „איצט פאַרמאָגן מיר מיט אײַך איין בעשוטפעסדיקן סוינע״, — רופט זיך אָן רעב אריע:

— וועגן וועמען רעדט איר? די, וואָס האָבן הײַנט פאַרנומען די שטאָט (ער טוט אַ ווײַז מיטן פינגער אַפן פענצטער), זיי שאַנעווען אָרעמעלײַט, גערוידעפּטע. איך בין נאָרוואָס געווען אין גאַס — האָב איך געזען, ווי זיי נעמען בא די מאַמעס די קינדער און טראָגן זיי אַף די הענט און צערטלען זיי. און גרײַז־גראָע ייִדן קושן זייער געווער.

רעב אריע באַגרײַפט גאַנץ גוט, אַז עס הייבט זיך אָן אַ נײַ לעבן.

זייער געלונגען האָבן זיך באַקומען בא מאַרקישן אייניקע געשטאַלטן פונעם פּראָסטן אוילעם. בענציען דער שאַמעס, וואָס איז אַ בענבאַיִס בא רעב אריען, ווי אויך רעב אריעס באַדינערן ציפּע, זײַנען בוילעטע, פאַרביקע פיגורן, הומאָריסטיש באַלויכטענע. זייערע דיאַלאָגן דערקוויקן מאַמעש דעם צושויער.

מאַרקישן איז אויך געלונגען די סצענע, ווו ער מאָלט גראַדולסקין אין גראָטעסקישן אַספּעקט. ווען גראַדולסקי טוט אָן, צוליב זיך פאַרמאַסקירן, רעב אריעס ראַבאָניש שטרײַמל, ווען ער פאַרשלייערט אַ האַלב פּאָנעם מיט בענציענס קויטיק טיכעלע, ווען ער פרענדעט אָן אַף זיך רעב אריעס זשיפּעצע, — איז עס אַן עמעסע בופאָנאַדע.

באַקאַנענדיק זיך איצט מיט פּערעץ מאַרקישעס וויכטיקסטע פּיעסן, קומען מיר צום אויספיר, אַז זיי זײַנען, ווי אַלע מאַרקישעס שאַפונגען, פולקום דורכגעדרונגען מיטן גײַסט פון אינטערנאַציאָנאַליזם. זיי צייכענען זיך אויס מיט אַ ראָמאַנטישער אופפאַסונג פון דער העראָישער סאָוועטישער עפּאָכע, און זיי זײַנען אָנגעזעטיקט מיט אַ לײַדנשאַפטלעכן האַס צו רעאַקציע און פאַשיזם.



## קורצע רעצענזיעס

# דער קוויקער פונעם לירישן וואָרט



דאָרע כײַקינעס נײַע לידער־זאַמלונג איז, ווי די לידער־ביכער פון אַנדערע היינטצײַטיקע ייִדישע דיכטער, אַ מין סאַכאַקל פון אַ דורכגעמאַכטן שעפערישן וועג פאַר עטלעכע צענדליק יאָר.

אַז מע לייענט דאָרע כײַקינעס לידער, וואַרפט זיך גלײַך אין די אויגן, אַז דאָס איז ליריק אין נאַטירלעכן באַטײַט פון דעם באַגריף: ליבע־ליריק, פּייזאַזש־ליריק, פילאָסאָפישע ליריק, פּאָליטישע ליריק. אַלץ ווערט דורכגעלאָזט דורך דער פּריזמע פון דעם אַוטאָרס איבערלעבונגען און עמאָציעס.

די ליריק ביכלאַל גענומען איז מער קאָמפּליצירט, איידער די עפּישע דיכטונג, אין וועלכער דער אַוטאָר האָט אַ מעגלעכקײַט צו שילדערן געשעענישן, געשטאַלטן, קאָנפליקטן, פּראָצעסן. דער ליריקער האָט ניט אַזעלכע מעגלעכקײַטן, ווײַל ער איז געבונדן בלויז מיט זײַנע אימפּרעסיעס, מיט זײַן סוביעקטיווער באַציונג צו דער אָביעקטיווער וועלט. דער עפּיקער שילדערט, דער ליריקער זינגט. דאָס געזאַנג קאָן ניט זײַן בילד, נאָר בלויז אַ שטימונג, אַ רעאַקציע פון דעם געמיט אַף אַ דערשײַנונג.

די לירישע דיכטונג איז אין שטענדיקער געפאַר פון איבערכאַזערן, איבערזינגען דאָס שוין אויסגעזונגענע (ליבע, נאַטור, סאָציאַל־היסטאָרישער פּראָצעס), ווײַל, אַזוי צו זאָגן, זי זינגט וועגן איינעם און דעם זעלבן שוין טויזנטער יאָרן. די לעצטע צײַט גייט אָן אין דער רוסישער ליטעראַטור אַ דיסקוסיע וועגן פּאָעזיע און לידער־מאַכונג (поэзия и стихотворство). דאָס האָט מערסטנטייל אַ שײַכעס צו דער ליריק. אַ קולטורעלער מענטש קאָן שאַפן אַ לירישע ליד, וואָס זאָל זײַן אַפילע ראַפינירט פונעם טעכנישן שטאַנדפּונקט, דאָס הייסט, עס זאָלן זײַן אָפּגעהיט אַלע קלאָלים פון פּאָעטיק: מעלאָדיע, ריטם, גראַם. דאָס באַטײַט אָבער נאָך ניט, אַז דאָס איז טאַקע פּאָעטישע שאַפונג, אויב עס איז אין דער ליד ניט אויסגעדריקט אינערלעכע, ריירנדיקע מענטשלעכע איבערלעבונגען. פאַרקערט, עס קאָן זײַן אַ ליד, וואָס איז ניט גלאַטיק „געמאַכט", אָבער זי איז אופרײַסנדיק, לײַדנשאַפטלעך. אַזאַ ליד איז מער דיכטעריש, ווי די אויסגעפּוצטע, גלאַטע שורעס פון דער „ריכטיקער", ראַפינירטער ליד, וואָס האָט ניט קיין נעשאָמע.

דאָרע כײַקינעס דיכטונג איז עכטע ליריק. איר ליד איז מערסטנטייל איידל און באַכיינט. אַמאָל איז זי „שוואַך געבויט", זי איז אָבער שטענדיק אָנגעזעטיקט מיט לעבן, מיט נאַטירלעכע מענטשלעכע ליידן און פריידן, מיט פּײַן און מיט שטרעבן צו דערגרייכן דאָס געווונטשטע:

ווייסט, ווען ס'הייבט זיך אָן אַ ליד?
ס'קען זיך מאַכן — נאָך אין וויג.
. . . . . . . . . . . .
ס'הייבט זיך אָן אַ ליד אין לייד,
ס'הייבט זיך אָן אַ ליד אין פרייד,
ביז די סאַמע לעצטע טריט
הייבט זיך אַלץ נאָך אָן אַ ליד.

אַזוי קאָן זינגען בלויז אַ דיכטער, וואָס איז זיכער אין זײַן באַרוף. דאָרע כײַקינע זינגט אויס די ליד פון אַ מוטער, די ליד פון אַ באָבע, די ליד פון אַ פרוי, פון אַ פאַרליבט מיידל, זי זינגט אויס די ליד פון אַ בירגערן, פון אַ דיכטערן, פון אַ טרוימערן. זי זינגט וועגן קינדהײַט, וועגן יוגנט, וועגן מענטשלעכן גליק און וועגן טרויעריקן באַוווּסטזײַן פון דער אָנקומענדיקער עלטער, וועגן דעם אומפאַרמײַדלעכן „פונעם יאַריד"... דער מאָטיוו פון אַלט ווערן פאַרנעמט עפּשער אַ צו גרויס אָרט אין כײַקינעס ליריק און קלינגט שוין ווי אַן איבערכאַזערונג („איך האָב שוין אַף צוריקוועגס אַ בילעט", „ווען איך קען פון אָנהייב", „מײַן אייניקל טײַנעט אַלץ אָפּטער", „כ'האָב הײַנט אין גאַס", „איך קום צו די פרײַנט" און נאָך אַנדערע).

האַגאַם, ווי איך האָב שוין געזאָגט, כײַקינעס ליריק איז סוביעקטיוו און אינדיווידועל, איז אין איר פאַרקערפּערט גאַנץ בוילעט די צײַט, די עפּאָכע און די היסטאָרישע געשעענישן, וועלכע די דיכטערן האָט געזען און איבערגעלעבט. וואָגיק און קלאָר איז אויסגעדריקט דער נאַציאָנאַלער ווייטעק, די קאַטאַסטראָפע פונעם ייִדישן פאָלק אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע („נעמען, פאַרקריצטע אַף שטיין", „דער זעלבער וועג", „באַם דענקמאָל אין בערלין", „אַן אויסשטעלונג אין באָלאָניע"). אָבער אַפילע די דאָזיקע מאָטיוון זײַנען אויך דורכגעדרונגען מיט פערזענלעכע, מיט סוביעקטיווע און אינדיווידועלע איבערלעבונגען. אין דאָרע כײַקינעס ליריק

---

ד אָ ר ע כ ײַ ק י נ ע. פון אַלע מײַנע וועגן. „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", מאָסקווע, 1975.

אין די מילכאָמע, דער אומגליק און די ליידן פונעם פאָלק צונויפגעגאָסן אָרגאַניש אין איין גאַנצן קאָמפּלעקס געפילן פונעם לירישן העלד, פון דער פרוי, וואָס וואַרט אַף איר געגאַרטן. די דיכטערן געפינט פּראָסטע ווערטער, וואָס גיבן איבער אַט די איבערלעבונגען פון דער פרוי. מיר הערן קימאַט ניט קיין זיפצן, בלויז בענקשאַפט און פולער באַוווסטזײַן פון דער צײַט, פולער פאַרשטאַנד פאַר די רעאַלע אומשטענדן און אויך האָפענונג אַף בעסערע צײַטן:

בלויע ווינטן, ווי אַף אוקראַינע,
ס'פאַלט אַ שטערן ערגעץ ווײַט אַראָפּ.
אין פאַרנאַכט אין שטילן און אין גרינעם
לאָזט מײַן גרויסער אומרו מיך ניט אָפּ.

איך וועל סײַוויסײַ אַצינד ניט שלאָפן,
און אין הארצן טוט עפּעס אַ ריס.
כ'האָב געלאָזט די טיר אין צימער אָפן,
כאָטש איך ווייס עס זיכער: ס'איז אומזיסט.

כאָטש איך ווייס, אַז דו וועסט איצט ניט קומען,
כאָטש איך ווייס, אַז דו ביסט איצטער ווײַט.
דאָרט, ווו מינעס שוידערלעכע ברומען,
דאָרט, ווו ס'גייט אַ בלוטיק־הייסער שטרײַט.
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

נאָר כ'וועל היטן טרײַ מײַנע געפילן,
אַלע צאַרטע ווערטער זאָגן דיר
אין אַ ווייכן אָוונט אין אַ שטילן,
ווען וועסט טאַקע עפענען מײַן טיר.

כײַקינעס פילאָסאָפישע ליריק וועגן סיידער־האָוילאָם, וועגן די געזעצמעסיקײַטן אין לעבן, אין דער נאַטור, אין דער געזעלשאַפט, וועגן די ענדערונגען אינעם אַרום זײַנען אויך לויט זייער סטרוקטור, לויטן אינהאַלט געבויט אַף ליבע־ און שטייגער־באַטראַכטונגען. אין דער ליד „אַלציינע בלעטער און אַלציינע שטאַמען” ווערט אַרויסגעזאָגט אַזאַ געדאַנק: „און קיינער וועט די וועלט ניט איבערמאַכן — כאָטש וויין, כאָטש לאַך. וועל איך שוין בעסער לאַכן”. גענומען אַן־און־פאַר־זיך, איז דאָס ניט אין איינקלאַנג מיטן פּרינציפּ, אַז די וועלט קאָן מען און מע דאַרף איבערמאַכן. אָבער אין קאָנטעקסט פון דער ליד, ווו עס גייט אַ רייד וועגן דעם, אַז יונגע מאַמעס ווערן אַלטע באָבעס, אַז קינדער זײַנען ענלעך אַף די מאַמעס, קלינגט שוין גאַנץ נאַטירלעך אויך דער דאָזיקער פּאָסטולאַט.

מיך אַלס לייענער האָבן מער פאַר אַלץ באַצויבערט אין דאָרע כײַקינעס נײַעם בוך די לידער וועגן דער נאַטור, די פּייזאַזש־ליריק. די דאָזיקע מאָטיוון זײַנען אָרגאַניש און נאַטירלעך. פאַר דאָרע כײַקינעס ליד איז ביכלאַל פּרעמד מאַנירלעכקײַט, קינסטלעכע פּרעטענציעזקײַט, שיינשרײַבערײַ, געצאַצקעטע ראַפינירטקײַט. אין די נאַטור־לידער איז כײַקינעס ליריש וואָרט גאָר פרײַ אין אַלע ניואַנסן און באַטײַטן. קעדיי דער לייענער זאָל באַקומען אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם רייעך און דעם געשמאַק פון דער דיכטערנס אַ נאַטור־ליד, וועל איך דאָ ברענגען בלויז איין בײַשפּיל:

כ'האָב הינטערן וואַלדישן טויער,
אין הויכן, גרויסשטאָטישן מויער
אַף העפקער געלאָזט, צי אַף באַרג
די אַלע טאָגטעגלעכע זאָרגן.
וואָס כ'הייב מיט זיי אָן מײַן פרימאָרגן,
נאָר כ'ענדיק מיט זיי ניט דעם טאָג.

ווי כאַווע כ'גיי אום אין גאַניידן.
כ'טראָג, עמעס, אַ קאָפּטל, אַ קליידל
און ווײַסע סינטעטישע שיך.
נאָר עפּל פון ביימער מיר ווינקען
און פייגל די שענסטע מיר זינגען,
אין יאַמען פון זוניקער ליכט.

און אוראַלטע וועווערקעס ברוינע
זיך וויגן אַף ביימערשע קרוינען,
און כיטרע זיי קוקן אַראָפּ.
די פּאָזעמקעס — ברעקלעך רובינען...
וואָס קומט מיר דאָ ניט אַפן זינען?
פון זאָרגן איז פרײַ מיר דער קאָפּ.

אַ זאָרגלאָזע קלײַב איך דאָ שוואָמען,
כ'געפין אויס אַ פּאַסיקן נאָמען,
רוף אָן יעדער שוואָם, ווי איך וויל.
איך קוויק זיך מיט וואַלדישע בלומען,
כ'פאַרקוק אין אַ טרוקענעם ברונעם
מיט עכטן ראַכמאָנעס־געפיל.

וואָס איז עס? אין שטילן פרימאָרגן
כ'דערזע אומגעריכט מײַנע זאָרגן,
זיי אײַלן צו מיר דורכן גראָז.
איך מיין, אַז דעם וואַלדישן טויער,
צי עפּשער די טיר אין מײַן מויער
כ'האָב לײַכטזיניק אָפן געלאָזט.

אַזעלכע נאַטור־לידער זײַנען אינעם ביכל פאַראַן ניט ווייניק. די דיכטערן פאַרמאָגט אַ האַרץ און אַן אויג און אַן אויער פאַר די קלאַנגען און שאָרכן און פאַרבן און באַוועגונגען און רייכעס און זאַפטן אין וואַלד און אין פעלד און באַם טײַך און באַם יאַם. זי נעמט אויף די אויסערלעכע וועלט און גיט אַן אָפּקלאַנג, אַן ענטפער אַף אַלץ.

איך וויל דערמיט ניט זאָגן, אַז כײַקינע איז ניט בעקויעך צו שאַפן עפּישע דיכטונג. זי האָט שוין געשאַפן ווערק אין דעם געביט. אינעם נײַעם ביכל זײַנען אויך פאַראַן ווערק, עפּישע לויט זייער כאַראַקטער. איך האָב דאָ אין זינען „מײַסעס פון מיזרעך”, „אַפסנײַ... פון אָנהייב...” און אַנדערע. אָבער אויך אַט די ווערק זײַנען לירישער עפּאָס.

און לעסאָף, נאָך איין באַמערקונג. אין דאָרע כײַקינעס לירישן וואָרט פילט זיך די פאַרבינדונג מיט דער טראַדיציע פון די עלטערע ייִדישע סאָוועטישע ליריקער און פריִער פאַר אַלץ מיט האָפשטיינס און פעפערס ליריק. אין דעם איז אויך דער קוועך פון איר אייגענעם, פון קיינעם ניט אָפּהענגענדיקן לירישן וואָרט.

הערש רעמעניק

# זינגעוודיקײַט איז אין דער נאַטור פון זײַן דיכטונג

די דינאַסטיעס פון מורליערס און פליטנטרײַבער, סטאָליערס און שנײַדער, טעפער און פורמאַנעס האָבן ניט געהאַט קיין טעווע צו פירן טאָגביכער וועגן זייער ייִכעס. אזעלכע טאָגביכער פלעגן שרײַבן אדללײַט. דער ייִכעס פון די האָרעפּאַשנע מישפּאָכעס איז אײַנגעפּרעסט אין די ציגל פון ביניאָנים, וועלכע זיי האָבן געבויט, אײַנגעשניצט אין די פאַרקנס ארום פּרוכט־סעדער, פאַרייביקט אף די זײַטלעך פון ביכער, וועלכע זיי האָבן אויסגעזעצט.

„און דאָך איז מײַן ייִכעס־בוים רײַך אין צווײַגן", — זאָגט מענדל ליפשיץ, האָבנדיק אין זין די האָרעפּאַשנע דינאַסטיעס פון זײַנע לאַנדסלײַט, די אָפּשטאַמיקע פון דער ווײַסרוסישער פּאָלעסיע. דערפאַר טאַקע דוכט זיך באַם לייענען מענדל ליפשיצעס לידער, אז מע לייענט די אייגנאַרטיקע כראָניק פון זײַן קאַנט. דאָס הייסט קלאָל ניט, אז אנדערע קאַנטן פונעם סאָוועטישן לאַנד זײַנען אים פרעמד. אָבער דער קאַנט פון זײַן קינדהײַט, די וויג פון זײַן פּאָעזיע — די ווײַסרוסישע פּאָלעסיע — איז אים נעענטער פון אַלץ.

פון קינדווײַז אָן האָט מענדל ליפשיץ זיך צוגעקוקט, ווי די סאָכרים — די פּי־הענדלער טרײַבן דאָס פּי פון דאָרף אין שטאָט ארײַן, ער האָט געזען די פורמאַנעס, וועלכע פירן געהילץ צום טײַך, די פליטנטרײַבער, וואָס בינדן דאָס געהילץ און לאָזן עס שווימען מיטן וואַסער. דאָס ייִנגל האָט געזען מענטשן האָרעפּאַשניקעס און מענטשן, וועלכע זשעבערעווען געלט מיט לאָפּעטעס, ער האָט געזען זײַן טאַטן, ווי ער בינדט די פליטן און נאָך א גוואַלדיק לאַנגן אַרבעטסטאָג קומט ער אהיים פּיטש־נאַס און אָן קויכעס. די דאָזיקע אײַנדרוקן פון די קינדער־יאָרן האָבן זיך אײַנגעקריצט אין זיקאָרן אפן גאַנצן לעבן און שפּעטער זײַנען זיי ארײַן אין די שורעס פון לידער.

דאָס ייִנגל איז אַלט געווען זעקס יאָר, ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מילכאָמע. ער האָט געזען, ווי די נעכטיקע יאַטן די פליטנטרײַבער, די טעסלערס מיט שטײַפע מוסקלען, די געזונטע טערפּערס האָבן זיך אומגעקערט אהיים קאַליקעס, אָן הענט און אָן פיס, ער האָט געהערט, אז א סאַך פון זיי זײַנען געבליבן ווײַט פון דער היים און זיי ליגן אונטער קוואָרים־בערגלעך. אויך מענדל ליפשיצעס טאַטע האָט ניט דערלעבט ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע. ווען צו דער וועלט־מילכאָמע האָט געגנומען א סאָף, און די פּאָלעשטשוקעס — אזוי האָט מען גערופן די טוישווים פון זײַן היים־קאַנט — האָבן באַקומען ערד און פרײַהײַט.

דער האָרעפּאַשניק האָט זײַן וועג צום נײַעם לעבן פאַרבונדן מיט לעגינס נאָמען, און טאַקע דעם פּי־

---

Мендель Лифшиц. Самой светлой стране. «Советский писатель», Москва, 1975.

רער פון די אונטערדריקטע מאַסן וועט דער דיכטער דערנאָך ווידמען אזעלכע באַגײַסטערטע שורעס:

דער גרעסטער פון קעמפער
איז ער דאָ געווען,
דער שטאַרקסטער פון קריגער
איז ער דאָ געווען,
דער וואָרהאַפטסטער טרוימער
איז ער דאָ געווען.
און ווי נאָר ראַסייע
ארויס איז פון קלעם,
האָט ער זיך פאַרמאָסטן,
אז זײַן זאָל איר שעם
ניט לאַנד פון דער סאָכע,
ניט קאַנט פון לוטשינע, —
נאָר געגנט פון בראָכע
און קאַנט פון באַגינען.

דעם יאָסעם מענדל האָט מען אײַנגעאָרדנט אין איינעם פון די מינסקער קינדערהיימען. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די שול־יאָרן. דאָס ייִנגל קומט אָן אין א פראָפטעכנישער שול פון מעטאַליסטן און האָלצבאַארבעטונג, גלײַכצײַטיק באַזוכט ער קורסן פון אַלגעמיינער בילדונג. פרי האָט זיך אין אים דערוועקט דער כיישעק צו שרײַבן לידער. די לידער זײַנען געקומען צו אים אליין — אומגעבעטערנערהייט, אומגעריכט, ווי עס קומט אינעם לעבן פונעם מענטשן די ליבע.

זײַן ערשטע ליד האָט מענדל ליפשיץ אָפּגעדרוקט אין דער מינסקער צײַטונג „יונגער אַרבעטער". ריכטיק זאָגט דאָס פאָלק: די בין אַרבעט ניט פאַר זיך. גערעכט איז אויך דער דיכטער, ווען ער זאָגט: ניט פאַר זיך איז זײַן ליד, האַגאַם זי קאָן זײַן אויך וועגן זיך. די לידער פונעם יונגן דיכטער זײַנען געווענדט צו די מענטשן, צו דער וועלט, צום לעבן.

אין 1926 איז מ. ליפשיץ אָנגעקומען אין ווײַסרוסישן מעלוכע־אוניווערסיטעט. אומגעפער אין דער זעלבער צײַט ווערט ער א מיטגליד פון דער דיכטערגרופּע באַם ליטעראַריש־לינגוויסטישן אָפּטייל פונעם מינסקער פּעדינסטיטוט.

דאָס ערשטע בוך ליפשיצעס „מײַנע און אײַערע לידער" איז ארויס אין 1930. אינעם זעלבן יאָר האָט ער געענדיקט דעם אוניווערסיטעט. פון דעמלט אָן גייט זײַן וווּקס אלס דיכטער לויט א שטײַגנדיקער ליניע, באַרג־ארויף. מע דרוקט אים אין זשורנאַלן, יעדעס יאָר דערשײַנט זײַנס א לידער־בוך.

פון די זײַטן פונעם רעצענזירטן בוך קוקט אפן לייענער א ליבנסווירדיקער מענטש, וואָס האָט פיל איבערגעלעבט, אָן אופריכטיקער מיטשמועסער. א דיכטער, וועמעס ליד איז אָן קונצן און האַרציק.

מיט פּאָשעטע ווערטער פאָרמולירן א נײַעם, פרישן געדאַנק, אַנטדעקן עפּעס אומגעוויינלעכס אינעם סאַמע געוויינלעכן — דערין זעט מענדל ליפשיץ זײַן שעפערישע אויפגאַבע. און די דאָזיקע אויפגאַבע איז ווײַט ניט אזוי פּאָשעט, ווי דאָס קאָן זיך אויסדוכטן אפן ערשטן קוק.

אף שריט און טריט לייענען מיר די טראַפּאַרעטע

וואָרענונגען: גייט איר אוועק, פֿאַרלעשט די שײַן, פֿאַרמאַכט נאָך זיך די טיר. צי קאָנען אַזעלכע אופֿשריפֿטן, וועלכע האָבן ניט מער ווי אַן אוטיליטאַרע באַדײַטונג, זײַן אינטערעסאַנט פֿאַר אַ קינסטלער? ווײַזט זיך אַרויס, אַז יאָ:

דו ביסט אַרײַן — די טירן עפֿן ברייטער,
דו ביסט אוועק — צינד אָן נאָך זיך אַ פֿלאַם.

דער אורשפּרינגלעכער זין פֿון די ווערטער ווערט ברייטער. לעכאַטכילע האָט מען מיט זיי געמיינט דעם געגעבענעם מאָמענט, נאָר די פּאָעזיע האָט זיי צעצויגן אויף אַ לאַנגער צײַט — אויפֿן גאַנצן לעבן. די טיר דאַרף זײַן אָפֿן פֿאַר יענע, וועלכע גייען הינטער דיר; דו גייסט אוועק פֿונעם לעבן, לאָז איבער נאָך זיך אַ ליכטיקן אָנדענק...

אין דער שפּראַך זײַנען אַרײַן אינטריגירנדיקע הײַנטצײַטיקע באַגריפֿן: „פֿליִענדיקע טיי־שעלעכלעך“, „פֿליִענדיקע טעלער“. מענדל ליפֿשיץ פֿירט זיי אַרײַן אין זײַנע לידער. אָבער צוזאַמען מיט די טיי־שעלעכלעך און טעלער, וועלכע „פֿליִען פֿונעם קאָסמאָס“, זעט מען אין זײַן ליד דעם דאַמף פֿון אַ ביז גאָר רעאַלן טיי־טעפּעלע. דער דיכטער זעט די קרומע געסלעך, איבער וועלכע עס האָבן זיך געצויגן פֿורן. ער געדענקט זיי פֿון די קינדער־יאָרן. איצט, אין עטלעכע צענדליק יאָר אַרום, רײַסט זיך אַרײַן אין שטייגער דער ווינט פֿון דיכטונג. און איר הערט דעם גרילץ פֿון די פֿורן. זיי קלינגען רעאַל און אין דער זעלבער צײַט ווי אַ פֿאַנטאַסטיש מײַסעלע.

אַמאָל־אַמאָל, אין די ווײַטע קינדער־יאָרן, האָט מענדל ליפֿשיץ געזען, ווי פֿויערטעס ווײַסן לײַן. דאָס געזעענע האָט זיך אים טיף פֿאַרגעדענקט. אין אַ סאַך יאָרן אַרום שרײַבט ער:

עס קומט נאָיאַבער אָן. זײַן דינעם לײַן
ער שפּרייט אַ ברויגעזער אויף אַלע שליאַכן,
פֿאַרוואָס זשע איז מיר ליב זײַן קאַרגע שײַן.
גלײַך ווי דער שענסטער פֿרילינג זאָל איצט וואַכן.

אָט אַזוי טיילן זיך אויס אין דעם דיכטערס פּאָעזשן די האַרעפּאַשנע מידעס, וועלכע עס האָט אין אים דערצויגן די אַטמאָספֿער פֿון זײַן היים־קאַנט פּאָלעסיע. אין זײַנע שורעס פֿילן מיר די שורשערײַ פֿון די ווײַסרוסישע וועלדער, אין די לידער וואַקסט אויס דאָס סימפּאַטישע געשטאַלט פֿון זײַן לײַבלעך־אייגענעם ווײַסרוסלאַנד („מײַן וויג איז געווען ווײַסרוסלאַנד“).

דער דיכטער האָט מוירע פֿאַר שיינע רייד. ער געפֿינט הייסע ווערטער וועגן דער מאַמען, וועגן דער פֿרוי און דעם זון, וועלכע זײַנען אומגעקומען אין די יאָרן פֿון דער פֿאַשיסטישער מאַגייפֿע. און זײַן פּערזענלעכן ווייטעק פֿלאַנצט ער אַריבער אין דעם האַרצן פֿונעם פֿאָלק. „דו הערסט מײַן ווייטעק? קום צו מיר“ — אָט דאָס פּאָשעטע, ווי אין געוויינלעכן שמועס אַרויסגערעדטע וואָרט באַקומט אונטער דעם דיכטערס פּען דעם קוועטש פֿון אַ גלאָקן־קלאַנג. אונדזער האַרץ פֿאַרמאָגט אָן אייגענעם ווילן — „לעבן מיטן ווייטעק קען עס ניט“. טראָץ די שווערע איבערלעבונגען, מיט וועלכע עס זײַנען פֿול מענדל ליפֿשיצעס לידער, איז בא אים דער פּאָעטישער ביניען אַ האַרמאָנישער. זינגעוודיקײַט איז אין דער נאַטור פֿון זײַן דיכטונג.

„יעדער דיכטער האָט זײַן שפּראַך“, — זאָגט מ. ליפֿשיץ. און די דאָזיקע באַהויפּטונג רעאַליזירט ער אין זײַן דיכטונג. מענדל ליפֿשיצעס פּאָעטישע שפּראַך האָט איר מאָקער: די פֿאָלקסטימלעכע זינגעוודיקײַט און קלוגשאַפֿט, דער נוסעך פֿון דער טאָגטעגלעכער רייד־שפּראַך. דאָס, וואָס אינעם פֿאָלקסווערטל ווערט געגעבן בלויז אַלס רעמעז, וויקלט דער דיכטער ברייט פֿאַנאַנדער און עס באַקומט זיך אַ פֿולשטענדיק פֿאַרענדיקט בילד.

ס׳האָט פֿון גליק געזונגען מענדל,
אין פֿאַרבליבן אַ דערמאָנונג.
ניי אויס בינען אויף מײַן העמדל,
אין מײַן האַרצן האָב איך האָניק.

דאָס לעבן האָט אַלץ געטאָן מיטן העלד פֿון דער ליד: האָט אים געבראָכן, געפּרוווט מיט שווערע ליידן, אָבער זײַן האַרץ איז געבליבן „ריין, ווי שטענדיק“, און, ווי שטענדיק, האָט ער געבעטן, מע זאָל אויסהאַפּטן אויפֿן העמד אַ בין — דאָס האַרץ איז פֿול מיט האָניק. אין אַ צווייט אָרט לייענען מיר: „געלאָדענע וועגענער אין הויף, דער טאַם פֿון ווײַן און האָניק אויף די ליפּן“. אין אַ דריט אָרט: „איך וויל פֿאַרזוכן דעם טאַם פֿון אַן אויגנבליק“. מיר זעען דאָ פֿאַר זיך אַ מענטשן מיט הייסן לעבנסלוסט, וועלכער האָט געקענט מישן „ווייטעק און הונגער מיט צערטלעכקײַט און שיינקײַט“.

דער מענטש קאָן לעבן מיטן געפֿיל, אַז ער האָט „די וועלט באַרײַכערט ווי ער האָט געקאָנט, נאָר אַליין איז ער געבליבן אַ קאַפּצן“. אויב מע זאָל פֿון אַזאַ פּאָזיציע צוגיין צו מ. ליפֿשיצעס פּיליאָריקער אַרבעט, וועלן מיר זען, אַז מער פֿאַר אַלץ שאַצט ער דעם קוועטש פֿון אויסגעהאַלטנקײַט. בײַקומען דעם אומעט, די איינזאַמקײַט, די צעשיידונג מיט דער געליבטער, די פּסיכאָלאָגישע דיסטאַנץ צווישן מענטשן און פֿעלקער. אויסגעהאַלטנקײַט! — דאָס איז דער פּאַטאָס פֿונעם לעבן, וואָס ווערט דער פּאַטאָס פֿון פּאָעזיע.

דעם דיכטער ווילט זיך, אַז בא אים זאָלן אויסוואַקסן אַזעלכע הענט, ער זאָל קאָנען אַרומנעמען די גאַנצע וועלט, אַזעלכע אויערן, ער זאָל הערן די נײַע, פֿילזאָגנדיקע „וויגליד“ פֿון דער אַלוועלט.

גיט אַ פֿינקל אַ טראָפּן טוי אויפֿן בלימעלע, זעט ער דעם הימל אין ברילִיאַנטן. גיט אַ זונג אַ פֿייגעלע אין די צווײַגן, הערט ער די באַגײַסטערטע פֿרימאָרגן־ליד. ער קלײַבט נאַכעס פֿון דער וועלט:

איך וויל זאָגן פֿראָסט און באַשיידן:
גיט מיר די וועלט, נעמט צו דעם גאַניידן.

עס דערמאָנען זיך יעסענינס ווערטער: „איך וועל זאָגן: מע דאַרף ניט קיין גאַניידן! מײַן היימלאַנד גיט מיר“. די ערדישע וויג פֿון דער מענטשהײַט איז אַן ענדלאָזער קוואַל פֿון באַגײַסטערונג פֿאַר נײַע און נײַע דוירעס דיכטער. דאָס איז אָבער ווייניק. צוזאַמען מיט דער ליבע צו דער ערד נעמט אויף זיך דער דיכטער די אַכרײַעס פֿאַרן לעבן אויף דער ערד. איז דאָס דען ניט די שענסטע און דאַנקבאַרסטע אויפֿגאַבע פֿאַר דעם שעפֿער פֿון לידער!

לעוו אָזעראָוו

# זוימען פון גוטסקײַט




אינעם פאַרלאַג „דיעטס־קאַיאַ ליטעראַטוראַ" איז דערשינען שיקע דריזס בוך לידער „מײַן לידעלע". האַגאַם די היפּשע זאַמלונג האָט זיך געגרייט צום דרוק שוין נאָכן טויט פֿונעם דיכטער, קאָן מען זי בעפֿיירעש האַלטן פֿאַר אַ נײַער. און ניט ווײַל אין איר זײַנען אײַנגעשלאָסן פֿיל לידער, וועלכע זײַנען איבערגעזעצט אַף רוסיש צום ערשטן מאָל, נאָר אויך דערפֿאַר, וואָס צונויפֿגעשטעלט און פֿאַרטראַכט איז זי אַזוי, אַז מיר באַקומען אַ מעגלעכקײַט צו דערזען און איבערלייענען עטוואָס אַנדערש דאָס, וואָס מיר האָבן שוין, דוכט זיך, געוווּסט פֿון שיקע דריזס אַנדערע ביכער.

פֿיל יאָרן האָט דער דיכטער געשריבן לידער וועגן דעם פֿריילעכן און נײַגעריקן פֿאַנטאַזיאָר ענעק־בעענעק. און געווען זײַנען דאָס באַזונדערע לידער, וואָס אייניקע פֿון זיי זײַנען מער געפֿעלן, אַנדערע — ווייניקער. אָבער אַט האָט מען זיי צונויפֿגעזאַמלט אייינעם, זיי האָבן ווי געשאַפֿן אַ ביכעלע אינעם ביכל — „אַלץ וועגן ענעק־בענעקן" — און ס'האָט זיך באַקומען אַ לעבעדיק געשטאַלט פֿון אַ קונדעס, אַ פֿרײַע און ליכטיקע ייִנגלשע קינדהײַט מיט שײַלעס און קאַשעס, מיט ייִשעוו־האַדאָעסן, פֿריידן און ליידן, מיט אַן אָפּן האַרץ צו באַגרײַפֿן די וועלט.

אין דעם דאָזיקן ציקל אַנטשטייט פֿאַרן לייענער דאָס, וואָס די קינדהײַט האָט פֿאַרהיט אין איר זיקאָרן און וואָס עס האָט איבערגעלעבט אַליין דער פּאָעט.

ש. דריזס לידער זײַנען אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט. זיי זײַנען פֿאַרכאַפּנדיק סײַ מיטן ברייטן ספּעקטער פֿון גוטע געפֿילן, סײַ מיט אַ באַזונדערער מאָראַלישער געזונטקײַט, מיט דער דורכגעטראָגענער דורכן גאַנצן לעבן קינדערישער גרייטקײַט זיך כּידעשן און זיך באַגײַסטערן, מיט דער וווּנדערלעכער אויסדריקלעכקײַט און מיט דעם שפּרודלדיקן הומאָר, וואָס שאַפֿט אַ באַזונדערע פֿילקלינגעוודיקײַט פֿון דער דיכטערישער אינטאָנאַציע. די באַזונדערע אייגנאַרטיקײַט פֿון ש. דריזס דיכטונג באַשטייט אין אַ מין בערײשעסדיקײַט, אורקוואַליקײַט, ווי די לידער וואָלטן געבוירן געוואָרן אויסער וועלכע־ניט־איז לייטעראַרישע טראַדיציעס, ווי פֿון זיך אַליין. דערפֿאַר אָבער פֿילט זיך בולעט אין זיי די ווירקונג פֿון די פֿאָלקס־טראַדיציעס, פֿונעם פֿאָלקלאָר.

פֿאַר דער הײַנטצײַטיקער קינדער־דיכטונג איז די דאָזיקע דערשײַנונג ניט קיין אָפּטע. און די זאַך באַשטייט, ווײַזט אויס, ניט בלויז אין די אייגנאַרטיקײַטן פֿון ש. דריזס באַגאַבונג, נאָר אויך אין דעם, וואָס פֿאַר אַ גורל עס איז אים אויסגעפֿאַלן.

די קינדער־יאָרן האָט דער דיכטער פֿאַרבראַכט אין אַ קליין ייִדיש שטעטעלע אַף דער אוקראַיִנע. אין דאַכקעס האָט געלעבט די מישפּאָכע דריז, אין אָרעמקײַט האָבן געלעבט אויך די שכיינים — באַלמעלאָכעס פֿון פֿאַרשיידענע פֿאַכן. לעבן דעם ייִשעוו איז קיין וואַלד ניט געווען, און בײַ די הײַזקעס האָט מען קיין בלומען ניט געזייט. אַלץ אַרום איז געווען גרוי און עלנט. אין שטוב — פֿינצטער. קיין ביכער זײַנען ניט געווען, ניט געווען קיין שפּילעכלעך. דאָס ייִנגעלע פֿלעגט שאָענווײַז זיצן אָפּן ענגן שטויביקן בוידעם. די זאַכן, וועלכע זײַנען געווען אָנגעוואַלגערט און צעוואָרפֿן אַרום, פֿלעגן באַקומען אַן אויסטערלישן אויסזען.

זייער אַ סאַך מײַסעלעך, מעשאָלים און לידער האָט געוווּסט די באָבע. זי האָט ליב געהאַט צו דערציילן זיי דעם אייניקל, אַרײַנפֿירנדיק אין אַן אַלטער מײַסע אַלעמאָל עפּעס נײַס. טשיקאַווע געשיכטעס פֿלעגן דערציילן דער סטאָליער, דער טעסלער, דער שמיד, דער זייגערמאַכער. זיי האָבן ליב געהאַט זייער אַרבעט, און דערפֿאַר זײַנען די געשיכטעס געווען פּאָעטישע און פֿריילעכע.

טראַדיציעס, ריטואַלן און מינהאָגים, דער באָבעס מײַסעלעך און לידער, די דורכגעטריבענע באַלמעלאָכעס מיט די שאַרפֿע צינגער און זייערע שיינע געשיכטעס — דאָס אַלץ האָט זיך פֿאַרקאַרבט אינעם מויעך פֿונעם דיכטער, פֿאַרבליבן אין זיקאָרן, קעדיי שפּעטער אין אַ באַרײַכערטער פֿאָרם ווידער אויפֿלעבן אין זײַן שאַפֿונג. פֿונדאַנען שטאַמט שיקע דריזס טיפֿער אָפּשײַ צום אַרבעטס־מענטש, זײַן שטרעבונג צו דערציילן אָפֿנהאַרציק און ליריש־וואַרעם וועגן פּאָשעטע פּראָפֿעסיעס. פֿונדאַנען קומען זײַנע העלדן — אַ שמיד, אַ וואַסערפֿירער, אַ שאָפֿער, אַ פֿאַרבער. פֿונדאַנען זײַנען אויך די כעלעמער נאַראָנים; פֿונדאַנען איז אויך דעם דיכטערס זאָרגעוודיקע שטרעבונג איבערצוגעבן דעם קלייניקן לייענער זײַן אייגענע גוטסקײַט און וואַרעמקײַט, לערנען אים שטענדיק זײַן אָפֿנהאַרציק און ערלעך.

גאַלינע פּעטראָוואַ

---

О. Дриз. Моя песенка. Изд. «Детская литература», М., 1973.



אַרן װערגעליס

# נאָטיצן אָן אַ סײדער

## דמיטרי שאָסטאַקאָוויטש רעדאַגירט די זאַמלונג „נײַע ייִדישע לידער"

שאָסטאַקאָוויטשן עפּעס פֿאַרצושלאָגן פלעגט זײַן „געפערלעך": ער האָט ניט געוווּסט פון דערווידערן — מיט אַלץ גרייט געווען מאַסקים צו זײַן, בלויז געצווייפלט, צי ער „טויג דערצו", און אויב מע האָט אים געזאָגט, אַז יאָ, ער טויג, האָט ער מיט דאַנקבאַרקײַט אײַנגעשטימט. געוויינלעך פלעגט גיין אַ רייד, אַז ער זאָל אָפּגעבן צוליב עפּעס־וואָס זײַן צײַט און זײַנע קויכעס.

אַרײַנקומענדיק איינמאָל צו אים אײנײנעם מיטן קאָמפּאָזיטאָר זינאָווי קאָמפּאַנייעץ, האָב איך געהאַט שוין צוגעגרייט אַ גאַנצן פּאַק אַרגומענטן לעטויוועס אַרויסגעבן אינעם פאַרלאַג „סאָוועטסקי קאָמפּאָזיטאָר" אַ זאַמלונג נײַע ייִדישע לידער אונטער זײַן, שאָסטאַקאָוויטשעס, אַלגעמיינער רעדאַקציע. דער פאַרלאַג איז אין יענער צײַט געווען פאַרוואָרפן מיט מאַנוסקריפּטן, דערצו נאָך האָט מען די פּלענער שוין צונויפגעשטעלט אַף עטלעכע יאָר פאָרויס, און דאָס אַראָפּוואַרפן אַהין, אַזוי צו זאָגן, אונדזער דעסאַנט האָט געקאָנט האָבן האַצלאָכע בלויז באַ דעם באַדינג, אויב דער ערשטער פּאַראַשוט וועט זײַן שאָסטאַקאָוויטשעס.

— דמיטרי דמיטריִעוויטש, ס'איז פאַראַן באַ אונדז אַ באַגאַבטע מאַכנע ייִדישע קאָמפּאָזיטאָרן...

— ווייניק צו זאָגן באַגאַבטע! גענוג אָנרופן לעוו מיכײַלאָוויטשן! און סענדערייען... איך בעט אײַך, וואָס מאַכט סענדעריי?

— סײַ לעוו פולווער, סײַ סאַמויִל סענדעריי, און אויך אַ גוטער צענדליק אַנדערע ייִדישע קאָמפּאָזיטאָרן, האָבן פאַר דער לעצטער צײַט געשאַפן נײַע לידער...

— נײַע ייִדישע לידער... דוכט זיך, אַז איך פאַרשטיי, מיט וואָס דער ייִדישער מעלאָס שיידט זיך אונטער פון אַלע אַנדערע. אַ פרײַלעכער מאָטיוו איז באַ ייִדן טאָמיד געבויט אַף טרויעריקע אינטאָנאַציעס... איר וועט פון מיר לאַכן. איך ווייס, איר וועט לאַכן... נאָר אַנטשולדיקט, אַזוי איז עס דאָך: אַ פאָלק איז ווי אַ מענטש... פאַרוואָס נעמט דאָס פאָלק מיטאַמאָל אונטערמורמלען אַ פרײַלעכע ליד? ווײַל אַפן האַרצן איז טרויעריק...

אַף זײַן פּנים האָט זיך באַוויזן יענער אויסדרוק פון פיזישער אומבאַהאָלפנקײַט, וועלכער פלעגט באַ אַלעמען, ווער עס האָט אים נאָענט געקענט, אַרויסרופן אַלעמאָל אַ כידעש, ווײַל אומבאַהאָלפנקײַט האָט ניט געפּאַסט צום אויסערגעוויינלעכן שעם, מיט וועלכן ס'איז אין דער גאָרער וועלט געווען אַרומגערינגלט זײַן נאָמען. איידער פאַרגעבן מיר די „סאַמע שווערסטע פראַגע", האָט ער דורכגעמאַכט די כאַראַקטעריסטישע פאַר אים באַוועגונג מיט דער לינקער האַנט: צוערשט זיך צוגערירט צו דער באַק, דערנאָך מאַשינעל־גיך אַ קוועטש געטאָן אַפן נאָז־בויגן פון די ברילן און צוגעגלעט די האָר אַף דער לינקער זײַט פונעם קאָפּ.

— איר ווילט, אַז די לידער זאָלן אַרויסגעגעבן ווערן אין „סאָוועטסקי קאָמפּאָזיטאָר"? — האָט ער ניט זיכער זיך אָנגעפרעגט.

— צוליב דעם וועט איר מוזן, דמיטרי דמיטריִעוויטש, אָנשרײַבן אין פאַרלאַג, אַז איר זײַנט מאַסקים זײַן דער רעדאַקטאָר...

— צי איך בין מאַסקים? און וואָס וועלן זאָגן די קאָמפּאָזיטאָרן? וואָס וועט זאָגן לעוו מיכײַלאָוויטש?

— אַלע בעטן אײַך.

— אַ דאַנק... שטאַרק גערירט. שטאַרק.

אַרומשפּאַנענדיק אַ פאַרכושטער איבערן צימער, האָט ער געפרעגט:

— וואָס וועלן מיר טאָן?

— אויב איר ווילט אויסהערן די לידער, דאַרפן, ווײַזט אויס, די קאָמפּאָזיטאָרן אַ פּאָר מאָל זיך פאַרזאַמלען דאָ באַ אײַך...

— אָ, איך וועל זײַן צופרידן...

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אַרבעט אַף צונויפשטעלן דעם זאַמלבוך איז זייער אַ קאָמפּליצירטע. שאָסטאַקאָוויטשעס אַרבעטצימער אינעם פאַרבאַנד פון די קאָמפּאָזיטאָרן פון דער רוסלענדישער רעפּובליק, ווו ער איז געווען דער ערשטער סעקרעטאַר, פלעגט טאָגטעגלעך פאַרפולן אַ היפּשער עולם — לייב יאַמפּאָלסקי, זינאָווי קאָמפּאַנייעץ, לייב פולווער, יאַנקעוו שטערנבערג, אָטיליע ליכטענשטיין, שיקע דריז, שלוימע ראַבינאָוויטש, שמועל סענדעריי, לייב בירנאָוו, אַנדערע קאָמפּאָזיטאָרן און שרײַבער, ווי אויך עטלעכע ייִדישע זינגער און די מיטאַרבעטער פון דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד", וועלכע זײַנען געווען באַאופטראָגט צו אָרגאַניזירן די באַגעגענישן.

אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נום. 11, 1971, נום. 11, 1972, נום. 6, 1973, נום. 1, 1974, נום. 2, 1975.

ווען די לידער־זאַמלונג איז שוין געווען צונויפגעשטעלט, האָב איך, אַלס ליטעראַרישער רעדאַקטאָר, געבעטן שאָסטאַקאָוויטשן, ער זאָל אָנשרײַבן אַן אַרײַנפיר. דמיטרי דמיטריִעוויטש איז מסכים געווען, צווייפלענדיק דערבײַ, אַף זײַן אופן, צי ער „טויג דערצו". באַם באַהאַנדלען דעם איניען האָט ער דערוויַיל געגומען ריידן וועגן דער ייִדישער מוזיק אַזוי קלאָר און פּאָשעט, אַז איך האָב ניט אויסגעהאַלטן:

— דאָס איז דער אַרײַנפיר! לאָמיר גיכער אים פאַרשרײַבן אַף פּאַפּיר!

ס'האָט זיך באַקומען אָט וואָס:

„אַלע מאָל, ווען עס באַווײַזן זיך נײַע אייגנאַרטיקע נאַציאָנאַלע לידער, רופט עס בא מיר אַרויס אַ געפיל פון פרייד. די ייִדישע פאָלקסמוזיק איז אַן אוניקאַלע לויט איר עמאָציאָנעלן אויסדרוק. אירע אָפּקלאַנגען הערן זיך אין די ווערק פון פיל גרויסע וועלט־קאָמפּאָזיטאָרן.

אין אונדזער צײַט לעבט און אַנטוויקלט זיך די ייִדישע ליד. אַ נײַער באַווײַז דערפון איז די דאָזיקע זאַמלונג, אין וועלכער עס זײַנען אײַנגעשלאָסן ווערק, וואָס עס האָבן געשאַפן פאַר די לעצטע יאָרן סאָוועטישע קאָמפּאָזיטאָרן.

איך ווינטש די נײַע ייִדישע לידער אַ מאַזלדיקן וועג.

דמיטרי שאָסטאַקאָוויטש".

אין דער דערשינענער זאַמלונג („נײַע ייִדישע לידער". אַלפאַרבאַנדישער פאַרלאַג „סאָוועטסקי קאָמפּאָזיטאָר". מאָסקווע, 1970) איז די דאָזיקע אַרויסזאָגונג פונעם געניאַלן מוזיקאַנט אויסגעזעצט אַף ייִדיש און אַף רוסיש.

## געדאַנקען, וועלכע קומען אויף באַם אויספאָרן אַ וועלט

איך מאָל זיך אויס אַזאַ מין פאַל:

אַ פען־מענטש — אַ שריפטשטעלער אָדער אַ זשורנאַליסט — קערט זיך אום אַהיים נאָך אַ רײַזע איבער לענדער פון דער וועלט, און ער פירט מיט זיך אין זײַן נאָטיץ־ביכל אַזעלכע פאַרצייכענונגען פונעם וועג, וועלכע זײַנען ניט מער ווי טוריסטישע פּראָספּעקטן.

אין אַזאַ פאַל, מיין איך, וואָלט בא קיינעם ניט אַרויסגערופן קיין דערווידערונג, אויב אין דער טאַמאָזשניע, בייסן קאָנטראָל, זאָל אָט דאָס נאָטיץ־ביכל קאָנפיסקירט ווערן, ווי אַן אונטערגעמאַכטע זאַך, וועלכע ס'איז ניט ווינטשנסווערט אַרײַנצופירן.

וואָס אָנבאַלאַנגט מיך פערזענלעך, לאָז איך זיך אַוועק אין אַ רײַזע קיין אויסלאַנד בלויז דאַן, ווען איך פיל אַ באַדערפעניש סײַ צו זען, וויִאַזוי עס לעבן די מענטשן אין דעם אַנדערן לאַנד, סײַ צו דערציילן יענע מענטשן וועגן דעם לעבן אין מײַן אייגן לאַנד.

ספּעציִעל, ווען איך פאָר אַרויס אין פרעמדע מעקוימעס, שפיר איך מיט אַ באַזונדערער אָנשוילעכקייט, אַז איך בין אַ ייִדישער דיכטער און אַז איך בין איינער פון די צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן ייִדן, וועמענס היימלאַנד איז דער סאָוועטנפאַרבאַנד. אין דעם זע איך אײַן די סיבע, פאַרוואָס עס האָבן אַ זין מײַנע באַגעגענישן און קאָנטאַקטן אין דעם לאַנד, וווּהין איך קום אַף אַ קורצער צײַט.

אַ רײַזע איז איינע פון די פאָרמען פון פאָלעמיק. דער רײַזנדער פירט אַרויס אײַנדרוקן, — דאָס איז ריכטיק, אָבער ער לאָזט אויך איבער אײַנדרוקן, דאָס הייסט — ער איז אַ שאָליִעך פון דער סוויווע, פונוואַנען ער קומט. אין פאָלק זאָגט מען: אַפילע אַז אַ פייגעלע פליט דורך, לאָזט עס אויך אַ פּעדערל...

איך בין אויסגעווען אין אַ פּאָר צענדליק לענדער פון דער וועלט, און אַף דעם אָדער אַנדערן אופן — דורך נאָטיצן אינעם טאָגבוך, דורך מאָמענטאַלע פאַרצייכענונגען אָדער דורך בריוו אַהיים — האָב איך געלאָזט אַ שפּור פּרנעם געזעענעם און איבערגעלעבטן. די נעסיִעס זײַנען פאָרגעקומען, בייס אַף דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרענע איז געשטאַנען אַ שלעכטער וועטער — אין די זעכציקער און אין די ערשטע זיבעציקער יאָרן. באַזונדערס איז עס שײַעך דעם וועטער אַף דער „ייִדישער גאַס", וווּ — צום אומגליק — דער קאַלטער קריג האָט זיך פאַרהאַלטן מערער איידער אין דער גרויסער וועלט, און ער דויערט נאָך ביז איצט, און וווּ די אַנטיסאָוועטישע רעאַקציע, די ציִעניסטישע עקסטרעמיסטן זײַנען, געגנוי אין אָט די יאָרן, געוואָרן די אונטערוואַרפער פון טליִענדיקע האָלעוועשקעס אַפילע דאַן, ווען דאָס גאַנצע פײַער האָט שוין געהאַלטן אין פאַרלאָשן ווערן...

אין דער דאָזיקער אומגעבונג איז מיר, דעם סאָוועטישן ייִדישן שרײַבער, דעם סאָוועטישן ייִד, אָנגעגעבן צו שפירן, אַז יעדע רײַזע מײַנע איז אַ טיילכל פונעם קאַמף קעגן דעם בייז.

דער געפיל פון שטאָלץ פון אַ סאָוועטישן מענטשן זאָגט אונטער צו קומען אין די אויסלאַנדס ניט ווי אַן אָוירעך און אויך ניט ווי אַ מעשולעך, אַזאַ, וואָס פאָרט אַרום זאַמלען געלט פאַר פילאַנטראָפּיע; ניט וואָגלען, ניט בלאָנקען, ניט וואַנדלען, נאַוועגאַדעווען, שנאָרן, קאַלענדרעווען — ווי אַ בראָדיאַגע פון דער באָסעקאָמאַנדע; ניט טראָגן זיך, טעלעבעבען זיך, אַרומשליאָנדרעווען. דאָס זאָלן טאָן יענע, וואָס זײַנען מעשאָרסים בא פרעמדע באַלעבאַטים. דער סאָוועטישער מענטש, וועלכער וואַרפט אָפּ דעם אַלטן קלאַל, אַז דער שענסטער שפּאַציר איז פאַר דער אייגענער טיר, טראָגט מיט זיך אין אַן אַנדער לאַנד זײַן הויכן עמעס, זײַן נײַעם וועלט־באַנעם.

מיט אַזאַ באַגאַזש איז אַוואַדע ניט קיין שווערע מי דאָס אויספאָרן אַ וועלט.

# ווי אַזוי עס איז געשטאָרבן נ. אויסלענדער

נאָכעם אויסלענדער איז געווען זייער אָן עלנטער מענטש. צוביסלעך זײַנען אים אָפּגעשטאָרבן קימאַט אַלע נאָענטע: צוערשט דער שוואָגער און נעשאָמע־קרוויוישער פרײַנט עזראָ פינינבערג, שפּעטער די לעבנס־באַגלייטערן מירע כענקינע, צולעצט פינינבערגס פרוי און כענקינעס שוועסטער יעווע... ווען ס׳האָט אין מאָסקווע זיך געעפנט די רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד", איז „קיראָוו־גאַס, 17" געוואָרן, אייגנטלעך, זײַן איינציקע היים.

ער האָט פאַרן זשורנאַל ניט געקאַרגט און ניט געזשאַלעוועט קיין צײַט און קיין קויכעס. אויב ס׳איז טאַקע עמעס, אַז שוין די סאַמע ערשטע טריט פון „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרמאָגן מאַסשטאַב, איז עס אין אַ גרויסער מאָס זײַן פאַרדינסט.

דער אויפן, ווי אַזוי אויסלענדער איז געשטאָרבן, האָט מיך דערשיטערט.

אין אָט דעם האַרבסטיקן נאָכמיטיק בין איך געקומען אים צו באַזוכן אין אָנקאָלאָגישן שפּיטאָל. ס׳איז שוין דאַן געווען באַוווּסט דער טרויעריקער אויסגאַנג פון דער כירורגישער אָפּעראַציע, און האַגאַם אין אַזעלכע פאַלן איז קלאָר, אַז דעם כוילעס טעג זײַנען געציילטע, האָב איך וועגן דעם ניט געטראַכט: ניוקע, ווי איך און אַלע איבעריקע מיטאַרבעטער פון דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן אים גערופן, איז אַליין געווען אַ דאָקטער, און, ליגנדיק אין שפּיטאָל, פלעגט ער טײַנען, אַז וואָס־וואָס, נאָר די פאַראָלן פונעם מאַלעכהאַמאָוועס ווייסט ער, און דערווײַל איז דאָס „ניט מער, ווי אַ וויזיט־קאַרטל"...

אין וואַרט־זאַל פונעם שפּיטאָל האָב איך זיך געטראָפן מיט זײַנער אַ קרויווע, וועלכע האָט מיר געגעבן אַ כאַלאַט און צוגעזאָגט אָפּצוהאַלטן זיך פון גיין אין דער פאַלאַטע, קאָלזמאַן איך וועל דאָרט זײַן. אויסלענדער איז געלעגן ניט אין יענעם צימער, וווּ איך פלעג אים באַזוכן פריִער. די מעדיצין־שוועסטער, וואָס האָט מיך ארײַנגעפירט צו אים, האָט פאַרטרוילעך מיר געזאָגט: „די אָפּעראַציע איז אָן ענדגילטיקע". איך האָב אים געטראָפן ליגן אויפן רוקן, די אויגן צוגעמאַכט. ער האָט גלײַך גענומען ריידן, ניט רעאַגירנדיק אויף אַלע מײַנע פרוּוון צו דערוויסן זיך, ווי אַזוי ער פילט זיך. זײַנע ערשטע ווערטער זײַנען געווען:

— איך קאָן ניט מאַסקים זײַן מיטן ווערטל, אַז ווען דער מענטש איז געזונט, האָט ער אַ סאַך דײַגעס, און אַז ער ווערט קראַנק, האָט ער איין דײַגע...

און דײַגעס האָט ניוקע געהאַט גאָר פון אַ געזונטן מענטשן. ס׳איז אים שווער, האָט ער זיך געקלאָגט, ליגן אַזוי־אָ אָן אַרבעט. ער בעט, אַז ווען איך קום צו אים „אַהער, הינטער דער ווײַסער טיר", זאָל איך ברענגען מיט זיך „עפּעס צו טאָן". אָט, לעמאָשל, האָט ער זיך הײַנט דערמאָנט, אַז ס׳איז געוואָרן פונקט פופציק יאָר, זינט אָשער שוואַרצמאַן האָט אָנגעשריבן די ליד „און ס׳וואָלט דעם סאָד באַנאַכט די ערד דערציילט די ווינטן שטילערהייט"... איז עפשער קעדײַ איבערדרוקן די ליד אין „סאָוועטיש היימלאַנד", און ער, אויסלענדער, וואָלט אָנגעשריבן אַן ארײַנפיר. האַלטנדיק אַלץ צוגעמאַכט די אויגן, — איך האָב אַ פאַרדאַכט, אַז ער האָט זיי שוין מער, ביזן לעצטן אָטעם, ניט געהאַט קיין קויעך צו עפענען, — האָט ער אַרויסגעוויזן אין אָט דער מינוט אויסערגעוויינלעכע גײַסט־אַקטיווקײַט. דער שטערן האָט זיך בײַ אים, גאַנץ אָנשוילעך פאַר מיר, אָנגערוקט טיפער איבער די אויגן, די מויל־ווינקלען זײַנען לענגער און שאַרפער געוואָרן, און זיי האָבן פונקט ווי צוגעקייטלט זיך צו די ראַנדן פונעם שטערן, און איך האָב דערהערט דײַטלעך אַרויסגערעדטע, פראָפעסאָריש־פאָרמולירטע ווערטער (נ. אויסלענדער האָט געהאַט דעם טיטל פראָפעסאָר):

— אָפט זאָגט מען, אַז דער ליבע־רענעסאַנס אין דער ייִדישער דיכטונג האָט קאַטאַסטראָפאַל פאַרשפּעטיקט. די גריכן האָבן געהאַט פּעטראַרקעס ליבע־ליריק מיט אַ האַלבן טויזנט יאָר פריִער, איידער שוואַרצמאַן האָט מיט ייִדישע קלאַנגען אויסגעזונגען דאָס רענעסאַנס־אַרטיקע „כ׳וואָלט אויפן העכסטן פעלדזן־שפּיץ אַרויפגעגאַנגען, זיך געשטעלט צו לאָזן וויסן מיט אַ בליץ אַ האַלבער וועלט: זי האָט מיך ליב! זי האָט מיך ליב!" —

ניוקע האָט דורכגעלייענט אויף אויסנווייניק די דיכטערישע סטראָפע אַזוי פליסיק, פונקט ווי פאַר אים וואָלט געלעגן אַן אָפענער בוך מיט אָט דער ליד. ניט איבערכאַפנדיק דעם אָטעם, האָט ער פאָרגעזעצט:

— אײַ, מע דאַרף ניט מישן איינס מיטן אַנדערן. אָשערס ליד איז געווען דער אָנזאָג פון אַ נײַעם ליבע־רענעסאַנס אינעם ייִדישן שטעטל. און וואָס איז שײַעך דעם פאַרגלײַך מיט פּעטראַרקען, איז אָנדערהאַלבן טויזנט יאָר פאַר אָט דעם גריכישן ליבע־דיכטער געווען „שיר־השירים"...

ווען איך בין אַוועקגעגאַנגען פון דער פּאַלאַטע, האָט אויסלענדער גענומען בײַ מיר דאָס וואָרט, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום וועל איך אים ברענגען „עפּעס אָן אַרבעט". דער שפּיטאָל האָט זיך געפונען אין אַ ווײַטער וואַלדיקער פאָרשטאָט, שוין נאָכן איזמײַלאָווער פּאַרק, און איך בין אין וועג פאַרפאָרן אין שרײַבער־פאַרבאַנד, אַזוי, אַז דאָס אומקערן זיך אין רעדאַקציע האָט געדויערט אַ שאָ אָנדערהאַלבן — צוויי. איך האָב ניט באַוויזן זיך צוזעצן, ווי אין צימער איז ארײַן אַ בלאַסע דער סעקרעטאַר — ראַכיל מאַטווייעוונע — און געבעטן, איך זאָל נעמען דאָס טעלעפאָן־טרײַבל.

— ניוקע איז אָקאָרשט געשטאָרבן, — האָט מיטגעטיילט פונעם שפּיטאָל זײַן קרויווע.

# דער גורל פון די שלאָס=אויסיעס

פאַרוואָס האָט מען אין די רעפאָרם־צײַטן פונעם ייִדישן אויסלייג אַרויסגעטריבן פון דעם אַלעפבייס די פינף ענדע־אויסיעס (אָדער, ווי מע רופט זיי אויך — די שלאָס־אויסיעס)? פאַר וועלכן כעט?

דער באַוווּסטער ייִדישער לינגוויסט פון די 20 — 30־ער יאָרן א. זאַרעצקי האָט אין זײַנעם אַן אַרטיקל געגעבן אַזאַ ענטפער אַף אָט דער פראַגע: „...פינף איבעריקע אויסיעס האַלט מען אויס אין אַלעפבייס, אויסיעס ליידיקגייער, עקספּלואַטאַטאָרן, ווי די רוסישע „טוויאָרדי זנאַק" און „יאַט", אַלעוואַשאַלעם. עקספּלואַטאַטאָרן — מיינט מען ניט אַף געלעכטער: זיי רויבן קאָנקרעטע יאָרן און קויכעס בא די קינדער, וואָס לערנען זיך און וועלן זיך לערנען, בא די דערוואַקסענע, וועלכע ליקווידירן זייער אַנאַלפאַבעטיזם. האַלטן אין אַלעפבייס ניט נייטיקע אויסיעס איז א קולטורעלער און עקאָנאָמישער שאָדן"...

א. זאַרעצקי דערציילט, אַז די פראַגע וועגן דער נויטווענדיקייט צו קעמפן קעגן די ענדע־אויסיעס איז צום ערשטן מאָל, נאָך די פּראָיעקטן פון די יאָרן 1911 — 1913, געשטעלט געוואָרן פּראַקטיש אין 1930, אין דער מאָסקווער פּילאָלאָגישער קאָמיסיע. דאַן איז שוין מעגלעך געווען „מיט רעוואָליוציאָנערער דרייסטקייט" צוטרעטן צו פאַרווירקלעכן די רעפאָרם פונעם אויסלייג אין דער ייִדישער שפּראַך. די ברייטע ייִדישע געזעלשאַפטלעכקייט האָט ניט געקאָנט ניט זען, אַז די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט אין די סאַמע ערשטע יאָרן באַוויזן צו באַנײַען די רוסישע אָרטאָגראַפיע, און וואָס איז שײַך דער ייִדישער, איז שוין אין אָקטיאַבער כוידעש 1918 — פאַרשטייט זיך, ניט צופעליק — דערשינען אינעם מאָסקווער זשורנאַל „קולטור און בילדונג" א נאָטיץ אונטערן פּילצוזאָגנדיקן נאָמען „א רעוואָליוציע אין דער ייִדישער אָרטאָגראַפיע". די רעפאָרם פונעם אויסלייג, דערונטער די אָפּעראַציע קעגן די שלאָס־אויסיעס, האָט אָבער אין פּראַקטישן זיך זיך אָנגעשטויסן אַף שוועריקייטן, ס'האָט ניט געהאָלפן, וואָס זי האָט אַרויסגערופן באַוויליקונג אויך אין דער כאַרקאָווער פּילאָלאָגישער קאָמיסיע און בײַם דער דיסקוסיע אין דער זאַמלונג „ייִדיש" (כאַרקאָוו, 1923). אין עטלעכע יאָר אַרום שרײַבט א. זאַרעצקי אינעם אויבנציטירטן אַרטיקל, אַז „מע דאַרף דערמאָנען צו גוטן [דעם ליטעראַרישן זשורנאַל] „רויטע וועלט", וואָס האָט געפונען מוט אָפּצודרוקן דעם אויפרוף פון דער כאַרקאָווער פּילאָלאָגישער קאָמיסיע אָן ענדע־אויסיעס („רויטע וועלט", נומ. 5, 1924), און עס לייענט זיך גאָר ניט אַזוי שווער, ווי מע וויל מיינען"...

האַקלאַל, איינער פון די ווײַטע פאָרגייער פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" — דער זשורנאַל „רויטע וועלט" וועמענס בײַטראַג אין דער געשיכטע פונעם סאָוועטישן ייִדישן ליטעראַרישן וואָרט איז אומבאַשטרײַטבאַר, — האָט אָפּגעוואָרפן די שלאָס־אויסיעס. פאַרוואָס זשע, פרעגט זיך, האָבן מיר געפונען פאַר נייטיק זיי אָפּשטעלן, ווען מיר זײַנען צוגעטראָטן צו פאָרמולירן די פּרינציפּיעלע יעסוידעס פון א נײַעם ליטעראַרישן זשורנאַל אין די 60־ער יאָרן?

ווײַזט אויס, אַז באַשלאָסן האָט דאָס לעבן אַליין. אויב זיך האַלטן בא א. זאַרעצקיס אַרגומענטן, וואָס זײַנען קעגן די ענדע־אויסיעס (אין די צײַטן, ווען דאָס ייִדישע לאָשן האָבן דערלערנט קינדער אין די שולן און דערוואַקסענע אין די קרײַזלעך פאַר אַנאַלפאַבעטן), דאַן באַקומען מיר געגנוג אַרגומענטן לטעוווּעס די דאָזיקע אויסיעס. דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", די נײַסטע ייִדישע ליטעראַרישע ווערק דערשײַנען הײַנט־צו־טאָג פאַר אַן אַאודיטאָריע, וואָס ניט נאָר עס שטייט איר ניט פאָר, אַלפּי־קלאַל, צו אויסלערנען זיך לייענען, נאָר זי הייבט שוין אָן (ווי טרויעריק דאָס זאָל ניט זײַן) ביסלעכווײַז צו פאַרגעסן, וויאַזוי ייִדיש צו לייענען. און העיויס אָפּן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד און אינטערעס ליבהאָבער פונעם ייִדישן וואָרט (מענטשן פונעם עלטערן דאָר) ניט בלויז אין סאָוועטנפאַרבאַנד, נאָר אויך אין אַנדערע לענדער, ווו מע איז צו די שלאָס־אויסיעס צוגעוווינט, — דעריבער האָבן מיר געהאַלטן, אַז עס וועט ניט שאַטן אונדזער שריפטלעכן לאָשן, אויב מיר וועלן, צוליבן וויכטיקן פאַר דער אָרטאָגראַפיע פּרינציפּ פון איינהײַטלעכקײַט, צוריק אַרײַנלאָזן אין ייִדישן אַלעפבייס די אויסיעס, וועלכע מע האָט מיט דרײַ־פיר צענדליק יאָר צוריק אָנגערופן „אויסיעס — ליידיקגייער, עקספּלואַטאַטאָרן".

# יעדער גאָען האָט זײַן שיגאָען

די „אומשטערבלעכע" אין דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע גיבן זיך אָפּ מיט פאַרטײַטשן באַזונדערע ווערטער, זייער מיין איז — אָפּהיטן די טויערן פון פראַנצויזיש. לעצטנס האָבן זיי א לענגערע צײַט מיט גרויס אַקשאָנעס געפּאָרעשט די פראַגע, צי זונטיק דאַרף פאַררעכנט ווערן אַלס ערשטער טאָג פון דער וואָך, ווי ס'איז געווען אײַנגעפירט אין מעשעך פונעם 19־טן יאָרהונדערט, אָדער עס זאָל בלײַבן, לויטן ווערטערבוך פונעם 1935, אַז זונטיק שליסט די וואָך.

גאַנץ פראַנקרײַך האָט געוואַרט מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם: וואָס וועלן פּאַסקענען די געוינים? און זיי, פון זייער זײַט, זײַנען דאָך שוין הײַנטיקע צײַטן, ווי באַוווּסט, לאָיאַל צום פּראַקטישן לעבן און זיי ווילן ניט, מע זאָל זיך שושקען, אַז „א סך וויסן און ווייניק נוצן", — האָבן זיי געגעבן צו וויסן א נײַע, שוין אָן ספק אָן אומשטערבלעכע דעפיניציע: „זונ־

טיק איז א טאָג פון דער וואָך, וואָס איז אויס־
געטיילט צוליב אָפּרו"...

מע זאָגט אַרויס א האַשאָרע, אַז אצינד גייען זיי איבער צו פאַרטײַטשן שאַבעס. דאַרף מען זיי אונטערזאָגן אייניקע דינע ניואַנסן — ווי ברייט מע קאָן שאַבעס נוצן אין ייִדיש. בײַשפּילן: מע מאַכט שאַבעס. מע האַלט שאַבעס. עס קאָן טרעפן, אַז א מענטש זאָל אַרײַנפאַלן אין שאַבעס. מיט שאַבעס איז מעגלעך צו באַצייכענען אַן אומגעריכטע פּאַסירונג (גוט־שאַבעס באַ דיר!), אָדער אַן „אַנטועכץ", וואָס עס קאָן אויך באַטײַטן א געמיט־צושטאַנד (פאַר א נויט טוט מען אָן דעם שאַבעס אינדערוואָכן...). אַז מע זאָגט שאַבעס, איז נאָך ניט אַלץ געזאָגט. פאַראַן שאַבעס־בערייִשיס (ווען מע לייענט „בערייִשיס"), שאַבעס־כאַזאָן (פאַר טישעבאָוו, ווען מע לייענט דאָס קאַפּיטל פון יעשאַיע, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „כאַזאָן יעשאַיאָהו"), שאַבעס־מיבאָרכים (ווען מע בענטשט ראָשכוידעש), שאַבעס־נאַכמו (נאָך טישעבאָוו, ווען מע לייענט „טרייסט, טרייסט, מײַן פאָלק..."). ס'איז פאַראַן, סאָפּקאָלסאָף, דער שאַבעס־האַגאָדל — דער גרויסער שאַבעס (פאַר פּייסעך)! און ווער ווייסט ניט וועגן דעם שאַבעס, וועלכער פאַלט צווישן ראָשעשאָנע און יאָמקיפּער, אָדער וועגן שאַבעס־שירע — מע לייענט דאַן די סעדרע מיט מוישע ראַבייגוס לויב־געזאַנג.

און דאָס וויכטיקסטע: מע דאַרף וואָרענען די „אומשטערבלעכע", אַז בײַס זייער אַסיפּע אונטערן באַרימטן קײַלעכיקן קופּאָל פונעם אינסטיטוט פון פראַנקרײַך, אַפּן ברעג פון דער סען, זאָל זיך קיינער פון זיי ניט פאַרנעמען פּרײַטיק פאַרנאַכט מיט אויסנייען אָדער צונייען עפּעס, ווי זיי טוען עס געוויינלעך אָף די לאַנגצעצויגענע זיצונגען, ווײַל אַנדערש וועלן זיי מאַכן שאַבעס־שטעך, וועלכע האַלטן ניט...

## ייִדיש האָט אים אָפּגעטאָן אָף טערקיש

מיט הונדערט יאָר צוריק, ווען אַלעקסאַנדער צעדערבוים האָט זיך מישטאַדל געווען וועגן א דערלויבעניש אַרויסצוגעבן „קול מבשר", האָט ער ניט געזשאַלעוועט קיין אויסדרוקן אָף צו פאַרשעמען ייִדיש. „א זשורנאַל אָף ייִדיש, — האָט ער געשריבן, — איז א גוט מיטל צו פאַרמײַסן דאָס דאַזיקע לאַשן באַ ייִדן אין די אויגן".

ער האָט ניט געקאָנט פאַרויסזען, אַז טאַקע אין דער העברעיִשער וואָכנשריפט, וועלכע ער קלײַבט זיך צו שאַפן, וועט זיך מיט דער צײַט באַווײַזן פאַר די לייענער מענדעלע מויכער־ספאָרים, דער אָנהייבער פון א קלאַסישער טקופע אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

## די „ברידער ייִדן" וועלן דאָס באַנעמען?

דעם 1 יול 1943 איז אין ניו־יאָרק, אינעם אַסטאָר־האָטעל, פאַרגעקומען א קאַבאַלאַס־פּאַנעם לעקאָוועד די סאָוועטישע געסט שלוימע מיכאָעלס און איציק פעפער. אָט וואָס עס האָט אָף אָט דער פאַרזאַמלונג געזאָגט אין זײַן אַרויסטרעטונג איינער פון די אָנפירער פון „אַמעריקאַן דזשויִש קאָמיטע" (דזשיימס נ. ראָזענבערג):

„פון אַן ערעך א מיליאָן מיט 750 טויזנט ייִדן, וועלכע האָבן באַוויזן זיך אַרויסראַטעווען פון דער „אַקס" זינט דעם אָנהייב פון דער מילכאָמע, זײַנען א מיליאָן מיט 600 טויזנט עוואַקויִרט געוואָרן מיצאַד דער סאָוועטישער רעגירונג — פון מיזרעך־פּוילן און פון דער רוסישער טעריטאָריע, וואָס די נאַציס האָבן שפּעטער פאַרכאַפּט. די סאָוועטישע רעגירונג האָט די געראַטעוועטע ייִדן אַריבערגעפירט ווײַט אין דעם רוסישן הינטערלאַנד, אָף יענער זײַט אוראַל. באַ 150 טויזנט ייִדן האָבן באַוויזן צו דערגרייכן פּאַלעסטינע, די פאַראייניקטע שטאַטן און אַנדערע לענדער איבער די יאַמען... דער סאַכאַקל פון די ציפערן, וואָס איך האַלט זיי פאַר קאָנסערוואַטיווע, זאָגט, אַז רוסלאַנד האָט געראַטעוועט פון דער נאַצי־אויסראָטונג מער ווי צען מאָל אַזויפיל ייִדן, ווי די איבעריקע טײַלן (פון דער אַנטיהיטלערישער קאָאַליציע) צוזאַמענגענומען. לאָמיר דאָס גוט באַנעמען, ברידער ייִדן".

## רעב כאַזאָן דער באַרעמהאַרציקער האָט מיר געזאָגט...

פאַראַן באַ מיר א באַקאַנטער ייִד אין פּאָדקאָלאָקאָלני־געסל אין מאָסקווע. איך גלייב, אַז ער לייענט ניט די הײַנטיקע אויסגאַבעס, און איך מעג דעריבער פאַרעפנטלעכן די נאָטיצן וועגן זײַן קלוגשאַפט און ערודיציע, — ער וועט זיי ניט זען. די אַנדערע באַקאַנטע זײַנע, וועלכע וועלן זיך אָנשטויסן, וועמען איך האָב דאָ אין זינען, בעט איך, זיי זאָלן אים ניט דערציילן וועגן דעם, ווײַל אויב אַפילע ער וועט מיר דערויף גאָרנישט ניט זאָגן, איז קיין סאָפעק ניט, אַז ער וועט אָף ווײַטער ווערן געצוימט אין אונדזערע שמועסן.

צוליב באַקוועמלעכקײַט וועל איך אים אָנרופן מיטן אויסגעטראַכטן נאָמען רעב כאַזאָן, וואָס עס באַטײַט — דער באַרעמהאַרציקער, ווײַל אין זײַן מיסיע אַלס מיטשפּרעכער און אַרויסהעלפער איז ער ענלעך אָף א באַרעמהאַרציקער שוועסטער...

אָט וואָס כ'האָב אין פאַרשיידענע צײַטן פאַרצייכנט אין מײַן נאָטיץ־ביכל וועגן אונדזערע באַגעגענישן:

באַנוצנדיק באַם שרײַבן אַן אַרטיקל דעם אויסדרוק „נײַס — דאָס איז אַלטס, וואָס איז שוין גוט פאַרגעסן", האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך ווייס ניט, ווער דער ערשטער האָט אים אַרויסגעזאָגט. איך בין גלײַך אַוועק צו רעב כאַנאַנען, און יענער האָט מיר געענטפערט מיט געמאַכטן קאַס:

— דאָס אַליין, וואָס איר פאַרגיט מיר איצט אָט די פראַגע, איז אַ נײַס...

— אין וועלכן זין?

— אַ נײַס דערפאַר, ווײַל איר האָט שוין פאַרגעסן, אַז מיט אַ פּאָר יאָר צוריק זײַנט איר געקומען צו מיר צו לויפן מיט דער זעלבער פראַגע...

— קאָן זײַן. אָבער די זאַך גופא האָט איר ניט פאַרענטפערט.

ער האָט גענומען ריידן, צעציִענדיק די ווערטער, פונקט ווי ער וואָלט מיט דעם געזאָגט: „פאַרשטאָפּטער קאָפּ, וועסט געדענקען, צי ניט?"

— מאַדמואַזעל בערטען... די שנײַדערן באַ דער קייסערינע מאַריִע־אַנטואַנעטע... אָנשטאָט אופנייען דער האַרנטע אַ נײַ קלייד האָט זי עטוואָס אָפּגעפרישט דאָס אַלטע און, דערלאַנגענדיק זי דער פּאַציִענטקע, צוגעגעבן פאַר דער אייבי־קײַט דעם געניִאַלן אַפאָריזם, וועלכן איר האָט דאָ איבערגעכאַזערט.

ווען איך האָב שוין געעפנט די טיר אָף אַוועקצוגיין, האָט ער מיר נאָכגעשריִען:

— דאָס איז פאָרגעקומען אין סאָף פונעם אַכצנטן יאָרהונדערט, און ס'איז בעפֿירעש געווען אַ נײַס, ווײַל אַלע האָבן שוין דאַן גוט פאַרגעסן, אַז דעם זעלבן געדאַנק האָט אין פערצנטן יאָרהונדערט אַרויסגעזאָגט דער גרויסער ענגלישער דיכטער דזשעפרי טשאָסער...

---

אין „סאָוועטיש היימלאַנד" איז דערלאָזט געוואָרן אַ לעכערלעכער פעלער: ס'האָט זיך באַקומען, אַז דער שרײַבער, וועמענס ביִאָגראַפיע עס ווערט איבערדערציילט, איז געשטאָרבן איידער ער איז געבוירן געוואָרן. וועגן דעם האָט רעב כאַנאַן מיר געזאָגט:

— ס'איז ניט אָריגינעל. פאַראַן אין דער וועלט אַזעלכע פאַנאַטיקער פון דער קריסטלעכער עמונע, וואָס האַגאַם זיי גלייבן ניט, אַז יעזוס קריסטוס האָט געלעבט, גלייבן זיי אָבער יאָ, אַז ייִדן האָבן אים דערהאַרגעט...

---

איך בין געקומען צו רעב כאַנאַנען נאָך אַ ספּראַווקע: אַ פּאָר דאַטעס פון שלוימע האַמיילעכס לעבן. האָט רעב כאַנאַן פאַרשטעקט די הענט טיף אין די הויזן־קעשענעס און גענומען זיך קאַטשען פון די אָפּצאַסן צו די פיס־פינגער און צוריק. די דאַטעס און ציפערן האָט ער אויסגעזונגען מיט אַ פילאָסאָפישן ניגון:

— געבוירן אין צוויי טויזנט נײַן הונדערט צוועלפטן יאָר זינט דעם וועלט־באַשאַף — לויט דער ייִדישער צײַט, נאַטירלעך (וואָס עס מאַכט אויס לויט דער קריסטלעכער — נײַן הונדערט צוואַנציק זעקס פאַר אונדזער ערע). אַ צוועלפיאָריקן האָט דער טאַטע זײַנער, דאָוויד האַמיילעך, אים געזאַלבט. פערציק יאָר האָט שלוימע געקיניגט, ביזן צוויי טויזנט נײַן הונדערט פיר־און־זעכציקסטן — לויט דער ייִדישער צײַט, נאַטירלעך (וואָס עס מאַכט אויס לויט דער קריסטלעכער — נײַן הונדערט זעכציק פינף פאַר אונדזער ערע). אָפּגעלעבט האָט שלוימע האַמיילעך קורצע צוויי און פופציק יאָר.

אַזאַ פּינקטלעכע ספּראַווקע וועגן שלוימע האַמיילעכן האָט ער מיר געגעבן, רעב כאַנאַן דער באַרעמהאַרציקער!

---

רעב כאַנאַן איז געווען הײַנט זייער ווייך און טרוקן, ער האָט גערעדט, ווי זיך געביסן, און וועגן דעם איצטיקן מאַצעוו פון דער ייִדישער ליטעראַטור האָט ער געמאַכט אַזאַ מין פאַרגלײַך:

— מע קען די ליטעראַטור אונדזערע פאַרגלײַכן צו אַן אַעראָפּלאַן, וואָס פאַלט (מע זאָגט: פאַרלירט די הייך) מיט אַן אופגעהויבענער נאָז — טיערׅיִעט וויסאָטו ס פּאָדניאַטים נאָסאָם: ער איז טאַקע געווענדט צו דער הייך, אָבער ער פאַלט... פאַלט.

— און איינציַיטיק דערמיט, — האָט ער זיך פאַריכט, פאַרבלײַבנדיק נאָך אַלץ בייז און טרוקן, — איינצײַטיק דערמיט, טוט אונדזער ליטעראַטור דאָס זעלבע, וואָס עס טוט דער פיזאַנער טורעם: זי פאַלט און פאַלט, האַלט אונדז אין איין שרעקן, אַז אָט־אָט וועט זי אומפאַלן, נאָר באַרעכהאַשעם, זי שטייט נאָך אָף איר אָרט.

## גערונט זאָלסטו אונדז זײַן, באָכער האָזעצער

אין אונדזער ייִדישער ליטעראַטור און זשורנאַליסטיק איז די אינסטאַנץ פונעם באָכער האָזעצער ביז גאָר הויך און דערהויבן. אָט איז אַ רירנדיקע געשיכטע, וועלכע האָט זיך ניט לאַנג צוריק אָפּגעשפּילט אין דער רעדאַקציע פון דער מאָנטעווידעער (אורוגווײַ) ייִדישער פאָלקס־צײַטונג „אונדזער פרײַנט" און נאָך וועלכער מיר אין מאָסקווע, און אוואַדע די ייִדישע לייענער און פען־מענטשן אין פיל אַנדערע שטעט און לענדער, האָבן נאָכגעשפּירט מיט פאַרכאַפּטן אָטעם. די געשיכטע, וועלכע איז באַ מיר דאָ אַראָפּגעשריבן פון „אונדזער פרײַנט", וועט פאַריינוועגס זײַן אַן איידעס סײַ וועגן די באַדינגונגען, אין וועלכע אַ פּראָגרעסיווע צײַטונג גייט אַרויס אין איינעם פון די מײַרעוו־לענדער, סײַ וועגן דעם רעוואָלוציִאָנער־ראָמאַנטישן געשטאַלט פון אַ מיטאַרבעטער אין אַזאַ צײַטונג.

אַלזאָ, וויַטער וועלן גיין כראָנאָלאָגיש־אונטערגעקליבענע מיטיילונגען, וואָס זײַנען געווען אָפּגעדרוקט אין פאַרשיידענע נומערן פון „אונדזער פרײַנט". לויט דער עמאָציאָנעלער אָנגעלאָדנקײַט דערמאָנען זיי „מעדיצינישע ביולעטענען" אין שײַכעס מיטן געזונט־צושטאַנד פון א באַרימטער פּערזענלעכקײַט. די דאַטע בא יעדער מיטיילונג באַצייכנט דעם טאָג, ווען „אונדזער פרײַנט" האָט זי פאַרעפנטלעכט.

7 יאנוואר 1975

**„א וואָרט צו כאַווײרים און פרײַנט.**

טײַערע כאַווײרים און פרײַנט! דאָס רעדט צו אײַך איינער, וואָס האָט אָפּגעגעבן פאַר אונדזער־אײַער צײַטונג א היפּש ביסל יאָרן, זי זאָל יעדן טאָג אָנקומען צו די לייענער, וועלכע קוקן אַרויס אַף איר. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איך בין געווען דער אַזויגערופענער „אומבאַקאַנטער סאָלדאַט", וועמענס נאָמען עס ווערט ניט אונטערגעשריבן. מײַן אַרבעט האָב איך געטאָן שטיל און אָן ראַש, ניט פאָדערנדיק קיין שום ספּעציעלע אָנערקענונג, ווײַל איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז מײַן פליכט, און איך האָב געטאָן שטענדיק די אַרבעט מיט ליבע און איבערגעגעבנקײַט, — זי געהאַלטן ניט נאָר ווי אַזאַ, פון וועלכער מע ציט די כאַיונע, נאָר ווי א טייל פון מײַן לעבן.

צום באַדויערן אָבער ווערט מען ניט ייִנגער, און איך מוז דורכמאַכן א כירורגישע אָפּעראַציע. אַף וויפל ס'איז ניטאָ מיט וועמען מיך צו פאַרבײַטן, האָט דער געזעלשאַפטלעכער קאָמיטעט בא „אונדזער פרײַנט" באַשלאָסן, אַז אין דער צײַט, וואָס איך וועל פעלן, און ביז איך וועל זיך קאָנען צוריקקערן צו דער מאַשין, זאָל די צײַטונג אַרויסגיין ניט יעדן טאָג, נאָר דרײַ מאָל א וואָך.

איך האָף, אַז די כאַווײרים און פרײַנט וועלן דאָס פאַרשטיין, און איך, פון מײַן זײַט, זאָג צו מיטצוהעלפן די דאָקטוירים, וואָס דאַרפן מיר אומקערן דאָס געזונט, ביכדיי כ'זאָל אײַנגיכן זיך אומקערן אַף מײַן פּאָסטן, וועלכן איך האָב קיינמאָל פרײַוויליק ניט פאַרלאָזט.

צום ווידערזען זיך וואָס שנעלער, אײַער — כאַים באַס".

9 יאנוואר

**„צו די לייענער.**

די לייענער זײַנען שוין באַקאַנט מיטן רירנדיקן און מוטיקן אַפּעל פון אונדזער כאַווער כאַים באַס, דעם לינאָטיפּיסט, אָן וועמענס מיפּולער און איבערגעגעבענער אַרבעט „אונדזער פרײַנט" קען ניט דערשײַנען נאָרמאַל. כאַווער באַס געפינט זיך שוין אין שפּיטאָל, ווו מע דאַרף אים אָפּערירן.

צוזאַמען מיט אַלע לייענער און פרײַנט פונעם פּראָגרעסיוון ייִדישן וואָרט ווינטשן מיר אים א רעפוע־שליימע.

הײַנטיקע וואָך זײַנען מיר דערשינען שוין דרײַ מאָל. מאָרגן און שאַבעס וועט די צײַטונג ניט אַרויס.

אָנהייבנדיק פון דער נײַער וואָך, וועלן מיר, צוליב די שוין־באַקאַנטע אויסנאַם־סיבעס, האָבן א קאָנטאַקט מיט די לייענער יעדן דינסטיק, דאָנערשטיק און זונטיק, ביזוואַנען כאַווער באַס וועט זיך אומקערן.

געזעלשאפט „אונדזער פרײַנט".

12 יאנוואר

**„דער געזונט־צושטאַנד פונעם כאַווער באַס.**

ווי באַוווּסט, געפינט זיך דער לינאָטיפּיסט כאַווער כאַים באַס אין שפּיטאָל סען־בואַ. עס באַזוכן אים טעגלעך פרײַנט און כאַווײרים, און זיי באַוווּנדערן זײַן מוטיקע האַלטונג, זײַן דערהויבן געמיט, זײַן אָפּטימיזם.

גענוי די דאַטע, ווען מע וועט אים אָפּערירן, איז נאָך ניט באַוווּסט. מעגלעך, אַז שוין קומענדיקן דינסטיק.

עס בלײַבט איבער צו ווינטשן, אַז אונדזער כאַווער זאָל קעשורע איבערקומען די כירורגישע אָפּעראַציע.

געזעלשאפט „אונדזער פרײַנט".

1 יוני

**„דער נאָענטער צוריקקער פונעם כאַווער באַס.**

גוטע נײַס פאַר „אונדזער פרײַנט", גוטע נײַס פאַר אַלע לייענער, פאַר אַלע ליבהאָבער פונעם ייִדישן וואָרט: דער לינאָטיפּיסט, אונדזער כאַווער כאַים באַס בעסערט זיך מערקזאַם, ער דערהאַלט זיך גוט נאָך דער בעעמעס שווערער אָפּעראַציע, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט. איצט נעמט ער שוין צו וואָג און גרייט זיך מיט גרויס אומגעדולד צוריקצוקערן זיך אָפּן וויכטיקן פּאָסטן, אַף וועלכן ער האָט צענדליקער יאָרן געדינט דער נאָבעלער זאַך פון דער פּראָגרעסיווער ייִדישער פּרעסע.

אַזעלכע גרוסן האָבן מיר אָקאָרשט דערהאַלטן פון אים, און עס איז נאַטירלעך די פרייד, וואָס זיי פאַרשאַפן אַלעמען. איצט וועט שוין נעמען א סאָף צו דער אײַנגעשרומפּנקײַט פון אונדזער צײַטונג איבער דער אָפּוועזנהײַט פונעם כאַווער באַס. „אונדזער פרײַנט" וועט ווידער דערשײַנען אין פּריִערדיקן פאָרמאַט און אַזוי אָפט ווי געוויינלעך.

לויט די דערהאַלטענע גרוסן וועט עס ניט לאַנג נעמען, און כאַים באַס וועט ווידער זײַן צווישן אונדז. דער מיפּולער האַרעפּאַשניק וועט, אַזוי ווי שטענדיק, שטיין אין דער קוזניע פון „אונדזער פרײַנט" און אויסהאַמערן בא דער קאָוואַדלע פונעם לינאָטיפּ טאָג־אײַן, טאָג־אויס די פּאָלקסבלאַט. צום שנעלן ווידערזען זיך, כאַווער כאַים באַס.

געזעלשאפט „אונדזער פרײַנט".

20 יון

## „מיר זאָגן אָן די גוטע בסורע.

דער כאַוור כאַים באַס איז צוריקגעקומען קיין מאָנטעווידעאָ נאָכן געפינען זיך עטלעכע מאָנאַטן אין אַ בוענאָס־אײַרעסער שפּיטאָל. עס שטייט אים נאָך פאַר צוריקצוקומען צו די קויכעס נאָך לאַנגע לײַדן. אָבער וואָס עס פעלט אים ניט אויס, איז — אַ ווילן צוריקצוקערן זיך וואָס פריִער אָפן אַרבעטס־פראָנט, צום לינאָטיפּ.

מיר קאָנען אָנזאָגן אונדזערע לייענער די גוטע בסורע: נאָך אַ קורצן אָפּרו וועט זיך כאַים באַס ווידעראַמאָל נעמען צו דער מעלאָכע, צוערשט פּאַוואָלינקע, דערנאָך מיט אַלע קויכעס, קעדיי צו נאָרמאַליזירן גענצלעך דאָס טעגלעכע דערשײַנען פון דער צײַטונג פון די ייִדישע פאָלקסמאַסן אין אורוגווײַ.

געזעלשאַפט „אונדזער פרײַנט".

## דײַגעס פון אַן אַמעריקאַנער ראָוו

עס שטעלט זיך אַרײַן אין מײַן אַרבעטס־צימער אַ ייִד מיט אַ קײַלעכיק בערדל און מיט פּייעס, אָבער אָנגעטאָן לויט די הײַנטיקע צײַטן, אַן אויסלענדישער טוריסט. זעענדיק, אַז איך האַלט אין ריידן דורכן טעלעפאָן, קערעווועט ער זיך אויס צו דער וואַנט און שאָקלט זיך אַ מינוט פינף, מורמלענדיק עפּעס אונטער דער נאָז. ווײַטער שמועסן מיר.

— זאָל אײַך ניט כידעשן, וואָס איך האָב זיך דאָ געשטעלט דאַוונען. אין יו־עס־עי־אַר קאָנט איר אויסגיין אָפן אָרט, און קיינער וועט אײַך ניט זאָגן, ווו עס געפינט זיך נאָענט אַ בייס־האַקנעסעס.

— האָט איר געפונען אַן אויסוועג: אָפּדאַוונען אין דער רעדאַקציע פון „סאָוועטיש היימלאַנד"...

— מײַן דזשאָב איז אַ מויעל. דערצו האָב איך סמיכעס פון אַ ראָוו, און אין דער זעלבער צײַט בין איך אַ שטיקל פאַבריקאַנט...

— אַ ראָוו־מויעל־פאַבריקאַנט?

— אַ ראָוו און אַ מויעל און אַ פאַבריקאַנט. איין קוגל אין דרײַ קיילעס...

— וואָס איז די סיבע דערפון?

— מיט סמיכעס בין איך מער כאָשעוו אַלס מויעל. און וואָס איז שײַעך פאַבריקאַנט, דאַרפט איר וויסן, אַז בײַ אונדז אין אַמעריקע איז שוין האַנט־אַרבעט פון לאַנג פאַרגעסן, מע מוז האָבן אַ מאַשינקע...

— האָט איר געעפנט אַ פאַבריק פון מאָטאַרלעך פאַר דער מויעל־אַרבעט?

— אַ געזונט אין אײַער קאָפּ, איר זאָלט דערלעבן מאָשיעכן! אַז צווישן אונדזער לאַנד און אײַערן האָט זיך אָנגעהויבן אַ דעטאַנט, און רוסלאַנד שטעלט שוין בײַ זיך אוועק אַ ברויערײַ פון קאָקאַ־קאָלאַ, טראַכט איך זיך: מיט וואָס איז מײַן פאָך ערגער?

— האַקיצער, איר ווילט פאַרקויפן די סאָוועטישע ייִדן אַ פּאַרטיע מויעל־מאַשינקעס...

— דאָס איז אַזוי זיך, נומער צוויי. נומער איינס, האָב איך אַ דרינגענדיקן איניען. בײַ אונדז איז אַוועק אַ קלאַנג, אַז אין מאָסקווע האָט מען פאַרמאַכט די גרויסע קאָרשול. דערוווּסט וועגן דעם האָב איך זיך אין ייִסראָעל, ווו איך בין איצט אָפּגעווען אַ פּאָר וואָכן, און אַגעוו־אורכע קאָן איך אײַך מודיִע זײַן, אַז גראָד אין ייִדישן לאַנד האָבן די פרומע לײַט, די נאַטוראַקאַרטניקעס, מיין איך, ניט געגומען מײַן אַפּאַראַט, נאָך מער — זיי האָבן אים אַרײַנגעלייגט אין כיירעם. איז אָט — איך האָב זיך שוין געקליבן פון ייִסראָעל אַהיים, נאָר מיטאַמאָל אַ נײַס: אין מאָסקווע האָט מען פאַרמאַכט די קאָרשול. אַ גזאַר אַף ייִדן!

— און דאָס האָט אײַך אָפּגעהאַלטן פון אומקערן זיך צו דער צײַט אַהיים?

אַוואַדע, יאָ... ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז קיינער האָט די קאָרשול ניט פאַרמאַכט און אַפילע ניט געקליבן זיך צו פאַרמאַכן זי... פוסטע קלאַנגען... מע פּלאַפּלט!.. די מאָסקווער סינאַגאָגע איז אָפן, גייט און דאַוונט!

— אַ דאַנק פאַר דער אייצע... וואָס זשע זײַנט איר געקומען דאַוונען אין דער רעדאַקציע?

— איך בין געקומען אײַך זאָגן, מע זאָל מער ניט פּלאַפּלען, זאָל מען ניט...

— ווו זאָל מען מער ניט פּלאַפּלען?

— אין ייִסראָעל! אין אַמעריקע!

— איר קומט פון ייִסראָעל, איר לעבט אין אַמעריקע... זאָגט עס דאָרטן!

— דאָרט רעדט מען צו דער וואַנט...

— אויב ס'איז קיין סאָד ניט: וועלכע ייִדישע בלאַט לייענט איר אין דער היים?

— מע קוקט אַרײַן אין „פאָרווערטס"...

— דעם „פאָרווערטס" גלייבט איר?

— וועמען דען? אײַך?

— איך האָב דאָ אַ פרישן „פאָרווערטס". נאַט, לייענט. אין דעטראָיט האָט מען געוואָרפן אַ באָמבע אין אַ סינאַגאָגע. אַ באָמבע געוואָרפן! איר הערט?

— איך הער, איך הער. שרײַט ניט אַזוי...

— פאַרוואָס האָט איר ניט געײַלט צוריק אַהיים, קיין אַמעריקע, קעדיי דאָרט עפּעס טאָן פאַר דער סינאַגאָגע, וועלכע מע האָט געוואָלט „פאַרמאַכן" מיט אַ באָמבע? פאַרוואָס האָט איר זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס עמעצער פּלאַפּלט, און געלאָפן קיין מאָסקווע?

— יו־עס־עי־אַר איז אַ סאָציאַליסטישע מעדינע, מיסטער ווערגעליס! אויב מע הערט ריידן, אַז אין יו־עס־עי־אַר האָט מען פאַרמאַכט אַ סינאַגאָגע, דאַרף מען זיך צונויפלויפן ווי אַף אַ סרייפע. נו, און אַמעריקע איז, ווי איר ווייסט, אַ פרײַ לאַנד: ווילסטו, וואַרף אַ באָמבע, ווילסטו, וואַרף ניט...

■ ■ ■

## פֿאַרשיידנס

### דער יובילײ פון אַן אַלעפבייס

מיט הונדערט יאָר צוריק האָט לעוו ניקאָלײַעוויטש טאָלסטאָי אָנגעשריבן דעם „נײַעם אַלעפבייס" — אַ לערנבוך, וואָס איז פיל מאָל ארויסגעגעבן געוואָרן אין פאָריקן יאָרהונדערט. ניט איין דאָר קינדער האָט זיך געלערנט גראַמעטע לויט דעם דאָזיקן אַלעפבייס.

אין דער ערשטער אויסגאַבע האָט דער אַוטאָר אײַנגעשלאָסן 373 זײַנע ווערק פון 629, וואָס ער האָט אָנגעשריבן ספּעציעל פאַר קינדער. לויטן „אַלעפבייס" האָבן זיך געלערנט די דאָרפישע קינדער אין דער שול, וואָס ל. טאָלסטאָי האָט געעפנט אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ. לעוו ניקאָלײַעוויטש פלעגט אָפט אַליין פירן די לימודים, צונויפשטעלן אַריפמעטישע אויפגאַבעס, שאַפן דערציילונגען און מײַסעלעך.

די עקסקורסאַנטן פונעם מוזיי „יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ" באַזוכן מיט גרויס אינטערעס די אויסשטעלונג „ל. נ. טאָלסטאָי — דער קינדער־שרײַבער און פּעדאַגאָג". צווישן די עקספּאָנאַטן איז פאַראַן די שול־פּאַרטע, וואָס איז געמאַכט לויט לעוו ניקאָלײַעוויטשעס צייכענונג. אָף דער פּאַרטע איז צוגעפּעסטיקט אַ הילצערנע רעכנברעט פון אַ מעטער די גרייס — אַן אָנשוילעכער מאַכשיר, וואָס האָט זיך פאַרהיט פון יענע צײַטן. אונטער אַ גלאָז — די שילערשע ווערק. דאָ געפינט זיך אויך דאָס קופּערנע גלעקל, וואָס פלעגט צו וויסן געבן וועגן דעם אָנהייב פון די לימודים.

יע. וואַלאָוו („איזוועסטיאַ")

---

### ביימער אָף דעכער

טאָקיאָ — איינע פון די גרעסטע שטעט אין דער וועלט — איז באַוווּסט ניט נאָר מיט איר ריזיקן פאַרנעם, נאָר אויך מיט אַ שטאַרק פאַרשמוציקטער אַטמאָספער. די יאַפּאַנישע ספּעציאַליסטן אַרבעטן איצט פאַנאַנדער פילצאָליקע פּראָיעקטן פון אָפרייניקן די לופט. צווישן די דאָזיקע פּראָיעקטן געפינט זיך אויך דער פּראָיעקט פון ביימער־פלאַנצונג.

הײַנט־צו־טאָג קאָן מען אינעם צענטער פון דער יאַפּאַנישער הויפּטשטאָט ניט געפינען קיין איין ביימער־באַצירק, קיין איין שאָטנדיקע גאַס. און אַזוי־ווי פלאַנצן ביימער און אויסטיילן אָרט פאַר פּאַרקן אָף די טאָקיער גאַסן איז אוממעגלעך איבער דער גרויסער געדיכטקײַט פון די הײַזער, האָט דאָס יאַפּאַנישע לאַנדווירטשאַפט־מיניסטעריום פאָרגעלייגט פלאַנצן ביימער אָף די דעכער פון די הײַזער.

די טאָקיער אײַנוווינער האָבן באַגיטיקט די דאָזיקע אידיי אַלס אַ פולקום רעאַלע. „אויב איבער אונדזערע דעכער רוישן שוין צוגן, איז פאַרוואָס זאָלן מיר ניט קאָנען דאָרט פלאַנצן ביימער", — זאָגן זיי. אָף אייניקע געבײַדעס שורשען שוין בוימער־קרוינען.

### אַ מאַנוסקריפּט פון דער פּאָעמע „די אומבאַקאַנטע"

מיט מאַנוסקריפּטן פון ליטעראַרישע ווערק טרעפן זיך אַמאָל וווּנדערלעכע געשיכטעס: מע פאַרלירט זיי, דערנאָך זוכט מען זיי יאָרנלאַנג און מע געפינט זיי אין די סאַמע אומגעריכטע ערטער.

מע דערציילט, אַז בײַסן בויען דעם קאַנאַל מאָסקווע — וואָלגע זײַנען אַ ריי מיטאַרבעטער פון מוזייען ארויסגעפאָרן אין די דערפער, וואָס האָבן געדאַרפט פאַרטרונקען ווערן, אַ קוק טאָן, צי זײַנען ניט געבליבן דאָרט טשיקאַווע זאַכן פון אַלטערטום. מע קאָן זיך פאָרשטעלן, ווי גרויס ס'איז געווען זייער שטוינונג און פרייד, ווען אין איינער אַ דאָרפישער שטוב האָבן זיי געפונען סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס בריוו, מיט וועלכע ס'זײַנען געווען באַקלעפּט די ווענט. ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז דאָס דאָרף האָט פריער געהערט צו די קרויווים פונעם גרויסן סאַטיריקער, און די פויערים האָבן אויסגענוצט אָנשטאָט טאַפּעטן די „אַלטע פּאַפּירן". די בריוו האָט מען, פאַרשטייט זיך, אַקוראַט אָפּגעקלעפּט און איבערגעשיקט אין אַ מוזיי. איינעם פון פּושקינס מאַנוסקריפּטן, וועלכן מע האָט גערעכנט, אַז ער איז פאַרפאַלן געוואָרן, האָט מען געפונען... אין אַ שטײַגל פון אַ קאַנאַריק.

אַזעלכע געפינסן גייען דורך, אַלס קלאַל, אָן עקספּערט־קאָנטראָל, געוויינלעך פון צוויי מינים: אַ קונסטקענעריש־סטיליסטישן און אַ קרימינאַליסטישן (האַנטשריפט־קענערישן). די קרימינאַליסטישע עקספּערטיזע שטעלט פעסט אין די נייטיקע פאַלן, ווער עס איז געווען דער אויספילער פונעם געגעבענעם מאַנוסקריפּט.

אָט איז אָף אַן עקספּערטיזע צו די קרימינאַליסטן אָנגעקומען דער פולער טעקסט פון בלאָקס פּאָעמע „די אומבאַקאַנטע". ביז אַהער זײַנען געווען באַוווּסט צוויי וואַריאַנטן פון דעם ווערק. דער ערשטער וואַריאַנט איז דאַטירט מיטן 24 אַפּרעל 1906 יאָר, דער צווייטער — מיטן 26 אַפּרעל 1911 יאָר; ביידע וואַריאַנטן זײַנען אײַנגעשלאָסן אינעם ציקל „שטאָט".

די אויטאָגראַפן פונעם ווערק זײַנען באַוווּסט און ווערן געהיט אין מעלוכע־אַרכיוון. און פּלוצעם האָט זיך געפונען נאָך איין געשריבענער פון דער האַנט עקזעמפּליאַר פון דער „אומבאַקאַנטער". ער איז איבערגעשריבן אָף ניט קיין גרויסן פּאַפּיר־בויגן, אָן שום אויסבעסערונגען. אָף דער רעכטער זײַט זײַנען פאַראַן שפּורן פון אַן גומיאַראַביק — סימאָנים, אַז דער בויגן איז געווען אַרײַנגעקלעפּט אין אַן אַלבאָם אָדער אַ ביכל. ס'איז אויפגעקומען אַ כשאַד, אַז דאָס געפינס איז ניט קיין אָריגינאַל, נאָר אַ פאַקסימילע־קאָפּיע.

מע האָט געדאַרפט אויסקלאָרן צוויי פראַגעס: צי איז דער טעקסט אַ מאַנוסקריפּט אָדער אַ ליטאָגראַפישע קאָפּיע, און אויב דאָס איז אַ מאַנוסקריפּט — צי איז ער געשריבן מיט בלאָקס האַנט.

אָף דער ערשטער פראַגע איז פאַרהעלטנישמעסיק גרינג געווען צו ענטפערן: באַם באַאָבאַכטן דעם בויגן אונטער אַ מיקראָסקאָפּ, באַ אַ שטאַרקער פאַרגרעסערונג האָט מען פעסטגעשטעלט, אַז דער טעקסט איז געשריבן מיט אַ פּען.

נאָכדעם האָט מען דעם אונטערשריפט אונטערן מאַנוסקריפּט פאַרגליכן מיט די באַוווּסטע אויטאָגראַפן פונעם דיכטער, און לויט דער ענלעכקײַט פון דער פאָרם און לויט דער מאַניר פון אָנשרײַבן די בוכשטאַבן איז מען געקומען צום אויספיר, אַז דער אַוטאָר פונעם מאַנוסקריפּט איז אַלעקסאַנדער בלאָק.

לויט וו. גראַסימאָוווס נאָטיץ אין „וועטשערניאַיאַ מאָסקוואַ"

## אן עלעקטראָן־קאָמפּאָזיטאָר

דער אײַנוווינער פון דער שטאָט פּאַלם־ספּרינגס (שטאַט קאַליפאָרניע) מעק דעוויס האָט באַקומען א ניט געוויינלעכן פּאַטענט אף א דערפינדונג פון אן „עלעקטראָן־קאָמפּאָזיטאָר”. זײַענדיק אליין א קאָמפּאָזיטאָר און א דיכטער, האָט מ. דעוויס דערפונדן אן עלעקטראָן־סיסטעם אף „שאַפן” מוזיק צו פערזן, וואָס זײַנען פאַרשריבן אף א טאַשמע און ווערן אײַנגעהיט אינעם מאַשין־זיקאָרן. מיט דער הילף פון א ספּעציעלן „זוכערישן” מעכאַניזם קלײַבט אונטער דער קאָמפּיוטער די אַמערסטן פּאַסנדיקע לויט דער גרייס און קלאַנג מעלאָדיע און פאַרשרײַבט א גרייטע ליד.

## זיך אָפּגעזעגנט מיט פּואראָ

דער אויספאָרשער ערקאַל פּואראָ שטאַרבט פון אן אינפאַרקט דעם 29 סענטיאַבער 1975 יאָר. אין דעם דאָזיקן טאָג האָט געדאַרפט פאַרעפנטלעכט ווערן אגאַטאַ קריסטיס ראָמאַן „דער פאָרהאַנג. פּואראָס לעצטער געריכט־פּראָצעס”.

„פּואראָס לעצטער געריכט־פּראָצעס” האָט א. קריסטי אָנגעשריבן מיט א יאָר דרײַסיק צוריק — פריִער, איידער ס׳זײַנען געשילדערט געוואָרן אַנדערע פּאַסירונגען. זי האָט דעם מאַנוסקריפּט אַרײַנגעלייגט אין סייף מיט א פעסטער קאַוואָנע, ער זאָל פּובליקירט ווערן בלויז נאָכן טויט פונעם אווטאָר. אָבער איצט האָט זי באַשטימט פאַרן טערמין אָפּזעגענען זיך מיט פּואראָ און מיס מאַרפּלז.

## ביכער—ליליפּוטן

די עקספּאָזיציע פון 20 אווטאָליטאָגראַפיעס פונעם באַוווסטן עסטישן קינסטלער, דעם פאָלקס־קינסטלער פון ססר עוואַלד אָקאַס וואָלט פאַרנומען ווייניקער פון א דריטל קוואַדראַט־מעטער.

באַנאַנד מיט געוויינלעכע ביכער איז די זאַמלונג פון זײַנע עסטאַמפּן „פּאַריזשער בילדלעך” אן עכטער ליליפּוט. די אויסגאַבע האַלט אינגאַנצן 5,5 אף 5,5 סאַנטימעטער. זי איז אײַנגעשלאָסן אין א ספּעציעלער קאָלעקציע בא דער וויסנשאַפטלעכער ביבליאָטעק פונעם טאַרטוער אוניווערסיטעט.

דאָ זײַנען פאַראַן אויך מיניאַטורע קאַסעטן פון יאַנקאַ קופּאַלאַס און יאַקוב קאָלאַסעס לידער, וואָס זײַנען אָפּגעדרוקט אין מינסק אין 1967 יאָר. זיי צייכענען זיך אויס מיט א שיינעם שריפט, מיט פּרעכטיקער אויספורעמונג און פּילצאָליקע איליוסטראַציעס.

א בעקאָוועדיק אָרט צווישן די טאַרטוער ביכער — ליליפּוטן פאַרנעמט שילערס „ליד פונעם גלאָק”, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט צום הונדערטסטן יאָרצײַט פונעם אווטאָר (1905 יאָר). די גרייס פונעם בוך אין א מעטאַלענעם אײַנבונד, מיטן פּאָרטרעט פונעם דיכטער און מיט א סילועט פון א גלאָק איז 2,4 אף 2 סאַנטימעטער.

מיט דער שאַפונג פונעם גרויסן פּוילישן דיכטער אַדאַם מיצקעוויטש וועט די בוך־ליבהאָבער באַקאַנען אויך א מיניאַטורע יובילײ־אויסגאַבע. זי איז אָפּגעדרוקט אין סאָף פון פאָריקן יאָרהונדערט אין וואַרשע. דאָס ביכעלע איז די גרייס 3 אף 2,2 סאַנטימעטער, עס געפינט זיך אין א מעטאַלן קעסטעלע און באַשטייט פון 317 סופּער־דינע זײַטעלעך.

---

## דעם שאָפערס פאָנאָטעקע

דער פּאַריזשער שאָפער פון טאַקסי דזשעקי סאַנדרע איז א לײַדנשאַפטלעכער ליבהאָבער פון מוזיק. אין זײַן מאַשין איז אײַנגעמאָנטירט א ניט גרויסער מאַגניטאָפאָן, און ער פירט מיט זיך שטענדיק 85 קאַסעטעס, אף וועלכע ס׳איז פאַרשריבן די סאַמע פאַרשיידנאַרטיקע מוזיק — פון דער קלאַסיק און פאָלקסלידער ביז דעם הײַנטצײַטיקן דזשאַז און פּאָפּ־אַנסאַמבלען. יעדן נײַעם פּאַסאַזשיר פרעגט דזשעקי, צי וויל ער הערן מוזיק און פון וועלכן זשאַנער. דער שאָפער געפינט שטענדיק אין זײַן וועג־פאָנאָטעקע א רעפּערטואַר, וואָס געפעלט מענטשן פון סאַמע פאַרשיידענעם עלטער, פּראָפעסיעס און נאַציאָנאַליטעטן.

— די צײַט פונעם טאָג האָט א באַדײַטונג, — זאָגט סאַנדרע. — אינדערפרי שליס איך אײַן ווייניק דזשאַז־מוזיק, א סאַך מער אין די אָוונט־שאָען. ווי ס׳זאָל צוערשט ניט אויסזען לעכערלעך, נאָר דער שטאָט־קוואַרטאַל, ווו דער פּאַסאַזשיר זעצט זיך, ווירקט אויך אפן אויסוואַל פונעם רעפּערטואַר. אינעם אַלטערטימלעכן קוואַרטאַל מאַרע קלינגט, צום בײַשפּיל, אויסגעצייכנט וויוואַלדיס מוזיק, און פאַר די טוריסטן, וואָס זײַנען נאָרוואָס אַרויסגעגאַנגען פונעם לוווער, דינט די קלאַסישע מוזיק ווי א „קלאַנגען־פאָרזעצונג” פון זייער עקסקורסיע...

— ס׳טרעפן זייער טשיקאַווע געשיכטעס, — דערציילט שמייכלענדיק דזשעקי. — איין פּאַסאַזשיר, צום בײַשפּיל, איז געפאָרן אף א קאָנצערט פון שומאַנס ווערק. ער האָט אויסגעהערט בא מיר אין טאַקסי עטלעכע אָפּוסן פון דעם דאָזיקן קאָמפּאָזיטאָר און איז געקומען אפן קאָנצערט שוין א „צוגעגרייטער”. און איינער א באַרימטער פידלער האָט אויסגעהערט אין דער מאַשין דעם גאַנצן קאָנצערט פאַר א פידל מיט אן אָרקעסטער, וועלכן ער האָט ניט לאַנג צוריק פאַרשריבן אף דער ראַדיִאָ, און קעדיי אויסהערן אים ביזן סאָף, האָט ער אָנשטאָט אַרויסגיין פון טאַקסי בא זײַן הויז אפן אינוואַלידן־פּלאַץ דורכגעמאַכט א צוגאָב־וועג ביזן אויסערשטאָטישן אַעראָפּאָרט אָרלי... דער באַוווסטער פראַנצויזישער עסטראַדע־זינגער מישעל פּאָלנאַרעוו, הערנדיק די פּראָגראַם פון פּאָפּ־מוזיק, האָט אַלץ ניט געקאָנט פאַרענדיקן זײַן רײַזע און איז לאַנג אַרומגעפאָרן איבער דער שטאָט, הערנדיק אַלץ נײַע און נײַע פאַרשריבענע טאַשמעס...

ניקיטאַ באָגאָסלאָווסקי („וועטשערניאַיאַ מאָסקוואַ”)

## די אמעריקאנער פרײַנט פון אָקטיאָבער

ווען עס האָט אויסגעבראָכן די גרויסע סאָציאַליסטישע אָקטיאָ־בער־רעוואָלוציע, האָבן זיך קאָ־רעספּאָנדענטן פון פאַרשיידענע לענדער אַ לאָז געטאָן קיין רוס־לאַנד. זיי זײַנען געווען איידעס פון דראַמאַטישע געשעענישן, הע־ראָישע מײַסים, וועלכע האָבן „אין מעשעך פון צען טעג אופגע־טרייסלט די גאַנצע וועלט".

אין דער נאַכט פונעם זיבעטן אָפן אַכטן נאָיאַבער 1917 זײַנען אין ווינטער־פּאַלאַץ, צוזאַמען מיט די טײלן פון די רויטגוואַרדייער און רעוואָליוציאָנערע מאַטראָסן, געקומען די ערשטע קאָרעספּאָנ־דענטן. צווישן זיי זײַנען געווען פיר אַמעריקאַנער זשורנאַליסטן: דזשאָן ריד, אַלבערט ריס ווי־ליאַמס, לויזא ברײַאַנט, בעסי ביטי. זיי זײַנען געווען די ערשטע, וועלכע האָבן דערציילט דעם עמעס וועגן רוסלאַנד אין די פאַריי־ניקטע שטאַטן פון אַמעריקע.

אין אָנהייב פון 1918 יאָר איז קיין מאָסקווע געקומען ראָבערט מײַנער, אַ לינקער מאָלער, וועל־כער איז אַרויסגעטראָטן קעגן דער אינטערווענץ. שפּעטער איז ער געוואָרן איינער פון די לידערס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. די אינטערווענץ קעגן רוסלאַנד האָט אויך פּראָטעסטירט עפּטאָן סינקלער אין זײַן ראָמאַן „דזשימי כיגינס". דער אַמערי־קאַנער ראַדיקאַלער זשורנאַליסט לינקאָלן סטעפענס האָט נאָך זײַן צוריקקער פון רוסלאַנד (אין 1919) געזאָגט זײַן באַוווסטע פראַ־זע: „איך האָב דורכגעמאַכט אַ רײַזע אין דער צוקונפט, און זי לייגט זיך דורך אַ וועג".

צווישן די פרײַנט פון אָקטיאָ־בער, וועלכע האָבן מיטגע־פילט רוסלאַנד, זײַנען געווען ניט ווייניק ליבעראַל געשטימטע אַמע־ריקאַנער. די סאַמע באַוווסטע צווישן זיי — דזשאָן ריד און אַל־בערט ריס וויליאַמס.

דזשאָן ריד איז געווען אַ זשור־נאַליסט. ער איז געבוירן געוואָרן דעם 22 אָקטיאָבער 1887 אין פּאָרטלענד. אַ דערציִיגענער אָף די בעסטע טראַדיציעס פונעם אַמעריקאַנער פאָלק, האָט ער פרי טויפעס געווען די אידייען פונעם סאָציאַליזם. ער נעמט אָנטייל אינעם בירגערקריג אין מעקסיקע. אין 1914, ווען עס האָט זיך אָנ־געהויבן די ערשטע וועלט־מיל־כאָמע, האָט ער איינער פון די ערשטע אין אַמעריקע פאַרשטאַ־נען איר רויבערישן כאַראַקטער און אָפן געמאָלדן: „דאָס איז ניט אונדזער מילכאָמע". ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אייראָפּע, גע־ווען אָף די פראָנטן, געשריבן אַנטימילכאָמעדיקע פאַרצײַכענונ־גען, קאָרעספּאָנדענצן.

ווען ס'האָט זיך באַוויזן די ער־שטע מיטיילונג אין די צײַטונגען וועגן דעם, אַז אין רוסלאַנד האָט מען אַראָפּגעוואָרפן דעם קייסער און עס איז געמאָלדן געוואָרן אַ רעפּובליק, איז ער גלײַך אָפּגע־פאָרן קיין פּעטראָגראַד. טאָגטעג־לעך, פון אינדערפרי ביז שפּעט אין אָוונט, איז ער געווען אָף די פיס. זײַנע קאָרעספּאָנדענצן האָט ער געשריבן לויט די הייסע שפּורן. ערעוו דעם 7 נאָיאַבער 1917 האָט זיך אים אײַנגעגעבן צו נעמען אַן אינטערוויו בא די מיניסטאָרן פון דער צײַטווײַליקער רעגירונג, און נאָכדעם האָט ער צוזאַמען מיט די רעוואָליוציאָנערע סאָלדאַטן און מאַטראָסן אָנטייל־גענומען אינעם אָנגריף אָפן ווינ־טער־פּאַלאַץ און איז בײַגעווען, בייס מע האָט אַרעסטירט די זעל־בע מיניסטאָרן. ווען לענין האָט פון דער טריבונע פונעם צווייטן אַלרוסלענדישן צוזאַמענפאָר פון די אַרבעטער־ און פּויערים־דעפּו־טאַטן געמאָלדן, אַז דער ווינטער־פּאַלאַץ איז געפאַלן, איז ריד גע־ווען אין סמאָלני.

אָפן דריטן אַלרוסלענדישן צו־זאַמענפאָר פון די סאָוועטן האָט דזשאָן ריד געבעטן אַ וואָרט, און ער האָט געגעבן אַ שווע די בײַ־ווענדע דעלעגאַטן: „איך גיב אַ פײַערלעכע שווע, אַז ווען איך וועל זיך אומקערן אין דער הער־שאַפט פון קאַפּיטאַל וועל איך אַלעמען דערציילן דעם עמעס וועגן דעם זיג פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע אין רוסלאַנד. איך שווער פײַערלעך אָפּצוגעבן אַלע מײַנע קויכעס דער זאַך פונעם אַרבעטער־קלאַס".

און דזשאָן ריד האָט אויסגע־פילט זײַן שווע.

ווען ער האָט זיך אומגעקערט קיין אַמעריקע, האָט ער אין אַן אויסערסט קורצן טערמין אָנגע־שריבן זײַן באַרימטן בוך „צען טעג, וואָס האָבן אופגעטרייסלט די וועלט". ער שאַפט אין ניו־יאָרק דעם זשורנאַל „קאָמוניסט" און נעמט אַן אומיטלבאַרן אָנטייל אין גרינדן די קאָמוניסטישע אַר־בעטער־פּאַרטיי אין אַמעריקע, וועלכע איז אין 1921 יאָר אַרײַנ־געטראָטן אין דער איינהײַטלעכער פאַרייניקטער קאָמוניסטישער פּאַר־טיי.

אינעם פאָרוואָרט צו דער אַמע־ריקאַנער אויסגאַבע פון דזשאָן רידס בוך האָט לענין געשריבן: „...דער בוך גיט אַ וואָרהאַפטיקע און אויסערסט לעבעדיק באַשרײַ־בענע שילדערונג פון די געשע־ענישן"... די רוסישע איבערזע־צונג פונעם בוך איז דערשינען אין 1923. ריד האָט געשאַפן אַ קינסטלעריש געשמעלק, אין וועלכן עס האָבן זיך פאַרייניקט רעפּאָר־טאַזש מיט פּובליציסטיק, לירישע פּראָזע מיט סאָציאָלאָגישער פאָר־שונג. דער דאָזיקער „רעוואָליו־ציאָנערער עפּאָס" איז געווען דער אָנהייב פונעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַטור.

דזשאָן ריד האָט אָף קאָווקאַז אָנטיילגענומען אין דעם ערשטן צוזאַמענפאָר פון די מיזרעך־פעל־קער. ער איז קראַנק געוואָרן אָף

טיף, און דעם 17 אָקטיאבער 1920 יאָר איז ער געשטאָרבן. זײַן קער־פּער האָט מען מעקאבער געווען בא דער קרעמל־וואנט. אף זײַן קייווער שטייט א דענקמאָל — ניט קיין אָפּגעהובליעוועטע פּליטע פון גראניט, אף וועלכער עס איז אויס־געקריצט: „דזשאָן ריד, דער דע־לעגאט פונעם דריטן אינטערנא־ציאָנאל, 1920". ריד האָט געלעבט זייער וויניק, אינגאנצן 33 יאָר. זײַן לעבן איז אָבער געווען א העלדנטאט. פאר דוירעס מענטשן וועט ער פארבלײַבן ווי א הער־לעכער בײַשפּיל פון א זשורנא־ליסט־אינטערנאציאָנאליסט.

אלבערט ריס וויליאמס איז גע־בוירן געוואָרן אין סענטיאבער 1883. קיין רוסלאנד איז ער גע־קומען צו פאָרן אין יון 1917 אלס קאָרעספּאָנדענט פון דער סאָציא־ליסטישער פּרעסע. די דאָזיקע רײַזע האָט באשטימט זײַן ווײַטער־דיקן גוירל.

ווען די דײַטשישע אינטער־ווענטן האָבן א שפּאר געטאָן אף פּעטראָגראד, איז דער אמעריקא־נער קאָרעספּאָנדענט ארײַנגע־טראָטן אין די רייען פון דער רוי־טער ארמיי. מיט לענינס הילף אָרגאניזירט ער אן אינטערנאציאָ־נאלן לעגיאָן. ער ווענדט זיך צו אלע אויסלענדער מיט אן אויפרוף פארטיידיקן די יונגע סאָוועטישע רעפּובליק:

„אין דער ארומיקער כאאָס האָט פּלוצעם אויפגעפלאקערט די שײַן פון דער רוסישער רעוואָליר־ציע, אויפוועקנדיק די שענסטע טרוימען פון דער מענטשהײַט, — האָט מיט באגײַסטערונג געשריבן וויליאמס. — די סאָוועטנמאכט שטרענגט אָן אלע קויכעס, קעדיי מאכן א סאָף צו דער מילכאָמע און פארהיטן דעם פּאקעל פון דער רעוואָליוציע, ניט דערלאָזן, ער זאָל דערטרונקען ווערן אין א יאם פון בלוט. די אויגן פון די רע־וואָליוציאָנערן פון אלע לענדער זײַנען געווענדט צו די סאָוועטן — צום רעוואָליוציאָנערן צענטער פון דער גאנצער וועלט".

ווען וויליאמס האָט זיך אומגע־קערט אין זײַן היימלאנד, האָט ער זיך געדארפט שטעלן פארן געריכט פון דער קאָמיסיע פונעם סענאט. ער האָט שרעקלאָז גע־מאָלדן, אז זײַן הויפּט־אויפגאבע איז — דערציילן דעם אמעריקאנער פאָלק דעם עמעס וועגן לענינען, וועגן סאָוועטן־רוסלאנד. שרײַבן וועגן לענינען איז געוואָרן דער וויכטיקסטער ציל פון זײַן לעבן.

וויליאמס האָט זײַן בוך „דורך דער רוסישער רעוואָליוציע" ארויסגעלאָזט אין ניו־יאָרק אין 1921. דער בוך גיט א ברייט בילד פון די געשעענישן פאר דער צײַט פון יון 1917 ביז יול 1918 און זעצט פאָר צו פיקסירן דעם גאנג פון דער געשיכטע, איבערנעמענ־דיק די עסטאפעטע פון דזשאָן רידס הענט. א באזונדערן אינ־טערעס שטעלן מיט זיך פאָר די לעצטע צוויי קאפּיטלען פון דעם בוך: די דערציילונגען וועגן דער רײַזע פונעם אווטאָר איבער דער טראנססיבירער מאגיסטראל און וועגן דעם גוירל פונעם וולאדי־וואָסטאָקער ראט. דער בוך איז אָנגעשריבן אין סטיל פונעם דאָ־קומענטאלן פּובליציסטישן רעפּאָר־טאזש און אנטהאלט א רײַך איליו־סטראטיווע מאטעריאלן פון יענער עפּאָכע.

אין 1922 יאָר איז וויליאמס ווי־דער געקומען צו פאָרן אין אונד־זער לאנד. ער לעבט אין פּויערי־שע הײַזער אף דער וואָלגע, וואנ־דערט ארום איבער די בארגיקע וועגן פון קאכעטיע, באזוכט וולא־דימירשטשינע; קעדיי צו דערוויסן זיך, ווי עס האלט מיט רעליגיע אין פסםר, ארבעט ער אפילע אלס שוימער אף א בעסוילעם, שפּע־טער קומט ער אָן פאר א דער־ציִער אין א קינדער־קאָלאָניע אף דזשאָן רידס נאָמען.

ווען היטלער איז אָנגעפאלן אף סאָוועטנפארבאנד, האָט וויליאמס נאָכגעשפּירט נאָך די גרויזאמע געשעענישן, און אין יאָר פון דעם סטאלינגראדער זיג לאָזט ער ארויס א נײַעם בוך וועגן סאָוועטנ־פארבאנד. פאר א קורצער צײַט איז דער בוך זעקס מאָל ארויס־געגעבן געוואָרן. אין 1958 יאָר איז וויליאמס דאָס לעצטע מאָל געקומען קיין סאָוועטנפארבאנד. עס האָבן אים באגעגנט אלטע גו־טעפרײַנט. אין דער ביבליִאָטעק פון גאָרקי לענינסקיִע געפינט ער זײַן בוך וועגן לענינען. מעגלעך, אז דער פירער פון דער רעוואָליר־ציע האָט באוויזן עס איבערלייע־נען. איצט, ווען דער שרײַבער האלט שוין בא די אכציקער, א שווער קראנקער, הייבט ער אָן צו ארבעטן אף א נײַעם בוך וועגן לענינען. דער טויט האָט איבער־געריסן די ארבעט. געשטאָרבן איז וויליאמס אין 1962.

אלבערט ריס וויליאמס האָט ליב געהאט צו דערציילן וועגן אזא עפּיזאָד:

דאָס איז פאָרגעקומען אין יאנ־ווער 1918. אין פּעטראָגראד, אף א מיטינג פון סאָלדאטן, וועלכע האָבן געדארפט אוועקגיין אפן פראָנט, איז דער ערשטער ארויס־געטראָטן לענין. נאָך אים האָט געדארפט האלטן א רעדע ווי־ליאמס. איליטש האָט אים אונטער־געגעבן מוט:

— רעדט אף ענגליש, און איך וועל איבערזעצן אין רוסיש.

— ניין, איך וועל ריידן אף רו־סיש, — האָט געענטפערט דער אמעריקאנער.

ער האָט אָבער גיך אויסגענוצט אלע צוגעגרייטע פראזעס און זיך פארהאקט. לענין האָט טייקעף אים אונטערגעזאָגט דאָס נייטיקע וואָרט. אזוי — די גאנצע צײַט פון דער רעדע. ווי נאָר וויליאמס פלעגט זיך פארהאלטן, פלעגט לע־נין אים קומען צו הילף. און יע־דעס מאָל פלעגט עס ארויסרופן הילכיקע אפּלאָדיסמענטן פון די רויטארמייער.

נאָכן מיטינג האָט לענין גע־זאָגט וויליאמסן, אז ער דארף ערנסט דערלערנען די רוסישע שפּראך, און ער האָט אים געראָטן, וויאזוי עס בעסער צו טאָן.

י. גינעווסקי



# מאַטעריאַלן פֿאַר אַ לעקסיקאָן
## פֿון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור

**אַקסעלראָד, מייער**
(1971—1902)

— מאָלער. געבוירן אין שטעטל מאָלאָדעטשנאָ (ליטע, ווילנער גובערניע) אין אַ מישפּאָכע פֿון האַנטווערקער. געלערנט אין דער מינסקער רעאַל־שול. אין 1915, איבער דעם מילכאָמע־גייִערעש אַף ייִדן, אַרויסגעפֿאָרן מיט דער גאַנצער מישפּאָכע קיין טאַמבאָוו, וווּ ער האָט באַזוכט די דאָרטיקע מאָלער־שול. אין 1918 איז ער פֿרײַוויליק אַוועק אין דער רויטער אַרמיי. אין 1921 האָט דער נײַנצניאָריקער מאָלער דעביוטירט אין מינסק מיט אַן אויסשטעלונג פֿון זעקס און דרײַסיק אַרבעטן. אין דעם זעלבן יאָר ווערט ער אין מאָסקווע אָנגענומען אין וכוטעמאַס, וווּ ער באַקומט פּראָפֿעסיאָנעלע אויסשולונג. אַ באַזונדערע האַשפּאָע האָט געהאַט אַף אים דער גראַפֿיקער וולאַדימיר פֿאַוואָרסקי. אַקסעלראָד איז געווען אַ מײַסטער פֿון פּאָרטרעט, פּייזאַזש, שטייגער־שילדערונג. ער האָט איליוסטרירט די ווערק פֿון שאָלעם־אַלייכעם און י.־ל. פּערעץ, ווי אויך פֿון שמואל האַלקין, לייב קוויטקאָ, נויען לוריע, זעליק אַקסעלראָד. צו זײַנע שעפֿערישע דערגרייכונגען דאַרף מען צורעכענען די קינסטלערישע אויספֿורעמונג (דעקאָראַציעס און קאָסטיומען) פֿון די ספּעקטאַקלען „מידאַס האַדין" (אין מאָסקווער מעלוכישן ייִדישן טעאַטער), „דער פֿאַרקישעפֿטער שנײַדער" (אין קיִעווער מעלוכישן ייִדישן טעאַטער). אַ סאַך זײַנע אַרבעטן האָט אַקסעלראָד געווידמעט דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע און דער אויסראָטונג פֿונעם ייִדישן פֿאָלק מיצאַד דעם פֿאַשיזם.

ביבליאָגראַפֿיע. אַלעקסאַנדער קאַמענסקי, „וועגן מייער אַקסעלראָדס שאַפֿונג", זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", נומער 8, מאָסקווע, 1970; יורי גערטשוק, „מייער אַקסעלראָדס שאַפֿונגס־וועג", זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", נומער 8, 1972.

**אַראָנסקי, מוישע**
(1944—1898)



— פּראָזאַיִקער. געבוירן געוואָרן אין אָוורוטש, דערצויגן אין אַ פֿאַמיליע פֿון אַן אָנגעשטעלטן. געענדיקט די קאָמערץ־שול (1916). געאַרבעט אַלס לערער פֿון ליטעראַטור און געשיכטע אין דער מיטלשול, שטודירט אין קיִעווער אוניווערסיטעט (1930). אָנגעהויבן זײַן ליטעראַרישע טעטיקייט אין 1926. אָוטאָר פֿון אַ רײ ראָמאַנען, דערציילונגען, נאָוועלן, פֿאַרצייכענונגען, אין וועלכע עס ווערט געשילדערט דער שטייגער און די פּסיכאָלאָגיע פֿון סאָוועטישע מענטשן אין די צוואַנציקער און דרײַסיקער יאָרן. מ. אַראָנסקי איז אומגעקומען אין שלאַכט קעגן דײַטשישן פֿאַשיזם בײַס דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע.

ווערק. „נינאַ און מאַיאַרטשיק", ראָמאַן, כאַרקאָוו, 1929; „די פֿאַבריק רופֿט", דערציילונג, מאָסקווע — כאַרקאָוו — מינסק, 1931; „אין גלי", דערציילונגען, כאַרקאָוו, 1932; „אין וואָכעדיקן קאַמף", כאַרקאָוו — קיִעוו, 1932; „אַף שטאָלענע שליאַכן", פֿאַרצייכענונגען, כאַרקאָוו — קיִעוו, 1932; „קאָמונע „ב. נ. ל."", ראָמאַן, כאַרקאָוו — קיִעוו, 1932; „איבער באַריערן", ראָמאַן כאַרקאָוו — קיִעוו, 1934; „ערשטע", ראָמאַן, כאַרקאָוו, 1934; „אַ ווינטערטאָג אין יישעוו לענינאַ", דערציילונג, קיִעוו, 1938; „אין פֿריידן און לײדן", דערציילונגען, קיִעוו, 1939; „לאַנדסלײַט", פֿאַרצייכענונגען, קיִעוו, 1939; „קאַמבאַל און זײַנע פֿרײַנט", ראָמאַן, קיִעוו, 1939; „דערציילונגען און נאָוועלן", קיִעוו, 1941.

ביבליאָגראַפֿיע. ס. זשוקאָווסקי, אין בוך „פּרוווּן", כאַרקאָוו, 1934; ד. רומאַנאָווע, קריטיש־ביבליאָגראַפֿישער ביולעטען, מינסק, 1933; ה. בלאָשטיין, צײַטונג „שטערן", כאַרקאָוו, 1933, נומער 55; כ. דונעץ, צײַטונג „אָקטיאַבער", מינסק, 1934, נומער 102; צײַטונג „אייניקייט", מאָסקווע, 17 מײַ 1945; א. קושניראָוו, צײַטונג „נײַע פּרעסע", פּאַריז, 27 יול 1945.

**אָרטענבערג, שמואל** (—1903)

— זשורנאַליסט, ליטעראַטור־פֿאָרשער. געבוירן אין פּאָגרעבישטשע (אוקראַיִנע). געלערנט בײַ פּרײַוואַטע לערער רוסיש און ייִדיש. אין 1924 געענדיקט אין קיִעוו די העכערע דרײַיאָריקע פּעדאַגאָגישע קורסן און באַקומען דעם טיטל לערער פֿאַר געזעלשאַפֿטלעכע דיסציפּלינען אין שול. אין דעם זעלבן יאָר אָנגעהויבן דרוקן אַרטיקלען אין דער ייִדישער פּרעסע („דער עמעס", „דער שטערן" אאַ). געדרוקט אַ רײ אַרטיקלען אין דער ייִדישער, אוקראַיִנישער און רוסישער פּרעסע וועגן שעפֿער פֿון דער ייִדישער, מײַרעוו־אייראָפּעיִשער און רוסישער ליטעראַטור. וווינט אין דניעפּראָפּעטראָווסק. די לעצטע יאָרן פֿאַרעפֿנטלעכט אַרטיקלען וועגן ווינ־

טשעווסקין און גרעצן אין זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד".

ווערק. י. לינעצקי, זײַן לעבן און שאַפן. וויניצע, 1931.

## אָרלאַנד, הערשל
(1946—1896)



— פּראָזאַיִקער. געבוירן אין טעטיִעוו (קיִעווער גובערניע). אין 1920—1921 פרײַוויליק אַוועק אין דער רויטער ארמיי. נאָכן בירגערקריג געארבעט אין דער צײַטונג „קאָמוניסטישע פאָן", דעביוטירט מיט די ערשטע דערציילונגען, וועלכע האָבן צוגעצויגן די אופמערקזאַמקײַט צו זיך מיט דער שפראַך־מײַסטערשאפט פונעם אַווטאָר, מיט די קאָלאָריטפולע נאַטור־שילדערונגען. אין 1926 ארבעט אָרלאַנד אָף מעליִאָראַציע. די דערפארונג, וואָס ער האָט דאָרט באַקומען, איז פארקערפּערט געוואָרן אינעם ראָמאַן „הרעבליעס", וועלכער האָט אים געבראַכט אנערקענונג אַלס באַדײַטנדיקער פּראָזאַיִקער. אין „הרעבליעס" און אינעם צווייטן ראָמאַן — „אַגלאָמעראַט" — ווערט אָפּגעשפּיגלט די פּראָבלעם פון איבערבויען דעם סאָציִאַל־עקאָנאָמישן שטייגער פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין ראַטנפאַרבאַנד.

ווערק. „גראַבערס", קיִעוו, 1930; „הרעבליעס", כאַרקאָוו, 1931; „שלאַכטן", 15 יאָר אָקטיאַבער אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור, זאַמלונג, צונויפגעשטעלט אינאײנעם מיט כאַיִם גילדין און אווראָם קאַהאַן, כאַרקאָוו, 1932; „אַגלאָמעראַט", ראָמאַן, קיִעוו, 1935; „שיקערע געגנדן", כאַרקאָוו — אָדעס, 1936; „פּאָלעסיע", דערציילונג, קיִעוו, 1939; „אינ־פירן זײַנען מיר געפאָרן", רײַזע־פאַרצייכענונגען, קיִעוו, 1940; איבערזעצונגען: א. פּושקין, „דעם קאַפּיטאַנס טאָכטער", קיִעוו, 1936; נ. אָסטראָווסקי, „ווי ס'האָט זיך פאַרהאַרטעוועט דאָס שטאָל", קיִעוו, 1937; וויקטאָר הוגאָ, „די יאַם־אַרבעטער", קיִעוו, 1940; איוואַן פראַנקאָ, „באָא קאָנסטרוקטאָר", קיִעוו, 1940.

ביבליִאָגראַפיע. י. בראָנשטיין, „אַטאַקע", מינסק, 1931; כ. דוניעץ, „מאָרגן־פרײַהײַט", ניו־יאָרק, 20 פעברואַל 1933; ס. זשוקאָווסקי, „פּרוּוון", כאַרקאָוו, 1934; מ. מיזשיריצקי, זשורנאַל „שטערן", מינסק, סענטיאַבער 1936; „צווישן די סאָוועטישע ייִדישע שרײַבער", צײַטונג „אייניקײַט", מאָסקווע, 7 יון 1942; א. קושניראָוו, צײַטונג „נײַע פּרעסע", פּאַריזש, 27 יול 1945; „הערשל אָרלאַנד", צײַטונג „אייניקײַט", מאָסקווע, 19 מאַרט 1946 (נעקראָלאָג).

## אָרשאַנסקי, בער
(1945—1883)



— פּראָזאַיִקער, דראַמאַטורג, קריטיקער. געבוירן אין האָראָדאָק (ווײַסרוסלאַנד). אָנטיילגענומען אין „בונד", אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אַרײַנגעטראָטן אין 1918. געפירט אונטערערדישע אַרבעט אין ליטע און ווײַסרוסלאַנד, געווען פאַרוואַלטער פונעם ייִדישן סעקטאָר אין אינסטיטוט פאַר ווײַסרוסישער קולטור („אינבעלקולט"), אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דער ליטעראַטור־באַוועגונג אין די 20—30־ער יאָרן. געשאַפן ראָמאַנען, דראַמעס, מעמוארן, ליטעראַטור־קריטישע און ליטעראַטור־פאָרשערישע אַרבעטן.

ווערק. „באַ די ערשטע זונען־שטראַלן", דראַמע אין דרײַ אַקטן, ווילנע, 1911; „דער אייביקער כאָלעם", דראַמע, ווילנע 1909; „אנא", דראַמע אין דרײַ אַקטן, ווילנע, 1911; „די לעגענדע וועגן באָלשעוויזם", מאָסקווע, 1918; „אָף כוואַליעס", ראָמאַן, מאָסקווע, 1924; „בלוט", טראַגעדיע אין 4 אַקטן, מינסק, 1929; „אין באַהעלטעניש", דערציילונגען פאַר קינדער, מאָסקווע, 1930; „טעאַטער־שלאַכטן", אַרטיקלען־זאַמלונג, מאָסקווע, 1931; „די ייִדישע ליטעראַטור אין ווײַסרוסלאַנד נאָך דער רעוואָליוציע", מינסק, 1931; „אַרטיאָם", פון ציקל „העלדן פון באָלשעוויסטישן קאַמף", מאָסקווע, 1932; „אין קאָלימאַ", דערציילונגען, מאָסקווע, 1937; „מיט אָפענע מײַלער", מײַסעס, מינסק, 1939; „עפּיזאָדן", דערציילונגען פאַר קינדער, מאָסקווע, 1940; „קאָלימער דערציילונגען", מאָסקווע, 1941.

ביבליִאָגראַפיע. ז. רייזען, „לעקסיקאָן פאַר ייִדישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע", ב. 1; מ. ליטוואַקאָוו, „אין אומרו", ב. 2, מאָסקווע, 1926; י. בראָנשטיין, „אַטאַקע", מאָסקווע, 1931.



# די ייִדישע ליטעראַטור — אַף די וועגן פֿון אונדזער סאָוועטישער ווירקלעכקייט

2



1

Дэр Эмэс
(Правда)

דער
אמת

№ 1.

3

1. אַשער שוואַרצמאַן אין די יאָרן פֿון בירגערקריג.

2. אַף דער פֿאָטאָ פֿון לינקס אַף רעכטס: מאַקסים גאָרקי שמועסט מיט די שרײַבער פֿון ווײַסרוסלאַנד מ. קלימאָוויטש, יאַ. בראָנשטיין, מ. לינקאָוו.

3. דער ערשטער נומער „דער עמעס", וואָס איז דערשינען דעם 7 אווגוסט 1918

## פון אונדזער פֿאָטאָ־אַרכיוו




6



4



7




5

4. דער שטאב פון קאַלינינדאָרפער קאָמיטעט פאר העכערן די גערעטעניש (1929). דער דריטער פון לינקס נאָטע לוריע.

5. כאָנע ווײַנערמאן (דער ערשטער פון רעכטס) צווישן א גרופע אקטיוויסטן פון א לאנדווירטשאפטלעכער קאָמונע.

6. יאשע זעלדין.

7. כאַים מעלאמוד (דער ערשטער פון לינקס) צווישן א גרופע אָפיצערן פון 797־טן שיסער־פּאָלק.

ווערטער פון ארן ווערגעליס

מוזיק פון סערגיי טשעבאָטאַריאָוו

# שפּיל, סאָלאָווײטשיקל, שפּיל

Špil, so-lo-vej-či-kl, špil, fej-ge-lex to-rn nit vej-nen, zol der nit-gu-ter mej-nen: nit ix vejn, nor ix špil. Dos harc-es meg zix far-gejn, a-zoj vi a kind in ge-jo-mer, un a šmej-xl ton lo-mix, ge-nug, s'oj ge-vejnt-

ma-me-nju-har-ce-nju ej-lex. Ke-ce-nju-lju-be-nju frej-lex.

Špil, so-lo-vej-ci-kl, špil, e-mec vet ku-men un hern, ve-ln zix šteln im trern, vet er ce-vej-nen zix štil. De-mlt x'vel šrej-en: ir hert?!

Dem.lt di trer vel ix loj.bn. Špil, so.lo.vej.čix, dajn gloj.bn blaj.bn zol

Piu mosso

ej.bik ge.rext. Ve.ln mir frejlex zix ma.xn — la.xn un la.xn un la.xn...

Tempo I

Špil, so.lo.vej.či.kl, špil,

fej.ge.lex me.gn den štu.men? Ejn so.lo.vej maxt zu.mer! Zog, so.lo.

vej.či.kl, zog! Zing, so.lo.vej.či.kl! Zing, so.lo.vej.či.kl!

Špil, so.lo.vej.či.kl, špil. Špil, so.lo.vej.či.kl, špil.

שפּיל, סאָלאָווייטשיקל, שפּיל,
פייגעלעך טאָרן ניט וויינען,
זאָל דער ניטגוטער מיינען:
ניט איך וויין, נאָר איך שפּיל.

דאָס האַרץ — עס מעג זיך פאַרגיין,
אַזוי ווי אַ קינד אין געיאָמער,
און אַ שמייכל טאָן לאָמיר,
געגנוג שוין געוויינט —
מאַמעניו־האַרצעניו, איילעך.
קעצעניו־ליובעניו, פריילעך.

שפּיל, סאָלאָווייטשיקל, שפּיל,
עמעץ וועט קומען און הערן,
וועלן זיך שטעלן אים טרערן,
וועט ער צעוויינען זיך שטיל.

דעמלט כ׳וועל שרייַען: איר הערט?!
דעמלט די טרער וועל איך לויבן.
שפּיל, סאָלאָווייטשיק, דייַן גלויבן
בלייַבן זאָל אייביק גערעכט.
וועלן מיר פריילעך זיך מאַכן —
לאַכן און לאַכן און לאַכן...

שפּיל, סאָלאָווייטשיקל, שפּיל,
פייגעלעך מעגן דען שטומען?
איין סאָלאָוויי מאַכט זומער! —
זאָג, סאָלאָווייטשיקל, זאָג!
זינג, סאָלאָווייטשיקל!
זינג, סאָלאָווייטשיקל!
שפּיל, סאָלאָווייטשיקל, שפּיל.



# В ПОМОЩЬ ИЗУЧАЮЩИМ ИДИШ

## МЕСТОИМЕНИЯ

*Личные местоимения:* я, ты, он, она, оно; мы, вы, они.

*Притяжательные местоимения:* мой, твой, его, её; наш, ваш, их.

Мой брат, моя сестра, моё дитя; мои братья, мои сёстры, мои дети. Брат мой, сестра моя, дитя моё. Один из моих братьев, одна из моих сестёр, одно из моих детей.

Я принёс свою работу,
ты принёс свою работу,
он принёс свою работу,
она принесла свою работу,
мы принесли свою работу...

## פראָנאָמען

פערזאָניקע פראָנאָמען: איך, דו, ער זי, עס (דאָס); מיר, איר, זיי.

פּאָסעסיווישע פראָנאָמען: מײַן, דײַן, זײַן, איר; אונדזער, אײַער, זייער.

מײַן ברודער, מײַן שוועסטער, מײַן קינד; מײַנע ברידער, מײַנע שוועסטער, מײַנע קינדער. ברודער מײַנער, שוועסטער מײַנע, קינד מײַנס. מײַנער א ברודער, מײַנע א שוועסטער, מײַנס א קינד.

איך האָב געבראַכט מײַן ארבעט,
דו האָסט געבראַכט דײַן ארבעט,
ער האָט געבראַכט זײַן ארבעט,
זי האָט געבראַכט איר ארבעט,
מיר האָבן געבראַכט אונדזער ארבעט...

איך — מײַן, מײַנע, מײַנס; דו — דײַן, דײַנע, דײַנס; ער — זײַן, זײַנע, זײַנס; זי — איר, אירע, אירס; מיר — אונדזער, אונדזערע, אונדזערס; איר — אײַער, אײַערע, אײַערס; זיי — זייער, זייערע, זייערס. זייער ארבעט איז זייער אינטערעסאַנט און וויכטיק[1].

1. נאָמינאַטיוו[2]: מײַן (דער) ברודער (מײַן (די) שוועסטער)[3] איז געווען אף דער מילכאָמע[4].
2. אקוזאַטיוו[5]: מײַן (דעם) ברודער, מײַן (די) שוועסטער[6] האָט מען באַלוינט[7] מיט אן אָרדן.
3. דאַטיוו[8]: מײַן (דעם) ברודער, מײַן (דער) שוועסטער[9] האָט מען געגעבן אן אָרדן.
4. פּאָסעסיוו[10]: מײַן (דעם) ברודערס, מײַן (דער) שוועסטערס ארבעטן[11] זײַנען זייער פײַן[12].

1. נאָמינאַטיוו: מײַנער א ברודער (מײַנע א שוועסטער) איז אומגעקומען[13] אף דער מילכאָמע.
2. אקוזאַטיוו: מײַנעם א ברודער, מײַנע א שוועסטער[14] האָט מען אָנגענומען[15] אין קאָנסערוואַטאָריע.
3. דאַטיוו: מײַנעם א ברודער, מײַנער א שוועסטער[16] האָט מען געגעבן אורלויב[17].

*Перевод:* 1) их работа очень интересна и важна; 2) именительный падеж; 3) мой брат (моя сестра); 4) на войне; 5) винительный; 6) моего брата, мою сестру; 7) наградили; 8) дательный; 9) моему брату, моей сестре; 10) «притяжательный» (родительный); 11) работы моего брата, моей сестры; 12) очень красивы; 13) погиб(ла); 14) одного из моих братьев, одну из моих сестёр; 15) приняли; 16) одному...,одной...; 17) отпуск.

## Шолом-Алейхем

*(Два отрывка о погромах)*

### I

... Я всё слышу от эмигрантов: «погром, погром», но что это такое, я не знаю.

— Не знаешь, что такое погром? — говорит мне Копл. — Эге! Стало быть, ты совсем еще сосунок! Погром это такая штука, которая теперь бывает повсюду. Начинается это почти с пустяков, но уж если начнется, то тянется три дня подряд...

— Но что ж это такое? — говорю я. — Ярмарка?

— Какая ярмарка? Хороша ярмарка! Вышибают стёкла! Ломают мебель! Вспарывают подушки! Пух летит, как снег!

— А зачем это?

— Вот те и здравствуй! Зачем? Громят не только дома. Громят и лавки. Разбивают все лавки, выбрасывают оттуда на улицу товар, разносят, грабят, рассыпают, потом обливают керосином и поджигают.

— Да брось ты!

— А ты как думал? Я разве стану выдумывать? А потом, когда грабить уже

## שאָלעם־אלייכעם

(צוויי פראַגמענטן וועגן פּאָגראָמען)

### I

...איך הער אלץ פון די עמיגראַנטן, מע זאָגט „פּאָגראָם", „פּאָגראָם", נאָר וואָס דאָס איז — ווייס איך ניט. רופט זיך אָן צו מיר קאָפּל:

— א פּאָגראָם ווייסטו ניט? ע! ביסטו דאָך גאָר א ניונקעלע! א פּאָגראָם איז א זאַך, וואָס איז הײַנט אומעטום. הייבן הייבט זיך עס אָן קימאַט פון גאָר־נישט, און אז עס הייבט זיך אָן, ציט זיך עס אוועק דרײַ טעג...

— וואָס זשע, זאָג איך, איז דאָס? א יאַריד?

— וואָסער יאַריד? א שיינער יאַריד! מע שלאָגט פענצטער! מע ברעכט מעבל! מע טרענט קישנס! פּעדערן פליִען, אזוי ווי שניי!

— אקעגן וואָס?

— נא דיר גאָר אקעגן וואָס! אקעגן שמערלען! א פּאָגראָם איז ניט נאָר אף הײַזער אליין, א פּאָג־ראָם איז אף קלייטן. מע צעשלאָגט אלע קלייטן, און מע וואַרפט ארויס פון דאָרטן די סכוירע אף דער גאַס, און מע צעטראָגט און מע צעראַבע־וועט, און מע צעשיט, און מע באַגיסט מיט גאַז, און מע צינדט אונטער און מע ברענט.

— גיי שוין, גיי!

— וואָס דען מיינסטו? איך וועל דיר אויסטראַכטן? נאָכדעם, אז ס'איז נישטאָ שוין וואָס צו ראַבעווען,

нечего, ходят по домам с топорами, ломами и дубинами, а полиция ходит следом. Поют, свистят, кричат: «Эй, ребята, бей жидов!» Бьют, убивают, режут, штыками колют...

— Кого?

— Что значит, «кого»? Евреев!

— За что?

— Что значит, «за что»? На то и погром!

— Ну и что, если погром?

— Убирайся! Ты теленок! Не желаю с тобой разговаривать!

Так мне говорит Копл, отстраняет меня и засовывает руки в карманы, как взрослый...

*«Мальчик Мотл»*

## II

...Приезжаю однажды из Бойберика домой. Я тогда еще в полной силе был, торговал молочным товаром — сыром, маслом и прочей снедью. Выпряг лошадку, подсыпал сена и овса, не успел даже руки помыть к обеду, — гляжу, у меня полон двор крестьян [...], и все они выглядят както странно, у всех праздничный вид.

Вышел я к ним и поздоровался честь-честью:

— Здравствуйте, — говорю, — дорогие хозяева! Зачем пожаловали? Что хорошего скажете? Что нового расскажете?

Выступает староста [...] и говорит мне открыто без всяких предисловий:

— Пришли мы к тебе, Тевель... Побить тебя хотим! [...]

— Поздравляю вас! — отвечаю я как ни в чем не бывало. — Но что же это вы, дети мои, так поздно спохватились? В других местах об этом уже почти забыть успели!

Тогда Иван Поперило, староста то есть, говорит самым серьезным образом:

— Понимаешь, Тевель, мы всё время думали и гадали: бить тебя или не бить? Повсюду, во всех других местах, ваших бьют, как же нам тебя обойти? Вот громада и порешила, что надо тебя побить... Да только, видишь ли, сами еще не знаем, что с тобой делать, Тевель: только ли стекла у тебя вышибать, перины и подушки распороть и пух выпустить или поджечь твою хату, сарай и всю худобу?..

Тут уж у меня и вовсе стало кисло на душе. Смотрю я на своих гостей, стоят, опершись на длинные посохи, и о чем-то шепчутся. По всему видать, что дело нешуточное [...]

[...] Набрался я смелости и обращаюсь к крестьянам:

— Выслушайте меня, дорогие мои хозяева. Раз громада порешила, так и рассуждать тут нечего. Вам лучше знать, заслужил ли у вас Тевье, чтобы вы разорили всё его хозяйство... Да только, — говорю, — знаете ли вы, что есть на свете кое-кто повыше вашей громады? Знаете ли вы, что есть бог на свете? [...]

גייט מען איבער די הײַזער מיט העק, מיט אײַזנס און מיט שטעקנס, און פּאָליציע גייט נאָך פון הינטן. מע זינגט און מע פײַפט און מע שרײַט: „איי, רע־ביאטע, ביי זשידאָווו!" און מע שלאָגט, מע הארגעט, מע קוילעט, מע שטעכט מיט שפּיזן...

— וועמען?

— וואָס הייסט וועמען? ייִדן!

— פאַרוואָס?

— נא דיר גאָר פאַרוואָס! ס'איז דאָך א פּאָגראָם!

— און אז א פּאָגראָם, איז וואָס?

— גיי אוועק, דו ביסט א קעלבל! איך וויל מיט דיר ניט ריידן!

אזוי זאָגט צו מיר קאָפּל, שטופּט מיך אָפּ פון זיך און לייגט ארײַן די הענט אין די קעשענעס, ווי א גרויסער...

„מאָטל פּייסי דעם כאזנס"

## II

...איך קום צו פאָרן איינמאָל אהיים פון בויבעריק. איך בין נאָך דעמלט געווען[...] אין די פעדערן[...], געהאנדלט מיט מילכיקס, קעז און פּוטער און שאַר־יעראָקעס. אויסגעשפּאַנט דאָס פערד, אונטערגע־וואָרפן דעם היי און האָבער, נישט צײַט געהאט אפילע זיך וואשן צום עסן, איך טו א קוק — א פולער הויף מיט גויִם[...], און אלע זענען זיי מיר אויס עפּעס מאָדנע, יאָמטעוודיק!

...און איך נעם און גיי ארויס צו זיי מיט א ברייטן שאָלעם־אלייכעם:

— ברוכים האבאָיִם, — זאָג איך צו זיי, — וואָס טוט איר דאָ, מײַנע ליבע באלעבאטים? און וואָס וועט איר עפּעס זאָגן גוטס? און וואָס וועט איר דערציילן נײַס?..

טרעט ארויס דער סטאראָסטע[...] און רופט זיך אָן צו מיר גאנץ אָפנטלעך און גאָר אָן שום האקדאָמעס:

— מיר זײַנען געקומען, — זאָגט ער, — צו דיר, טעוועל, מיר ווילן דיך שלאָגן![...]

רוף איך מיך אָן צו זיי גאנץ לעבעדיק:

— מאזלטאָוו אײַך[...], נאָר וואָס האָט איר זיך, קינדער, אזוי שפּעט דערמאָנט? אין אנדערע ער־טער[...] האָט מען שוין פון דעם קימאט פאַר־געסן!..

רופט זיך אָן צו מיר איוואן פּאָפּערילאָ, דער סטאַ־ראָסטע הייסט עס, שוין דאפקע גאנץ ערנסט:

— פאַרשטייסט דו מיך, טעוועל, — זאָגט ער, — מיר האָבן זיך אלץ געייִשעווט, צי מיר זאָלן דיך שלאָגן, צי ניט שלאָגן? אומעטום, אין אלע ערטער, שלאָגט מען אײַך, פאַרוואָס זאָלן מיר דיך דורכ־לאָזן?.. איז געבליבן בא דער הראָמאדע, אז מיר זאָלן דיך שלאָגן... נאָר וואָס דען, מיר ווייסן נאָך אליין ניט, וואָס מיר זאָלן מיט דיר טאָן, טעוועל; צי מיר זאָלן דיר נאָר אויסהאקן די שויבן, און צע־טרענען די פערענעס מיט די קישעלעך און ארויס־לאָזן די פעדערן, צי מיר זאָלן דיר פאַרברענען די כאטע מיט דער שטאל, מיט דער גאנצער כאדאָבע דײַנער?

דאָ איז מיר שוין געוואָרן גוט קאלעמוטנע אפן הארצן, און איך באטראכט מײַנע לײַט, ווי מע שטייט אָנגעלענט אף די לאנגע שטעקנס און מע שושקעט זיך מיר עפּעס שטילערהייט. מאשמאָעס, הייסט עס, אז ס'איז בא זיי גאָר קיין קאטאָוועס ניט[...]

[...]איך נעם מיך אָן מיט הארץ און רוף מיך אָן צו זיי, צו די גויִם, הייסט עס:...

— הערט זשע אויס, מײַנע ליבע באלעבאטים, ווײַ־באלד, — זאָג איך, — אז הראָמאדע האָט אזוי גע־פּאסקנט, איז דאָך ניט שײַעך, מיסטאמע ווייסט איר בעסער, אז טעוויע האָט בא אײַך פאַרדינט, איר זאָלט מאכן א טעל פון זײַן כאדאָבע און פון זײַן גאנץ פאַרמעגן... נאָר וואָס דען, — זאָג איך, — דאָס ווייסט איר, אז ס'איז פאַראַן נאָך העכערס פאַר אײַער הראָ־מאדע? איר ווייסט, אז ס'איז דאָ א גאָט אף דער וועלט?[...]

... Тогда староста ... говорит:
— Дело, видишь ли, вот какое. Мы, правду сказать, против тебя, Тевель, ничего не имеем. Ты хоть и жид, но человек не плохой [...] Мы тебе хоть стекла повышибаем. Уж это мы непременно должны сделать, а то, — говорит, — неровен час, проедет кто-нибудь мимо, пусть видит, что тебя побили, не то нас и оштрафовать могут...

*(«Тевье-молочник». Переводы М. Шамбадала)*

...רופט זיך אָן צו מיר דער סטאַראָסטע...:
— די מײַסע דערפון איז אַזוי. מיר האָבן צו דיר, טעוועל, אייגנטלעך, גאָרנישט ניט. דו ביסט טאַקע א זשיד, נאָר ניט קיין שלעכטער מענטש[...] מיר ווילן דיר כאָטש אויסהאַקן די פענצטער. דאָס מוזן מיר, ווײַל טאָמער, פאָרט עמעצער דורך, טאָ לאָז מען זען, אַז מע האָט דיך געשלאָגן, אַניט, — זאָגט ער, — וועט מען אונדז נאָך שטראָפירן...

(„טעוויע דער מילכיקער")

* * *

Из письма Льва Толстого к Шолом-Алейхему о погроме в Кишиневе.

«Соломон Наумович,
Ужасное совершенное в Кишиневе злодеяние болезненно поразило меня [...]. На днях мы из Москвы послали коллективное письмо кишиневскому голове, выражающее наши чувства по случаю этого ужасного дела [...].
К сожалению, то, что я имею сказать, а именно, что виновник не только кишиневских ужасов, но всего того разлада, который поселяется в некоторой малой части — и не народной — русского населения, — одно правительство, — к сожалению, это я не могу сказать в русском печатном издании.
6 мая 1903 г.»

*(Шолом-Алейхем.* Собр. соч. т. 4. М., 1960, стр. 660).

* * *

פון לעוו טאָלסטאָיס א בריוו צו שאָלעם־אַלייכעמען וועגן דעם פּאָגראָם אין קעשענעוו.

סאָלאָמאָן נאַומאָוויטש,
די שוידערלעכע גאַזלעוויסטווע, וואָס איז געשען אין קעשענעוו, האָט מיך ווייטעקלעך איבעראַשט[...] די טעג האָבן מיר פון מאָסקווע געשיקט דעם קעשענעווער גאָלאָווא (דער הויפּט פון שטאָט. — ע. פ.) א קאָלעקטיוון בריוו, וואָס דריקט אויס אונדזערע געפילן מיקויעך דעם שוידערלעכן איניען[...].
צום באַדויערן, דאָס, וואָס איך האָב צו זאָגן, דע־הײַנע, אַז דער שולדיקער ניט נאָר פון די קעשענעווער גרוילן, נאָר פון דעם גאַנצן אײַנרײַס, וואָס מע קולטיווירט בא א געוויסן קליינעם טייל (אויך פונעם ניט פאָלקישן) — פון דער רוסישער באַפעלקערונג, — איז בלויז די רעגירונג, — צום באַדויערן, דאָס קאָן איך ניט זאָגן אין א רוסישער געדרוקטער אויסגאַבע.
6 מײַ 1903.

* * *

*Запомните:* в русском неопределенно-личном предложении («стучат, поют, свистят» и т. д.) употребляется глагол (сказуемое) в 3-м лице *множественного* числа *без подлежащего.* В идише этому соответствует глагол в 3-м лице *единственного* числа с местоимением (מע(ן)) в качестве подлежащего, напр.:

מע קלאַפּט, מע זינגט, מע פּײַפט... אָדער אין צוקונפט: מע וועט קלאַפּן, מע וועט זינגען, מע וועט פּײַפן... אָדער אין פאַרגאַנגענהייט: מע האָט געקלאַפּט, מע האָט געזונגען, מע האָט געפּײַפט.

דעם פּראָנאָם „מע" אָדער „מען" (ער נעמט זיך פונעם וואָרט, „מאַן", — א מענטש, א מאַן) רעדט מען ארויס אָן אַן אקצענט. „מע" קומט פאַר דעם ווערב; נאָך דעם ווערב איז „מען". לעמאָשל: מע קלאַפּט דאָ הײַנט — הײַנט קלאַפּט מען דאָ; דאָ קלאַפּט מען הײַנט.

אין צוקונפט: מע וועט דאָ הײַנט קלאַפּן. אָדער: מע וועט הײַנט דאָ קלאַפּן; אָבער: הײַנט וועט מען דאָ קלאַפּן. אָדער: דאָ וועט מען הײַנט קלאַפּן.

אין פאַרגאַנגענהייט: מע האָט דאָ הײַנט געקלאַפּט. אָדער: מע האָט הײַנט דאָ געקלאַפּט; אָבער: הײַנט האָט מען דאָ געקלאַפּט. אָדער: דאָ האָט מען הײַנט געקלאַפּט.

געדענקט, וואָס איז שוין געווען געזאָגט אינעם 7־טן נומער פון 1975 יאָר אַף זײַט 191 וועגן דעם סיידער פון ווערטער אין א ייִדישן זאַץ: דער פּערזאָניקער ווערב דאַרף, אלס קלאַל, זײַן אין זאַץ אַפן צווייטן אָרט. אויב דער ווערב באַשטייט פון צוויי אָדער פון מער ווערטער (לעמאָשל, אין צוקונפט, אין פאַרגאַנגענהײַט), קומט דער בייגיקער טייל — דער הילפווערב אַפן צווייטן אָרט און דער אינפיניטיוו אָדער דער פּאַרטיציפּ קאָנען זײַן אָפּגערוקט.

דער פּראָנאָם „מע(ן)" איז אַלעמאָל אָדער פאַר דעם פּערזאָניקן ווערב אָדער גלײַך נאָך אים. זעט די פּריִערדיקע בײַשפּילן.

דאָצענט ע. פאַלקאָוויטש

**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД**

**(Советская родина)**

**Ежемесячный**
**литературно-художественный журнал**

**Орган Союза писателей СССР**

*На еврейском языке*

**Издается с 1961 г.**

**Издательство «Советский писатель»**



Адрес редакции журнала:
Москва, Центр, ул. Кирова, 17

Телефоны:
главный редактор — 228-27-91
ответственный секретарь — 223-96-07

Художественная и техническая редакция
М. Сафронович, С. Черняк
Корректор М. Ландман

Подписано к печати 18.XII.1975 г. Формат 70×108 1/16.
Печ. л. 12+0,25 вкл. (17,15). Бум. л. 6+0,125.
Цена 50 коп. Зак. 2957.

Ордена Трудового Красного Знамени московская типография № 7 «Искра революции» «Союзполиграфпрома» при Государственном комитете Совета Министров СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли. Москва, Г-19, пер. Аксакова, 13.

Цена 50 коп.

70821

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

## № 1

1976

■

**В НОМЕРЕ:**